י. בראָנשטיין

# אטאקע

ליטעראריש־קריטישע ארטיקלען

צענטראַלער פעלקער־פאַרלאַג פון פ.ס.ס.ר.
מאָסקווע — כאַרקאָוו — מינסק — 1930

# פאָרוואָרט.

די ארטיקלען, וואָס זײַנען צונויפגעזאמלט אינעם בוך „אטאקע“, זײַנען געשריבן געוואָרן ניט אין רו פון אקאדעמישע קאבינעטן, נאָר אין ברען פון טאָגטעגלעכע שטרײַטן פאר דער העגעמאָניע פון דער ייִדישער פראָלעטארישער ליטעראטור, אין מעשעך פון די יאָרן 25־1930.

דאָס האָט נאטירלעך געמוזט זיך אָפּרופן אפן „טאָן“ און אף דער „טעמפּעראטור“ פונעם גאנצן בוך, און טאקע צוליב אָט דעם „טאָן“ האָב איך אין אייניקע קרײַזן פון אונדזערע קאסריִלעווקער ליטמאנדארינען און ליטביוראָקראטן באקומען א „שלעכטן שעם“.

כ׳האָב דערפון קיינמאָל ניט געהאט קיין גרויסע אגמעסנפעש; איצט, ווען די פּאָזיציעס פון אונדזער מארקסיסטיש־לענינישער ליטעראטור־וויסנשאפט זײַנען היפּש פארפעסטיקט געוואָרן—אוואדע און אוואדע ניט.

אויב שוין יע אגמעסנפעש, האָבן עס מיר פארשאפט—מיר און דער גאנצער ייִדסעקציע „מאפּפּ“, אין וועלכער איך בין ליטעראריש געוואָקסן—יענע מײַנע פּארטיי־כאווײרים, וואָס האָבן א לענגערע צײַט געזייגן די ברערישע לאפּע פון יידישיסטי־שער עקלעקטיק און דערמיט היפּש געשטערט דעם שווערן גאנג פון דער יונגער מארקסיסטישער ליטעראטור־קריטיק.

דער גראנדיִעזער פארנעם פון אונדזער סאָציאליסטישער בויונג, דער ברייט־פאנאנדערגעוויקלטער קאמף, וואָס אונדזער פּארטיי פירט אפן אידעאָלאָגישן פראָנט און, לעסאָף, דער ווקס פון יונגע מארקסיסטיש־לענינישע קאדרען—דאָס אלץ מאכט פאר אומעגלעך עס זאָל זיך אומקערן יענע צײַט, ווען דער עצעם לאָזונג פון פראָלעטא־רישער ליטעראטור און מארקסיסטישער קריטיק פלעגט זײַן ניט זעלטן אן אָביעקט פאר באלעבעסלדיקן שפּאס מיצאד אייניקע אונדזערע „ליטעראטור־אווטאָריטעטן“.

דער קאמף פאר דער העגעמאָניע פון דער ייִדישער פראָלעטארישער ליטעראטור און מארקסיסטיש־לענינישער ליטעראטור־קענטעניש איז אָבער נאָך ווײַט ניט פאר־ענדיקט.

אין פאָרגעזעצטן אָנפשאָרעסדיקן קאמף קעגן אלע אָפּאָרטוניסטן און פארקריפּלער פון רעכטס און פון „לינקס“, קעגן אלע ליטביוראָקראטן, ייִדישיסטיש־נאציאָנאליסטי־

שע מאגידים און אידעאַליסטיש־אימפּרעסיאָניסטישע בויכריידערס וועט די מאַרקסיס־טישע ליטעראַטור־קענטעניש אויסקעמפן איר העגעמאָניע.

דערגרייכן דאָס וועט זי אָבער קענען נאָר אַ באַוואָפנטע מיטן דיאַלעקטיש־מאַטע־ריאַליסטישן מעטאָד, וועלכער איז איינער בעקויעך צו שטויסן פאָרויס די מאָדערנע ליטעראַטור־וויסנשאַפט און פאַרוואַנדלען זי אין אַ מעכטיק געווער פון אונדזער לע־נינישער קולטור־רעוואָליוציע און סאָציאַליסטישער בויונג.

אויף וויפל איך בין געווען בעקויעך האָב איך אָט דעם מעטאָד אָנגעווענדט אין מײַנע ליטעראַריש־קריטישע אַרבעטן, פּרוּווּנדיק אויפדעקן אויפן ספּעציפישן ליטעראַ־רישן מאַטעריאַל די אַלגעמיינע געזעצמעסיקײַט פון דער מאַטעריאַליסטישער דיאַ־לעקטיק.

האַגאַם אינעם דאָזיקן בוך גייט ניט אַרײַן קיין איין אַרטיקל, וועלכער זאָל זײַן געווידמעט ספּעציעל יענע מעטאָדאָלאָגישע שטרײַטן, וואָס מיר האָבן פאַר די לעצטע יאָרן אַזוי לײַדנשאַפטלעך געפירט אויפן ליטעראַטור־פראָנט אין אונדזער פאַרבאַנד בִּכְלָל,—דאָך קען מען אין אַ גאַנצער ריי מײַנע אַרטיקלען געפינען אָפּקלאַנגען פון די דאָזיקע שטרײַטן. אין דער פּאָלעמיק מיטן כ׳ נוסינאָוו וועגן קיפּניסעס „כאַדאָשים און טעג“, אין דער פּאָלעמיק מיטן כ׳ ליטוואַקאָוו וועגן שאָלעמאַלײכעמען—דאָ און דאָרטן איז, אייגנטלעך נאָך מיט אַ צײַט פריִער איידער ס׳האָט זיך פאַנאַנדערגע־וויקלט די דיסקוסיע אַרום פּערעווערזעוון, שוין געפירט געוואָרן אַ קאַמף קעגן פּע־רעווערזעווישן אָביעקטיוויזם און פאַטאַליזם, קעגן פּערעווערזעווס איגנאָרירן די ראָל פון אידייע, קעגן דעם אײַנרײַס צווישן אָביעקטיוו־וויסנשאַפטלעכער און פּובליציסטי־שער קריטיק. דיזעלבע אַקטועלקײַט האָבן אויך איצט די שטרײַטן אַרום דער פּראָבלעם פון „ריינער“ ליטעראַטור און „געמאַכטער“ ליטעראַטור (די דיסקוסיע אַרום דער פּראָבלעם פונעס „ליטעראַרישן ייִכעס“ פון אונדזער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור).

ווײַט נאָך ניט פאַרעלטערט בלײַבט אויך דער קאַמף קעגן אונדזער הײמישן פאָרמאַליזם, און נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישן עסטעטיזם, וועלכער האָט אַסאַך מער אָנ־הענגער איידער ס׳האָט זיך אונדז אויסגעדאַכט (באַזונדערס צווישן אונדזערע ליטע־ראַטור - לערער און אייניקע ליטעראַטור־ליבהאָבער, וואָס כאַפּן קעלבערנע היִספּײַ־לעס פון פאַרעגיסטרירטע יאַמבן און כאָרייען).

אינעם בוך גייען ניט אַרײַן אַ ריי מײַנע אַרטיקלען, וואָס זײַנען אָדער פאַלשע אָדער טעאָרעטיש מינדווערטיק. די אַרטיקלען, וואָס זײַנען אינעם בוך איבערגעדרוקט, זײַנען אויך אין אייניקע ערטער רעדאַגירט געוואָרן, האַגאַם, קײַן פיל פּרינציפּיעלע ענדערונגען איז מיר ניט אויסגעקומען צו מאַכן.

צום סאָף אַ פּאָר ווערטער, אָן וועלכע איך קען ניט פאַרענדיקן מײַן קורצן פאָר־וואָרט צו מײַן ערשטן בוך:

מײַן ליטעראַרישער וועג, ווי דער ליטעראַרישער וועג פון אַסאַך יונגע טוער פון דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אין אונדזער פאַרבאַנד, איז אַדורך אונ־

טערן צייכן פון ווארעמער, כאווערישער שטיצע מיצאד דעם כ׳ בער אָרשאנסקי—איינעם פון די אקטיווסטע בויער פון דער יידישער פראָלעטארישער ליטעראטור.

דעם פרייַנט, דעם מיטקעמפער, דעם באָלשעוויק—דעם כ׳ בער אָרשאנסקי—ברענג איך דאָ מייַן הארציקסטן דאנק.

**י. בראָנשטיין.**

מינסק, 1930.

---

# I. סטילן־קאמף

## דער סטילן־קאמף אינעם פעריאָד פון מיליטערישן קאָמוניזם.

I

די געשיכטע פון דער נאָכאָקטיאבערדיקער יידישער ליטעראטור אין ראטנפארבאנד איז נאָך ניט אָנגעשריבן. באשטימטע סכעמעס פאר פעריאָדיזירן אָט דידאָזיקע ליטעראטור פיגורירן נאָך דערווייל אָפיציעל ניט.

ניטאָפיציעל אָבער, פון מויל צו מויל, ווערט שוין איבערגעגבן א מין טראדיציע אזא, אז דער בערייִשיס־פעריאָד פון דער נייַער ליטעראטור, פון דער סאָוועטישער (אנדערע זאָגן אפילע, פון דער „אָקטיאבערדיקער") איז פארבונדן מיט דער „קיִעווער" טקופע, מיטן „אייגנס"־פעריאָד (לויטן זשורנאל „אייגנס", וועלכער איז דערשינען אין קיִעוו אין 1918 יאָר).

לויט דערדאָזיקער טראדיציע, וועלכע ווערט גאנץ האָפערדיק פאנאנדערגעפויקט, באזונדערס דורך אייניקע געקעפטע פירער פונעם „קיעווער" פעריאָד, קומט אויס, אז דער „אייגנס"־ווינקל האָט ארויסגעסטארטשעט ווי א מין ווונדערלעכער אָאזיס אפן גרויען, זאמדיקן פאָן פון דער נאָכאָקטיאבערדיקער ליטעראטור־וויסטעניש. דער „אייגנס"־ווינקל ווערט געהייליקט אלס דער ווינקל־שטיין פון דער גאנצער נאָכאָקטיאבערדיקער יידישער ליטעראטור, זייַן סטיל ווערט פראָקלאמירט אלס דער זעלבסטהערשערישער סטיל פון די ערשטע נאָכאָקטיאבערדיקע יאָרן, און אלץ, וואָס לאָזט זיך ניט ארייַנקוועטשן אין אָט דעם „אייגנס"־ווינקל, ווערט דערקלערט אלס סטיליסטישער טרייפפּאָסל, „פראָקלאמאטיווע גאָרנישטלעך", אָן „ניואנסן און בויגיקייַט", אָן „אינטימער רעוואָליוציאָנערקייט",—מיט איין וואָרט, „געגראמטע מאיאָווע געדאנקען".

די דיאלעקטיק פון ליטעראטור־געשיכטע ווייסט אָבער ניט פון אזעלכע ווונדערבארע פעריאָדן, ווען די גאנצע דיאלעקטישע פילפארביקייַט און סטירעסדיקייַט פון א טקופע זאָל ארייַנגעקוועטש ווערן אין סדאָם־בעטל פון איין זעלבסטהערשערישער סטיל־דינאסטיע, ווי „אופגעקלערט" אָט דידאָזיקע זעלבסטהערשאפט זאָל ניט זייַן.

זי ווערט אופגעריסן—אָט דידאָזיקע זעלבסטהערשערישע סטיל־דינאסטיע—פון אונטערערדישע סטיל־קויכעס, וואָס גראָבן זיך אונטער איר, רײַסן אוף דאָ און דאָרטן מיט „אומלעגאלע" ליטעראַרישע בונטן פון ניטאָנערקענטער ליטעראַטור און פירן אין דער ליטעראַטור־געשיכטע זייער אייגענע ליניע, וואָס הויבט אָן איר ייִכעס פון מאָגערע ליטעראַרישע בלעטלעך און ענדיקן. ענדיקט זי מיט א ליטעראַרישער רעוואָ־ליוציע. די זעלבסטהערישע סטיל־דינאסטיע פּרווט מעוואַטל מאַכן אָטאָ די צע־בונטעוועטע סטיל־קויכעס, זי שטעמפּלט אָט דעם סטיל אַלס סטיל פון „פּראָקלאַמאַטי־ווע גאָרנישטלעך" אַלס געמאַכטן [1], ניט קינסטלערישן, „אָן אינדיווידועלע שטורעם־ליידן און פּערזענלעכע שטורעם־פריידן", אָן „ניואַנסן און בויגיקייט" און נאָך און נאָך,—אָבער הינטער אָט די פאַרשפּיגענע, צעבונטעוועטע סטיל־קויכעס שטייען „צעבונטעוועטע" קלאַסן, וועלכע גרײַפן אָן מיט דער גרויזאַמער אומפאַרמײַד־לעכקײַט פון געשיכטע קעגן דעם „ווינטער־פּאַלאַץ" פון דער זעלבסטהערשערישער סטיל־דינאַסטיע.

אָט זײַנען זיי שוין בא די טויערן!

אָט דונערט שוין זייער שטים: ס'איז ניט קיין בונט—ס'איז א רעוואָליוציע!

אזא איז זי—די דיאַלעקטיק פון דער געשיכטע, די דיאַלעקטיק פון סטילן־קאַמף!

זי רײַסט אוף די מעטאַפיזישע רו פון ליטעראַרישע „גענעראַלן". זי דיפערענ־צירט סטילן. זי שפּאַרט פון פאַרטריבענע ליטעראַרישע ווינקעלעך, זי שרײַט אַרויס פון אָנפאַנגערישע שורעס, זי לייקנט אָפּ די דורכויסיקײַט, וואָס איז אזוי ליב דעם פאַרגליווערטן סייכלהאַיאָשאָר פון אידעאַליסטישע געשיכטע־שרײַבער.

צי האָט די „אייגנס"־דינאַסטיע געקאָנט אויסמײַדן אָט דעם שיקזאַל?

צי איז בעעמעס אזוי אידיליש דורכגעגאַנגען דער אָנוווּקס פון סטילן־קויכעס אין דער נאָכאָקטיאַבערדיקער ייִדישער ליטעראַטור פאַר די יאָרן פון בירגער־קריג און מי־ליטערישן קאָמוניזם?

לייענט בערגעלסאָנען—אָט דעם זײַל פונעם „אייגנס"־ווינקל—לייענט זײַן אַרטיקל „דיכטונג און געזעלשאַפטלעכקײַט" („ביכער־וועלט", נום. 4־5, אווגוסט 1919 י.), וועט איר גאָר אַן אַנדער בילד באַקומען.

„פאַר א בוילעטער איליוסטראַציע צום טהאָם, מיט וועלכן דער איצטיקער פעריאָד הויבט אָן אָפּצוטיילן די ייִדישע מאָדערנע קונסט פון דער ייִדישער מאָדערנער געזעלשאַפט, מעג דינען די באַציונג צו אונדזערע נײַע קונסט־שאַפונגען. א באַזונדער בוילעטער קאָנקרעטער בײַשפּיל איז די קאַלטקײַט, מיט וועלכער ס'איז באַגעגנט געוואָרן דער זאַמלבוך „אייגנס"...

„... אונדזער העכערער אינטעליגענט איז אָבער פעסט אײַנגעשלאָסן אין די רייען פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט, צי קאָן ער זיך אומקוקן אף אונדזער "אייגנס"־ווינקל דעמלט, ווען די געזעלשאַפט איז באַשעפטיקט מיט אַסאַך נענטערס און וויכטיקערס?..." (מײַן קורסיוו, י. ב.).

---

[1]) אפילע כ׳ ליטוואַקאָוו איז ניט בײַגעשטאַנען אָט דעם מעטאַפיזישן יעיצערהאָרע און געשריבן מיט ביטל וועגן דער „געמאַכטער דיכטונג" פון דער באָרושאָווער־עדעלשטאַט־דיכטונג. (זע „אומרו", ב. II, ז. 9.).

ארום דעם זאמלבוך „אייגנס“ גייט, ווי איר זעט, א פאראקשנטער קלאסן־קאמף — א סטילן־קאמף!

בערגעלסאָן דערקלערט אָפן, אז ס׳איז פאראן א טהאָם צווישן דער ייִדישער מאָדערנער קונסט (דאָס מיינט מען, פארשטייט זיך, די זעלבסטהערשערישע דינאסטיע „אייגנס“) און דער „ייִדישער מאָדערנער געזעלשאפט“, וועלכע „איז באשעפטיקט מיט אסאך נעענטערס און וויכטיקערס און קאָן זיך ניט אומקוקן אף אונדזער ווינקל־אייגנס“.

ווער איז זי עס, אָט די „ייִדישע מאָדערנע געזעלשאפט“, וואָס האָט ניט קיין צייַט און קיין כיישעק זיך אומקוקן אף בערגעלסאָנס „ווינקל־אייגנס“?

ווי מיר וועלן שפעטער זען גאנץ גענוי, איז אָט די „ייִדישע מאָדערנע געזעלשאפט“ אָדער קירצער — „געזעלשאפטלעכקייַט“ — א גאנץ דורכזיכטיקער פסעוודאָנים פון יענער ייִדישער געזעלשאפטלעכקייַט, וואָס האָט פראָקלאמירט דעם אָקטיאבער, די פראָלעטארישע דיקטאטור אף דער ייִדישער גאס.

די „קאָמיסארן“, די „יעווסעקן“ — אָט זיי זייַנען עס די, וואָס ווילן זיך ניט „אומקוקן אף אונדזער ווינקל“. זיי זייַנען עס די, וואָס זייַנען „באשעפטיקט מיט אסאך נעענטערס און וויכטיקערס“, נעענטערס און וויכטיקערס איידער, לעמאָשל, ניסטערס „שיידים“, קאַציזנעס „דער גייַסט — דער מייַלעך“ און דאָברושינס „אנדאנטע דאָלאָראַ־זא“ (געדרוקט אינעם 1-טן בוך „אייגנס“).

און ניט נאָר זיי — די „מעשומאָדים“, די „יעווסעקן“ — נאָר די בעסטע עלעמענטן פון דער נאציאָנאל־סאָציאַליסטישער ייִדישער געזעלשאפטלעכקייַט — זיי האָבן זיך אויך אָנגעהויבן אָפּצוקערן פונעם „אייגנס“־ווינקל.

בערגעלסאָנס ארטיקל „דיכטונג און געזעלשאפט“ איז דאָך אין א באדייַטנדיקער מאָס געווען געווענדעט קעגן מ. ליטוואקאָוון, וועלכער האָט אין 1918 י. פארעפנט־לעכט זייַן רעצענזיע וועגן „אייגנס“.

מ. ליטוואקאָוו, דענסטמאָל נאָך גאנץ היפש אָנגעלאָדן מיט נאציאָנאל־סאָציאַ־ליסטישן „אייגנס“, האָט אָבער שוין דענסטמאָל דערפילט, אז בערגעלסאָן פאלט אונ־טערן לאסט פון זייַנע „שטאנדהאפטיקע עפּאָס־עלעמענטן“, אז האָפשטיינען דראָט דאָס־זעלבע אונטערן לאסט פון „זיידנס ירושע“, אז ניסטער ווערט פארכלינעט אין סוי־דעסדיקייַט, אז דער „אייגנס“ האָט ניט בארעכטיקט די האָפענונגען, וואָס מע האָט אף אים ארופגעלייגט אפילע אין די נאציאָנאליסטישע קרייַזן.

טאָ ווו זשע איז „דאָס רויִקע און גליקלעכע קעניגן“ פון דער „אייגנס“־דינאסטיע?

אָדער, לעמאָשל, נעמט, דעם ליידנשאפטלעכן ארטיקל, וואָס ב. אָרשאנסקי האָט אָפּגעדרוקט אין דער קיִעווער „קאָמפאָן“ דעם 25־טן פעווראל 1920 יאָר, אונטערן קעפל „די קלאָלע“.

דער ארטיקל איז אינגאנצן געווענדעט קעגן דער טראדיציע פון „שטאנדהאפטיקע עפּאָס־עלעמענטן“. קעגן די קיִעווער „סאלאָן“־ליטעראטן, וואָס האָבן זיך א לאָז גע־טאָן מיטן גאנצן ייִדישיסטיש־קאסרילעווקער שלומפער אין „אייראָפּע“ ארייַן:

„Пустите Дуньку в Европу“...

כ' ב. אָרשאנסקי שרײַבט:

„דעם אלטן באָכער, דעם עקסטערניק, דער גרילצנדיקער קרעכצעניש פון דעם אינטעליגענטן בודניק, האָט מען א ריי ווערק געווידמעט... די אלטע, צעפוילטע, שמוציקע און ברודיקע וועלט—דאָס האָט באגײַסטערט אונדזערע ליטעראטן און קינסטלער"...

און אונדזערע העלדישע קעמפער, די פּאָשעטע, אײנפאכע, נישט געלערנטע און ניט „איירא־פּעיִזירטע" שוסטער, שנײַדער, בעקער, גארבער, זעצער, וועבער, בערשטער, וואָס האָבן זייערע גאנצע יונגע יאָרן אָפּגעגעבן דעם קאמף פאר באפרײַונג פון קנעכטשאפט... ווער פון אונדזערע ליטעראטן און קינסטלער האָט זיי איין הארציקע פּאָעטישע שורע געווידמעט?".

ב. אָרשאנסקי ווייס גאנץ גוט, אז קיינער ניט.

ב. אָרשאנסקי ווייסט, אז אף דער פארעוואָליוציאָנערער יִדישער ליטעראטור איז געהאנגען „די קלאָלע פון קלויז און מיקווע, פון טאלעסקאָטן און מעזוזע, פון באטלאָנישער קליינשטעטלדיקייט און קליינשטעטלדיקער באטלאָנעס". דער פּראָלעטארישרעוואָליוציאָנערער שטראָם פון דער פארעוואָליוציאָנערער יִדישער ליטעראטור איז אינגאנצן איגנאָרירט געוואָרן.

אזוי איז געווען. נו, און ווי איז איצט, נאָך דער זיגרייכער רעוואָליוציע פונעם פּראָלעטאריאט? ב. אָרשאנסקי שטעלט די פראגע גאנץ שארף:

„צי פילט זיך בא אונדז א וועלכע עס איז באגײַסטערונג? צי האָבן אונדזערע ליטעראטן און קינסטלער באמערקט די נייע צײַטן?... אָט עקזיסטירט בא אונדז אין קיעוו א קולטור־ליגע... עס עקזיסטירט בא דער קולטור־ליגע א מוזיקאלישע סעקציע. הערט זיך צו צו די לידער, וואָס ווערן דאָרט געזונגען, ווידעראמאָל א פאָלק־ליד און אָבעראמאָל א פאָלק־ליד. איר האָט אן אויסשטעלונג פון קינסטלער בא דער קולטור־ליגע. וואָס באגעגנט איר דאָרטן? שיר־האשירים מיט סויפער־טוירע־אויסעס..." (דאָרטן).

טאָ ווו זשע איז דאָ די אידיליע פון סטיל־דינאסטיעס?

צעבראָכן די אידיליע—אף שטיקלעך צעבראָכן!

דער קלאליִסראָעלדיקער „אייגנס"־ווינקל האָט זיך גאָר ארויסגעוויזן פּאָנעם־על־פּאָנעם מיט פרעמדע אָנגרײַפערישע סטיל־קויכעס!

פאראלעל מיט דער הערשנדיקער „אייגנס"־ליניע שנײַדט זיך אין דער טיף פון דער רעוואָליוציע־ליטעראטור א צווייטע ליניע—א קעגנזעצלעכע, „א יעווסעקישע", א באָלשעוויסטישע, א מאסאָווע ליניע! א יעווסעקישער סטיל־סעקטער! די ליטערא־ריש־אופגעקלערטע מאָנארכן פונעם „אייגנס"־ווינקל שטעלן אים אף די קני—דעם יעווסעקישן סאנקיולאָט—און ער פאלט ניט אראָפּ בא זיך—ער שיסט „с колена", ער גרײַפט אָן, קעדיי אין א פּאָר יאָר ארום שטעלן אף די קני דעם „אייגנס"־סעקטער, און שטורמיש זיך צעוואקסן אין דער יונגער פּראָלעטארישער ליטעראטור.

דערווײַל אָבער גייט דער קאמף א שווערער, א ניטגלײַכער.

פון איין זײַט—שרײַבער מיט נעמען, מיט ליטערארישע טראדיציעס, מיט הויכער שרײַבערישער טעכניק, מיט „ניואנסן און בויגיקײַט", און פון דער צווייייער זײַט—אָרעמע ליטזײַטלעך און ליטערארישע אָפּטיילונגען פון קאָמוניסטישע און קאָמיוגישע זשורנאלן, צײַטונגען און פלוג־בלעטלעך, אומבאקאנטע נעמען, היספּײַלעסדיקע צע־

טומלטקייט, טעכנישע ניטדערפארנקייט. און וואָס וויכטיקער פון אלץ—שרייבער, וואָס זיינען „באשעפטיקט מיט אסאך נעענטערס און וויכטיקערס״ איידער... ליטעראטור...

אָט אף דעם לעצטן פונקט האָט אמערסטן געשלאָגן די „אייגנס״־דינאסטיע.

צי איז ביכלאל מעגלעך א וועלכע ניט איז שייכעס צווישן „נעענטערס און וויכטיקערס״ און „עכטער״ דיכטונג?

אומעגלעך—האָט געענטפערט דאָברושין: „אין צייטן פון שטורמישן שוידער מוז מען פארקערפערן דעם צאפלענדיקן געדאנק אין צוגעטראכטע און אויסגעטראכטע גופים, אָדער אין טיף־געשיכטלעכע פיגורן, וואָס פארטראָגן אין דער ווייטקייט אריין דעם צו־שארפן שיין פון בלענדנדיקן היינט״ (קורסיוו אומעטום מיינער—י. ב.) (דאָברושין—„געדאנקענגאנג״, ז. 130).

וואָס זשע בלייבט פאר דער ליטעראטור פונעם רעוואָליוציאָנערן „שטורמישן שוידער״?

צי דען טאקע בלויז ווייטער אָפּגלאנץ פון „צו־שארפן שיין״, צי דען טאקע בלויז די גרויקייט פון צוגעטראכטע און אויסגעטראכטע גופים?

די געשיכטע פון רעוואָליוציאָנערע טקופעס ווייסט פון פאלן אזעלכע, ווען דער רעוואָליוציאָנערער קלאס ווענדעט זיך צו דער געשיכטע, צו „טיף־געשיכטלעכע פיגורן״, אָבער ניט קעדיי „פארטראָגן אין ווייטקייט אריין דעם צו־שארפן שיין פון בלענדנדיקן היינט״, נאָר גראָד פארקערט, קעדיי מיטן געשיכטלעכן שיין פארשארפן, פארגרעסערן דעם שיין פונעם רעוואָליוציאָנערן בלענדנדיקן היינט.

ניט מע דעזערטירט אין דער געשיכטע אריין, נאָר מע שלעפּט די געשיכטע אינעם „בלענדנדיקן היינט״ אריין!

אזוי איז געווען דער פאל, לעמאָשל, מיט דער פראנצויזישער רעוואָליוציאָנערער בורזשואזיע, ווען זי האָט אירע, ניט גענוג בלענדנדיקע העלדן אויסגעפוצט אין קליידער פון רוימישע און גריכישע העלדן.

די „אייגנס״־אידעאָלאָגן האָבן דעם „פּאָסעק געטייטשט״ גאָר קאפויר, קעדיי קאַשערן דעזערטירעריי.

דעמזעלבן גזארדין טראָגט ארויס דאָוויד בערגעלסאָן. בערגעלסאָן פאָרמולירט נאָך שארפער דידאָזיקע פראָבלעם פון פארהעלטעניש צווישן דעם „בלענדנדיקן היינט״ און דער דיכטונג:

„דערצו איז נאָך די דיכטונג מערסטן א פויעליויצע פונעם אָפּגעלעבטן! זי איז דער אימפולס פון איבערגעלעבטע איינדרוקן...

...די געזעלשאפטלעכקייט און די דיכטונג מוז זיך אזוי ארום פאנאנדערגייען אין אָט דער צייט פון שטורעם און דראנג (בערגעלסאָן—„דיכטונג און געזעלשאפטלעכקייט״—„ביכער־וועלט״, נומ. 5־4, אווגוסט 1919).

דער דיאגנאָז איז, ווי איר זעט, אויך דאָ געשטעלט גאנץ שארף: דיכטונג איז א פויעליויצע פונעם אָפּגעלעבטן און אזוי ווי די געזעלשאפטלעכקייט (לייען, די באָלשעוויקעס) האָט צו טאָן גראָד ניט מיט אָט דער אָפּגעלעבטער „בראנזשע״—דארפן זיי זיך דאָ פאנאנדערגיין—די דיכטונג, הייסט עס, און די „געזעלשאפטלעכקייט״.

בערגעלסאָנס און דאָברושינס „געדאנקענגאנג“ פאלן דאָ צונויף. אָבער דאָס איז בערגעלסאָנען ניט גענוג. בערגעלסאָן ווייסט, אז אינגאנצן פארשווייגן דעם „יעווסעקישן“ סעקטער אין דער ליטעראטור קאָן מען ניט. בערגעלסאָן הויבט דעריבער אויף זייער אן אינטערעסאנטן טעאָרעטישן קאמף קעגן אָט דעם „יעווסעקישן“ סטיל פון „נאָענטן און וויכטיקן“ און וויקלט אים פאנאנדער—דעם קאמף—ארום דער פּראָבלעם פון ליניייִשער קונסט־אופאסונג.

וואָס איז עס פאר אזא „ליניייִשע קונסט־אופאסונג“, וואָס בערגעלסאָן ווארפט זי אויף דעם „יעווסעקישן“ סעקטער?

זאָל מיר זײַן דערלויבט דאָ ברענגען א גרעסערן אויסצוג פון בערגעלסאָנס אויבנדערמאָנטן ארטיקל, ווו אָט די פּראָבלעם איז זייער אינטערעסאנט און בולעט אוועקגעשטעלט:

„די געזעלשאפטלעכקייט זוכט פאר זיך שפּאָגל־נײַע וועגן. דער בליק פון איר אוואנגארד איז געווענדט נאָר צו יענער ליניע, וואָס מערקט אָן, אויב ניט די קאנטורן פון דער נײַער געזעלשאפטלעכער יעצירע, איז כאָטש די קאָנטורן פונעם כאאָס, וואָס הערשט ארום איר אינעם מאָמענט, ווען אלטע וועלטן פאלן, און אָט די ליניע מוז זײַן אבסטראקט, ווײַל דאָס לעבן האָט נאָך ארום איר ניט געשאפן קײַן בילדער און זי, די ליניע אליין, איז צו יונג און צו נײַ, זי זאָל אף זיך בילדער אָנקלעפּן.

די דיכטונג ווייסט אָבער נאָר פון אזעלכע ליניעס, וואָס באשטייען פון רעמאָזים אף בילדערלעכקייט...

זײַענדיק אין מעהוס פּראָגרעסיוו און אינגאנצן אף דער זײַט פון דער געזעלשאפטלעכקייט, מוז זי דאָך, די דיכטונג, באזירן אף דער אלטער אָפּגעלעבטער בילדערלעכקייט און בלײַבן אײַנזאם...“ (דאָרטן).

דער געדאנק איז קלאָר. די נײַע געזעלשאפט, די באָלשעוויסטישע, הייסט עס, זעט בלויז קאנטורן, אָדער פון נעפּלדיקע מאָרגנס, אָדער פונעם כאאָס, וואָס רינגלט זי ארום. אָט די ליניעס, די קאנטורן מוזן שטענדיק זײַן אבסטראקט בלוטאָרעם, לײַבלאָזיק, מאכמעס זיי, די ליניעס, זײַנען נאָך „צו יונג און צו נײַ“.

די דיכטונג אָבער מוז זיך באזירן אף דער קאָנקרעטער, לײַביקער בילדערישקײַט, וואָס איז פארבונדן מיטן אלטן און אָפּגעלעבטן און, נאטירלעך, מוז זי אָפּגיין פונעם „בלענדנדיקן הײַנט“.

בילדערישקײַט ווערט, אזוי ארום, דערקלערט אלס די איינציקע באזע פון קונסט, און גראד אָט דידאָזיקע בילדערלעכקײַט—ווײַזט אָן ווײַטער בערגעלסאָן—איז פארבונדן בלויז מיט רעאקציאָנערע טקופעס, מיט טקופעס פון שטילשטאנד, פון אָפּגעזעצטן שטייגער.

„בילדער זײַנען אין א צײַט פון ראדיקאלער געזעלשאפטלעכער איבערבויונג א כעסאָרן,—זיי דערמאָנען צופיל אָן דער אלטער געזעלשאפט, זיי לאָזן ניט ארײַנלייגן אין זיך דעם טויכן פון דער נײַער צײַט. בילדערלעכקײַט באזירט זיך אף אלטער פאָרם, און אלטע פאָרם עקזיסטירט איצט ניט. זי איז אין דער אידעאָלאָגיע פון דער נײַער געזעלשאפטלעכקײַט אנולירט“ (דאָרטן).

בערגעלסאָנס ארויסטריט קעגן דער אבסטראקטער, ליניייִשער קונסט־אופֿאסונג, קעגן דער קונסט פֿון „יונגע און נײַע ליניעס“, וואָס איז אָן בילדלעכן לײַב און לעבן, אָן שטייגערישער אָנגעזעטיקטקײַט—בערגעלסאָנס שטאנדפּונקט איז דאָ בולעט פֿאָרמולירט: דער אָפּגעלעבטער שטייגער איז די באזע פֿון בילדלעכקײַט, און בילדלעכקײַט איז די באזע פֿון דיכטונג, די רעוואָליוציע צעשטערט דעם אלטן שטייגער—הייסט עס, זי מאכט כאָרעוו די עכטע קונסט!

אָט איז דער געדאנק—ער איז אייגנטלעך ווײַט־ווײַט ניט קיין נײַער אין דער ליטעראטור־קריטיק ביכלאל[1]) און אין דער געשיכטע פֿון ליטערארישע שלאכטן אין די ערשטע נאָכאָקטיאבערישע יאָרן ביפֿראט. אָף אָט דעם שטאנדפּונקט איז געשטאנען ענע ליטערארישע שול, וואָס האָט די בילדערישקײַט געשטעלט אין צענטער פֿון שאפֿן—כ׳מיין דאָ די רוסישע אימאזשיניסטישע שול.

דאָס האָט זי אזוי ארויסגעלאכט די פֿוטוריסטישע, מיטינגאָווע „босоножка“ פֿאר איר ליניייִשער נאקעטקײַט, פֿאר איר סכעמאטיזם, פֿאר איר צײַטונג־פֿלאקאטישקײַט. אין איר דעקלאראציע ווערט פֿאָרמולירט דערזעלבער געדאנק וועגן דעם טהאָם צווישן קאמף און דיכטונג...

„צוויי פּאָליוסן: פּאָעזיע, צײַטונג.

דאָס ערשטע: קולטור פֿון וואָרט, דאָס הייסט, בילדערישקײַט, ריינקײַט פֿון שפּראך, הארמאָניע, אידייע.

דאָס צווייטע: א בארבארישע שפּראך, דאָס הייסט טערמינאָלאָגיע, מיִעסקײַט, אריטמישקײַט און אָנשטאָט אידייע—גאנגבארע עמעסן („קימאט א דעקלאראציע“, ציטירט פֿונעם בוך „ליטערארישע מאניפֿעסטן“ ז. 120).

... „דעם שטייגער קאָן מען פֿאָטאָגראפֿירן...

דעם שטייגער קאָן מען סיסטעמאטיזירן...

דעם שטייגער דארף מען אידעאליזירן און ראָמאנטיזירן—דאָס איז אונדזער שטאנדפּונקט“ (דאָרטן ז. 125).

אז בילדערישקײַט (אין ענגן זין פֿון וואָרט) איז פֿארבונדן מיטן קאָנסערוואטיוון שטייגער, אז עס קלעפּט זיך ניט מיט צייטונג, מיט נײַער לעקסיק („טערמינאָלאָגיע“), מיט נײַע יונגע ליניעס, אז דער אידעאליזירטער שטייגער איז די באזע פֿון קונסט, דאָס האָט געוווּסט די ריאקציאָנערע עסטעטיק פֿון אלע צײַטן.

צי האָט אָבער אויך די ליניייִשע אופֿאסונג אירע אָנהענגער?

אוואדע האָט זי, ענטפֿערט בערגעלסאָן. און אינעם זעלבן ארטיקל ווײַזט ער טאקע אָן, וועלכע סאָציאַלע שיכטן זײַנען פֿארבונדן מיט דער ליניייִשער קונסט־אופֿאסונג.

„פֿאר דער דיכטונג איז אפֿילע אין גאנץ רויִקע צײַטן ניט געווען אויסגעשלאָסן די באגעגעניש מיטן מענטשן פֿון דער אבסטראקטער ליניע. דאָס האָט געקאָנט זײַן פֿון איין זײַט—דער

[1]) בערגעלסאָנס קאמף קעגן דער „ליניע־קונסט“ איז ביכלאל זייער נאטירלעך פֿאר אים, אלס אן אימפּרעסיאָניסט: „דער אימפּרעסיאָניזם דערפֿירט ביז צום סאָף דעם קאָלאָריזם אפּן כעשבן פֿון דער ליניייִשקײַט“ (זע, פֿריטשע, „סאָציאָלאָגיע פֿון קונסט“, ז. 89).

פרימיטיווער פאָלק־מענטש, וואָס איז צו דער טראַדיציע פון בילדלעכקייט ניט דער־וואַקסן און פון דער אַנדער זײַט—דער באַגרענעצטער „כעמיקער", וואָס גייט דורך די בילדער־אויסשטעלונג ווי אַ „זײַטיקער", נעמט אַראָפּ די ברילן פון די קורצזיכטיקע אויגן, קוקט זיך אײַן און פאַרשטייט ניט ער זעט מער ניט ווי הוילע ליניעס..." (דאָרטן).

ס'אַרא קאַפּוליער אָנצוהערעניש דער „פאַרגרעבטער" געזעלשאַפטלעכקייט!

מענטשן אָן געשמאַק, „כעמיקער אין ברילן", אָדער גלאַט פּאָשעטע אַמעראַציש־לייענער—אָט דאָס איז לויט בערגעלסאָנען די סאָציאַלע באַזע פון דער ליניייִשער אופאַסונג.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ניט אָט דידאָזיקע קאַנטור־פּאָעזיע פון אַמעראַצים און „כעמיקער" איז די „עכטע" פּאָעזיע—ס'איז אַ שלעכטע דיכטונג, שטרײַכט אונטער עטלעכע מאָל בערגעלסאָן. אַזאַ „שלעכטע דיכטונג" איז שוין אַמאָל געווען, איראָניזירט בערגעלסאָן. דאָס איז געווען אין די ערשטע יאָרהונדערטער פונעם קריסטנטום.

„די ערשטע קריסטן־פּאָעטן (באַלד נאָכן דערשײַנען פון קריסטנטום) זײַנען געווען זייער שלעכטע דיכטער.

...סאָפקאָלסאָף האָבן זיי געקאָנט מאַכן ניט מער ווי אַ צײלעם—צוויי נאַקעטע ליניעס—אָבער פאַרן גלייביקן קריסט זײַנען זיי געווען גאַנץ באַדײַטנדיק און גענוג" (דאָרטן).

באָלשעוויקעס—מאָדערנע קריסטן־פאַנאַטיקער—ס'אַרא „טיפזיניקער" פאַרגלײַך!

יענע, אַמאָליקע קריסטן, האָבן „פאַרוויקלט אין אַ מאַנטל פון אַ יעזויִט" די גרויסע אַלטקלאַסישע קונסט—די מאָדערנע פאַנאַטיקער ווילן זיך ניט אומקוקן אַפן „ווינקל־אייגנס"—אַף דער „מאָדערנער ייִדישער קונסט"! יענע—אַמאָליקע קריסטן—האָבן די פולבלוטיקייט פון ווענוס פאַרביטן אַף צוויי נאַקעטע געקרייצטע ליניעס, די—אָט די נײַע „געזעלשאַפטלעכקייט", דערשטיקט דעם בילדלעכן שטייגער מיט אירע נאַקעטע ליניעס (נו, לעמאָשל, מיט פינף שפּיצן פון אַ שטערן...).

דערמיט פאַרענדיקט בערגעלסאָן זײַן „טעאָרעטיש־געשיכטלעכע" און קינסטלע־ריש־פילאָזאָפישע „אַרטילערישע צוגרייטונג". דערנאָך גייט ער איבער צום עצעם־איניען, צום צושטאַנד פון דער ייִדישער ליטעראַטור און צום סטילן־קאַמף אין דער ייִדישער נאָכאָקטיאַבערדיקער סוויווע.

די ייִדישע דיכטונג איז דאָפּלט אײנזאַם, דער טהאָם צווישן איר און דער „גע־זעלשאַפטלעכקייט" איז דאָפּלט שווער—דערקלערט בערגעלסאָן.

איך קאָן זיך ניט אײַנהאַלטן פון ווײַטערדיקן, גאַנץ געגויעם ציטירן, מאַכמעס אָט דער אַרטיקל גיט בעעמעס די קינסטלערישע פּלאַטפאָרם פון אַ גאַנצן שיכט ייִדישע שרײַבער, וואָס האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין די ערשטע נאָכאָקטיאַ־בערדיקע יאָרן:

„נאָר אויב די אײנזאַמקייט פון דער דיכטונג אין אַלגעמיין איז אין איצטיקן מאָמענט זייער גרויס, איז די אײנזאַמקייט פון דער ייִדישער דיכטונג שרעקלעך. אינעם מיטלשטאַנד פון יעדן פאָלק געפינען זיך דאָך אייניקע עפּאָס־עלעמענטן, וואָס נעמען ניט קיין דירעקטן אָנטייל אינעם איבערבויונג־פּראָצעס פון דער געזעלשאַפט, און דער כאַאָטישער וועלט־צושטאַנד האָט

זײ ניט אינגאנצן פארכאפט. זײער באַציִונג צו דיכטונג איז *ניט געענדערט געוואָרן*, און אין דערזעלבער צײַט שטעלן זײ מיט זיך פאָר די *מער שטאנדהאפטיקע רויִקע פאָרמעס*, אף *וועלכע די דיכטונג באַזירט אירע פרווון*. בא אונדז אָבער איז דער מיטלשטאנד לאכלוטן ניט פארינטערעסירט מיט דער ייִדישער שאפונג. פאר דער ייִדישער דיכטונג בלײַבן אזוי ארום פון אײן זײַט דער ניט־אנטוויקלטער פאָלק־מענטש, וועלכער איז צו דער טראדיציע פון בילדלעכקײַט *ניט דערוואָקסן* און באנעמט נאָר יענע צײכענונגען, וואָס באשטײען פון *פרימיטיווע ליביעס*, אנדערש געזאָגט, ער פארנעמט נאָר דעם „לובאָק״, און פון דער אנדערער זײַט, בלײַבט פאר דער ייִדישער דיכטונג דער אינטעליגענטער לעזער, וועלכער איז, אגעוו, טײלווײַז, אופגעצויגן אף פרעמדער דיכטונג און קומט צו אונדז פון *פרעמדע טישן*. דאָרט, בא די פרעמדע טישן, לאָזט דער זײַטיקער אויער דורך קימאט די גאנצע האנדלונג, וואָס טראָגט א *באַציאָנאַל־סוביעקטיוון כאראקטער* און נעמט אוף ניט מער ווי דעם *אלמענטשלעכן* זינען אירען—די אוניווערסאלע קאוואָנע״. (דאָרטן).

— וואָס איז דער טאָך פון אָט דערדאָזיקער גרויסער ציטאט?—פארוואָס געפינט זיך די ייִדישע דיכטונג אין א *באזונדער שרעקלעכער* אײנזאמקײַט?

— ווײַל, ענטפערט בערגעלסאָן, ס'איז אינעם ייִדישן לעבן אינגאנצן ניטאָ יענער רויִקער שטאנדהאפטיקער עפּאָס־עלעמענט, אף וועלכן עס באַזירט זיך די דיכטונג—ס'זײַנען פארבליבן בלויז אמעראצים, וואָס קוויקן זיך מיטן אבסטראקטן רעוואָלירציאָנערן לובאָק און אינטעליגענטן, וואָס זײַנען פארכאפט פון אלמענטשלעכע אוניווערסאלע קאוואָנעס.

נו, מאָלט אײַך אויס, אז בערגעלסאָנס פעסימיזם איז דאָ „אביסעלע״ אן איבערגעטריבענער.

ווען אינעם ייִדישן לעבן, אין די נאָכאָקטיאבערדיקע יאָרן, וואָלט בעעמעס אויסגעפעלט *אינגאנצן* אָטאָ דער קאָנסערוואטיווער „עפּאס־עלעמענט״, טאָ אף וואָס וואָלט זיך געהאלטן דער „ווינקל־אײגנס״, צי דען טאקע אינדערלופטן?

איז אָבער א סוואָרע, אז אין דער ייִדישע סוויווע איז אָט דער „עפּאס־עלעמענט״ געווען „ניט צו פארזינדיקן״, און ער האָט טאקע געשאפן די סאָציאַלע באזע פארן „אײגנס״־סעקטער, וועלכער איז מיט פארשײדענע פײרושים, פארטראָגן געוואָרן צו אונדז ביזן הײַנטיקן טאָג, האגאם, פארשטײט זיך, היפּש צעריבן און אָפּגעטראָגן.

אָבער ניט דאָס איז איצט וויכטיק,—וויכטיק איז צו געדענקען, אז בערגעלסאָן הויבט דאָ גלײַכצײַטיק אוף א קאמף קעגן דער שרײַבערישער „נאקעטער״ אינטעליגענץ, וועלכע איז געקומען, מיטן פאטאס פון „אלמענטשלעכער אוניווערסאלישקײַט״, צו באקעמפן די *ייִדישלעכע, עטנאָגראפישע באגרענעצטקײַט*. אָטאָ די נײַע, יונגע, ראדיקאלע אינטעליגענץ האָט אין דער פּערזאָן פון מארקישן ארויסגערוקט איר סאמע קאָלאָריטפולע דיכטערישע פיגור, און בערגעלסאָן טרעט טאקע דעריבער ארויס שארף *קעגן מארקישן*—דעם ליניע־פאָעט, דעם „נאַקעטן״ דיכטער:

„מארקיש איז אָרעם אין בילדער, און אפילע די בילדער, וואָס ער פארמאָגט, זײַנען בא אים מער דערצײלערישע, אײדער מאָלערישע...

... נאָר ווי געזאָגט, איז איצט, פּונקט ווי אין אָנהויב קריסטנטום, א צײַט ווען נאַקעטע לי־ניעס גייען א גאַנג אַוו בא א גוטן ווילן קאָן מען אויך אין מאַרקישעס נאַקעטע לי־ניעס אַרײַנלייגן א נײַעם טויכן".

„... ס'איז קײַן וווּנדער ניט, וואָס דאַווקע מאַרקישן וועלן אייניקע איצט אַוועקשטעלן העכער פון אַזעלכע זאַפטיקע גאָטגעבענטשטע טאַלאַנטן, ווי האָפּשטיין און קוויטקאָ. אין איצטיקן כאאָ־טישן וועלט־צושטאַנד שפּילט דאָך א געוואַלטיקע ראָלע ניט דער אינהאַלט פון געשריי, נאָר דער קויעך זײַנער...

... דערפאַר אָבער וועלן שוין אַנדערע צוזאַמען מיט מ. ליטוואַקאָוון געפינען אין מאַרקישן „די סימאָנים" פון גויווער זיי דאָס נאַציאָנאַלע אין דער ייִדישער ליריק, „די שלאָגנדיקע קוואַלן פון אוניווערסאַליזם"... (דאָרטן).

ווי איר זעט, ווערן פון איין זײַט אַלס „עמעסע" דיכטער אַרויסגעשטעלט האָפּ־שטיין און קוויטקאָ און פון דער צווייטער זײַט—דער „ניט עכטער" מאַרקיש, וועלכער האָט געגעבן דעם אַלגעמיינעם אַבסטראַקטן „טומל־טומל" פון דער רעוואָליוציע. דער אַבסטראַקטער „טומל־טומל" איז אָבער געפעלן געוואָרן דער „געזעלשאַפטלעכקײַט"—קאָנסטאַטירט מעלאַנכאָליש בערגעלסאָן. אין מאַרקישעס „נאַקעטע" ליניעס האָט די געזעלשאַפטלעכקײַט „אַרײַנגעלייגט א נײַעם טויכן און געפונען שלאָגנדיקע קוואַלן פון אוניווערסאַליזם".

פונוואַנען־זשע האָט זיך גענומען אָט „דער גוטער ווילן", סײַ בא דער „געזעל־שאַפטלעכקײַט"—אַרײַנצולייגן אין מאַרקישן דעם „נײַעם טויכן", סײַ בא מאַרקישן—אופצונעמען אָט דעם נײַעם טויכן? פאַרוואָס האָט מען דעמזעלבן „שפּיצל" ניט געקאָנט אָפּטאָן מיט בערגעלסאָנס „אין פאַרטונקלטע צײַטן" און ניסטערס „שיידים".

בערגעלסאָנען קלעקט ניט קײַן היסטאָריש־דיאַלעקטישער כוש, קעדיי ווי געהע־ריק איז, ווינטשאַפטלעך, אַוועקשטעלן די פּראָבלעם פון מיטלויפער אין דער רעוואָליוציאָנערער ליטעראַטור. בערגעלסאָן וויל עס אָפּאַטערן דערמיט, וואָס מאַרקיש איז ניט געווען קיין „עכטער" דיכטער און דער „נון" פלעגט זיך בא אים ניט איבערכאַזערן אַזוי קונציק ווי אין האָפּשטיינס שורע: „די זון האָט הײַנט צו נײַעם פאַנציר מײַנעם". ניט דאָ איז דאָס אָרט זיך אָפּצושטעלן אויף דער ראָלע פון דער אינסטרומענטירונג, איִנערלעכע וויל־קלאַנגעוודיקײַט, בא מאַרקישן און בא האָפּשטיינען, צי דען האַנדלט זיך דאָ אינעם „נון"?

בערגעלסאָן שטעלט אַרויס האָפּשטיינען אַלס מוסטער ניט צוליב האָפּ־שטיינס גלענצנדיקער וואָרט־מוזיק, נאָר מאַכמעס האָפּשטיין טאַקע האָט אויסגעהאַלטן זיין, בערגעלסאָניש, עקזאַמען אין הילכעס „דיכטונג און „געזעל־שאַפטלעכקײַט".

האָפּשטיין איז טאַקע געקומען ניט קײַן „נאַקעטער" אין דער ליטעראַטור, נאָר אָן אָנגעפּעלצטער מיט „זיידנס ירושע", מיט אַסאָציאַציעס, וואָס פירן אונדז פון „שאַמאי און הילעלן", מיט א גרויסער „שטאַם"־אַנלאָדונג פון די „שטאַנדהאַפטיקע עפּאָס־עלעמענטן". האָפּשטיינס בילדערישקײַט, וואָס איז אַזוי אָנגעזעטיקט מיט אַל־טער טראַדיציע, האָט אָן שום סאָפעק געקאָנט אימפּאָנירן בערגעלסאָנען,

װעלכער האָט זיך געשראָקן אײמאס־מאָװעס פאר דער ליניע, פאר דער נאקעטקײַט פונעם לובאָק, פאר די „פרעמדע טישן“.

אװאדע האָט אױך האָפשטײן ניט שטענדיק געקאָנט אױסהאלטן דעם „יערושע־פעלך“ און געלאָזט זיך צײַטנװײַז פאנגען פון „אוניװערסאלע קאװאָנעס“, געשריבן „נאקעטע“, ריטאָרישע לידער װעגן „שפאנענדיקער מענטשהײַט“, אָבער צי דען איז עס געװען אזא העפקערדיקער נאקעטער עקסטאז, װי בא מארקישן?

מארקיש האָט דאָך געהאט די פולע רעכט צו שרײַבן װעגן האָפשטײנען, אז יענער „גײט בא װעגן“, און גײן גײט ער אף די שפיצפינגער, געהארכזאם־פאָרזיכטיק מיט קאָפּ און מיט כעשבן—װי א ניכטערער, װאָס װיל זײַן שיקער [1].

גאָר אן אנדערער איז געקומען מארקיש. ער האָט די „נאקעטע ליניע“ דערקלערט אלס דעם סטיל פון זײַן „פאטעטישער קאָמאנדע“.

„אן עפּאָכע פון שטורעם, האָט געשריבן מארקיש—זוכט זיך אזעלכע פאָרמען װי זי אלײן. זי װיל זיך ניט אונטערטעניקן די געזעצן און טראדיציעס, זי טוט זײ אָן שטײנער אף די העלדזער און דערטרינקט זײ. זי אנערקענט זײ ניט. זי דארף שאפן נײַע, און די דיכטער פון אזא צײַט טוען זיך אויס נאקעט...[2].

א נאקעטער, א צעשױבערטער שטײט מארקיש און שפּאָט אָפּ פונעם „קלאסיציזם װאָס ליגט פארבאלזאמירט אין די גלעזערנע בוך־שראנקען“ פון די טראדיציאָנעלע „נײַער טאָמידס“, װאָס יִדישלעכע עסטעטיקער האָבן אראָפּגעבראכט „אפן גרױסן מארק פון קונסט“, פונעם „פײזאזש און געמעל“, װאָס „װי קאָמפּליצירט ער זאָל ניט זײַן, האָט ער אופגעהערט רײדן צו מענטשלעכע הערצער“.

דאָ האָבן מיר פאר זיך קימאט װי א קינסטלערישן מאניפעסט פון דער ריטארי־שער, לינײיִשער קונסט־אופאסונג—אינגאנצן געװענדעט קעגן דער טעאָריע פון „שטאנדהאפטיקע עפּאָס־עלעמענטן“—צי איז, אויב אזוי, ניט געװען גערעכט בערגעל־סאָן, װען ער האָט, אזוי, דוכט זיך, דערכאגעװו, געגעבן א זעץ איבערן קאָפּ דעם נאקעטן מארקישן, דעם „שרײַער“?.

פאָדערן פון בערגעלסאָנען א קלאסן־אנאליז פון מארקישעס „געשרײ“ װאָלט גע־װען פון מײַן זײַט גאנץ נאיִװ, אָבער כאראקטעריסטיש איז מיט װאָס פאר אן אימ־פּעט דער פירער פונעם „אײגנס“־װינקל האָט זיך א װאָרף געטאָן אפילע אף אן אײגענעם מענטשן (מארקיש האָט זיך געדרוקט אין „אײגנס“) נאָר דערפאר, װאָס אָט דער מענטש איז געשטאנען אפן לינקן פליגל פון דער „אײגנס“־אינטעליגענץ. כאראקטעריסטיש איז, װי בערגעלסאָן האָט רעאגירט אף יענע ראדיקאלע מיטלװיפערישע שיכטן, װעלכע האָבן ניט געקאָנט און ניט געװאָלט צוזאמען מיט אים „מאקריװ זײַן אפן הײליקן מיזבײעך פון קונסט—שװײַגן“ [3] און טײלװײַז מיטגעארבעט מיט דער רעװאָליוציע, מיט דער „גע־זעלשאפטלעכקײַט“, מיט די „לובאָק־שרײַבער“.

---

[1] פּ. מארקיש—פארבײַגײענדיק. עסײען. ז. 64.

[2] דאָרטן—ז. 23.

[3] פּ. מארקיש—פארבײַגײענדיק. עסײען. ז. 51.

אין בערגעלסאָנס היסטערישן אָנפאַל אף מארקישן פילט זיך שוין די בלינדע סינע פון סאָציאַלע שיכטן און קלאסן, וואָס זיינען שוין ניט פעיִק צו אָפּערירן רויִק מיט פאקטן, ווען אָט די פאקטן זעצן זיי איבערן קאָפּ.

בא א רויִקן סאָציאַלן געמיט וואָלט דאָך בערגעלסאָן ניט געקאָנט איגנאָרירן דעם געשיכטלעכן פאקט, אז די פארהאסטע „ליניע־קונסט" פארנעמט אין באשטימטע היסטאָרישע טקופעס אפילע דעם אויבנאָן, און אין דער געשיכטע פון קונסט ביקלאל האָט זי איר בעקאָוועדיקן אָרט נו, לאָמיר זאָגן, אין דער גראפיק לעמאָשל, אין דער קאריקאטור־מאָלעריי, אינעם פלאקאט און ביקלאל אינעם ליניייִש־סילועטישן קונסט־שטייגער, וועלכער איז שטענדיק פארבונדן מיטן אקטיוון אופשטייִג פון קלאסן.

אינעם ליניייִש־סילועטישן שטייגער זיינען פארבאָרגן אזעלכע שעפערישע קויכעס, וואָס דעם מאָלערישן קאָלאָריט זיינען זיי פרעמד.

אויב די פארב איז לויט טוגענדכאָלדס [1]) פאָרמולירונג, קוידעמקאָל אן עמאָציאָנעלע, אן עמפירישע קראפט א קאָנקרעטע, א מאטעריעלע, א פיזיאָלאָגישע, איז די ליניע אין טאָך—אבסטראקט און באדינגלעך. אָבער דאָס איז ניט די אבסטראקציע פון אסקעטיזם, פון טויט. אָט ווי טוגענדכאָלד כאראקטעריזירט דעם ליניייִשן נוסעך:

„אין דער ליניע אלס שילדערונג־מיטל שטעקט א דאָפּלטע קראפט. ערשטנס—אן אויסדרוק־קראפט. זי, די ליניע, שילדערט די כאראקטעריסטישע שטריכן פונעם געגנשטאנד, זיין פראָפיל, זיין רעליעף, זיין אייגנעפּאלנקייט, זיין פראָפּאָרץ. אזוי, לעמאָשל, איז דאָס מענטשלעכע געזיכט אמערסטן באשטימט, אמערסטן אויסדריקלעך טאקע אין פראָפיל...

אָט פארוואָס אָנהויבנדיק פון לעאָנארדא דאָ ווינטשי ביזן היינטיקן טאָג באנוצן זיך די קאריקאטוריסטן מיטן מענטשלעכן פראָפיל, קעדיי כאראקטעריזירן זיין „טאָך".

צווייטנס—שטעקט אין דער ליניע א דינאמישע קראפט. זי גיט איבער די באוועגונג פון קעגנשטאנד, זיין אקטיווקייט, זיין בויג, זיין ריכטונג, זיין פּאָזיציע אפן שטעך..." („מאָלעריי און דער צושויער", ז. 78).

אָט דער דינאמיזם און ראציאָנאליזם פונעם ליניייִשן נוסעך, אָט זיין אלגעבראיִשע פעיִקייט צו געבן די פאָרמול פון קעגנשטאנדן און געשעענישן, געבן זייער טאָך אין שארפסטער אויסדריקלעכקייט, אָטאָ די שפּאָרזאמקייט, וואָס שטעקט אין אים—צי דען רוקט עס אים ניט ארויס—דעם ליניייִש־סילועטישן „נאקעטן" נוסעך—אף די פאָדערשטע פּאָזיציעס אין יענע שטורמישע טקופעס, טקופעס פון באגינען, ווען יונגע אופשטייגנדיקע קלאסן קומען צושטערן די אלטע אָרדענונג מיטן קויעך פון „קריטישן סייכל"; ווען די סאָציאַל־עקאָנאָמישע קאָנטורן זיינען נאָך קוים קוים אָנגעמערקט, ווען אָנשטאָט קאָנקרעטע דעטאליזירטע אינסטרוקציעס האָבן מיר בלויז פאטעטישע דעקלאראציעס; ווען דער קאמף פלאקערט נאָך דערוויילבלויז ארום דער אלגעמיינער פאָרמול, וואָס וועט ערשט מיט א צייט ארום באדעקט ווערן מיטביין און פלייש?

---

[1]) טוגענכאָלד—„מאלעריי און דער צושויער", ז. 91.

צי דען איז אָט דער „נאַקעטער" ליניייִשער נוסעך ניט דער איינציקער מעגלעכער פאַר דער פלאַמיקער רעוואָלוציאָנערער גאַס־ליד, פאַרן שטורמישן פלאַקאַט, פאַר דער רווישיקער רעוואָלוציאָנערער עסטראַדע?

מען דערציילט א לעגענדע וועגן דער אנטשטייונג פון אָט דעם ליניייִש־סילועטישן סטיל (האַגאַם ריכטיקער וואָלט עפשער געווען צו ריירן וועגן א קונסט־טיפּ [1]).

א מיידל באַגלייט איר געליבטן אין שלאַכט. פלוצלונג דערזעט זי—אַף דער וואַנט פאַלט דער שאָטן פון איר געליבטן. אַף שנעל כאַפּט דאָס מיידל א שאַרפן שטיין און דראַפּעט אָן אַף דער וואַנט די קאָנטורן פון איר געליבטנס געזיכט.

צי דען ניט אַזוי האָבן די רעוואָלוציאָנערע פּאָעטן ‚פונעם „נאַקעטן" סטיל, אין ברען פון שלאַכטן, אַף שנעל, געדראַפּעט אַף פּלויטן און אַף ווענט דאָס געזיכט פון דער רעוואָלוציע—אָטאָ די שטרענגע פּראָפיל־ליניעס, וואָס זיינען אַזוי ניט געפעלן דעם „מאָלערישן" בערגעלסאָן?...

„די שטאַנדהאַפטיקע עפּאָס־עלעמענטן", וואָס זייער נאָווי איז דאָוויד בערגעלסאָן געווען, בעראָש מיט דער גאַנצער „אייגנס"־פלעיאַדע—אָט דער סאָציִאַלער שיכט איז אָבער שוין ניט פעיִק געווען צו היסטאָרישער אופאַסונג פון דערשיינונגען. אָנשטאָט היסטאָרישער באַציִונג איז געקומען די הִיסטערישע באַציִונג—היסטעריק קעגן דער „געזעלשאַפטלעכקייט", היסטעריק קעגן די „יעווסעקן", וואָס מאַכן קלוימערשט כאָרעוו די קונסט.

אָבער הינטער די קוליסן פון אָט די היִסטערישע געשרייען—„כאַפּט דעם גאַנעוו"—איז געגאַנגען א פּלאַנמעסיקער רוִיקער קאַמף:

ניט אַזוי קעגן מאַרקישן, וועלכער איז דאָך סאָפּקאָלסאָף געווען אַן אייגענער „שקאָץ"—אַן אייגענער, לויט זיין אינטעליגענטישן ראַדיקאַליזם, אַן אייגענער לויט זיין אינדיווידואַליסטישער צעכראַסטעטקייט—נאָר קעגן די, וואָס זיינען געקומען מיט „פּאַשעטע טענדענציעזע רעוואָליוציאָנערע אויסרופן", קעגן די, וואָס זיינען געקומען מיט „היינטצייטיקן פּאַרגראַמטן געדאַנק", קעגן די, וואָס ווילן שאַפן „א מאָדערנע עדעלשטאַט־ און ווינטשעווסקי־טקופע".

קעגן די טראַדיציעס פון באָווּשאָווער עדעלשטאַט און ווינטשעווסקי אין דער רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור—אָט קעגן וואָס עס איז דער הויפּט־פייער געווען געווענדעט.

די גאַנצע פילאָזאָפיע וועגן „נאַקעטן" סטיל, וועגן ליניייִשער סכעמאַטישקייט, וועגן מאָדערנע קריסטלעכע אַסקעטן אין קונסט—דאָס אַלץ איז געווען בלויז א טעאָרעטישע אַרטילעריע־צוגרייטונג צום אָנגריף קעגן די טראַדיציעס פון דער אַלטער יִידישער רעוואָליוציאָנערער פּאָעזיע. אָטאָ די באָווּשאָווער־עדעלשטאַט־ווינטשעווסקי־טקופע איז דאָך אויך געווען אַזאַ „אומגליקלעכע" טקופע, ווען „נאַקעטע ליניעס גייען א גאַנג", ווען דער פּלאַקאַטיש־רעוואָליוציאָנערער פּראָפיל האָט איגנאָרירט די אַלט־

---

[1]) זע, פּריטשעס, סאָציִאָלאָגיע פון קונסט, ז. 87, ווו עס ווערט געגעבן א טרעפלעכער סאָציִאָלאָגישער אַנאַליז פון דער ליניייִשער און קאָלאָריסטישער קונסט־אויפפאַסונגען.

שטייגערדיקע בילדלעכקײַט. די „קיעווער" פלעגן דאָך פארציטערט ווערן, ווען זיי פלעגן דערהערן אָטאָ די עסטראַדע־לעקסיק פון א באוושאָווער און עדעלשטאט, אָטאָ די פראָקלאמאציע־ריטאָריק, אָטאָ די „הײַנטצײַטיק פארגראמטע געדאנקען"!

ווען די באוושאָווער־טראדיציעס האָבן איצט ווידעראמאָל אופגעלעבט, האָבן די קויהאנים־גדולים פון דער „אייגנס"־קונסט זיך געלאָזט אין קאמף קעגן זיי מיט אן אומגעהויערער פארביטערטקײַט.

אין דער קולטור־ליגישער „ביכער־וועלט" נומ. 3־2 פארן 1919 יאָר איז אָפּגע־דרוקט א רעצענזיע פון נ. מ. (מינעסטאם נאכמען מײַזל) וועגן א ביכל באָוושאָווערס לידער, וואָס איז ארויס אונטער דער רעדאקציע פונעם „יעווסעק" אגורסקי.

אין דער רעצענזיע איז שוין ניטאָ קיין „טעאָרעטישע" רייד וועגן „נאקעטן סטיל" ביכלאל—דאָ ווערט שוין דער טראָפּ געשטעלט ווו מע דארף...

> „די ווערטער, שילדערונגען, קינסטלעכע פאָרמען, געזעלשאפטלעכער פארנעם זײַנען בא אים זייער באגרענעצט. נישטאָ קײַן ניואנסן, קיין בויגיקײַט, קײַן אייגענע אינדיווידואליזירטע שטימונג. „פרײַהײַט, שטורעם, שקלאפן, קעמפער, רעוואָ־ליוציאָן" כאזערן זיך איבער אין דאָסראָוו לידער...
>
> באוושאווערן איז ניט באשערט געווען דערהויבן זיך פון דער אומיטלבארער אופרע־גונג צו אייגענע פארטיפטע געפילן, פון פּאָשעטע טענדענציעזע רעוואָליוציאָנערע אויסרופן צו קאָמפליצירטע, סוביעקטיווע קינסטלערישע מאָטיוון און זײַנע לידער זײַנען דארום פארבליבן א מענטשלעכער דאָקומענט..."

ווי געפעלט אײַך אָט דער, כ׳בעט איבער אײַער קאָוועד, נ. מ. ווען ער גיט א בריקעווע באָוושאָווערן? נ. מ., פארשטייט איר מיך, האָט בא באָוושאָווערן ניט געפונען „קיין ניואנסן, קיין בויגיקײַט", ניטאָ בא באָוושאָווערן קיין „אייגענע פאר־טיפטע געפילן"!

טאָ וואָס זשע איז יאָ פאראן בא אָט דעם, ווי רופט מען אים דאָרטן—בא באָוו־שאָווערן?

עט, בע, מע—פאראן דאָרטן „פּאָשעטע טענדענציעזע רעוואָלוציאָנערע אויסרופן", מיט אזעלכע מיִעסע ווערטער, ווי „פרײַהײַט", „שטורעם", „שקלאפן", „קעמפער", „רעוואָלוציאָן"—מיט איין וואָרט—ניט קיין לידער, נאָר עפּעס „א מענטשלעכער דאָ־קומענט".

וואָרעם פונוואנען זאָל קומען צו באָוושאָווערן דיכטונג, אז ער איז ניט קיין „פויעלניצע פונעם אפּגעלעבטן", אז ער באזירט זיך ניט אף די „שטאנדהאפטיקע עפּאָס־עלעמענטן", אז ער מערקט אָן בלויז „די נאקעטע ליניע פונעם כאאָס", אז אָנ־שטאָט דעם קאנאָניזירטן שטייגער פירט ער ארײַן „עפּעס א מישמאש" פון „רעוואָ־לוציאָן", „שטורעם", „שקלאפן" א. אז. וו.

נו, איז נ. מ. ניט „קײַן מייוון אף כאזאָנעס"?

מאָלט אייך אויס, ניט גאָר קיין גוואלדאָוונער מייוון, אָבער ניט אין זײַן מעווי־נעס גייט דאָ—עס האנדלט זיך דאָ אין א קלאסן־עסטעטיק, וואָס האָט כאראקטערי־זירט דעם גאנצן „אייגנס"־דאָר.

מיט דערזעלבער כאַראַקטעריסטיק פון דער באָוושאָווער־עדעלשטאַט־ווינטשעווסקי־טקופע איז דאָך אַרויסגעטראָטן אויך דאָברושין.

אין זײַן רעצענזיע וועגן דער ליטעראַרישער אָפּטיילונג פון זשורנאַל „כוואַליעס“ (א קאָמיוגישער זשורנאַל, דערשינען אין וויטעבסק אין 1920 יאָר) שרײַבט דאָברושין מיט ביטל וועגן „פּראָקלאַמאַטיווע גאָרנישטלעך“, וואָס פּילן אָן אָט דעם זשורנאַל, וועגן דעם „ריין־אויסערלעכן שאַבלאָן פון הײַנטצײַטיקן פּאַרגראַמטן געדאַנק“ א.א.וו.

„ס׳פּעלט אין זיי (אין די קאָמיוגישע פּאָעטן, הייסט עס — י. ב.) די אייגנאַרטיקע באַפאַרבונג, לעמאָשל, פון דעם מין, וואָס דער ניסטער האָט בעשײַטוי געגעבן אין זײַן אינטים־רעוואָלוציאָנערן ליד „אונטער די טירן“ — אַזוי קלאָגט זיך דאָברושין — איינער פון די „אייגנס“־זײַלן, — און וואָרנט מע זאָל ניט דערלאָזן „שאַפן פון דער יוגנט־דיכטונג א מאָדערנע עדעלשטאַט־ און ווינטשעווסקי־טקופע“ („עמעס“ נום. 15, 1920 י.).

ווידעראַמאָל — דער געשפּענסט פון דער רעוואָלוציאָנערער ייִדישער פּאָעזיע, און ווידעראַמאָל שטייט דער „אייגנס“־מאַן ווי א טרײַער היטער אף דער וואַך פון דער „עכטער“ דיכטונג.

אז דערדאָזיקער געשפּענסט איז געווען א גאַנץ רעאַלע סאַקאָנע פאַר דער „זעלבסטהערשערישער“ סטיל־דינאַסטיע פון „אייגנס“, זאָגט איידעס די צעטומלטקײַט, וואָס פילט זיך אין דאָברושינס פּאָרשלאָג צו „באַגרענעצן די פּאָעטישע זעלבסט־באַדינונג“ פונעם קאָמיוג, פּאָשעטער גערעדט, אַרויסצורײַסן די דיכטערישע צונג באַם קאָמיוג.

„בענויגייע צו דער שיינער ליטעראַטור, — שרײַבט אין דערזעלבער רעצענזיע דאָברושין, — דאַרף עפּשער די יוגנט באַגרענעצן דעם פּרינציפּ פון זעלבסט־באַדינונג און אַרײַנברענגען אין אירע אויסגאַבן די בעסטע שאַפונגען פון די דערפאַרענע, האַגאַם שוין דערוואַקסענע שרײַבער און דיכטער“.

## וואָס קאָן זײַן פּאָשעטער? Не пущать!

שרײַבער וועלן ניט אויספעלן, אָנאַנאָרע, באַ ייִדן אָן די קאָמיוגישע פּראָקלאַמאַציע־שרײַבער — ס׳זײַנען דאָך פאַראַן „דערפאַרענע, האַגאַם שוין דערוואַקסענע שרײַבער און דיכטער“ פונעם „אייגנס“! שרײַבער, וואָס באַזירן זיך, באָרעכאָשעס, אף „שטאַנדהאַפּטיקע עפּאָס־עלעמענטן“; שרײַבער, וואָס האָבן ניט צו טאָן מיט דער נאַקעטער כאָאָס־ליניע, מיט איין וואָרט — עכטע שרײַבער מיט ניואַנסן און בויגיקײַט און „אינטימער רעוואָליוציע“ א־לא ניסטער.

ווי איר זעט, איז שוין דאָ דער סטילן־קאַמף גאַנץ בוילעט און אַנטבלויזט, אָן אַבסטראַקטע טעאָרעטישע כקירעס וועגן „דיכטונג און געזעלשאַפטלעכקײַט“. די „דערפאַרענע, האַגאַם שוין דערוואַקסענע שרײַבער און דיכטער“ פון דער „אייגנס“־דינאַסטיע, די דינאַסטיע פון דער נאַציאָנאַל־ייִדישיסטישער בורזשואַזער און קליינבירגערלעכער אינטעליגענץ, פירן א העפטיקע קאַמפּאַניע קעגן די „פּראַקלאַמאַטיווע גאָרנישטלעך“, קעגן אָט די אַלע קאָמיוגיסטן און יעווסעקן, אַרבעטער און האָרעפּאַשניקעס, וואָס האָבן א שפּאַר געטאָן פּאָרויס און א זונג געטאָן אף זייער לאָשן, נאַקעט, אָן „ביר־

אנסן און בוגיקײַט", אָן אָפּגעזעצטער שטייגערדיקער בילדלעכקײַט, אָן טראַדיציאָ־נעלן לעקסיקאָן.

צי האָבן יונגע ארבעטער זיך געקאָנט גלײַכן מיט די „דערפאַרענע, האגאם שוין דערוואקסענע שרײַבער און דיכטער" פון „אייגנס" אין זין פון שרײַבערישער טעכניק?

פונוואנען?

ערשט געקומען פונעם ווארשטאט, פון אונטערערד, פונעם פראָנט, צווישן איין פראָנט־מאָביליזאציע און דער צווייטער, מיט לײַב און לעבן ארײַנגעטאָנענע אין טאָג־טעגלעכן סאָוועטישן קאמף, אָפטמאָל אינגאנצן נאקעט פון שרײַבער־קול־טור, — ווי האָבן זיי געקאָנט קומען צו אָט די „געבענטשטע ניואנסן"?

און ווער האָט דענסטמאָל באדארפט אָט די ניואנסן און „אינדיווידועלע שטור־רעם־ליידן", וואָס דאָברושינן האָט אומזיסט־אומניִשט געזוכט און ניט געקאָנט געפי־נען בא די קאָמיוגישע פּאָעטן?

די נאקעטע עפּאָכע האָט געפאָדערט איר נאקעטע ליניע; דער מיטינגען־דאָר האָט געפאָדערט זײַן ריטאָריש־עסטראַדישן סטיל, זײַן נײַע לעקסיק (גראָד טאקע אָטאָ די „שאבלאָנאזירטע" „רעוואָליוציאָן און שקלאפן"!); דער שאַרף־טענ־דענציעזער כאראקטער פון דער עפּאָכע האָט געפאָדערט אָטאָ די „געגראַמטע געדאנקען"; דער מאסן־אופבּרויז האָט ניוועלירט אלע „אינדיווידועלע שטורעם־ליידן" און ארויסגערוקט דעם גרויסן, דערהויבענעם און אומפארגעסלעכן „שטאמפּ" ~~פון „אף די גאסן צו די מאסן"~~.

יאָ, דער „פאראכטעטער" באוושאָווער־ווינטשעווסקי־שטאמפּ איז ווידעראמאָל טכיעס־האמייסים אופגעשטאנען, מאכמעס טכיעס־האמייסים אופגעשטאנען איז (אף א קאָלאָסאל ברייטערער און טיפערער באזע!) דער סאָציאלער אופבּרויז „פון שקלאפן, פון צאָרן, פון רעוואָליוציאָן".

די סטיל־דינאסטיע פון „אייגנס" האָט גאנץ גוט געוווּסט אין וואָס עס האנדלט זיך.

גאנץ גוט געוווּסט האָבן עס אויך יענע פאָרשטייער פון דער „געזעלשאפטלעכ־קײַט", וואָס האָבן מיט די הוילע הענט, יונגע און ניטדערפאַרענע, אין בלאָק מיט יעכידים פון דער יִדישער מיטלפעריִשער אינטעליגענץ, געצויגן זייער ליניע — די נאקעטע, די יעווסעקישע די פראָקלאמאטיווע.

זעט מיט וואָס פאר א געפיל פון קלאסן־ווערדע און גלויבן אין זיך די רעדאק־ציע פון „כוואַליעס" ענטפערט אָפּ אף דאָברושינס טאקיפדיקן „טארבוס":

„מיר ווילן דאָ ניט ריידן וועגן די מײַלעס אָדער כעסרוינעס פון די לידער און דערציילונגען, וואָס זײַנען געדרוקט אין דעם ערשטן נומער „כוואַליעס", נאָך מער, מיר זײַנען מאסקים מיט דעם, אז זיי זײַנען שוואך, ניט געלונגען, ניט באארבעט א.א.וו. נאָר מיט איין פראט זײַנען מיר בעשומוירפן ניט אײַנשטימיק, אז די ארבעטער־יוגנט, וואָס פארמאָגט ניט לעסאטע קײַן דערפארענע אויסגעארבעטע שרײַבער און דיכטער, זאָל זיך אָפּזאָגן פון שרײַבן און דיכטן און פאר איר זאָלן שרײַבן אנדערע, מער דערפארענע, מער געלערנטע, מיט איין וואָרט, ספּעצן..."

וואָס איז שײַעך צום פּאכאר פון כ׳ דאָברושין, אז בא דער יוגנט וועלן זיך באווײַזן „מײַיאָווע געדאנקען״! פארשטייען מיר ניט, וואָס קערט עס אָן צו עדעלשטאטן און ווינטשעווסקען. דער פּאטאָס פון דער רעוואָליוציאָנערער שטורעם־צײַט, די שטימונג פון דער נײַ־געבאָרענער פרילינג־טקופע אין לעבן פון דער מענטשהײַט שפּיגלען זיך נאטירלעך אָפּ אין די לידער פון אונדזערע כאוויירים, דער יונגער יִדישער פּראָלעטאריער קאָן זיך ניט אָפּרײַסן פון דער קאָלעקטיווער שטימונג און ארבעט־סוויווע און שטרעבן עפּעס צו „נײַע אינדיווידועלע שטורעם־ליידן, צו פּערזענלעכע שטורעם־פריידן״ און נאָך אזוינע מעשונעדיקע זאכן. דאָס קאָן נאָר א „אינדיווידואליסטישער״ יִדישער אינטעליגענט, וואָס איז ניט אימשטאנד זיך פולקאָם צו פארבינדן מיטן ארבעטער־קאָלעקטיוו און מעסט די נײַע קולטור מיט דער מאָס פון דער אָפּשטארבנדיקער פארגאנגענהײַט.

יאָ, מיר זײַנען נאָך יונג, ווייניק דערפארן, קנאפּ געלערנט. מיר זײַנען נאָך ניט קיין ספּעצן. מיר פארמאָגן נאָך „פארגראמטע געדאנקען״ (ביז דאָברושינס ארטיקל האָבן מיר געמיינט, אז אלע לידער, וואָס זײַנען געשריבן אין גראמען, זײַנען פארגראמטע געדאנקען. איצטער ווייסן מיר שוין ניט, וואָס צו מיינען וועגן דעם), נאָר מיר לערנען זיך, מיר שטעלן די ערשטע טריט.

און מיר וועלן זיך אויסלערנען״.

**אזוי האָבן אָפּגעענטפערט די „יעווסעקן״.**

**„און מיר וועלן זיך אויסלערנען״!**

**בא די קאָמיוגיסטן פון „כוואליעס״ איז עס ניט געווען גלאט קיין פראזע. אינעם זעלבן נומער „כוואליעס״ איז אָפּגעדרוקט אן ארטיקל אונטערן קעפּל „אונדזערע ליטעראַרישע קאָלעגיען״. אינעם דאָזיקן ארטיקל ווערט ארויסגערוקט דער געדאנק צו שאפן ליטעראַרישע סעמינארן פאר יונגע ארבעטער און האָרעפּאשניקעס, וועלכע דארפן ווערן די דיכטער און קינסטלער פון דער פאבריק און ווארשטאט.**

„די קאָלעגיע מוז אָבער געשאפן ווערן אזוי, אז זי זאָל בעקויעך זײַן אויספירן א צווייענדיקע ארבעט: 1) ארײַנציען די יונגע כאוויירים אין אונדזער ארבעט, אויסלערנען זיי דערציילן און באשרײַבן זייער לעבן אף די פאבריקן און ווארשטאטן און 2) אויסלערנען זיי שרײַבן אף יִדיש אזוי, אז זייער שפראך זאָל אנטשפרעכן די דערגרייכונגען פון אונדזער ליטעראטור...

... קוידעמקאָל פאָדערט זיך פון די קאָרעספּאָנדענטן, אז דאָס, וואָס זיי שרײַבן, זאָל זײַן אינטערעסאנט פארן לייענער־אוילעם, פאר אלע יונגע יִדישע ארבעטער. קעדיי דאָס צו דערגרייכן, דארף יעדער מיטארבעטער פון דער ליט. קאָלעגיע אופמערקזאם און ערנסט צוקוקן זיך צום לעבן פון זײַן פאבריק אָדער ווארשטאט... אונטערשטרײַכן אין זײַן מיטיילונג דאָס סאמע טיפּישע און כאראקטעריסטישע פארן לעבן פון זײַנע כאווירים, געבן אונדז ניט א פּאָר אָפּגעריסענע שורעס, נאָר א באשטימטן בילד״.

**אין סאמע ברען פון בירגער־קריג, אָנגעלאָדענע ביז איבערן קאָפּ מיט טאָגטעגלעכער ארבעט, האָבן די „יעווסעקן״ אוועקגעלייגט דעם גרונט־שטיין פאר א ברייטער ארבעטער־אָרגאניזאציע פון אָנפאנגער־שרײַבער!**

**צי איז עס ניט געווען דער בעסטער ענטפער אף די פארשיידענע היסטעריקעס מיקויעך דעם כורבן פון ליטעראטור?**

צי איז עס ניט געווען דער רעוואָליוציאָנערסטער ארויסרוף־געוועט דאָברושינען און דער גאנצער „אייגנס“־פּלעיאדע, וועלכע האָט געפאָדערט פונעם קאָמיוג ער זאָל זיך „זעלבסטבאגרענעצן“?

מע מוז אָבער מוידע זײַן: אין אויסערגעוויינטלעך שווערע באדינגונגען איז אָט דער סאָציאליסטישער געוועט פון סטילן אופגעהויבן געוואָרן, און אָט די שוועריקײַט איז באשטאנען ניט בלויז אין דעם, וואָס די „אייגנס“־דינאסטיע איז באוואכט געוואָרן פון „דערפארענע און דערוואקסענע“, בייס די „יעווסעקישע“ סטיל־ליניע איז געגאנגען פון אונטערערד, פון רויקוואלן, פון אָנפאנגער, אינעם ברייטן, היסטאָרישן קלאסן־זין גענומען.

די שוועריקײַט איז באשטאנען אויך אין דעם, וואָס אָט די יונגע סטיל־ליניע האָט געהאט ביז גאָר אַ דינעם שיכט אידעאָלאָגן, פּירער, אווטאָריטעטן.

אין די ערשטע נאָכאָקטיאבער־יאָרן האָט דער באָלשעוויסטישער סטיל־סעקטער געמוזט אין גאָר א באדײַטנדיקער מאָס אָנקומען צו יענע גרופּעס דעמאָקראטישע, ייִדישע אינטעליגענץ, וואָס האָבן געקאָנט און געוואָלט מיטלויפן מיט דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע.

שפּעטער האָט א גרויסער טייל פון אָט דער מיטלויפערישער אינטעליגענץ זיך פארבענקט נאָך „ווײַסער כאלע מיט רעסטאָראנען, מיט קלעזמער, מיט באנקעטן בא ייִדישע מיניסטאָרן“ און אנטלאָפן קײַן אויסלאנד, דערווײַל אָבער, אין די ערשטע יאָרן, האָבן זיי גאנץ אקטיוו מיטגעארבעט אין די יעווסעקישע ליטערארישע אויסגאבן[1].

פארשטייט זיך, אומעטום איז געווען, מער אָדער ווייניקער אן אידעאָלאָגישער קאָנטראָל פון דער קאָמוניסטישער פּארטיי, אָבער דער עצעם פאקט פון מיטלויפערײַ האָט געמוזט, אין יענע יאָרן פון מאנגל אין ייִדיש־קאָמוניסטישע קולטור־קויכעס, ארופליגן א געוויסן שטעמפּל פון אידעיִשער געפעלעקטקייט אפן „יעווסעקישן“ סעקטער, באזונדערס אפן געביט פון ליטעראטור־קריטיק.

דאָ און דאָרטן פלעגט ניט זעלטן ארויסשרײַען דער גילגל פון נאציאָנאל־דעמאָקראטיזם, פון קלײנבירגערלעכן ראדיקאליזם און אמאָל אפילע פון אָפענער רעאקציע.

אָט דידאָזיקע אידעיִשע געפעלעקטקײַט און געלאטעטקײַט ווארפט זיך גלײַך אין אויגן, ווען איר שטודירט די קאָמיוגישע און באָלשעוויסטישע ייִדישע פּרעסע און פעריאָדיק פאר די יאָרן פון מיליטערישן קאָמוניזם.

---

[1]) כ׳ ז. גרינבערג, איינער פון די אקטיווע קאָמוניסטישע טוער פון יענע יאָרן, שרײַבט אין זײַן ארטיקל „קײַן שום שײַכעס ניט“ („עמעס“ נום. 41, 1921):

„דאן זײַנען מיר געווען געצוווּנגען צוציִען אָטאָ די דעמאָקראטישגעשטימטע שרײַבער און טוער, אז זיי זאָלן מיטהעלפן אונדז צו ארבעטן, אונטער אונדזער קאָנטראָל, פארשטייט זיך“.

אָט האָט דאָך איינער פון די אידעאָלאָגן פונעם „אייגנס"־סעקטער—דער אויבנ־דערמאָנטער דאָברושין—געשריבן אינעם „עמעס" גופע אן ארטיקל וועגן „אָק־טיאַבער אין דער ליטעראַטור" („עמעס" 9־6—1921) און דאָרטן אָפּן געפּריידיקט זיין פאָרמאַליזם!

„די רעוואָלוציאָנערע רוסלענדישע דיכטונג האָט טאַקע קוידעמקאָל פאַרשלײַדערט די אַלטע צוימען, אראָפּגעוואָרפן פון זיך די קייטן פונעם אלטן ריטם און מעטער, וואָס שמידט טאָמיד דאָס וואָרט צו אַף קעסט־געדאַנק.

די רעוואָלוציאָנערע דיכטונג האָט דעריבער, ניט קוי־מערנדיק זיך אָפּט פונעם אינהאַלט (וועלכער ווערט שוין געגעבן אין דער פאָרם), געלאָזט זיך פרײַ פליִען..."

אזוי איז דער פאָרמאַליזם „פרײַ געפליגן" אינעם סאמען נעסט פונעם באָלשע־וויזם—אינעם „עמעס".

ס'איז דאָך כאַראַקטעריסטיש פאַר אָט דעם פּעריאָד, אז אפילע כ' ליטוואקאָוו, וואָס זיין בוך „אין אומרו" (באַנד II) שטעלט פאָר מיט זיך א היפּשע אָנשטרענגונג אָפּצוזאָגן זיך פון דער יידישיסטיש־פאָרמאַליסטישער קריטיק, האָט דענסטמאָל אויך געזינדיקט מיט א היפּשן פלאָנטער אין דער פראַגע פון פאָרם־אינהאַלט. אָנגעהויבן מיט א ריכטיקער דיאַלעקטישער האַנאָכע וועגן דער דיאַלעקטישער איינהייט פון פאָרם־אינהאַלט, לאָזט אָבער כ' ליטוואקאָוו אויס:

„די וואָרט־קונסט איז שוין בעקויעך אויסצודריקן דעם פארשיידנארטיקסטן אינהאלט, סײַ פונ־נעם יאָכיר און סײַ פונעם קלאל דורך בלויזע פאָרמעלע קאָנסטרוקציעס". (אין אומרו, ב. II, ז. 88).

דעם קאַמף פון דער נײַער ליטעראַטור שטעלט פאָר כ' ליטוואקאָוו אלס קאַמף „פאַר איינשטעלן דעם פּרימאַט, אויבערהאַנט פון דער פאָרם אלס אזעלכע, ווי א מיטל אויסצודריקן אינהאַלט". אָבער אויב די פאָרם איז בלויז א מיטל אויסצודריקן אינהאַלט, טאָ ווי קאָן מען ריידן וועגן דער „אויבערהאַנט פון פאָרם"? דעם לאָזונג „אויבערהאַנט פון פאָרם" האָט געוואָרפן דער פאָרמאַליזם—ס'איז ניט אונדזער לאָזונג.

און אין די אַנדערע „יעווסעקישע" אויסגאַבן איז געווען צומאָל ניט בעסער. ווען בערגעלסאָן האָט פאָרמולירט זײַן געדאַנק וועגן טהאָם צווישן דער יידישער דיכטונג און דער „געזעלשאַפטלעכקייט", האָט ער דערבײַ געבראַכט א בײַשפּיל דעם „אייגנס" און באַזונדערס ניסטערן. בערגעלסאָן האָט אָנגעוויזן, אז ניסטער מיט זײַנע „שיידים" האָט ניט געקאָנט אויסנעמען בא „אונדזער העכערן אינטעליגענט", וועל־כער איז „פעסט אײַנגעשלאָסן אין די רייען פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט".

ווי דערשטוינט וועלן מיר אָבער ווערן, ווען מיר וועלן זיך אָנשטויסן אַף א גאָר פאַרקערטער דערשײַנונג: ניסטער האָט יאָ אויסגענומען אין איינעם א ווינקל פון אָט דער „העכערער אינטעליגענץ", דאָס הייסט פון דער באָלשעוויסטישער גע־זעלשאַפטלעכקײַט!

אין דער „יעווסעקישער" „פרייער וועלט" נום. 3, 1919 (דערשינען אין מינסק) איז אָפּגעדרוקט או. פינקעלס א רעצענזיע וועגן „אייגנס" א. פינקל רעצענזירט ניס־טערס דערציילונגען אינעם „אייגנס".

„דער אויבנופיקער לעזער וועט געוויס גאפן לייענענדיק דידאָזיקע ווערק, די אלטע סיוזשעטן פון „קו הישר" אין פאָרם פון ר' כאַים וויטאל (א מיסטיקער פון 19 י.ה.) ער וועט געוויס פרעגן דעם סאָד פון אזא סטיל... אים וועט קלינגען א דיסאָנאנס און שמעקן מיט טויטן אנארכראָניזם... אָבער ניין:

דער צוקונפטיקער נאציאָנאלער יידישער סטיל, וועלכער דארף זיין פריי פון פרעמדע ווירקונגען, וועט געשאפן ווערן נאָר דאן, ווען מיר וועלן פארסינטעזירן דעם מאָדערנעם שאפן מיט דער יערושע פון אונדזערע אלטע געוינים".

אלזאָ, הייסט עס, וועט ר' כאַים וויטאל צוזאמען מיט נאָך אנדערע „אלטע גע־וינים" שפילן א גאנץ בעקאָוועדיקע ראָל אין דער אנטשטייונג פון אונדזער פראָ־לעטארישן סטיל,—אבי נאָר ניט קיין „גויישע", קיין „פרעמדע ווירקונגען"!

כ'מיין, אז ס'איז זייער כאראקטעריסטיש אָטאָ דער ביטל פון א יעווסע־קישן שרייבער צו יענעם „אויבנופיקן לעזער" (טויזנטער לעזער!), וואָס קאָן פאָרט ניט צונויפפּאָרן ניסטערס „אינטימע רעוואָליוציע" מיט דער באָלשעוויסטישער סטיל־ליניע.

דעמזעלבן סינטעז פון „אונדזערע אלטע געוינים" מיט די סטיל־זוכענישן פונעם פראָלעטאריאט דערלאָזט אין א גאנץ היפּשער מאָס דער כאווער א. ק. אין זיין אר־טיקל „יידישע קונסט־אויסשטעלונג" („אמת" 8/8—1918).

„מיר קאָנען שוין איבערגיין צו די יידישע יונגווארג. דער יונגער אוילעם האָט זיך מיט אימפּעט געוואָרפן אין יאם פון נייע פאָרמען און נייע אָנשויונגען אין דער קונסט, און אין דעם פּראָצעס פון זוכעניש זיינען זיי מיטן יונגן ברען אריינגעדרונגען אין די טיפעניש פונעם יידישן גייסט, ארויסגעפונען עפּעס א יידישע ליניע...

די מענוירע, וואָס איז בא די פריערדיקע יידישע מאָלער געווען מער ניט ווי א כוימער, א פּאָשעטער ליכטער, ווערט בא די יונגע א שטיק יידישער גייסט, זייער קונסט איז דערוויילע נאָר רעטראָספּעקטיוו—מין העבר—אָבער אין זייער זוכעניש וועלן זיי אָפּנטלעך דערפילן די נעשאָמע פון דער איצטיקער יידישער גאס".

דער מעכאבער פון אָט דעם אַרטיקל „האָפּט", אפילע, אז נאָכדעם ווי מע וועט זיך אָנזעטיקן מיט דער „יידישער נעשאָמע" פון ר' כ. וויטאל, אשטייגער, און מיט דער „יידישער שיינקייט" פון דער „מענוירע", וועט מען זיך א קער טאָן צו דער „איצטיקער יידישער גאס", אָבער אין טאָך טרעט ער ניט ארויס פּרינציפּיעל קעגן דעם גרונט־געדאנק פונעם „אייגנס"־סעקטער, אז די נייע קונסט מוז אָנהויבן פונעם אָפּגעלעבטן און טראדיציאָנעל־יידישן—פון דער מענוירע.

אין דער הינזיכט פאלט דער „אמת"־שרייבער אינגאנצן צונויף מיטן „אייגנס"־שטאנדפּונקט, וואָס דאָברושין האָט אנטוויקלט אין זיין ארטיקל „יידישער קונסט־פּרי־מיטיוו און דאָס קונסט־בוך פאר קינדער" („ביכער־וועלט", נום. 4־5—1919).

דערזעלביקער יידישלעכער פּאטאָס פאר דער מענוירע, פאר דער יארמעלקע, עסרעג־פּושקע, שאבעס־טישטעכל א. א. וו.!

אז אָט דידאָזיקע פּראָבלעם פֿון „ייִדישער קונסט“ איז ניט געווען קיין ריין־טעאָרעטישע גריבלערײַ; אז אָפּקומען מיט פרומע „האָפענונגען“ און ווונטשן אין אָט דער פראגע האָט מען ניט געטאָרט,—דערווײַזט דער פארביטערטער קאמף, וואָס איז אויסגעבראָכן ארום אָט דער פראגע אין וויטעבסק אין 1921 י.

אין וויטעבסקער „רויטער שטערן“ נום. 331 פארן 1921 יאָר איז אָפּגעדרוקט א שארפער ארטיקל פונעם כ׳ בער קעגן די וויטעבסקער קינסטלער, וועלכע האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו מאָלן פּלאקאטן קעגן רעליגיע.

כ׳ בער שרײַבט:

„די וויטעבסקער קינסטלער ווילן ניט העלפן פארשיטן די בלאָטע, אין וועלכע ס׳געפינט זיך די ייִדישע מאסע.

„די ייִדישע קינסטלער וועלן אײַך מאָלן מיזרעכס, מענוירעס, מאַציוועס, אָבער רעוואָליוציאָנערע פּלאקאטן ניט“.

אָט אזוי איז אין פּראקטישן רעוואָליוציאָנערן קאמף געשטאנען די פראגע וועגן „מענוירעס“—גאנץ ווײַט פון אידיליע און פון פּשאָרעס.

דעמזעלבן מיטלויפערישן גילגל הערט איר ארויסריידן גאנץ אָפט אין „יעווסעקישע“ אויסגאבן, ווען עס ווערט באהאנדלט די פראָבלעם פון יערושע, פון ליטעראטור־יערושע.

ניט געקוקט אף דער באשולדיקונג אין „אוניווערסאלע קאוואָנעס“ און „פארפרעמדטקײַט“ האָט דאָך דער „יעווסעקישער“ סעקטער פון די ערשטע נאָכאָקטיאבערדיקע יאָרן מער ווי פרײַנטלעך זיך באצויגן צו די ייִדישע קלאסיקער.

דאָסראָוו פלעגט מען יארשענען בא די קלאסיקער זייער סאָציאלן פּאטאָס.

א. סאפראָ, לעמאָשל, איינער פון די אקטיווסטע מיטארבעטער פונעם „פרײַען ארבעטער“ (וויטעבסק), קרוינט מענדעלען אלס „נאָווי פון די אונטערדריקטע שיכטן פון פאָלק“ און לייגט פאָר „פארווירקלעכן און פאָרזעצן זײַנע גרויסע האסכאָלעס אפן געביט פון אופקלערונג און בויונג“ (גראָד מענדעלע—דער מאסקיל בעמט אויס!).

דיזעלבע באציִונג איז צו פערעצן.

אָבער, אז איר נעמט א זאמלבוך, געווידמעט פערעצעס אָנדעק און ארויסגעגעבן דורך וויטעבסקער „גובפּאָליטבילד“, זעט איר אזא בילד:

דער קאָמוניסט ש. לעוומאן רעדט גאנץ פּאָרזיכטיק וועגן פערעצעס פרײַהײַטדראנג. ער ווײַזט אָן (מיט רעכט!) אז „פערעץ איז אויך א קינד פונעם האלב־פארגאנגענעם לעבן־סיידער“, אז ער „איז ניט אימשטאנד זיך אינגאנצן אָפּרייסן פונעם דאָזיקן באָדן“. און באלד נאָכדעם גייט אָן ארטיקל פון א. ר. צווײַג, וועלכער שרײַבט:

„מע פילפּלט זיך וועגן דעם, צי איז פערעץ געווען א סאָציאליסט, אָדער ניט, ווי האָלט ער זיך איצט באצויגן צום קאָמוניזם—פּאָזיטיוו, אָדער נעגאטיוו. ווען איך הער דידאָזיקע קלייניִעכע מאכלויקעס, ווילט זיך מיר זאָגן, ווי דער ליטוואק האָט געזאָגט וועגן דעם בעמיראָווער: „אויב ניט נאָך העכער“. יאָ, אויב ניט נאָך העכער! דען פערעצעס אידעאל איז דער אידעאל פון אלע אידעאלן, דער ענדע־ציל פון אלע אונדזערע ליכטיקסטע שטרעבונגען, פון אלע אונדזערע יעסורים־פולע קאמפן און שטרײַטן“.

פערעצעס אידעאַל—„אונדזער ענדע־ציל״, וואָס איז העכער פארן קאָמוניזם—דאָס לוינט צו פאַרצייכענען!

נאָך בוילעטער און מעשונעדיקער טרעט ארויס די אויבנדערמאָנטע אידעיִשע געפלעקטקייט פונעם „יעווסעקישן״ סטיל־סעקטער אין איינער א רעצענזיע, וואָס איז אָפגעדרוקט געוואָרן אינעם קאָמוניסטישן זשורנאל „קולטור און בילדונג״ נומ. 13־14 (אונטערגעשריבן „א לעזער״). דאָרט ווערט געשריבן:

„מיר זאָגן נאָכאמאָל, אז ס׳איז מעקאנע צו זײַן די דיכטער, וואָס זײַנען איזאָלירט געבליבן פון אלע ארומיקע וועלט געשעענישן, די דיכטער, וואָס זײַנען פארבליבן אין זייערע אייגענער דיכטערישער וועלט, וו ס׳איז אזוי היימלעך און ווארעם און וווהין ס׳לוינט אויך אָפטמאָל דעם צעטומלטן לעזער פארלאָקט און פארנארט צו ווערן, קעדיי זיך אביסל אויסצורוען פון דעם בלוטיקן פינפיאָריקן יאריד פון דער בלוטיקער פינפיאָריקער פראָזע.

צום סאָף ווילט זיך נאָך זאָגן א דאנק דעם פארלאג „לעבן״ וואָס האָט געגוג מוט באאיצטיקער צערודערטער צײַט זיך אָפצוגעבן מיט „ריינער קונסט״, מיט פּאָעזיע עפּשער פאר יעכידע־סגולע״...

צי ווערט דאָ ניט אריבערגעוואָרפן א בריק דער „אייגנס״־טעאָריע וועגן ניסטערס „רעוואָליוציאָנערער אינטימקייט״ און „ריינער קונסט״ פאר „יעכידע־סגולע״?...

אזוי האָט געלאָזט זיך הערן מיט אן „אינטימען״ קוויטש דער דעמאָקראטישער מיטלויפער. וועלכער האָט פון איינעווייניק געריסן די יעווסעקישע־ליניע, געשלעפט זי צום „אייגנס״, צו היימלעכקייט און ווארעמקייט, צו „אביסעלע רו״ נאָך דעם „בלוטיקן פינפיאָריקן יאריד״.

דער „אינטימער״ קריטיק האָט אקאָמפאנירט די אינטימע פּאָעזיע פון „עלנטע פאַרטיערן״, וואָס האָט זיך ניט איינמאָל ארײַנגעריסן אין דער סאמע טיף פון דער יעווסעקישער סטיל־ליניע, אין די באָלשעוויסטישע אויסגאבן אונדזערע. גענויער וועגן דעם וועלן מיר ריידן שפּעטער.

ווי זשע איז געווען די פּראָלעטארישע קריטיק?

זי איז געווען אין די וויקעלעך—פארנומען איר אָרט האָט צײַטווײַליק די פּראָלעטקולטישע קריטיק.

אזוי ווי אין דער רוסישער ליטעראטור, אזוי האָט אויך אין דער יידישער ליטעראטור פון די ערשטע נאָכאָקטיאבער־יאָרן דער פּראָלעטקולטיזם געשפּילט די ערשטע און סאמע לינקע פידל.

דער פּראָלעטקולט, וועלכער איז געקומען מיטן פּאטאס פון א קלאַס, וואָס האָט פארכאפּט די מאכט, און איז גרייט מיט שטאָלץ פון א זיגער צו באהערשן די גאנצע וועלט, האָט נאטירלעך, די ערשטע יאָרן געקאָנט ארויסלאָזן א „לינקן קוויטש״, ענגצעכיש באפארבט, באזונדערס אין אזא אויבערשטן שטאָק פון אידעאָלאָגיע, ווי ליטעראטור.

דער דראנג פונעם פּראָלעטקולט צו אן אייגענער, „ריינער״ פּראָלעטארישער קונסט פון זאוואָדן און פאבריקן, דער איבערגעטריבענער טראָפּ אף אורבאניזם

(גרויסשטאָטישקייט), דער לאבאָראטאָריע־אָפנויג אין די אָרגאניזיר־פרינציפן — אָט דאָס אלץ, וואָס האָט באטײַט ענגע צעכישקייט, מענשעוויסטישע אויפפאסונג פון דער פראָלעטארישער קולטור, קאָן אָבער ניט פארקלענערן דעם רעוואָלוציאָנערן כאראקטער פון דער פראָלעטקולט־באוועגונג אלס א מאסן־באוועגונג פונעם ארבעטער־קלאס.

מאסן האָבן זיך א לאָז געטאָן אף דער אוואנסצענע פון דער ליטעראטור. זיך א לאָז געטאָן מיט יענעם אימפעט, וואָס רײַסט זיך אמאָל ארויס פון די ברעגעס, גיט א גרילץ מיט דעם אָדער יענעם עקסטרעם, אָבער ניט די שולד פון אָט די מאסן איז, ווען זייער אימפעט איז געוואָרן אויסגענוצט פונעם מענשעוויק באָגדאנאָוו, קעדיי אָפרײַסן דעם פראָלעטקולט פון דער קאָמוניסטישער פארטיי און פון דער סאָוועטנמאכט (באָגדאנאָוו האָט געפאָדערט, אז דער פראָלעטקולט זאָל זײַן אומאָפהענגיק פון דער סאָוועטנמאכט, מאכמעס די סאָוועטנמאכט איז, קלויי־מערשט, ניט קײַן „ריינע“ ארבעטער־מאכט).

אין דער פראָלעטקולטישער קריטיק און ליטעראטור, בא אלע אירע באָגדאנאָווישע אָפנויגן, הערן מיר אָן שום סאָפעק דעם אָפהילך פון אונדזערע ערשטע מאסאָווע ארבעטער־דיכטער.

דאָס שליסט ניט אויס, פארשטייט זיך, אז דורכן זעלבן פראָלעטקולט האָבן ארויסגעזונגען מיטלויפערישע ראדיקאל־אינטעליגענטישע שיכטן.

אדעראבע, אָט די אויבערדערמאָנטע אָפנויגן פונעם פראָלעטקולט — זײַן לאבאָראטאָרישע און צעכישע באגרענעצטקייט, זײַן אבסטראקטער אורבאניזם, זײַן איבער־געטריבענער טעכנישער פאטאָס פון סירענען און טראנסמיסיעס (אויסגעטרייבערטע פון זייער קלאסאָוון כיעס) זײַן טיטאנישער קאָסמיזם — דאָס אלץ האָט נאטירלעך געקאָנט געפינען אָנהענגער אין די ראדיקאלע מיטלויפערישע קרײַזן.

א גענויער קאָנקרעטער אנאליז פון אָט די פראָלעטקולטישע דיכטערישע פרינציפן וועט אונדז שפּעטער דערווײַזן גאנץ קלאָר, ווי אזוי די מיטלויפערישע ראדי־קאלע אינטעליגענץ האָט געקאָנט צופאסן א גאנצע ריי פראָלעטקולטישע פרינציפן פארן אייגענעם געברויך.

דערווײַל אָבער איז פאר אונדז וויכטיק אונטערצושטרײַכן, אז די גרונטבאזע פון דער פראָלעטקולט־באוועגונג איז פאָרט געווען דער סטיכיִשער (און נאיִווער) אויפברויז פונעם פראָלעטאריאט, וועלכער האָט זיך געצויגן צום דיכטערישן ווארשטאט.

און טאקע דערפאר וועט איר אין די אויסגאבן פון די „אייגנס“־עסטעטן ניט געפינען קײַן שורע וועגן דער פראָלעטקולט־באוועגונג [1].

---

[1]) כ׳ נוסינאָוו האָט נאָך סאָף 1926 יאָר זיך געהאלטן בא אט דער ביטל־באציִונג צו דער „פראָלעט־קולטישער פראָזע“ און אין זײַן ארטיקל „אף פארפעסטיקטע פאָזיציעס“ (רויטע וועלט, 1926, № 9) זעט ער אײַן אינעם גאנצן פראָלעטקולטישן פעריאָד בלויז „א קוריאָז פון אונדזער לינקער ליטעראטור פון די יאָרן 1923־1920“.

די פראָלעטקולטישע „אינדוסטריאליזירטע אבסטראקציע“ ווארפט דערבײַ ארײַן כ׳ נוסינאָוו אין איין קאָרב מיטן שטראָמישן עסטעטישן סכעמאטיזם, — ווי גרויס איז די קראפט פון פאָרורטייל!

אין די קרײַזן פון די „קיעווער" פלעגט מען וויסן נאָר צי טרײַבן לייצאָנעס איבער אָטא די באַרימטע „האמער קלאנגען" און „סירענעס מיט טראנסמיסיעס".

בלויז אין די „יעווסעקישע" אויסגאבן וועט איר געפינען א גאנצע ריי ארטיקלען וועגן פראָלעטקולט און א גאנצע ריי דיכטערישע איליוסטראציעס צו אָטא די ארטיקלען.

אזוי, לעמאָשל, איז אין דער „קאָמוניסטישער וועלט" נומ. 2 פארן 1919 יאָר אפגעדרוקט אן ארטיקל פון מ. שולמאן „וואָס איז אזוינס פראָלעטארישע פּאָעזיע".

אין דעמדאָזיקן ארטיקל פאָרמולירט דער מעכאבער די פראָלעטקולטישע פרינציפן פון דיכטונג.

אלס הויפּט־מאָטיוו פון אונדזער נײַער פּאָעזיע שטעלט ער ארויס „די אידעאלי־זירונג פון שטאָט און פון די אינדוסטריעלע פּראָצעסן".

גלײַכצײַטיק ווערט דאָ ארויסגערוקט דער פּראָלעטקולטישער פּרינציפּ פון נײַע פ א ב ר י ק־ר י ט מ ע ן אין דער פּאָעזיע...

„די ארבעטער פילן און גיבן איבער קינסטלעריש דעם ריטם פון געמישטע קלאנגען און דעם טומל און געפילדער פון שטאָטישן לעבן. דאָסראָוו פּראָלעטארישע לידער שטעלן מיט זיך פאָר א מין א ק אָ מ פּ א נ י מ ע נ ט צ ו ד ע ר מ א ש י נ ע ן־מ ו ז י ק, אפילע דאן, ווען די טעמע איז ניט פאבריק".

ס'איז העכסט כאראקטעריסטיש דער מוסטער, וואָס כ' שולמאן ברענגט דערבײַ, קעדיי איליוסטרירן די ארבעטער־פּאָעזיע און נײַע ארבעטער־ריטמען. דער מוסטער איז גענומען נ י ט פ ו ן ד ע ר י ִ ד י ש ע ר פּ אָ ע ז י ע, נאָר פון דער רוסישער — פונעם פּראָלעטקולטישן פּאָעט סאדאָפיעוו:

„פון דעם פלאכן טאָל אָן ענדע,
פון די פּראָסטיק־קאלטע לענדער
שטורמיש־גוואלדיקע,
סאָסנעס וואלדיקע,
פול מיט שניי,
הויבט זיך אויף
און גייט ארוף
הויך א מאכנע קעמפער בראווע,
ווי א רויטע לאווע.

אָט דער פרײַער פערז, מיטן אימפעטדיקן זיגזאג־טעמפּ, מיט דער טיפּיש־באָוושא־ווערישער „רויטער לאווע" און „שטורמיש־גוואלדיקע" קעמפער, — דאָס אלץ איז מאַש־מאָעס ניט בלויז „אן אָנשיקעניש" פון יִדישע „פּראָקלאמאטיווע גאָרנישטלעך", וואָס שרעקן דאָברושינען מיט א „מאָדערנער עדעלשטאט־ און ווינטשעווסקי־טקופע", — בא די אומעס־האָוילעם איז אויך ניט בעסער — דיזעלבע „נאקעטע ליניע", אָן אלט־שטייגער־דיקער בילדלעכקײַט, אָן „שטאנדהאפטיקע עפּאָס־עלעמענטן" און אָן ניסטערס „אינטי־מער רעוואָליוציִאָנערקײַט"!

די ִ טײַנע, וואָס בערגעלסאָן האָט געהאט צו דער קאָמוניסטישער יִדישער געזעל־

שאפט, אז בעכיין, זי—די געזעלשאפט—ציט זיך צו „פרעמדע טישן“, איז, אזוי ארום, ניט גאָר אָן א גרונט. אָבער צי דען קאָן מען דאָסזעלבע נישט זאָגן גופע וועגן בערגעלסאָנען, וועלכער האָט זיך עפנטלעך סאָלידאריזירט מיט די „בעסטע און אָנגעזעענסטע רוסישע שרײַבער און דיכטער“, וועלכע האָבן דעזערטירט פון דער רעוואָליוציע? [1]).

יעדער האָט זיך זײַנע „פרעמדע טישן“: דער „אייגנס“—זײַנע „בעסטע און אָנגעזעענסטע“ (רוסישע) שרײַבער־דעזערטירן, די „געזעלשאפטלעכקײַט“ — אירע ארבעטער־פּאָעטן פונעם רוסישן פּראָלעטקולט.

די האשפּאָע פון דער רוסישער ארבעטער־פּאָעזיע אף דעם פּראָלעטארישן סעקטער פון דער יידישער ליטעראטור אין יענער צײַט איז גאָר באדײַטנדיק, ניט געקוקט אף דעם, וואָס די אָרגאניזאציאָנעלע פארבינדונג פון אָט דעם סעקטער מיטן אלרוסלענדישן פּראָלעטקולט קומט מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, ווען אין שפּיץ פון אט דער שרײַבער־גרופּע שטעלט זיך כאָים גילדין [2]).

אופאסן אָבער די ערשטע שפּראָצן פון דער נאָכאָקטיאבערדיקער ארבעטער־פּאָעזיע בלויז אלס רעזולטאט פון אויסערלעכער האשפּאָע—וואָלט געווען ניט ריכטיק, מאכמעס דער באָדן פונעם יעווסעקישן ליטעראטור־סעקטער האָט געקאָנט אופּנעמען די זוימען פון „פרעמדע ווײַנגערטנער“ נאָר דערפאר, ווײַל ער איז פון אינעווייניק געווען צוגעגרייט דערצו, באפרוכפּערט מיט אָקטיאבער און מיט די זאפטן פון דער פארעוואָליוציאָנערער יידישער ארבעטער־פּאָעזיע, פון דער ווינטשעווסקי־עדעלשטאט־באָװשאָװער־פּאָעזיע.

אָט דידאָזיקע „אלטע זאפטן“ (אָבער גאָר פון אן אנדער סאָציאַלן „שטאם“ איידער די קיעווער „אלטע ווײַנען“) האָבן אופגעיוירט ווידער, ווי נאָר עס האָבן זיך ווידער ארויסגעלאָזט „די מאסן אף די גאסן“, ווי נאָר די „שקלאפן“ האָבן ווידעראמאָל (אף א ברייטערער באזע!) זיך געשטעלט אונטער דער „בלוט־רויטער פאָנע“.

אין דער פּראָלעטקולטישער פּאָעזיע האָט די באוושאָװער מוזע — די אורבאַניסטישע, וויכערדיקע, קאָסמישע, קלאסן־צאָרנדיקע שאפ־פּאָעזיע געפונען איר נײַעם סאָציאַלן טיקן אף א נײַער באזע.

די ליטעראַרישע אָפּטײלונגען, זײַטלעך און ווינקעלעך אין אונדזער קאָמוניסטישער פרעסע אין פעריאָדיק פאר די יאָרן פונעם מיליטערישן קאָמוניזם זאָגן וועגן דעם גאנץ קלאָר איידעס.

---

[1]) זע ד. בערגעלסאָן—„דיכטונג און געזעלשאפטלעכקײַט“.

[2]) כ׳נוץ דאָ אויס די געלעגנהײַט, צו דערקלערן, אז מײַן רעצענזיע וועגן גילדינס „לעניניאדע“ (שטערן, № 4, 1926) האָט אנטוויקלט דיזעלבע „קאסרילעווקער“ עסטעטיק, קעגן וועלכער כ׳האָב די גאנצע יאָרן געקעמפט. מײַן קעגנשטעלן ריטאָריק דער פּאָעזיע איז א סכעמאטישע, א פאלשע.

נאָר אין דער אטמאָספער פון יענע רעדיפּעס קעגן מײַן ליטעראַרישער ארבעט, וואָס איך האָב געהאָט אויסצושטיין די ערשטע יאָרן, נאָר אין צושטאנד פון שוואכער טעאָרעטישער באוואָפענונג איז געווען מעגלעך, אז איך (און נאָך כאוויירים מײַנע—מאפּאָוועס) זאָלן נאָכגעבן טײלווײַז אונדזערע פאָרמאליסטישע קעגנער.

II

דער אויבנופֿיקער סייכל־האיאָשאר פֿון דער „אייגנס"־עסטעטיק האָט, ווי יעדער מעטאַפֿיזישער סייכל־האיאָשער ביכלאַל, שטענדיק זיך געבאָמבלט צווישן צוויי עקסטרעמע „אָדערס": אָדער די „יאָנטעוודיקע" שפּראַך פֿון דער „געטלעכער" פּאָעזיע, אָדער די „וואָכעדיקע" שפּראַך פֿון פּראָזע, פֿון „נאַקעטע" געדאַנקען און „טרוקענע" באַגריפֿן. דעריבער, ווען די „אייגנס"־קריטיק האָט געוואָלט מאַכן אַ טעל פֿון דער באָוואָוער־עדעלשטאַט־ליניע, האָט זי איר אויפֿגעוואָרפֿן. אַז בעכיין, איר פּאָעזיע איז אַ נאַקעטע, ליניע־פּאָעזיע, ס'איז גיכער, פּאָשעטע פּראָזע, געגראַמטע געדאַנקען און פּראָקלאַמאַציע־שפּראַך.

מע קאָן זיך פֿאָרשטעלן, וואָס פֿאַר אַ הייליקער צאָרן וואָלט אַרומגעכאַפּט די לײַבער פֿון דידאָזיקע עסטעטן, ווען מע וואָלט זיי, לעמאָשל, דערמאָנט אָן *גאַנצע היסטאָרישע פּעריאָדן*, ווען אין טאָך פֿון פּאָעזיע איז געלעגן גראָד אָטאָ די *פּראָזאַישע געדאַנקלעכקײַט*, גראָד אָטאָ די *וואָכעדיקע צײַטונג־שפּראַך*, גראָד אָטאָ דער *פּראָקלאַמאַציע־סטיל*, אָן אַ „פּיצל ניואַנסן און בויגיקײַט", אָן אַ בראָק אינדיווידועלע „שטורעם־לײַדן".

ניט ווייניקער וואָלטן אָט די לײַט געוואָרן איבעראַשט, ווען מע וואָלט זיי, פֿון דער צווייטער זײַט, דערמאָנט אָן *גאַנצע היסטאָרישע פּעריאָדן*, ווען אין טאָך פֿון פּראָזע איז געלעגן די „פּאָעזיע אין פּראָזע", די פּראָזע, וואָס שטייט האַרט באַם ראַנד פֿון פּאָעזיע, סײַ לויט איר „געטלעכער", ריטמיזירטער פּאָעזיע־שפּראַך, סײַ לויט איר אויפֿגעבראַוזטער ליריש־צעשויבערטער קאָמפּאָזיציע.

אָט אין דידאָזיקע היסטאָרישע „ספּראַווקעס" האָט זיך בעפֿיירעש שטאַרק גענויטיקט די „אייגנס"־קריטיק, אין די יאָרן פֿון מעכטיקן שטורעם און דראַנג, אין די יאָרן פֿון בירגער־קריג (1918־1921).

צי דען האָט ניט אַזוינע שטורעם־יאָרן טאַקע געהאַט אין זינען פֿראַנץ מערינג, ווען ער האָט גערעדט וועגן היסטאָרישע טקופֿעס, ווען „אַלע פּאָעטן זײַנען רעוואָלוציאָנערן און אַלע רעוואָלוציאָנערן—פּאָעטן"?

נאַקעטקײַט, פּראָזאַישקײַט, געדאַנקלעכקײַט—אין דער פּאָעזיע און בילדערישקײַט, פּאָעטישקײַט און שטורמישע עמאָציאָנעלקײַט—אין דער פּראָזע,—דאָס אייגנטלעך כאַראַקטעריזירט דאָך טאַקע יענע גרויסע רעוואָלוציאָנערע טקופֿעס, ווען אַלע פּאָעטן זײַנען רעוואָלוציאָנערן און אַלע רעוואָלוציאָנערן זיינען פּאָעטן.

ניט דאָ איז דאָס אָרט זיך ארײַנלאָזן אין אַ גענויעם אַנאַליזירן די שפּראַך פֿון אונדזערע פּראָקלאַמאַציעס, רעוואָלוציאָנערע דעקלאַראַציעס, אויפֿרופֿן און פּאָליטישע רעדעס, וואָס שטעלן מיט זיך פֿאָר די פּראָקלאַמאַציע־פּראָזע פֿון אונדזערע שטורמישע רעוואָלוציע־יאָרן. קיינער אָבער וועט דאָך ניט קענען פֿאַרבײַגיין אָטאָ די אייגנאַרטיקע *עמאָציאָנעל־עקספּרעסיווע אָנלאָדונג* פֿון שטורמישער פּאַטעטיק, וואָס שנײַדט דורך דעם „הויכן סטיל" פֿון אונדזער־פּראָקלאַמאַציע־פּראָזע מאַמעש מיט *בליצן* פֿון *„דערהויבענער" פּאָעזיע*.

מעטאל־אָפגלאַנצן. אין גלאַנציקע שפּריצן האָט זיך צעשאָטן דאָס וואַסער, און אַ רויִ־טער פּאַס האָט געפלאַמט צווישן די טאַפּאָלן אין דער ריכטונג צו די פּירעקיקע טוּ־רעמס. דאָס שלאָפנדיקע מאַסקאַליקאָ האָט זיך באַוויזן צווישן איילבערט־בוימער אויף אַ ניט גרויסער הויך. די הינט האָבן געבולן מיט אַ פאַרביסענער אַקשאָנעסדיקייט. אַרויסגייענדיק פון וואַסער, איז דאָס הײַפל מענטשן אַראָפּ פון שליאַך און מיט האַסטיקע טריט אַוועק מיט דער גלײַכער ליניע, דורשנײַדנדיק דאָס פעלד: די זילבערנע סטאַטוע האָט מען ווידער גענומען אויף די אַקסלען, און זי האָט זיך ווידער געהוידעט הויך איבער די קעפּ צווישן די הויכע דופּטיקע זאַנגען, וועלכע זײַנען געווען באַדעקט מיט פיל גליוועדימלעך.

דער פּאַסטעך, וועלכער איז געזעסן אונטערן שטרויענעם אָפּדאַך און געהיט דאָס פעלד, האָט זיך מוירעדיק דערשראָקן, זעענדיק אַזויפיל באַוואָפנטע מענטשן; ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן לויפן מיטן באַרג, שרײַענדיק מיט אַלע קויכעס:

— צו הילף... צו הילף...

די געשרייען האָבן געוועקט אַ ווידערקאָל אינעם איילבערט־וועלדל...

דאָן זײַנען די אײַנוווינער פון ראַדוזע אַוועק אין אָנגריף. צווישן די שטאַמען פון די ביימער אינעם טרוקענעם ראָר האָט זיך געשאָקלט דער זילבערנער הייליקער, קלינגענדיק באַם אָנקלאַפּן זיך אָן די צווײַגן, אומקוקנדיק זיך מיט פינקלענדיקע בליקן. צען, צוועלף, צוואַנציק שאָסן האָבן זיך, ווי אַ בליצנדיקער האָגל, איינער נאָכן אַנדערן אַ שאָט געטאָן אויף דער הײַזערמאַסע. ס׳האָט זיך דערהערט אַ טראַסקערײַ, גוואַלדן. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן אַ מעהומע: טירן האָבן זיך געעפנט, זיך פאַרמאַכט, גלאָז־ברעקלעך האָבן זיך געשאָטן, צעבראָכענע בלומענטעפּ זײַנען געפאַלן אויפן וועג. הינטער רוקן פון די באַלעגערער האָט זיך אין דער אָנגעגליטער הימלבלויקײַט רויִק געצויגן אַרופצו אַ ווײַסע הויז.

פאַרבלענדטע און פאַרכאַפּטע פון קריגערישן אייפער, האָבן אַלע געשריען:

— אַ טויט... אַ טויט...

אַ גרופּע געצנדינער האָט אַרומגערינגלט דעם הייליקן פאַנטאַליעאָנע. מעשונעדיקע קוילעס קעגן דעם הייליקן גאָנסעלוואָ האָבן געהילכט; דער האַמוין האָט געטרייסלט מיט די קאָסעס, מיט די גערטנער־מעסערס.

— גאַנעוו... גאַנעוו... שלעפּער... די ליכט... די ליכט...

מיט העק־קלעפּ האָבן נײַע אָטריאַדן מיט שטורעם אײַנגענומען די הײַזער. און ווען די טירן פלעגן פאַלן, אַראָפּגענומענע פון די הענגערס און צעבראָכענע אויף שטיקלעך, פלעגן די פאַנטאַליעאַנידן מיט קוילעס אַרײַנלויפן אינעווייניק אין די הײַזער פאַרשיקערטע פון בלוטדאָרשטיקײַט. די האַלבנאַקעטע פרויען פלעגן זיך באַהאַלטן אין די ווינקלען, בעטנדיק זיך, מ׳זאָל אויף זיי ראַכמאָנעס האָבן; זיי פלעגן זיך פרווון שיצן דורכדעם, וואָס זיי פלעגן אָנכאַפּן דאָס געווער, צעשנײַדנדיק זיך די פינגער, זיי פלעגן פאַלן צו דר׳ערד, פאַרדעקנדיק זיך מיט בערג קאָלדרעס און לײַלעכער, פון אונטער וועלכע ס׳פלעגט זיך זען דער דאַרער קערפּער, וואָס האָט זיך געשפּײַזט בלויז מיט ריבן.

יאקאָב, דער אָנפירער פון דער שכיטע, א הויכער, א דארער און א רויטער, פונקט ווי א בינטל רויע ביינער, א פארשיקערטער פון לײַדנשאפט, פלעגט זיך אלע ווײַלע אָפּשטעלן און מיט א ברייטן זשעסט פון א הערשער א פּאַך טאָן מיט דער קאָסע איבער די קעפּ פונעם האמון. מיט א בלויזן קאָפּ איז ער אָן מוירע געגאַנגען פאָרויס אין נאָמען פונעם הייליקן פאנטאליעאָנע. אָבער דרײַסיק מענטשן זײַנען געגאַנגען נאָך אים. בא אלעמען איז געווען אן אומקלאָרער געפיל, אז זיי גייען איבער א וואקלדיקן באָדן אינמיטן א סרייפע, אונטער א פלאקערדיקן דאך, וועלכער וועט אָט־אָט אף זיי אײַנפאלן.

פון אלע זײַטן האָבן אָנגעהויבן האסטיק אָנצוקומען פארטיידיקער, די אײַנוווינער פון מאסקאליקאָ, שטארקע, שווארצע, ווי מולאטן, בלוטגירעריקע. זיי זײַנען געווען באוואָפנט מיט לאנגע מעסערס און צילעווען פלעגן זיי זיך אין בויך און אין גאָרגל; יעדן זעץ פלעגן זיי באגלייטן מיט גאָרגלדיקע טענער. די קעמפער זײַנען ביסלעכווײַז אָפּגעטראָטן צום קלויסטער; פון די דעכער, פון א צוויי־דרײַ הײַזער האָט שוין א שפּאר געטאָן א פײַער; א האמון ווײַבער און קינדער איז אין בלינדער איימע געפלויגן צום איילבערט־וועלדל.

דאן האָבן די מענער, וועמען קיין טרערן און קיין געבעט האָט שוין ניט געשטערט זיך א לאָז געטאָן אין א פארביסענעם האנט־שלאכט. אונטערן ראָסט־פארביקן הימל איז די ערד באדעקט געוואָרן מיט טויטע קערפּערס; ס'האָבן זיך געהערט אָפּגעהאקטע זידלווערטער פון די פאלנדיקע. און אין דעם ראַעש האָט אָן אופהער געהילכט דער געשריי פון די ראדוזער:

— די ליכט... די ליכט...

די טיר פון קלויסטער איז אָבער אלץ געבליבן פארשטעלט. זי איז געווען א מאסיווע, א דעמבענע, באקלאפּט מיט פינקלענדיקע טשוועקעס. די אײַנוווינער פון מאסקאליקאָ האָבן זי פארטיידיקט קעגן די פויסטן און העק. און דער זילבערנער הייליקער, א געלאסענער און א ווײַסער, האָט ער זיך געהוידעט אינעם געדיכטן האמון, אלץ נאָך שטייענדיק אף די אקסלען פון די פיר גיבוירים, וועלכע זײַנען געווען פון קאָפּ ביז די פיס פארגאָסן מיט בלוט, נאָר זיך געהאלטן אף די פיס. דער אידעאל פון די אָנפאלנדיקע איז געווען אוועקצושטעלן דעם געץ אפן סוינעס אלטאר.

אין דער צײַט, בייס די אײַנוווינער פון מאסקאליקאָ האָבן זיך געשלאָגן, ווי די לייבן, ארויסווײַזנדיק מוירעדיקע העלדישקייטן אף די שטיינערנע טרעפּ, האָט זיך יאקאָב פלוצלונג אוועקגעדרייט און איז ארומגעגאנגען ארום דעם קלויסטער, אויס־קוקנדיק, ווי אזוי ארײַנצודרינגען אין מאָקעם־קאָדעש. ער האָט אינגיכן דערזען אן עפענונג ניט הויך פון דר'ערד; א פארכאפּטער פון העלדישן אײַפער און פון פאר־צווייפלונג, האָט ער גענומען קריכן אהין און זיך אזוילאנג געדרייט און געקרימט און דערדאָזיקער עפענונג, ביזוואנען ער האָט אדורכגעשפּארט זײַן גאנצן לאנגן קערפּער. א קרעפּטיקנדיקער רייעך פון ווײַרעך האָט זיך געטראָגן אין דער נאכטלעכער קעלט פונעם טעמפּל. אונטער די קלאנגען פונעם געשלעג הינטערן וואנט האָט ער זיך טאפּנדיק אין דער פינצטער, געלאָזן צו דער טיר, פארטשעפּענדיק זיך אָן די שטולן

און צעוווּנדיקט זיך דאָס פּאָנעם און די הענט. צעווילדעוועטע קלעפּ פון די ראדוזער איינװווינער האָבן געהילכט איבער דער דעמבענער טיר, בייס ער האָט אָן אָטעם און מיט א מוירעדיקער הארצקלאפּעניש געמונען ברעכן די שלעסער מיט אן אייזערנעם געצייג. פייערלעך האָבן אים געשימערט פאר די אויגן. די ווונדן האָבן אים ווי געטאָן. און דער קערפּער האָט זיך אָפּגעגאָסן מיט א לעבלעכער כוואליע.

— סאן פאנטאליעאָנע... סאן פאנטאליעאָנע...—האָבן פון דרויסן געשריען די כרי־פענדיקע קוילעס פון די אָנפאלנדיקע. פילנדיק, אז די טיר לאָזט נאָך, האָבן זיי פארשטארקט די קלעפּ מיט די העק. פון הינטערן טיר האָט זיך געהערט דאָס פאלן פון קערפּערס, די קלעפּ פון מעסער, מיט וועלכן מ׳האָט עמעצן געטראָפן, און יאקאָבן האָט זיך געדוכט, אז דער גאנצער קלויסטער הודזשעט, אָפּהילכנדיק די קלעפּ פון זיין אייגענעם צעווילדעוועטן הארצן.

## V

נאָך דער לעצטער אָנשטרענגונג האָט זיך די טיר אופגעעפנט. מיט מעשוגענדיקע קוילעס פון ניצאָכן, האָבן די איינוווינער פון ראדוזע זיך א וואָרף געטאָן פאָרויס, אריבערטרעטנדיק איבער די קערפּערס פון די דערהארגעטע, און זיך געלאָזן מיטן זילבערנעם הייליקן צום אלטאר.

די ציטערדיקע שיין פון די לאמטערנס האָט זיך ארייַנגעריסן אין כוישעך פונעם טעמפּל, באלייכטנדיק דאָס גאָלד פון די רערנלייכטערס און די אָרגל־טרוכעס אף די כאָרן, און אין דערדאָזיקער בלוטיקער שיין, אינעם אָפּגלאנץ פון דער סרייפע פון די נאָענטע הייזער, האָט זיך דאָס געראנגל באנייט. פארפלאָכטענע איינער אין אנדערן זיינען די קעמפּערס געפאלן אף די שטיינער און האָבן זיך שוין מערניט צענומען; זיי האָבן זיך געוואלגערט איניינעם, געקייקלט זיך אין ווילדער סינע, געשריען ביזוואנען זיי זיינען דאָ גופע ניט אויסגעגאנגען אונטער די בענק אָדער אף ז׳ טרעפּ פון קאפּליצע...

אינעם שטילן מאָקעם־קאָדעש האָט זיך געהערט דער פארגליווערדיקער שאָרך פונעם אייזן, ווען ער דרינגט אריין אין קערפּער, אָנשטויסנדיק זיך אָן די ביינער, דער טעמפּער קרעכץ פון טויט־פארוווּנדעטע מענטשן, דאָס קנאקן פון שארבן־ביינער אונטער די קלעפּ, דאָס רעווען פון די, וואָס ראנגלען זיך מיטן טויט, דער אכזאָריעס־דיקער געלעכטער פון די מערדער און דער ווייכער רייעך פונעם ווייַרעך האָט זיך געטראָגן איבערן שלאכט־פּלאץ.

דער זילבערנער געץ האָט נאָך ניט דערגרייכט צום אלטאר. דער קרייַז פון די סאָנים האָט פארשפּארט צו אים דעם צוטריט. א פארוווּנדעטער אין עטלעכע ערטער, האָט יאקאָב, פאָכנדיק מיט דער קאָסע, ניט אָפּגעטראָטן קיין איין טראָט פון די טרעפּ, וואָס מ׳האָט דעראָבערט. פון די, וואָס האָבן געטראָגן דעם הייליקן, זיינען פארבליבן בלויז צוויי. דער מאסיווער קאָפּ האָט זיך געוואקלט, ווי א שיקערער איבערן צעיושעטן האמוין.

די אײַנוווינער פון מאסקאליקאָ האָבן געווילדעוועט.

פלוצלונג איז דער הייליקער פאנטאליעאָנע א פאל געטאָן צו דר'ערד מיט א שנײַדיקן קלונג, וועלכע איז ארײַנגעדרונגען אין יאקאָבס הארץ שארפער פון א מעסער. ווען דער רויטער שניטער האָט זיך א כאפּ געטאָן אופהויבן דעם הייליקן, האָט אים עפּעס א ריזיקער יונג א זעץ געטאָן מיט א גאָרטן־מעסער און א וואלגער געטאָן אפן רוקן. צוויי מאָל האָט ער זיך אופגעהויבן און צוויי ווײַטערדיקע זעצן האָבן אים אלץ ווידער א וואָרף געטאָן צו דר'ערד. דאָס בלוט האָט אים פארגאָסן דאָס גאנצע פּאָנעם, די ברוסט, די הענט, אף די אקסלען און אף די הענט האָבן זיך שוין געווײַסט די הוילע ביינער, וועלכע האָבן זיך אָפּגעדעקט צוליב די טיפע מעסער־שניטן; ער האָט פונדעסטוועגן אלץ ווידער פונסנײַ זיך אופגעהויבן א לעבעדיקער. צוווילדעוועטע פון דערדאָזיקער לעבן־אײַנגעשפּארטקײַט, האָבן דרײַ—פיר—פינף פויערים מיטאמאָל אים א שטאָך געטאָן אין בויך. דאָס אינגעווייט איז אים ארויסגעפאלן. דער פאנאטיק האָט זיך א וואלגער געטאָן אפן רוקן, א זעץ געטאָן זיך מיט דער פאטיליצע אָן דער זילבערנער סטאטוע, טייקעף זיך ווידער איבערגעקערט און אנידערגעפאלן מיטן פּאָנעם אפן מעטאל, אויסשטרעקנדיק פאָרויס די הענט מיט די פארקראמפּטע פיס.

דער הייליקער פאנטאָליעאָן איז אומגעקומען.

* * *

> רעליגיע איז דער זעלבסטבאוווסטזײַן און דער זעלבסטגעפיל פון א מענטשן, וואָס האָט נאָך זיך אליין אָדער ניט געפונען, אָדער זיך פונדאָסנײַ פארלאָרן (מ א ר ק ס).

---

מ. ווינטשעווסקי.

עלטסטער יידישער פראָלעטארישער דיכטער —1856.

## גאָט בימקוים סייכל.

נאר זיך און נאר די גאנצע וועלט
מיט דײַן נעכאָמע־שמייכל;
בארים זיך, אז דו האָסט א גאָט
ווען ס'באנקראָטירט דײַן סייכל.

דאָך זאָג מיר, פרײַנט, ווי הייסט דײַן גאָט?
ווי זעט ער אויס? ווו איז ער?
האָט ער קײַן פײַער־ריטער ניט?
האָט נאָר א פאראדיז ער?

דאָס איז דאָך ניט דער ראכע־גאָט,
דער נויקעם און דער נויטער,
וואָס אים דערשפּירט אין פערטן דאָר
אן אומגליקלעכער טויטער?

דאָך ניט דער מאבל־גאָט, וואָס מאכט,
ווי דאן, פאר מאטן־טוירע,
פון רעדזשיא און מעסינא הײַנט
א סדוים און אן אמוירע?

איז דאָס פילײַכט דער קריסטנגאָט,
דער גאָט פון לויטער ליבע,
וואָס דארף אין טאָך קיין געגעם ניט
און בראָט נאָר... אל־פּי סיבע?

קומט איידער ס׳גייען אויס די ליכט,
און שטום ווערט דער אָרקעסטער,
און עס דערהערט זיך א געהויל
פון באס־היענא נעסטער?

זאָג, ברודער, וועלכער גאָט קומט דאן
א טרייסט אונדז צו פארשאפן?
און קומט א גאָט—זאָג, האָט ניט אים
דײַן בימקוים־גאָט באשאפן?

---

פּ. האָלבאך.

פראנצויזישער פילאָסאָף־מאטעריאליסט (1789—1723).

# די געטלעכע האשגאָכע.

גאָט, וועלכער איז פול מיט סטירעס, שטוסערײַען און ווידערשפּרעכלעכע אייגנשאפטן, אויסגעהאָדעוועטע און אויסגעכאָוועטע פון דעם מענטשנס פאנטאזיע, איז באגרינדעט בלויז אף א לאנגער ריי אויסטראכטענישן.

ניט ווײַט פון באגדאד האָט געוווינט א דערוויש [1]), וועלכער איז געווען באוווסט מיט זײַן הייליקײַט, ער האָט רויִק פארבראכט זײַנע טעג אין אָנגענעמער יעכידעס. די ארומיקע אײַנוווינער פלעגן אים אלע טאָג ברענגען שפּײַז און מאטאָנעס, ער זאָל פאר זיי מיספּאלעל זײַן. דער הייליקער מאן פלעגט ניט אופהערן אָפּצוגעבן א לויב צו גאָט פאר די כסאָדים, וואָס דער אויבערשטער טוט מיט אים.

— אָ אלאך,—פלעגט ער טײַנען,—דײַן גוטסקײַט איז איין לעשאער. מיט וואָס האָב איך פארדינט דעם גנאָד, וואָס דו טוסט מיט מיר? אָ, אלערהעכסטער, הימלשער פאָטער פון דער נאטור, וואָסערע שוואָכים קענען זײַן ראָע אף בארימט צו מאכן דײַן גרויסקײַט און דײַן פאָטערלעכע זאָרגן? אָ אלאך, ווי גרויס זײַנען דײַנע זאָרגן וועגן די מענטשנקינדער!

פול מיט דאנקבארקײַט צו גאָט, האָט דער פאָרעש א ניידער געטאָן א זיבעטן מאָל אוילע־רעגל צו זײַן קײַן מעקא [2]). די מילכאָמע, וועלכע איז דאן פאָרגעקומען צווישן די פערסן און טערקן, האָט אים ניט געשטערט אויסצופירן זײַן גאָטגעפעליקע אונטערנעמונג. פארטרויענדיק זיך אין גאָט, האָט ער אונטערגענומען די־דאָזיקע רײַזע. אונטערן שוץ פון דער הייליקער קליידונג, וועלכע ווערט גע־

---

[1]) א מוסולמענישער מאָנאך.

[2]) א הייליקע שטאָט בא די מאכמעדאנער—דער געבורט־אָרט פון דעם נאָווי מאכמעד.

אכטעט בא די רעכטגלוביקע, איז ער אומגעשטערט אדורך די לאגערס פון די סאָ־
נים, וועלכע האָבן אים ניט נאָר ניט פארהאלטן, נאָר אים נאָך אפילע אָפּגעגעבן
קאָווד.

באם סאָף פון זײַ רײַזע האָט ער, זײַענדיק שטארק פארמאטערט, גענומען זוכן
זיך א באהעלטעניש פון די ברענענדיקע זון־שטראלן. ער האָט געפונען אזא באהעל־
טעניש אונטערן דערפרישנדיקן שאָטן פון א גרופּע פּאלמען־ביימער, ווו א דורכזיכ־
טיק קלאָרער קוואל האָט זיי געגעצט די וואָרצלען. אף דעמדאָזיקן איינזאמען אָרט,
ווו די שטילקײַט האָבן געשטערט בלויז די פייגלען־טשוויטשערײַ און לײַכטע רוישן
פונעם קוואל, האָט דער געטלעכער מאן געפונען ניט נאָר אן אויסגעצייכנטע בא־
העלטעניש, נאָר א פּראכטפולע סודע אפילע. ער האָט בלויז געדארפט אויסציִען די
האנט אף צו נעמען טייטלען און אנדערע זעלטענע פּיירעס. דער קוואל האָט אים
געשטילט זיין דאָרשט, און דער גרינער גאזאָן האָט אים געגעבן אָפּרו.

אז ער האָט זיך אופגעכאפּט, האָט זיך דער דערוויש טיוול געוווען, און מיט
אומענדלעכע היספּײַלעס האָט ער אויסגעשריען:

— אָ אלאך! ווי גרויס איז דײַן גוטסקײַט צו די מענטשנקינדער.

גוט אויסגערוט און דערפרישט, פול מיט קרעפטן און פרייד, האָט דער הײליקער
מאן פאָרגעזעצט זײַן וועג. אביסל צײַט איז ער געגאנגען דורך אָנגענעמע לאנד־
שטרעקעס מיט בליִענדיקע בערגלעך און סמאראגד־פארביקע לאָנקעס און מיט פרוכט־
באלאָדענע ביימער. געריִרט פון דעמדאָזיקן בילד, האָט ער ניט אופגעהערט צו רימען
די פולע האנט פון דעם בוירע, וועלכער ווײַזט אומעטום ארויס זײַן זאָרגן זיך פארן
מענטשנס גליק.

ווײַטער האָט ער אָנגעטראָפן עטלעכע בערג, וואָס ס׳איז שווער זיי דורכצוגיין.
אז ער האָט ארופגעקלעטערט אף איין בארגשפּיץ, האָט ער דערזען אן עקלהאפטן
בילד, וואָס האָט אופגערירט זײַן נעשאָמע: דער גאנצער טאָל, ווי ווײַט ער האָט גע־
קענט זען, איז געווען פארוויסט פון פײַער און שווערד. פאר זיינע אויגן זיינען גע־
לעגן מער ווי הונדערט טויזנט טויטע קערפּערס, וואָס זײַנען ניט געקומען צו קווו־
רע נאָך דער בלוטיקער שלאכט, וועלכע איז דאָ ניט לאנג פאָרגעקומען אין דידאָזי־
קע ערטער. אָדלערס, שפּארבערס, ראָבן און וועלף האָבן נאָכאנאנד געפרעסן די
טויטע קערפּערס, מיט וועלכע דאָס לאנד איז געווען פארזייט.

דאָסדאָזיקע בילד האָט ארופגעפירט אונדזער פּיליגרים אף טרויעריקע מאכ־
שאָוועס. צוליב באזונדערע גוטסקײַט צו דעמדאָזיקן הײליקן מאן האָט דער
הימל אים געגעבן א יעדיִע אין דער שפּראך פון די כײַעס. און דער הײ־
ליקער מאן האָט געהערט, ווי א וואָלף, וועלכער האָט געפרעסן א מענטשלעכן
קערפּער, האָט מיט היספּײַלעס אויסגעשריען:

— אָ אלאך! ווי גרויס איז דײַן כעסעד צו דײַנע קינדער, די וועלף. דײַן כאָכ־
מע פון פאָרויסזען האָט אָנגעשיקט א שיגאָען אף די עקלהאפטע מענטשן, וועלכע
מיר האסן. דער אלמעכטיקער, וואָס זאָרגט זיך פאר אלע זײַנע באשעפענישן, האָט

אריינגעגעבן א געדאנק דידאָזיקע אויסראָטער פון אונדזער מין, זיי זאָלן סאָפקאָלסאָף איבערשנײַדן די העלדזער איינער דעם צווייטן און באזאָרגן אונדז מיט פראכטפולע שפּײַז. אָ אלאָך! ווי גרויס איז דיין כעסעד צו די קינדער, די וועלף!

* * *

אין דער קלוימערשטיקער הימל־ווירקלעכקײַט האָט דער מענטש געזוכט אן אויבערמענטש און געפונען נאָר די אָפּשפּיגלונג פון זיך זעלבסט (מ א ר ק ס).

י. ל. פּ ע ר ע ץ.

1852-1915

# האַשגאָכע פראָטיס.

„א פויגל זאָל צום מיטיק זײַן!
עס מוז זײַן!"
דער קוכער טראכט,
שטעלט א פאל פון ציגל אוף
און שלאָפט אדורך די נאכט!

קוים דער מאָרגנשטערן שײַנט,
„ציפּ־ציפּ־ציפּ"! שוין אפן דאך!
דערוואכט דאָס פייגעלע און זינגט
גאָט א שירע, גאָט א שוואך!

„ציפּ־ציפּ־ציפּ"! עס האָט דערזען!
צווישן ציגל דאָרט אף דער ערד—

„ציפּ־ציפּ־ציפּ"! גאָט דער גוטער
האָט א פרישטיק אים באשערט!

און ווי קלוג געלייגט די ציגל,
דען דער ווינט וואָלט אלץ צעיאָגט.
„ציפּ־ציפּ־ציפּ"! גאָט דער גוטער,
ווי זײַן כאָכמע שײַנט און טאָגט!

„ציפּ־ציפּ־ציפּ"! און פליט ארונטער
גלײַך צום אָנגעגרייטן גליק...
דער קוכער שטייט באם פענצטער גרייט,
שארפט דאָס מעסער שוין צום „כיק".

* * *

גאָט זיצט אויבן און באגראָבט אונטן (פ א ל ק ו ו א ר ט).



די שלאנגישע כאָכמע פון די גײַסטלעכע באשטייט אין זייער צוגעווינען די מאסן צו טויבן־שטילקייט

י. ל. פּערעץ.

# מאַלכוסע דעאַרע קעמאַלכוסע דעראָקיע.

1

מאַלכוסע דעארע קעמאַלכוסע דעראָקיע—
אויבן און אונטן איז גלײַך.
ס'גייען די דיעלעס אין בעסדין שעלמײַלע
גאנץ זיכער אף רוסישער שפּראַך.
א סודיא איז אײַנגעשלאָפן,
שיקער מינאסטאם,
ווײַזט זיך באלד דער פּרעדסעדאטעל:
„יא טיע וו'זובי דאם".

2

קאטקאָוו האָט די גרעסטע דייע,
גאבע אין גאניידן:
נישטאָ קיין קלעק פון קרייסי פּלייסי,
א לעק פון שפּאָלער זיידן.
ס'קומט אריַין דער סכיזשער מאגיד,
צי גאָר דער מאהאראל,
באווײַזט זיך באלד דער סאר שעל יאָוון:
„טי קודא נאכאל".

3

סאמע מאָסקוויטער „סלאוויא",
און מע שפּרינגט נאָר „סוויאט".
אלץ פאשאָל, נאָר לאָט זאָל בלײַבן,
מיט אים לעבט מען בלאט.
פאר נויעכן האָט געבעטן לאָט;
מע לאָזט ארײַן דעם שפּאק,
און אין דרײַען טרינקט מען יאיען:
פּאָנקא ניע דוראק.

4

„האלעלוליע" און „קאָל סלאוועו"
און „באָזשע צאריא".
גאָט אליין—ער הויבט זיך אונטער
און שרײַט מיט: „אורא"!
אין סאראפאן שײַנט גאָר די שכינע,
רוקט ער זיך צו איר צו!
זאָגט זי אים: „וואניא, וואניא,
וואניא, ניע שאלי".

---

י. ל. פּערעץ.

# דער געטער-געשמאַק.

דער געשמאק איז, ווי בא א מענטשן,
בא די געטער אויך פארשידן—
קלינגען גלאָקן אין די קלויסטערס,
איז דער קריסטן-גאָט צופרידן.
„דין־דין־דין"—וויל דער קאטוילע,—
מוזיקאליש און זאבאוונע—
„בים־באָם־באָם! בים־באָם־באָם"!
שטארק און גראָב—דער פּראוואָסלאוונע,

גאָר א זעלטענעם געשמאק
האָט אללא—דער מאכאמעד,
אז מע רופט אין שול ארײַן
אפן גאנעק פון מעטשעט...
אָריגינעל איז דאָך נאָר איינער—
דער פון קוגל און כארויסעס:
ער האָט ליב א „שמע־ישׂראל",
וואָס עס כראָפּעט אים א גויסעס.

---

מאָריס ראָזענפעלד.
(1862—1923)

# אָפּגעשמיסענע געטער.

אף אלץ קומט א צײַט, אפילע אף די געטער.

דאכט זיך אזעלכע אופטוער, אזעלכע מעשונעדיקע בעריעס און פײַערדיקע גינעל־ניקעס, וואָס טראָגן דעם דונער אין בוזעם־קעשענע, און דעם בליץ אין ארבל; וואָס רײַטן אף די וואָלקנס און שפאצירן אפן וויכער, דאָך לייגט זיי די צײַט ארויף אפן בענקל און „צימבלט" ארײַן, אז עס איז גאָטס ראכמאָנעס צו קוקן.

איך וויים ניט, אויב זיי האלטן זיך פארן הינטן אזוי ווי מיר, ווען מען שמײַסט אונדז צוליב זיי... איך וויים ניט, אויב עס טוט זיי וויי, נאָר איך פארשטיי, אז אן אָפּגעשמיסענער גאָט האָט אויך א פּאָנעם פון כייזעק און איך וואָלט בעסער געוואָלט זײַן א שטאָלצער מענטש איידער אן אָפּגעריבענער ריבוינע־שעלוילעם.

אין בריטישן מוזעום פון לאָנדאָן איז דאָס געווען. איך בין געשטאנען און האָב באטראכט די אלטע אָפּגעשמיסענע געטער פון מיצראַיִם, אשור, באָוול, רוים און אוון, און אַ זעלטענעם אײַנדרוק האָבן זיי אף מיר געמאכט. איך האָב זיי אָנגע־קוקט מיט ערנסטע געדאנקען און אין מײַן קאָפּ האָבן זיך געמישטערפורכט, שפּאָט, קאעס און ייִעש. פארלאָרענע וועלטן האָבן אופגעוואכט אין מיר, פארלאָרענע עמונעס און ציווילייזאציעס. די בראָנזענע געשטאלטן פון די אסירישע קעניגן און די שווארצע עטיאָפּישע פיגורן פון אלט־עגיפּטן. עס ברענען די מיזבייכעס און עס רויכערן זיך די באָמעס און די פּריסטער שטייען מיט פארגלאָצטע אויגן און זײַנען מאקריוו קליינע קינדער, מאכנדיק דערבײַ פארשיידענע מיִעסע און ווילדע האווײַעס. נעבן דער געטן אסטארטע איז אן אלטער ציגײַנער מיספּאלעל בייִעכידעס: ער פּראוועט נעבן איר „נעקיִעס" און זאָגט דערצו „מיזמוירים"... דערבײַ שטייט א „רעוורענד" און פּאטשט אין די הענט און פּרעפּלט. ער פרייט זיך מיט דעם פרומאק, דעם צאדיק, דעם מײַ־מין, וואָס דינט גאָט מיטן גאנצן הארצן... ער וועט געוויס האָבן אוילעם־האבע...

איך קוק אף די אומבאהאָלפענע, קאלטע אומבאוועגלעכע שטיקער גראניט אין קלער: אָט בא זיי האָט מען דאָס אמאָל געבעטן ראכמאָנעס, געזונט, פּארנאָסע, קינדער און אוירעך־יאָמים; פאר אָט די לעכערלעכע, ווילדע פארזעעניש האָט מען דאָס געבויט די קונסטפולע טעמפּלען, אף וועלכער דער געני פון א מענטשהײַט האָט זיך דערליידיקט; פאר זיי האָט מען געקוילעט ברוסט־קינדער, געקוילעט גאנצע שוואָ־טים, גאנצע נאציעס...

איך האָב געפילט, ווי אף זיי א שפּײַ צו טאָן, אָבער איך האָב א שפּײַ געטאָן אף דער גאנצער בריִע און אף דעם פּאָסעק, אז גאָט האָט באשאפן דעם מענטשן אין זײַן געשטאלט, ווײַל איך זע דעם ריכטיקן הייפּעך.

אזוי ווי די קלייזײַען, עס־געשיר און בגאָדים, זײַנען אויך די געטער געמאכט לויט דעם פּאָרשריט פון די דוירעס. איך האב אויך געזען אין מוזעום די אָרט

מענטשן, וואָס האָבן די געטער באשאפן, און א מערקווירדיקע ענלעכקייט האָט זיי פאַרייניקט.

די געטער פון אַלט־עגיפּטן, אסיריען און באַווילאָניען האָבן אויסגעזען פאַנטאַ־סטיש־מויר׳עדיק און מעשונע־ווילד. אָפּגעשפּיגלט האָט זיך דאָס פּינצטערע, אומזיכערע בלאָנדזשען פון דעם טענטשלעכן גייַסט און דער טיפער געהיימניס פון נאַטור און לעבן.

זעט א מין גאָט!

פערדישע פיס, אָדלער־פליגלען, א מענטשן־קאָפּ מיט א שטאַרקער גרויסער באָרד אין גרײַזלען, דער איבעריקער טייל גוף איז אָקס און דער עק פון א לייב. דאָ האָט איר פאַרקערפּערט הימל און ערד אף א מעוייעמדיקן אויפן, און דאָס איז „ער" יאָ, „ער" טאַקע אליין, דער מעלעך מאלכיי האמלאָכים. דאָ האָט איר אויסגעהאַקט אין הארטן, טויטן שטיין די אידייע פון די מעכטיקייַט, וואָס איז פול אומעטום. אונטן און אויבן, און איז איבעראַל דער מעכטיקסטער, פול מיט רויע, ברוטאַלע געוואַלד, מיט גראָבער, אומגעהובלטער, פּויסט־קראַפט.

די גריכישע און רוימישע געטער זײַנען קימאַט אַלע אין געשטאַלט פון מענטשן, פרויען און מענער מיט רעגלמעסיקע גלידער און שיינע, אינטעליגענטע געזיכטער.

נאַקעטע זײַנען זיי אַלע, מוטער נאַקעט, די געשלעכטלעכע טיילן ארויסגעשטעלט פאַר דער וועלט גאָר אָן א ברעקל כארפּע... דאָ האָט איר פאַרייביקט אין ערדישן מאַטעריאַל די אידייען און פילאָזאָפיעס פון די אופגעקלערטע יעוואָנים און רוימער. דאָ איז פאַרגעטערט די שיינהייַט, די קונסט און די ליבע, וועלכע איז די איינציקע קראַפט, וואָס האַלט אוף דאָס לעבן.

איך האָב געזען, ווי אַן אַלטע, פרומע מויד מיט א ביבל אין האַנט און א צייַ־לעם אפן האַלדז איז געשטאַנען נעבן א גריכישן גאָט און האָט פון אים די אויגן ניט אַראָפּגענומען. זי האָט אים באַקוקט פון קאָפּ ביז די פיס און איז געווען שטאַרק פאַרינטערעסירט... זי האָט אָבער אויסגעדריקט א גרויס אומצופרידנהייַט, פאַרוואָס מען טוט אים ניט אָן א פאַרטעך... באַטראַכטנדיק זיי ביידן, די בסולע און דעם גאָט, האָב איך געזען דעם גוואַלטיקן אונטערשייד פון צוויי ציוויליזאַציעס און מיר דאַכט, ווי דער אָרעמער, נאַקעטער גאָט האָט געקוקט אף דער צנוע אונ געשמייכלט. איך האָב אים, דאַכט מיר, געהערט זאָגן: „ווען איך וואָלט געלעבט, וואָלט איך דיך אָן א פאַרטעך אויך ניט אָנגעקוקט"...

איין זאַך טוט מיר אָבער שטאַרק האַנאָע, וואָס אונדזער ייִדישן גאָט וועט מען קיינמאָל ניט קענען אַרייַנשטעלן אין א מוזעום, ווייַל ס׳איז ניטאָ אין אים וואָס אָנצונעמען. ער איז א רועך, א גייַסט, א גרויסער, א שטאַרקער, אַלמעכטיקער און אַלהערשנדער „גאָר נישט"...

דאָס איז, ווי איך פאַרשטיי, די איינציקע סיבע פאַרוואָס ער האָט איבערגעלעבט אַלע געטער.

וואָס באַטרעפט ווייַטער אונדזער גאָט, איז דאָס אויך זייַן איינציקע שטיקל גליק, וואָס ער האָט זיך געמאַכט פאַר א „רויע וועאיינגע נירע"־גאָט. ווען ער וואָלט כאָלילע געהאַט א מאַמאָשעס, וואָלטן אים מאַנכע ייִדעלעך שוין לאַנג פאַרשאַכערט אין א

מוזעום צווישן די אָפּגעשמיסענע... דען מאדאָך זיי בײַטן אים איצט אויס און פאר־קויפן אים גאָר בלוי ריִע, ניט ווייַזנדיק די סכוירע, טאָ ווי וואָלטן זיי שוין מיט אים געהאנדלט, ווען מען וואָלט אים געקענט א טאפּ טאָן און זען, אז ער איז ווערט דאָס געלט?

אָפּגעשמיסענע געטער!

* * *

דאָס געלט פארניכטעט אלע געטער און פארוואנדלט זיי אין א סכוירע (מארקס).

---

מ. נאדיר.
(געב. 1885).

## גאָט פון ייִצכאָק.

מײַן גאָט האָט ליימענע פיס.
כיילעוונע אויגן.
איך האָב אין האנט אים א שפּיז
און א בויגן געגעבן.

שטייט ער, דער נארישער גאָט,
גרייט צו מילכאָמע.
וועט שוין יאָרן און יאָרן אזוי
אָפּשטיין מיסטאָמע.

מײַן הויזגעזינד ברענגט אים מאטאָנעס:
שיסלען מיט טייטלען און ניס.
מ׳לייגט אים די אלע קאָרבאָנעס
צו זײַנע צוויי ליימענע פיס.

ער מאכט זיך ניט וויסן. די גײַווע!
ער עסט ניט און גייט ניט ארויס.
קיין איינע פון מענטשישע טײַוועס
פארפלעקט ניט זײַן הארץ און זײַן שויס.

זיין שפּיז איז פארשטויבט און פארזשאווערט,
זײַן בויגן מיט שפּינוועבס איז דיק.
ער האָט מיט דעם טויט זיך פארכאווערט,
פארלעשער פון מענטשישן גליק.

אָ, לײמענער האר פון די געטער,
אָפּװערק פון מענטשישע הענט,
עס װעט דאָך, צי פריער, צי שפּעטער,
דײַן ליכטיקײַט װערן פאַרלענדט.

איך װעל מיך מיט דיר לאַנג ניט קװײלן,
כ׳דאַרף האָבן דײַן פּלאַץ און דײַן לײם.
דײַן שפּיז און דײַן בױגן װעט בלישטשען,
װען איך װעל אים ניצן אלײן.

---

# די רעליגיע–אַ געווער פון קלאסן-הערשאפט און אונטערדריקונג

פ. לאפארג.

## די טפילעס פון קאפיטאליסט.

### 1. א טפילע צו גאָט.

פאָטער אונדזער, קאפיטאל אף דער ערד! גאָט דער אלמעכטיקער, וואָס ענ־דערט אין טײַכן די שטרעמונג און שנײַדט דורך בערג, וואָס צעטיילט קאָנטינענטן און פאראייניקט פעלקער; שעפער פון סכוירעס און קוואל פון לעבן, וואָס שאפט זיך מיט קייסאָרים און מיט אונטערטענער, מיטן באלעבאָס און מיטן ארבעטער, זאָל שוין דײַן מעמשאָלע ארויפנידערן אף דער גאנצער ערד!

שיק אונדז צו אסאך קוינים אף אונדזערע סכוירעס, אף די גוטע, ווי אויך אף די שלעכטע!

שיק אונדז צו אומגליקלעכע ארבעטער, וואָס זאָלן אײַנגיין אָן טײַנעס אף אלערליי ארבעט און באנוגענען זיך מיט די קלענסטע סכירעס!

שיק אונדז פאָשעטע מענטשן, וואָס זאָלן גלויבן אין אונדזערע האפטאָכעס!

צווינג אונדזערע באלכויוועס, זיי זאָלן סילעקן די כויוועס אינגאנצן, און ד'עם באנק—ער זאָל אָנעמען אונדזערע וועקסלען!

עפן קיינמאָל ניט פאר אונדז די טויערן פון דער „כויוועס-טפיסע” און לייז אונדז אויס פון ניטפארמעגלעכקײַט!

### 2. איך גלויב.

איך גלויב, אז דער קאפיטאל פירט אָן מיט דער מאטעריע און מיטן גײַסט. איך גלויב אין האכנאָסע,—זײַן געזעצלעכן זון, און אין קרעדיט—דעם הייליקן גײַסט, וואָס קומט פון אים ארויס און ווערט מיט אים צוזאמען געאכט.

איך גלויב אין גאָלד און זילבער, וואָס נאָכן פּרובירן זיי אפן מאָנעטן־הויף צעלאָזט מען אין א שמעלץ־אויוון, און געדרוקטע מיט א שטאמפּ, דערשיינען זיי ווידער פאר דער וועלט, ווי א געזעצלעכע מאטבייע, וואָס צוליב איר שווערקייט לאָזט מען זי אראָפּ, נאָכדעם ווי זי האָט דורכגערייזט די גאַנצע וועלט, אין די אויצרעס פון באנק, קעדיי צו דערמונטערן די פּאפּירענע געלט.

איך גלויב אין פינפפּראָצענטיקער רענטע, אזוי ווי אין פיר—און דריי־פּראָצענטי־קער און אין דער געזעצלעכער קאָטירונג פון ווערט־פּאפּירן.

איך גלויב אין דער קוויטונג פון די מעלוכישע כוויוועס, וואָס פארזיכערט דעם קאפּיטאל פון ריזיקע אין האנדל, אינדוסטריע און האלוואָעס.

איך גלויב אין פּריוואט־אייגנטום, דער פּרוכט פון פרעמדער ארבעט, און זיין שטאנדהאפטיקייט אף דאָר־דוירעס.

איך גלויב אין דער אומפארמיידלעכקייט פון דאלעס, דעם ליוועראנט פון פאר־דונגענע ארבעטער און דער מוטער פון איבער־ארבעט.

איך גלויב אין דער אייביקייט פון געדונגענער ארבעט, וואָס באפרייט דעם אר־בעטער פון די דייגעס פון אייגנטום.

איך גלויב אין דעם פארלענגערונג פונעם ארבעט־טאָג, אין דער פארקירצונג פון לוין און אויך אין דער פאלסיפיצירונג פון פּראָדוקטן.

איך גלויב אין די הייליקע דאָגמע: וואָלוול קויפן, טייער פארקויפן; גלייכצייטיק גלויב איך אין די אייביקע פּרינציפּן פון אונדזער הייליקער קירך—פון דער אָפיציעלער פּאָליטישער עקאָנאָמיע. אָמיין.

## 3. פריי זיך.

פריי זיך, אָרעמקייט, וואָס דריקט און אונטערטעניקט דעם ארבעטער, וואָס צערייסט זיינע געדערים דורך הונגער, שטענדיקע פּייניקערן, וואָס פארווערטיילט אים צו פארקויפן זיין פרייהייט און זיין לעבן פאר דעם שטיקל ברויט; וואָס ברעכט זיין צאָרן־מוט, וואָס ווארפט ארויף אפן פּראָדוצירער, אף זיין ווייב און קינדער צוואנג־ארבעט אף דער קאפּיטאליסטישער קאטאָרגע; פריי זיך, אָרעמקייט גנעדיקע, הייליקע יונגפרוי, וואָס געבאָרט די קאפּיטאליסטישע האכנאָסע, גרויזאמע געטן, וואָס גיט אונדז איבער דעם נידערטרעכטיקן קלאס פון ארבעטער, זיי געלויבט!

ליבע און פּרוכטבארע אויבערארבעט, מוטער פון רענטע, באשירעם אונדז און אונדזערע נאָענטע! אָמיין!

מ. ווינטשעווסקי.

# גאָט מאמאָן.

גאָט מאמאָן איז א גליקלעכער,
א ברייטלעכער,
א פעטלעכער,
א זאטער גאָט, א דיקלעכער,
א ווונדערבארער גאָט;

ער שיקט צו זיינע קינדערלעך,
און קנעכטעלעך
פיל העכטעלעך,
פיל שעפסעלעך, פיל רינדעלעך,
און אלצדינג וואָס ער האָט.

ער גיט זיי שארפע מויעכלעך,
ניט וויציקע,
דאָך שפיציקע,
הייסט בויען זיי מיזבייעכלעך
פאר אים אין יעדער שטאָט.

זיי בויען אים אלטארעלעך,
די גרינדערלעך,
די שינדערלעך,
און אָפּפערן אים נארעלעך,
און היטן זיין געבאָט.

ער פרייט זיך אף זיי קוקנדיק,
די קרעמערלעך,
די געמערלעך,
זיי זעענדיק זיך בוקנדיק
אין שטויב פאר זייער גאָט.

זיי זעענדיק, די ציפערלעך
פארכאפנדיק,
פארקלאפנדיק
פיל זילבער, גאָלד און קופערלעך,
דאן מאכנדיק באנקראָט.

און נזכעס פון זיי קלייבנדיק,
פארשפיצט ער זיי,
באשיצט ער זיי
צו גאנווענען, פארבלייבנדיק
די פניי פון יעדער שטאָט.

ער היט זיי מיט סאָלדאטעלעך,
וואָס שיסן גוט
און גיסן בלוט,
מיט ביקסעלעך, הארמאטעלעך,
מיט פולווער און מיט שראָט.

גאָט מאמאָן איז א גליקלעכער,
א ברייטלעכער,
א פעטלעכער,
א זאטער גאָט, א דיקלעכער,
א ווונדערבארער גאָט.

* * *

דער גאָט פון פראקטישער באדערפעניש און עגאָיזם איז געלט...
געלט—דאָס איז דער אייפעריקער גאָט פון ייִסראָעל, וואָס פאר־
טראָגט ניט קיין שום שכיינעס פון א צווייטן גאָט (מ א ר ק ס).

# פון גאָט מאמאָנס צען געבאָטן.

אויסגעשטאָפּט אזוי ווי א מאטראץ, ברייט און גלאנציק ווי א טולער טאץ, גייט אראָפּ אין וואָלקנס איינגעהילט, דער גאָט מאמאָן, פול מיט שטאָלץ דערפילט, האלט די נייע לוכעס אין דער האַנט, וועלכע ער דערלאנגט די פּריסטער פון זיין לאנד.—זיי, די דינער פון דעם קאפּיטאל, כעוורע־לייט, גראָב, האבזיכטיק, ברוטאל, טאנצן ווי די ווילדע פאר גרויס פרייד, יובלען און שלינגען זייער הערנס רייד; כיטרע בליקן ווארפנדיק ארום, לויבן זיי אים מיט א שטילן ברום.—מיטאמאָל ווערט ווי דער טויט שטיל איגעראל. נאָם איין, זאָגט דער געץ פון קאפּיטאל, סדאָרים נייע אר דער אלטער וועלט, עכטע צען געבאָטן, קלאָר צונויפגעשטעלט, פאר די מענטשן, וועלכע איך מאך רייך, צו פארבלישטשענען מיין קעניגרייך.—קומט אהער, איר אלע מיינע קנעכט! ראמט אוועק פוגדאנען גלייכקייט, פריי־הייט־רעכט: שטעלט זיך ארום מיר און הערט מיט קאָפּ מיין טוירע, טוירע־קעסעף הייסט זי, — הערט און האָט קיין מוירע.

וידבר אלהי הכסף—און ס׳האָט גערעדט דער געלט־גאָט!

עס האָט געדונערט און געבליצט. גאָט מאמאָן איז ארויסגעריטן אף דעם גיל־דערנעם קאלב, האָט אופגעהויבן זיינע לוכעס און, ווען די לופט איז געוואָרן ריין פון גאָלד־שטויב, פון פולווער, פון שוועבלגערוך און פון פארע, האָט ער אויסגע־שריען אינדערהויך די צען געבאָטן.

אנכי הכסף אלהיך—איך בין געלט דיין גאָט!

הימל און ערד, הערט מיך אויס און זייט וויסן: איך, קאפּיטאל, בין די זעל, דאָס געוויסן; איך מאך פארהונגערן, איך לאָז געניסן; שאלט איבער גאָלד־גרובן, טייכן, וואָס פליסן; אָן מיר ווערט אלעס פאַרניכטעט, צעריסן! איך קען פארגיפטן און איך קען פארזיסן—יעדערנס פעטן און מאָגערן ביסן; איך הערש אליין, איך אליין מעג פארגיסן—בלוט אין מילכאָמעס, איך גיב פאר א קישן—מענטשן דערמאָרדעטע שטיי־נער אין פעלד, ווייל איך אליין בין דער האר פון דער וועלט; איך ברענג די וואַ־רעמקייט, איך ברענג די קעלט, איך הערש אליין פון עק־וועלט ביז עק־וועלט; איך בין גאָט דער מאמאָן, מיין טוירע איז געלט!

זכר את יום השבת לקדשו—געדענק דעם שאבעס־טאָג צו פארהיי־ליקן אים!

איין טאָג אין וואָך גיט דעם ארבעטער רו, גלייך מיטן פערד, מיטן אָקס, מיט דער קו; קרימט ער זיך, זאָגט צו אים: באָכער, העדצו, מאכסטו האוויעס, דאן גייסטו אים—נו, דאן קענסטו רוען מיט „לאופערס״ ווי דו—איר, מיינע קינדער, האָט אָבער דאָס רעכט, אויב איר באַדארפט האָבן שאבעס א קנעכט, פליישׁ אייך צו בראָטן, צו שמערגלען א העכט, אלץ צו דערלאנגען וואָס גוט איז און עכט—איי־ערע

דינער, דעם לומפּן־געשלעכט, נאָר ניט צו געבן קיין רו, ווײַל דאָס ברעכט בעסער די כעוורע אין יאָך, איר אָבער רוט יעדן טאָג אין דער וואָך!

לא תרצח—זאָלסט ניט מאָרדן!

קיינעם זאָלט איר, מײַנע זין, ניט דערשלאָגן, וואָסערע אויצרעס איר זאָלט ניט פאַרמאָגן, דאָס איז א שווערע אווײרע צום טראָגן, לייגט זיך אזוי ווי א שטיין אײַך אין מאָגן, אָבער איר דאַרפט זיך ניט קווענקלען און פּלאָגן, אויב עס זאָל קומען אײַך עמעצער זאָגן, אז דורך א קעסל, וואָס אים האָט צעטראָגן דאַמף אין פאַבריק, בא אײַך האָבן געקראָגן עטלעכע מענטשן די מויכעס צעשלאָגן, וואָס איבער זיי שטייען איצטער און קלאָגן עטלעכע אָרעמע שטיקלעך נעשאָמעס, שילטנדיק קעסלען מיט קלאָלעס און כראָמעס. דאָס אַרט ניט אײַך, טוט זאָגאַר אַף מילכאָמעס, סײַ צוליב גאָלד, סײַ צו נעמען נעקאָמעס, סײַ קעדיי צו קריגן א בענדל אָן אָרדען; מער ניט, פּורפּלאַט זאָלט איר קיינעם ניט מאָרדן.

לא תנאף—זאָלסט ניט נויעפן!

אומציכט זאָלט איר, זין, ניט טרײַבן מיט ווײַבער, וועלטלעכע צנועס און הימלשע ווייבער, איר קריגט גענוג איבערגעגעבענע לײַבער, וועלכע דער הונגער, דער טונגט־פאַרטרײַבער, ברענגט אפן מאַרק צו פאַרקויפן, פאַרדינגען, פילע פון זיי קענען שפּילן און זינגען (אָפּט אזא ניגן, וואָס קען ארויסדרינגען טרערן פון אויג, מאַכן הערצער צעשפּרינגען, אָבער דאָס שאַט ניט, אז איר זאָלט זיי דינגען), לאָזט וועגן דעם נאָר די גלאָקן ניט קלינגען, הייסט אין א פאַסטקע פון זילבער זיי ברענגען, געלט וועט צו בלײַבן געטרײַ אײַך זיי צווינגען, דאַנקט מיר, גאָט־מאַמאָן, מײַן גילדערנעם טראָן, איך בין דער פּאָטער פון פּראָסטיטוציאָן, טשעפּעט נאָר שכיינים ניט, זײַט מיר גע־שײַט, לאָז מע אײַך האלטן פאַר ערלעכע לײַט.

לא תגנב—זאָלסט ניט גאַנווענען!

פּראָסטע גנייווע זאָלט איר ניט באַרירן, דאָס קען צו קיין זאַך כוץ טפיסע ניט פירן. איר, רײַכע מענער, זאָלט זיך ניט פאַרשמירן מיט א כאַפּ־לאַפּ, וועלכע פּאַסט ניט פאַר גווירן, דאַן איז אויך שווער דער אליין מאַנעווורירן, האָבן א שוטעף—הייסט ווידער האַלבירן. אָט דאָס לאָזט איבער צום גאַנעוו האַקאָטן, איר אליין נעמט זיך צו גרויסע באַנקראָטן. דאַכט זיך, איר זײַט, מײַנע קינדער, געראָטן, זעט נאָר צו טאָן ווי איך האָב אײַך געבאָטן, שפּילט מיר אין טאַקט און שפּילט נאָך די נאָטן, דאַן וועט ניט טרעפן קיין שום מײַסע־סאָטן. אויך קענט איר ווערן מיט גאָלד אָפּגע־שאָטן, ווען איר זאָלט טרעסטן אין אַמעריקע גרינדן: פרײַע נאַציאָנען לאָזן זיך שינדן; פלעכטן די שטריק זאָגאַר, וועלכע זיי בינדן. איין זאַך פאַרבאָט איך אײַך אייש־אולעהאָווים, זײַט מיר ניט קינדער קײַן פּראָסטע גאַנאָווים.

לא תחמד—זאָלסט ניט גלוסטן!

לאָז ניט געלוסטן אײַך עמעצנס רינדער, עמעצנס דינער, מעטרעסן און קינדער, וואַרפט אזא כיישעק אַוועק וואָס געשווינדער, אויב איר ווילט ווײַטער (ווי הײַנט) זײַן די גרינדער פון נײַע טעמפּלען פאַר מיר, אײַער גאָט, טעמפּלען דערהויבענע אין

יעדער שטאָט. אײַך דאַרף געלוסטן דעם צווייטנס מיליאָנען, וואַנדערבילטס אייגנס און פינקערטאָנס שפּינען, קריספּיס באַנדיטן און פּרײַסנס קאַנאָנען; אָבער אַ קלייני־קײַט טאָרט איר ניט וועלן, און דאָס איז אַלץ, וואָס איך האָב צו באַפעלן.

* * *

... דער ייִדישער אײַנגאַט איז אין דער ווירקלעכקײַט דער פּיל־גאָט פון פיל באַדערפעענישן; אַ פּילגאָט, וואָס שטעלט אפּילע דעם אָפּטרעט, ווי אַן אָביעקט פון געטלעכן געזעץ (מאַרקס).

י. י. לינעצקי.

1839—1915.

# וואָס ווער עס בעט צום נײַעם יאָר.

ס'איז שוין ראָשעשאָנע און איך בין שוין מיטן טאַטן איז קלויז און פּרוּוו מיך וויינען, נאָר ווי איך זע, איז די זאַך ניט אַזוי גרינג, ווי איך האָב געמיינט! איך קרים פּיסקעס, איך קוועטש מיט די אויגן... עס גייט ניט! און בעעמעס, וואָס זאָל איך וויינען? די טפילעס אַליין האָבן מיך ווייניק גערירט... איך האָב אַ קוק געטאָן, אַז באַלד אָקאָנטשעט מען שוין שמוינעסרע און איך בין גאַנץ ווײַט פון טרערן, האָב איך זיך מעיאשעוו געווען: אנו, לאָמיר זיך גיין אונטערהערן צו די ייִדן, וואָס וויי־נען זיי,—וועל איך זיך אויך עפּשער אויסלערנען וויינען?... גערעדט און געטאָן. און איך בין מיר שוין טאַקע לעם ראָוו סטענדער—צו מײַן גליק, אַז די ייִדן וויינען און דאַוונען, זאָגן זיי אַף פּראָסט ייִדיש אַסאַך ווערטער, וואָס שטייען גאָרניט אין סידער. ווי איך הער, וויינט אַזוי דער ראָוו מיט הייסע טרערן: „אובעכיין, ריבוינע שעלוילעם! דו ווייסט דאָך יאָ, אַז פּיניע דער שויכעט איז ניט געגוג פּרום! קוילן מיט אַ שטשערבאַטן כאַלעף מאַכט בא אים אויך ניט אויס. נאָר ווײַל איך האָב אַ פּלאַטשיקן קאָפּ און בין ניט אַזאַ באָקי אין די אַרבא שולכאָנאָרעכס, דעריבער קומט מיר, ער זאָל מיך רוידעפן און מעווייעש זײַן בא יעדער שײַלע, בא יעדער דין־טוירע?!.. שיק זשע אַף אים אָן, ריבוינעשעלוילעם, האָמאָנס מאַפּאָלע צו נײַעם יאָר, ער זאָל שוין פאַרגעסן ווי ער הייסט"! ווי איך האָב דאָס דערהערט, איז מיר באַלד אײַנגעפאַלן: אנו, לאָז איך זשע הערן, וואָס וויינט דער שויכעט?... איך קום צו צו זײַן סטענדער, הער איך, ווי ער וויינט: „אובעכיין, ריבוינעשעלוילעם! דיר איז דאָך באַוווּסט, אַז דער ראָוו איז אַן אַמאָרעץ, פאַרוואָס זשע קומט אים אַ כיילעק פון מײַנע סכירעס? ווײַז זשע אַרויס, גאָטעניו, דעם קאָוועד־האַטוירע און לאָז גאַנץ קאָהאָל זיך צעבונ־טעווען און אים מאַוור זײַן פון ראַבאָנעס". בין איך צוגעגאַנגען צום סטאַראָסטעס סטענדער, הער איך, ווי ער וויינט אַזוי ערנסט: „אובעכיין, ריבוינעשעלוילעם! ווו

זײַנען דײַנע ניסים־וועניפלאָעס, וואָס אונדזערע אָוועס האָבן דערציילט פון דיר? פארוואָס מײַן זיידע, מײַן טאטע האָבן אלע יאָר א נאבאָר, און איך — נאָר איין מאָל אין דרײַ יאָר?... זיי האָבן דאָך געפירט צען רעקרוטן אף איין קייט, און איך גיב א קייט אף יעדער רעקרוט באזונדער... זיי האָבן אָפגעגעבן די שענסטע באלעבאטישע קינדער פון שטאָט און איך לייג מיך, אינדערלענג און אינדערברייט — איך לאָז נאָר אָפגעבן פאָימעניקעס, מעג זײַן מיט א פראשפאָרט, מעג זײַן מיט א באָרד אריבער כאמישים... אפילע א מאן פון א ווײַב און קינדער, אפילע א בען־יאָכיד בא אן אלטער בלינדער אָרעמער מאמען — איז מיר אלציינס! איך צערײַס דעם פראשפארט און שטעל מיך דערמיט אײַן דאָס לעבן; איך פליק אים אויס די גרויע האָר פונעם קאָפ... האקלאל, איך טו קאָל האפאסלאָנעס שעבעוילעם און גיב זיי אָפ פאר סאָלדאטן, אבי מײַן קאָהאָל צו פארהיטן... צוס סאָף האָט מײַן זיידע, אָלאָווהאשאָלעם, געלאָזט נאָך זיך א ראד געמויערטע קלייטן; און מײַן טאטע, זיכרוינע ליוורָאכע — א מויער אין דרײַ גאָרן אף א גאנצן קווארטאל... און איך האָב מיך, קאם מיט צאָרעס, צוגעשלאָגן צו א פריציש הויפל אף פאראדנע פלאץ, צו א פערדישער מיל, א דוואָריאנסקע בײַדל, א פינף הילצערנע קלייטלעך, מישטיינס געזאָגט, און נאָך עפעס, ווייס איך דאָרט, א יאטקע מיט צוויי דרײַ שענקען — און א מײַסע מיט אן עק!... עמעס, כאסענע געמאכט מײַנע דרײַ מיידעלעך, זאָלן לעבן, אָבער וואָסערע איידעמלעך האָב איך גענומען? צאצקעס, טאכשיטימלעך, אז דו, גאָטעניו אליין, מעגסטו מעקאנע זײַן אף זיי... העלף זשע מיר, גאָטעניו, און שיק ארײַן דעם מיניסטער אין קאָפ ארײַן, ער זאָל גויזער זײַן — פראָמיר — כאָטש צוויי נאבאָרן אין יאָר! פון די הײַנטיקע יונגע אפיקאָרסימלעך וועט אפילע סטײַען אף דרײַ נאבאָרן א יאָר... לאָזן זיי, אָט די, וואָס טוען פון זיך אָפ דעם אויבערשטנס יאָך, אָט די העפקער־יונגען, מוירע באקומען פאר גאָט און פאר לײַטן". אוועקגייענדיק פון סטאראָסטע, האָב איך מיר אָנגעשלאָגן עפעס אין א גאנץ גרויסן סטענדער. איך קוק מיך צו, דאָס איז דער גאבע פון דער כעוורע־קאדישע. „אָ, טראכט איך, לאָמיך אומישנע הערן, וואָס וויינט ער?" — איך הער מיך צו. וויינט ער אזוי גאנץ שטיל, קאם וואָס מע הערט: „אובעכיין, ריבוינעשעלוילעם, נעכטן האָב איך אומישנע אונטערגערעכנט דעם פינקעס פון די מייסים אין יענעם יאָר. זײַנען בעסאכאקל געווען 52 שטיק אכוץ אויפעלעך און מאפעלעך, דאָס הייסט — קאם־קאם א מעס אף א וואָך! אײַ, דאָס איז אונטער זיי געווען בלויז קאבצאָנים?... נו, פרעג איך דיך, ריבוינעשעלוילעם, קען איך דען פון דעם לעבן, ווי לײַט לעבן?... מיילע, די קאשע, איך זאָל דיך בעטן אף אסאך מייסים — איז עפעס ווי קעגן דײַן ווילן... בעט איך דיר, גאָטעניו, באשער מיך אפן נײַעם יאָר א פינף־זעקס, פעטע, געפאשעטע מייסימלעך... דו ווייסט דאָך, גאָטעניו, וואָס איך מיין... און דערנאָך וועל איך דיך ווײַטער בעטן, דו זאָלסט מיר געבן די געלערנטע מיט די געבוילבעטע אין די הענט ארײַן, וועל איך שוין וויסן, ווי מיט זיי זיך אָפצורעכענען... אָט ליגט, אשטייגער, דער יאקטער געליימט שוין דרײַ כאדאָשים, ווי א גוילעם, מוטשעט זיך און מוטשעט זיך, דער רועך ווייס פונדעסטוועגן?... אמער מאך איך אים אָפ שוין די שפיל און זיי אים

מעשאלייעך אהין, אין די ווארעם־בעדער... צום געהענעם־שאמעש אף א קור; אי ער וועט געגעזונט ווערן און איך וועל דערוויַיל אָפּלעקן א פעט ביינדל". איך בין נאָך בא עטלעכע סטענדערס אויסגעווען און קימאט אלץ אזעלכע טרערן, וועלכע האָבן מיך באריירט צו לאכן מיט פּיאווקעס, אָבער קלאל ניט צו וויינען...

---

י. ל. פּ ע ר ע ץ.

# ער און איך.

זאָגסט: „די האקעסעף", שריַיבסט: „די האזאָהאָוו"!
דיַין איז וואָס ס'איז נאָר פאראן!
דו, גאָט, ביסט ריַיך! ליידער בין איך
א קאבצן, אן אָרעמער מאן.

---

י. ל. פּ ע ר ע ץ.

# גאָטס כעסעד.

דו ביסט דאָס ראכמאָנעס, דער כעסעד אליין!—
מע וואָלט אונדז אף קאשע צעריבן!
עס וואָלט פונעם שעפעלע צווישן די וועלטן
קיַין סאָריד־אופאָליט געבליבן!

הונגעריק זיַינען און דורשטיק די וועלף —
עס וואָלטן שוין ביינער געלייַכט!
ווען נישט דיַין נאָמען, דיַין הייליקער נאָמען,
געלויבט זאָל ער זיַין און געהייכט!

דיַין אייגן שעפעלע האָסט דו געוואָרפן
צווישן די וועלף מיט א טנײַ:
„אָט האָט איר דאָס שעפעלע, ראבויסים, און פרעסט
אייוורים נאָר מין האכיַי.

שארפט אייַך די נעגל און ריַיסט פון אים פאסן
מיט ציינער! און בלוט זאָלט איר כליפען!
נאָר נישט צו טויטן, וועלף, כאסוועשאָלעם!
עס מוז אייביק זשיפען"!

אָ, פאר דעם „אײביק", ווי דאנקט דיר דאָס שעפעלע
שטענדיק—סײַ ווינטער, סײַ זומער!
וואָס מער מע צופּט עס, וואָס מער מע רײַסט עס,
ווערט עס אלץ הייליקער, פרומער!

און העכער דערהויבט זיך זײַן הייליקער „מע"!
ווי דאנק איך דיר, גאָט, אין דער נויט!
ריבוינעשעלוילעם! אך! „מע—מע—מע!"
נאָך נישט דערקוילעט אף טויט!

* * *

אימרו לעלויהים[1]— כאָטש שרײַ צו דער וואנט (פאָלקווּאָרט).

---

סינקלער לויס

הײַנטצײַטיקער אמעריקאנער ראָמאניסט (געב. 1885)

# אונטער פיר אויגן.

כאָטש אין זעניט זײַנען געווען קימאט פירהונדערט טויזנט אײַנוווינער און אין באנדזשאָ קראָסינג בלויז נײַנהונדערט נעפּאשעס, איז פונדעסטוועגן דער אופּנאם־באנקעט לעקאָוועד עלמערן, וועלכער איז אײַנגעאָרדנט געוואָרן אינעם אונטערשטן עטאזש פון קלויסטער־געבײַדע אין זעניט, געווען מערקווירדיק ענלעך אפן אופּנאם־ווארמעס אין באנדזשאָ. דאָ זײַנען געווען אויך אזוינע אײנפאך־געקליידטע ברידער מיט מאזאָליקע הענט, אויך אזוינע אויסגעדיקנטע שוועסטער, בארימטע מיט זייער באקן זיסע פּירעזשקעס, אויך אזוינע פלינקע מענטשעלעך, וועלכע האָבן ליב געהאט צו לעצעווען. דאָ איז אָבער געווען אין פינף מאָל מער אוילעם, און עלמער איז געווען א ליבהאָבער פון צאָל.

ס'איז געווען ניט שווער צו דערקענען, ווער פון די אָנוועזנדע מיטגלידער פון גאבאָים־קאָמיטעט באם קלויסטער האָבן מער פארדינט זײַן אופמערקזאמקײַט. דער עלטסטער, ערנעסט אפּפּעלמוס, איז געווען אן אייגנטימער פון א גרויסער קאָנדי־טערײַ־פירמע. ער איז געווען ענלעך אף א גראָבטשינקן צעטראָגענעם ייִנגל, וועלכער איז פלוצלינג אופגעבלאָזן געוואָרן צו א געוואלטיקער גרייס; ער איז געווען זייער רײַך, ווי עלמערן האָט א שעפּטשע געטאָן מיס בענדל. ער האָט ניט געוווּסט, ווו זײַן געלט אהינצוטאָן, און ער פלעגט דאָס פאטערן אף ברילִיאנטן פאר דער ווײַב און אף גאָט־

---

1) דער ווירקלעכער טײַטש—זאָגט צו גאָט.

זאכן. עלמער איז געווען אויסערגעוויינלעך פריינטלעך מיטן מיסטער אפפעלמוס און זיין ווייב.

ניט אזוי רייך, אָבער נאָך מיט מער איינפלוס, ווי עלמער האָט פארשטאנען, איז געווען ריג, א באוווסטער אדוואָקאט פאר קרימינעלע איניאָנים, דער הויפט־מאשגיעך פון קלויסטער.

מיסטער ריג איז געווען א קליין מענטשעלע מיט טיפע קנייטשן אפן פּאָנעם מיט פריילעכע דורכדרינגענדיקע אויגן. ער איז געווען, ווי עלמער האָט עס טייקעף דערפילט, א גוט־ברודער בא א פלעשל. זיין פרוי האָט געהאט א מיידלשן פּענעמל, א קיילעכיקן, א צארטן און א בלאָ־אויגיקן, כאָטש זי איז שוין געווען אריבער פופציק. איר געלעכטער איז געווען א פריילעכער און אָן אָנגענעמער.

„אָט מיט דערדאָזיקער פּאָר קאָן מען זיך פריי צונויפגיין”,—האָט עלמער באשלאָסן און זיך געהאלטן נעענטער צו זיי.

ריג האָט געזאָגט:

— הערט נאָר, הויכווירדיקער, פארוואָס זאָלט איר מיט אייער ליבער פרוי ניט א פּאָר טאָן פונדאנען צו אונדז? מיר וואָלטן זיך פילן פריי, זיך גוט אָנגעלאכט, מיר וואָלטן אָפּגערוט פון דערדאָזיקער לאנגווייליקער קאָמפּאניע.

— מיטן גרעסטן פארגעניגן!—אָנעמענדיק די איינלאדונג, האָט עלמער א טראכט געטאָן, אז גלייכער וואָלט געווען זיך צו באגיין אָן קלעאָן, אויב ער וויל זיך האלטן און פילן פריי.—מיטן גרעסטן פארגעניגן; כ׳האָב נאָר מוירע, אז מיין פרוי האָט, נעבעך, שטארקע קאָפּשמערצן. מירן זי באלד אָפּשיקן אהיים, און איכל פּאָרן מיט אייך.

עלמער איז געווען שטארק צופרידן, זעענדיק, אז ריג האָט א לימוזין מיט א שאָפער; אים איז גאָר ווייניק אויסגעקומען ביזאהער אף אזוינעם צו פּאָרן. ער האָט ליב געהאט, אז בא זיינע ברידער אין קריסטוסן זאָל זיין א גוטער ארויספּאָר. דער אָנבליק פונעם לימוזין האָט אים אָבער ניט דערלאָזן זיך האלטן אזוי גוטברו־דעריש מיט די ריגס, נאָר מער דערעכערעצדיק און בוימלדיק. און ווען זיי האָבן איבערגעלאָזן קלעאָן לעבן האָטעל, האָט עלמער זיך גראציעז צוריקגעוואָרפן אפן פּלוישענעם געזעס, געמאכט א פּאַעטישן זשעסט מיט דער האנט און ארויסגערעדט:

— ווי הארצלעך זיי האָבן מיך באגריסט, דידאָזיקע ווילדע מענטשן! איך בין אזוי דאנקבאר! וואָס פאר א באגייסטערנדיקע הארץ־אויסגיסן!

— הערט זיך איין,—האָט ריג א שמייכל געטאָן,—בא אונדז מעגט איר אָפּלייגן די פרומקייט אָנאזייט! מיין פרוי און איך האָבן ליב די רעליגיע, מיר האָבן ליב די גוטע אלטע הימנען, זיי דערמאָנען אונדז אָן אונדזער קליין שטעטעלע, ווו מיר זיינען געבאָרן געוואָרן. און מיר זיינען זיכער, אז די רעליגיע איז א גלענצנדיקער מיטל אף צו האלטן אין צוים דאָס פּאָלק: זי צווינגט דעם מענטשן צו טראכטן וועגן דערהויבענע איניאָנים, אָנשטאָט די אלע שטרייקן, פּראגעס וועגן ארבעטלוין און וועגן דעמדאָזיקן גאנצן טייוול־געקעכץ, וואָס רייסט אונטער אונדזער גאנצן אינדו־סטריעלן רעזשים. און מיר געפעלט א גוטער מונטערער פריידיקער, וועלכער קאָן

באהערשן די אופמערקזאמקייט פון די צוהערער. דעריבער בין איך גערן א מאש־גיעך פון קלויסטער. אָבער מיר זיינען ניט פרום. און יעדעס מאָל, ווען ס'וועט זיך אייך וועלן אראָפּוואַרפן פון זיך דאָס אַלץ און זיין, ווי איר זייט—און איך רעכן, אַז אַזא געזונטן יאט, ווי איר, דאַרף גאַנץ אָפט נעמען איבלען פון די כליפּעניש פון די גלויביקע שוועסטער,—איז אָט, איז קומט דאַן צו אונדז, און אויב ס'וועט זיך אייך וועלן פאַרויכערן אָדער אַרונטערלאָזן א גלעזל מיט לעבעדיקן טראָפּן, ווי איך טו—איז מיילע—מיר וועלן דאָס גאַנץ גוט פאַרשטיין. ניט עמעס, מיין ווייב?

— נו, פאַרשטייט זיך!—האָט מיסיס ריג באַשטעטיקט.—און אויב די קעכן וועט ניט זיין אינדערהיים, וועל איך זיך אַריינכאַפּן אין קיך און אָפּקאָכן אייך א פּאָר אייער. און אויב איר וועט ניט אויסזאָגן די איבעריקע ברידער, איז קאָן זיך אַלע־מאָל בא אונדז געפינען א פלעשל צוויי עמעסדיקע ביר. איר האָט דאָס ליב?

— צי איך האָב ליב?—האָט עלמער אויסגערופן מיט סימכע.—נאָך א מין! איך מוז זאָגן, אַז עס איז א גרויסע דערלייכטערונג צו האָבן אין קלויסטער אַזוינע פריינט, מיט וועמען מ'קאָן פריי ריידן, ניט איבערשרעקנדיק זיי אַף טויט. אַסאַך פון די דאָ־זיקע מיספּאַלעלים קומען מיט א הייליקער מינע... ליבער גאָט, זיי ווילן גאָרניט דעם פּאַסטער דערלויבן צו זיין א מענטש מיט אַלעמען גלייך... איך וואָלט וועלן זיך מעיאַשעוו זיין מיט אייך, ברודער ריג,—האָט עלמער זיך געווענדט צו ריגן, בייס מיסיס ריג האָט דערלאַנגט סאַלאַט צו די קאַלטע הינדלעך,—אין דער ערשטער דראָשע מיינער דאָ ווייל איך זאָגן עפּעס קלוגעס, ס'הייסט, עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל צווינגען אַלעמען צו ווערן אופמערקזאַם און צו האָרכן. וואָס האַלט איר, אַשטייגער, וועגן א ניט קיין גרויסער דאָזע פּאַציפיזם?

— ע?

— איך ווייס, וואָס איר ווילט זאָגן. נאַטירלעך, אין דער צייט פון מילכאָמע בין איך אויך געווען אַזא פּאַטריאָט, ווי יעדער אַנדערער—בין אַרויסגעטראָטן אַף מיטינ־גען און—נאָך א כוידעש, וואָלט איך שוין געווען אין מונדיר. נאָר איך פאַרזיכער אייך, אייניקע קירכן האָבן געהאַט דערפאָלג, ווען זיי האָבן איצט, בייס די מילכאָמע האָט זיך שוין מיט מאַזל געענדיקט, גענומען שרייען וועגן פּאַציפיזם. אין דער דאָזי־קער ריכטונג זיינען אַרויסגעטראָטן אַסאַך פון די גרעסטע פּריידיקער. אַף וויפל איך האָב געהערט, האָט נאָך דאָ אין זעניט אַף דער טעמע קיינער ניט גערעדט, און דאָס קאָן אַרויסרופן א גרויסע סענסאַציע.

— יאָ, דאָס איז אַזוי. און, פאַרשטייט זיך, דעם פּאַציפיזם דאַרף מען דורכפירן, קאָלזמאַן ס'איז ניטאָ אין פּערספּעקטיוו קיין נייע מילכאָמע.

— און ווי רעכנט איר,—איר קענט דאָך די היגע געמיינדע,—וועט דאָס ניט מאַכן אַף זיי א שטאַרקן איינדרוק אַזא מין איידלמוטיקע דראָשע אין אַזא, אַזוי צו זאָגן, פּאָעטישן סטיל? אָדער וואָס, אַשטייגער, וועט איר זאָגן וועגן א גוטער, האָס־טיקער, אָפּענער אַטאַקע קעגן פאַרדאָרבענע זיטן? איך האָב אינזינען שיקרעס, אויס־געלאַסנקייט—לעמאָשל, קורצע קליידלעך... אַף נעמאָנעס, די מיידלשע קליידלעך ווערן מיט יעדן יאָר אַלץ קירצער!

— אָט דאָס איז א זאך, פאר דעם שטים איך!—האָט ריג אונטערגעכאפּט.— אָט מיט דעם קאָן מען זיי נעמען. אף צוציִען דעם האמוין איז ניטאָ קיין בעסערע זאך, ווי א גוט, געשמאק און פעט שטיקל מוכער וועגן פארדאָרבנקײַט. יאָ, כער! מוטיק אטאקירט דאָס אלץ—די שיקרעס, די שרעקלעכע געשלעכטלעכע צעלאָזנקײַט, וועלכע צעוואקסט זיך פאר דער לעצטער צײַט.—מיסטער ריג האָט פארטראכט צוגעגרייט דעם באלעבנדיקן געמיש, צונויפגיסנדיק דאָס פון פארשיידענע פלעשער; ער האָט דאָס אָבער געמאכט ניט צו שטארק, מאכמעס אפן אנדערן טאָג אינדערפרי האָט ער באדארפט פארטיידיקן אין געריכט א דאמע, וועלכע ווערט באשולדיקט אין האנדלען בישטיקע מיט וויַין.—יאָ, ריכטיק! אנדערע זאָגן, אז אזעלכע דראָשעס מאכן א סענסאציע, נאָר איך ענטפער אף דעם שטענדיק: אויב נאָר דער פּאסטער ציט צו אין קלויסטער אן אוילעם—און זייער ניט פיל פארשטייען, ווי שווער עס איז צונויפצושטעלן א גוטע דראָשע וועגן פארדאָרבנקײַט, גוט אופצוטרייסלען דעם אוילעם און ניט ארײַנפאלן אין א צו סקארבאָוון טאָן—אויב נאָר איר ציט צו אן אוילעם, קאָנט איר אים אונטערטראָגן דעם גוטן, סאָלידן, אלטן גלויבן, ווײַזן אים דעם וועג צו דערהויבונג און לערנען אים זיך אונטערווארפן די געזעצן און ערלעך טאָן אן ארבעט פאר ערלעכן לוין, אָנשטאָט דעם, וואָס ער זאָל יעדע רעגע קוקן אפן זייגער, ווי דאָס טוען מײַנע קלערקן, וועלכע טויגן פארן שווארציאָר. יאָ, אויב איר ווילט וויסן מײַן אייצע, פּרוווט די טעמע „פארדאָרבנקײַט"... הערסטו, מײַן ווײַבעלע, ווי מיינסטו, דעם פּאסטער וועט שאָקירן דער אנעקדאָט, וואָס מארק האָט אונדז דערציילט וועגן דער שטובן־מיידל מיטן קאָמיוואָיאזשאָר?

עלמער איז ניט געווען שאָקירט. אגעוו, האָט ער אליין געהאט אנטקעגן אן אנדערן מער פּיקאנטערן אנעקדאָט.

אהיים איז ער אוועק איינס אזייגער באנאכט.

* * *

ס'זײַנען זייער וויכטיק אלע מאטעריאלן, וואָס זײַנען שײַעך צו די פארייניקטע שטאטן פון צאָפן־אמעריקע, ווו עס ווײַזט זיך ווייניקער ארויס די אָפיציעלע קאזיאָנע מעלוכישע פארבינדונג צווישן רעליגיע און קאפּיטאל. דערפאר אָבער ווערט אונדז קלערער, אז די אזוי־גערופענע „מאָדערנע דעמאָקראטיע" (פאר וועלכער עס שלאָגן זיך אזוי זינלאָזיק קאָפּ־אָן־וואנט די מענשעוויקעס, עסערן, טיילווײַז די אנארכיסטן א.א.וו.) שטעלט מיט זיך פאָר ניט וואָס אנדערש, ווי פרײַהײַט צו פריידיקן דאָס, וואָס דער בורזשואזיע לוינט צו פריידיקן; און פריידיקן לוינט איר די אמערסטן רעאקציִאָנערע אידייען, רעליגיע, פינצטערניש, דאָס פארטיידיקן די עקספּלואטאטאָרן א.ד.ג. (לענין).

---

# גאָט פארלאָזט ניט.

ווען גאָט איז מײַן שפּײַזער, וואָס האָב איך צו זאָרגן?
פארזאָרגט ער מיך הײַנט ניט, פארזאָרגט ער מיך מאָרגן.
געדויערט עס לענגער, דאַן הייסט ער מיר באָרגן;
דאַן הייסט ער מיר באָרגן, דאַן הייסט ער מיר לײַען.
ווען גאָט איז מײַן שפּײַזער, דאַן פעלט ניט צום קײַען;
ווען גאָט איז מײַן שפּײַזער, דאַן—בין איך א קײַזער,
ווי וויל איז דעם מענטשן, וואָס גאָט איז זײַן שפּײַזער!—
אפן לעצטן פאַל הייסט ער אים גיין אין די הײַזער.

ווען גאָט איז מײַן פאסטעך, דאַן פעלט מיר קײַן פאשע.
ער הייסט זיך מיר שטאָפּן מיט כומעש און ראשע.
ווען גאָט איז מײַן פאסטעך, טאָ פרעג מיר קײַן קאשע;
דאַן דארף איך קײַן צאר און קײַן שווערעניש טראָגן,
דאַן גיי איך מיר לײַכט, מיט א ליידיקן מאָגן,
א ליידיקן מאָגן, א ליידיקן פאקעט,
דאַן גיי איך מיר גרינג, ווײַל איך גיי פּאָשעט זשאקעט,
ווער רעדט פון א זייגער? ווער רעדט פון א לאקעט?

ווען גאָט איז מײַן פאסטעך, וואָס האָב איך צו דײַגן?
ער הייסט מיר דערווײַלע נאָר קוקן און שווײַגן,
נישקאָשע, ס'וועט קומען א צײַט, ער וועט צײַגן,
די גוטסקײַטן זײַנע, ער לאָזט ניט פארדארבן.
ער וועט מיך באלוינען שוין, לאָזט מיך נאָר שטארבן!
ער וועט מיך באלוינען, ער וועט מיך פארגעלטן
מיט גליקן, וואָס טרעפן אין לעבן זיך זעלטן:
מיט דרײַ הונדערט צען פון די פּרעכטיקסטע וועלטן...

* * *

די סאָציאַלע אונטערגעדריקטקײַט פון די ארבעטנדיקע מאסן, די קלוימערשטיקע הילפלאָזיקײַט פאר די בלינדע קויכעס פון קאַ־פּיטאליזם, וואָס פארשאפן יעדן טאָג, יעדער שאָ טויזנט מאָל גרויליקערע יעסורים, ווילדסטע לײַדן די געוויינטלעכע ארבעטער־לײַט, איידער אלערליי אויסערגעוויינטלעכע געשעענישן, ווי מיל־כאָמע, ערד־ציטערנישן א. א. וו. אָט אין וואָס איז דער טיפסטער מאָדערנער וואָרצל פון רעליגיע (לענין).

ד. פינסקי.
(געב. 1872).

# ערעוו יאָמקיפּער.

### א שפּיל צווישן - איין ציג און אסאך וועלף.

אין דריי טיילן.

## ערשטער טייל.

## די ציג.

ערעוו יאָמקיפּער, ארום האלבן טאָג.

ר׳ עליע דער טוך־פאבריקאנט גרייט זיך צו ערלעך פאנאנדערצאָלן זיך מיט זײַנע ארבעטער, לעקאָוועד יאָמקיפּער! דער בוכהאלטער מיטן קאסיר מאכן די רעכענונגען און ציילן אויס דאָס געלט.

ער וויל זיך אפילע פּרײַנטלעך צעזעגענען מיט זיי. אפן גרויסן שרײַבטיש שטייט א גרויסע פלאש בראנפן, טעלעכע גלעזלעך, עס ליגט אסאך אָנגעשניטענער לעקעך. ער וויל זיי ווינטשן, זיי זאָלן ניט דארפן אָנקומען צו פרעמדע הענט.

ער גייט ארום הין און צוריק איבער זײַן קאָנטאָר. ער איז שטארק פארנומען מיט זײַנע געדאנקען און דאפקע ניט געשעפט־געדאנקען—ערעוו יאָמקיפּער איז ניט א צײַט פון געשעפט.

ר׳ עליע איז א פרומער ייִד. גאָר אָן סאָפעק. אין א לענגלעכן ראָק מיט לענגלעכע פייעס, וועלכע זײַנען פארבארשטן צוזאמען מיט דעם באקנהאָר פון זײַן גרויסער, ברייטער באָרד. און גלאט—ר׳ עליע!

ער וויל קומען א ריינער צום מאָרגנדיקן מישפּעט. ער ווייס אָבער, אז די ארבעטער האָבן אים שוין ניט איינמאָל פארקלאָגט באם „מעלעך־עליען״, וויל ער זיך מיט זיי אָפּטײַנען. ער ווייזט זיך אויף, אז ער איז שטענדיק גערעכט געווען: די ארבעטער זײַנען פּאָשעט „קעשענע־גאנאָווים״! זומער האָבן זיי פּלוצלינג געמאכט „יאדאכעס״ און אופגעהערט צו ארבעטן. א גאנצן כוידעש! א רעציכע!

— „שטרײַק—שטרײַק״!—טראכט ר׳ עליע,—„שטרײַק רופן זיי עס נאָך אָן! גנייווע, גזיילע, פון מויל דעם ביסן!... ניט שטרײַק—שמײַק. וואָס פאר א נאָמען זיי טראכטן נאָך אויס!״...

ער האָט געוואָלט אראָפּנעמען א האלב רובל פון שטיק. ער האָט געוווּסט, וואָס ער טוט. ער האָט געמוזט טאָן: אים אונטער דער נאָז וואקסט אויס א קאָנקורענט.

דאָס איז אפילע ניט קײַן שטארקע טײַנע. ער פילט עס. דערצו האָט ער ניט פּינקטלעך געצאָלט, געפּרוווט א פּאָר מאָל אײַנדרייען, צושטעלן, פארשרײַבן גוטע סכוירע פאר שלעכטע און גאָרניט באצאָלן—נאָר ער האָט עס געמוזט, גאָט איז זײַן

איידעס—געשעפט! ווי זאָגט מען עס—אין האנדלשאפט, די גאנצע וועלט טוט אזוי. אָבער דער שטרײַק!

„און גלאט״, מיינט ר׳ עליע, „זײַנען די יונגע ארבעטער ניט ווערט, וואָס די ערד טראָגט זיי. גויִם, ווארע גויִם, א ייִדישער פונק איז ניטאָ אין זיי. אזעספּענעמער, ניטאָ עלטער, ייִנגער—פון גאנצן אויסגעטאָן״.

איין פענצטער פון קאָנטאָר גייט ארויס צו דער גאס, און ר׳ עליע זעט, ווי אין גאס לעם טויער הויבן זיך שוין אָן צו קלײַבן די ארבעטער. זיי מאכן מיט די קעפּ אין דער זײַט פון קאָנטאָר. אָט פארגלייזט א יונגער אַרבעטער, פון א יאָר דרײַ און צוואנציק, געצל לעק, די אויגן און גיט א וואָרף מיט די הענט, ווי ר׳ עליע, ווען ער זידלט אן ארבעטער. די יונגע ארבעטער ארום געצלען צעלאכן זיך.

ר׳ עליע קערט אָפּ די אויגן פון פענצטער בערויגעזדיק.

— וועט שוין זײַן אמאָל א סאָף?—ווענדט ער זיך אומגעדולדיק צום בוכהאלטער מיטן קאסיר. ער וויל שוין מער אין פענצטער ניט קוקן און וועגן די ארבעטער ניט קלערן. „גאָרנישטן!״ באשליסט ער אין מויעך און ווארפט אומגערן זײַן בליק אף דער גאס: געצל שטייט אין דער פּאָזע, ווי ר׳ עליע, ווען ער וויל אײַנשמועסן אן ארבעטער, אז ער האָט בא אים אָנגענומען מער געלט.

— וואָס ציט זיך עס דאָרטן בא אײַך, ווי פון פּעך?—שרײַט אויס ר׳ עליע צו די קאָנטאָריסטן.

„ער וועט שוין בא מיר ניט ארבעטן״, טראכט ער וועגן לעק,—„אויסוואורפן זײַנען דאָס עפּעס, איינגאמעכאָד צווישן זיי״.

אים פאלט אײַן, אז די לײַטלעך האָבן גאָר קיין ווערט ניט בא דעם קאָוועיאָכל [1], ער האָט גאָר לאכלוטן ניט וואָס צו מוירע האָבן פאר זייערע טײַנעס.

ער נעמט זיך פארן טילים. איצט וועט ער זיך גאָר אינגאנצן אײַנקויפן באם רי־בוינעשעלוילעם...

צווייטער טייל.

# די וועלף.

א מאן זעכציק ארבעטער שטייען אין הויף און אין גאס לעם טויער, אלע אָנגעטאָן יאָנטעוודיק—אין ריינע העמדער און אין שאבעסדיקע בגאָדים. נאָר די ייִנגלעך, וועלכע דרייען זיך צווישן זיי ארום, זײַנען אָפּגעריסן און קימאט אלע באָרוועס.

מע שטייט רעדלעכווײַז. אלטע מיט אלטע, יונגע מיט יונגע. מע איז אומגעדולדיק, וואָס מע לאָזט זיי אזוי לאנג ווארטן. די געשפּרעכן קלעפּן זיך עפּעס ניט. די ייִנגלעך הויבן אָן צו שפּילן אין „כאפּעניש״, נאָר באָרעך דער אלטער, דער עלטסטער צווישן די ארבעטער, שרײַט אף זיי אָן. „עס איז הײַנט ניט א צײַט פון שפּילעניש״,

1) קאָוועיאָכל—א סינאָנים פון דעם ייִדישן גאָט.

מיינט ער. די קינדער רײַסן איבער דאָס שפּילן. אין א ווײַלע ארום שלאָגן זיי זיך פאר א קנעפּל.

נאָר ארום געצל לעק איז נאָך אביסל פריילעך. ער זיצט אף א טומבע לעבן טראָטואר, הויבט שטיינער אוף פון דער ערד און צילט אין די פייגל, וועלכע שפּרינגען אום אינמיטן גאס, אָדער אין פארבײַגייענדיקע מיידלעך. ער טוט עס לאנגזאם, אָן כיישעק. מע דארף דאָך די צײַט אראָפּשטופּן. גלאט איז ער איצט אינקאעס אף ר׳ עליען, גיט ער נאָך מיט עפּעס דאָס האַרץ.

די באָכערים ארום אים האָבן פארגעניגן, נאָר די אלע ארבעטער, וועלכע שטייען אָנגעשפּארט אין טויער, קוקן אף אים אָנגערוקט.

— בא אים זײַנען אלע צײַטן גלײַך,—מורמלען די אלטע.

דער יונגער אוילעם קוקט געצלען אין מויל ארײַן: וואָס וועט ער ענטפערן? ער פילט אף זיך די בליקן, נאָר ער ענטפערט גאָרניט, כאָטש אין קאָפּ דרייען זיך ארום אלערליי ענטפערן. ער האָט שיר ניט געזאָגט, אז א מיידל געפעלט אים שטענדיק. אָבער ער האָט עס ניט געזאָגט, ער האָט זיך געפוילט.

— וועסט מאָרגן קומען מיט מיר פאסטן?—פרעגט ער פלוצלונג בא א פארבײַגייענדיקער דינסט.

— וואָס זאָגסטו צו זײַן קאָפּ!—ענטפערט דאָס מיידל און גייט פאַריבער. זי קוקט זיך דאָך אין אים אײַן: צי וואָלט עס איר געלוינט?

— מעגסט זיך טאקע באגראָבן לעבעדיקערהייט, פּראָסטער גוי דו!—צעבייזערט יך דער אלטער באָרעך.—ערעוו יאָמקיפּער, ניט ערעוו יאָמקיפּער—ניטאָ קיין כילעק!

— ר׳ עליעס זכוס וועט מיר בײַשטיין,—ענטפערט געצל פויל. ער וועט זײַן פאר מיר א גוטער בעטער...

— אין גיכע צײַטן נאָר,—כאפּט אונטער א באָכער,—פאר מיר און פאר קאָל יִסראָעל...

— ווענוימער אָמיין!—זינגט אויס אן אנדער באָכער.

— שארלאטאנעס!—ריידן צווישן זיך די אלטע ארבעטער.

— ערעוו יאָמקיפּער, ניט ערעוו יאָמקיפּער—גאָרניט!—מורמלט באָרעך.

ער איז אויך ניט גאָר שאָלעם מיט ר׳ עליען. עס ליגן אים גוט אין קאָפּ טויזנטערליי אומגערעכטיקײַטן, וועלכע ער האָט פארטראָגן פון אים. דאָך וועט ער ערעוו-יאָמקיפּער ניט מאכן דערפון קײַן רייד. מע טאָר ניט! א דאמסוינע אפילע איז ער מויכל בימכילע גמורע, לעכאָלעפּאָכעס אף די ליפּן וועט ער קיין קלאָלע ניט ארופברענגען. די שקאָצים—זאָל גאָט ניט שטראָפן פאר די רייד!—זײַנען פּאָשעט „אָסער לעראכעם״.

— אָבער וואָס געווערט עס דאָרטן אזוי?—פרעגט מיט אומגעדולד אן אלטער ארבעטער.

— ער ציילט זײַנע אוויירעס,—ענטפערט דער לעק געלאסן.

און אין א ווײַלע ארום גיט ער צו:

— ער מוז אָנגרייטן פאר אונדז א דראָשע, ווי פאראיאָרן. נו, קינדערלעך, האָט אײַך א „שימע טויבע״,—הויבט ער אָן מיט ר׳ עליעס קאָל,—דער אויבערשטער זאָל

אייך צעברעכן די קעפּ... איך מיין די הערצער, און איר זאָלט האָבן א גרינגן טאָנעס, קאָלזמאַן איר וועט לעבן.

דאָס יונגוואַרג צעלייגט זיך פאַר געלעכטער, די אַלטע וואַרפן קרומע בליקן.

— ערעוו יאָמקיפּער, ניט ערעוו יאָמקיפּער—ביסט א גוי, טאָ שמאַד זיך אין אַלדע רוכעס!—זידלט זיך באָרעך.

— אין קאָנטאָר! אין קאָנטאָר!—דערהערן זיך קולעס פון הויף.

די אַרבעטער רירן זיך.

— קומט אָנקוקן דעם קאָשערן פּאַרצעף,—זאָגט געצל, אופשטייענדיק פון טומבע. דאָס יונגוואַרג גייט מיט אים מיט א שמייכל אף די ליפּן.

דריטער טייל.

## דאָס שפּיל.

ר׳ עליע זיצט אף זײַן אָרט באַם טיש און קוקט אַרײַן אין כעשבן. דאָס גאַנצע געלט ליגט פאַר אים. הײַנט וויל ער באַצאָלן מיט דער אייגענער האַנט. עס דאַכט זיך אים, אַז דאָס איז א מיצווע... ער וועט נאָך באַגיין זיך מיט די אַרבעטער—וואָס ווייכער. ער פילט א וואַרעמקײַט אין גאַנצן קערפּער—עס דאַכט זיך אים, אַז ער איז א צאַדעק. און ער ווערט אַלץ בעסער און בעסער. זײַן קוק אף די אַרבעטער באַקומט אפילע א פרײַנטלעכן אויסדרוק.

די אַלטע מיט די ייִנגלעך שטייען פאָרויס, די יונגע לײַט—פונהינטן. געצל שטייט מיט אַן ערנסטער מינע אפן געזיכט, נאָר זײַנע אויגן קוקן איראָניש אפן באַלעבאָס. ער ווייס עפּעס ניט, וואָס פאַר א שטאָכוואָרט ער זאָל זאָגן.

און דאָס יונגוואַרג קוקט אַרײַן געצלען אין די אויגן.

— נו, קינדערלעך,—ווענדט זיך ר׳ עליע פרײַנטלעך צו די אַרבעטער,—מיר וועלן זיך פאַנאַנדערצאָלן און צעזעגענען. איר דאַרפט דאָך מיסטאָמע האָבן דאָס געלט.

— נאָך ווי,—ענטפערט עמעץ.

— אַוואַדע, אַוואַדע!—זאָגט ר׳ עליע גאָר ווייך.—מיר וועלן דערפאַר קיין שיִעס ניט מאַכן. נו, באָרעך!

פון אוילעם טיילט זיך אָפּ באָרעך דער אַלטער און גייט צו צום טיש.

— יאַאַמויד ר׳ באָרעך!—זאָגט אויס געצל.

די אַרומיקע פאַרדעקן די מײַלער און קוקן אף דער ערד.

באָרעך באַקומט זײַן געלט, באַהאַלט עס אין קעשענע און וויל אַוועק.

— האָט אײַך א כסימע...—הויבט ער אָן.

— וואַרט, וואָס אַנטלויפסטו?—האַלט אים אָפּ ר׳ עליע,—מיר וועלן אונדז אפריער פאַנאַנדערצאָלן מיט אַלעמען, דערנאָך וועלן מיר אונדז צעזעגענען, ווי געהעריק, מיר וועלן נעמען אביסל „מאַשקע“... וואָס אַנטלויפסטו!? אויזער!—רופט ער אויס א צווייטן אַלטן אַרבעטער.—מיר זײַנען דאָך עפּעס ייִדן, הײַנט איז ערעוו יאָמקיפּער,—רעדט ער ווי פאַר זיך, אַרײַנקוקנדיק אין כעשבן.

— גרייט אָן דראָשע־געשאנק.—וויצלט געצל.

ר׳ עליעווארפט א בליק אין געצלס זײַט. ער קאָן ניט לײַדן די גאנצע כעוורע, וואָס שטייט דאָרטן. נאָר ער שטארקט זיך און טרײַבט פון זיך די סינע. ער וויל איצט אַף קיינעם קיין סינע ניט טראָגן. און עס דאכט זיך אים, אז דער „מעלעך עליען״ זעט אלץ, וואָס עס טוט זיך בא אים אין הארצן, און ער ווערט אלץ פריי־לעכער און בעסער.

— איך האָב געוואָלט בעטן, איר זאָלט מיר געבן עפּעס מער געלט,—זאָגט אויזער מיט א געבעט.

— מער געלט איז היינט ניטאָ,—האָט ר׳ עליע ווייך גאָר אומגערן ארויסגערעדט.

ער כאפּט זיך אָבער באלד: מע האָט ניט געדארפט אָפּזאָגן. נאָר אים פאלט איין, אז נאָך יאָנטעוו וועט ער אויזערן ניט האלטן מער, און אויזער וויל, דאכט זיך, אליין אוועקגיין פון אים. און גלאט ער זאָל געבען אויזערן, דארף ער שוין אלעמען געבן, וואָרעם אלע וועלן בעטן, זיי דארף מען נאָר דאָך באוויייזן א דערעך.


א טאָנעס.

— שמערל!—רופט ער אויס א דריטן אלטן ארבעטער.

— איר וואָלט מיר געטאָן א גרויסע טויווע. איך דארף אזוי נויטיק!—רעדט אויזער זיינס.

און ר׳ עליע וויצלט גוטהארציק:

— איך דארף אויך, שמערל דארף אויך. זאָג, שמערל, דו דארפסט אויך?

— אָ, נאָך ווי דארף איך!—ענט־פערט יענער.—איך האָב טאקע איין געוואָלט בעטן...

— זעסט, הא?—ווענדט זיך ר׳ עליע צו אויזערן.—סימכע!—רופט ער אויס א פערטן. ער וויל שוין פארגעסן דעם גאנצן פּאָרפּאל מיט אויזערס באקאָשע.

— אָבער איך מוז!—שטייט צו אויזער.—איך האָב מיך אָפּגעבעטן בא בייניש דעם וואָכערניק ביז היינט...

— ביסט א קינד און גאָר,—זאָגט ר׳ עליע ווייך, כאָטש עס פארדריסט אים שוין אויזערס אקשאָנעס.—עפראָים!—רופט ער אויס.—ביסט א קינד,—זאָגט ער ווייטער צו אויזערן אזוי זיס, אזוי הארציק,—איך זאָל דיר געבן, דארף איך געבן באָרעכן, שמערלען, עפראָימען—דארף איך אלעמען געבן. אלע דארפן. איך ווייס דען ניט,

אז אלע דארפן? בא דיר, עפראַים, איז, דאכט זיך, א טאָכטער קראנק? וואָס מאכט זי?—פרעגט ער דעם ארבעטער מיט ראכמאָנעס...

— וואָס זאָל זי מאכן? ליגט! איך וואָלט געהאט געלט...—ענטפערט עפראָים אָן כיישעק און פארצווייפלט.

אויזערס געזיכט איז פארקרימט פון הארצווייטיק. ער קוקט זיך אום מיט די כאַ־ווײרים. די כאווײרים שטייען אלע אָנגערוקט. אפילע באָרעך איז איצט אינקאעס.

— געפונען דעם געבער,—שעפטשעט באָרעך.

— גלײַך ער וואָלט אים ניט געקאָנט,—מורמלט סימכע.

— ע, כע־כע!—זיפצט אָפּ עפראָים.

— ערעוו יאָמקיפּער, ניט ערעוו יאָמקיפּער,—ברומט אונטער געצל אין באָרעכס טאָן.

אויזער זיפצט אָפּ און רוקט זיך ארויס פון קאָנטאָר.

— ערעוו יאָמקיפּער, ר׳אויזער!—שיקט אים נאָך א יונגער ארבעטער.

— ע־ע־עך!—מאכט אויזער מיט דער האנט און גייט אוועק.

ר׳ עליע פילט, אז די ארבעטער פארמאסערן אים ווײַטער פאר דעם „מעלעך עליען”. „דאָס איז א כעוורע”, טראכט ער, אויסרופנדיק איין ארבעטער נאָכן אנדערן. „זיי האָבן דען ליב ארײַנגיין אין דעם באלעבאָס לאגע? גיב און גאָר!—מער ווייסן זיי ניט”.

עס פארדריסט אים אפילע, וואָס ער האָט זיך אָנגעהויבן מיט אויזערן. נאָר, בע־דיעווער, אז עס האָט זיך שוין אזוי געמאכט——ע!

— געצל!—רופט ער אויס ווייך. ער וויל זיך אפילע מיט זײַן גרעסטן סוינע זייער פרײַנטלעך באגיין.

— איך בין דאָ!—שרײַט אויס דער לעץ און לאָזט זיך גיין צום טיש.

— מאָרגן איז יאָמקיפּער, געצל! מוסערט ר׳ עליע,—געצל. מאָרגן—יאָמקיפּער!

— אָ, איך ווייס!—קרעכצט אָפּ געצל.

— ביסט א שייגעץ, געצל, א גרויסער שייגעץ,—מוסערט ווײַטער ר׳ עליע, אָפּ־געבנדיק אים דאָס געלט.

— א שלעכטע וועלט, ר׳ עליע, ניטאָ זיך פון וועמען גוטס אָפּלערנען, ר׳ עליע,—שטעכט זיך דער לעץ.

— ביסט א שייגעץ, א גרויסער שייגעץ,—זאָגט ר׳ עליע מיט א האלבן מויל און רופט אויס אן אנדער יונגן ארבעטער.

געצל איז ניט צופרידן. ער האָט צו ווייניק און שלעכט אָפּגעענטפערט. געדארפט אים עפּעס ארײַנלאָזן א שפּילקע, עס זאָל אים פארכאפּן בא דער נעשאָמע. די כאווײרים זײַנען אויך ניט צופרידן. און זיי האָבן אזוי געוואַרט אויף דעם ספּעקטאקל.

א שוויַיגנדיקער פארלאָזט געצל די קאַנטאָר,־ שוויַיגנדיקע גייען אוועק די יונגע־ לײַט, אָפּנעמענדיק זייער געלט.

ר׳ עליען שטעכט, וואָס זיי גייען אוועק, נאָר ער שטעלט זיי ניט אָפּ. ער ווייס, אז אומזיסט וועט זײַן די טירכע. דער ערעוו יאָמקיפּער מאכט אויך ניט ווייך זייערע הערצער. רעשאָים! און ער ווערט אלץ ווייכער און ווייכער צו די איבעריקע. די קינדער גיט ער אפילע צושטײַער אף מאכזיירים—ער באקוקט מיט ניצאָכן אלע אר־ בעטער. און באָרעכן דאכט זיך, אז ר׳ עליע האָט פאָרט א יידיש הארץ.

דאָס פאנאנדערצאָלן זיך איז געענדיקט. ר׳ עליע שטייט אוף פון דעם שטול מיט א זייער פרײַנטלעכער מינע.

— נו, ברידערלעך,—זאָגט ער לעבעדיק,—איצט וועלן מיר אונדז צעזעגענען, ווי עס דארף צו זײַן, מאכן לעכײַים, פארבײַסן.—ער הויבט אָן אָנגיסן די גלעזלעך באָרעך, שמערל עפראָים און סימכע זײַנען פון די ערשטע.

— לעכײַים, ר׳ עליע,—ווינטשן זיי,—דער אויבערשטער זאָל אײַך געבן א כסימע טויווע...

— אָמיין, גאמאטעם!—ענטפערט ר׳ עליע פרום און פרײַנטלעך.—נאט לעקעך... גייט געזונטערהייט אהיים, האָט א גרינגן טאָנעס, און בעט עפּעס אויס, ברידערלעך, א גוט יאָר, גוטע געשעפטן—גיי בערקע, נעם אביסל בראָנפן—דאָס נײַע יאָר זאָל זײַן בעסער, ווי דאָס אלטע—וואָס טרינקסטו ניט אינגאנצן, שלימעזאלניק דו! נא, א שטיקל לעקעך—מע טאָר ניט זינדיקן, א מענטש דארף דאנקען גאָט פאר יעדן טאָג, וואָס ער לעבט איבער...

— באָרעך אדוינוי יוים יוים,—זאָגט אונטער באָרעך מיט א זיפץ.

— אוואדע אזוי,—רעדט ווײַטער ר׳ עליע,—נאָר דאָך מעג דאָס נײַע יאָר זײַן אביסל בעסער—גייט, קינדער, נעמט צו ביסלעך בראָנפן—נו, און איך בין אײַך אלץ מויכל, אלץ. איר זײַט זיך אפילע ניט אָרנטלעך באנאנגען מיט מיר, נאָר גאָרניט—נא, לייבקע, וואָס שטייסטו פונווײַטן?—נאָר גאָרניט...

— איר אף אונדז דארפט אוואדע גיט בערויגעז זײַן,—האלט זיך עפראָים ניט אײַן.

— ניין, איר האָט זיך זייער ניט פײַן באגאנגען,—שטייט ר׳ עליע אף זײַנס.— דער שטרײַק—ניטאָ וואָס צו ריידן... ע—וואָס ארט אײַך! דאָס הייסט מיט גוואלד ארויסגעריסן בא מיר! נאָר גאָרניט. מויכל, אלץ מויכל. עס גייט א יאָמקיפּער, לאָמיר בלײַבן גוטע פרײַנט.

נאָר די אלע ארבעטער פילן זיך באליידיקט.

ער איז גאָך גערעכט! ער איז נאָך מויכל!

און באָרעך דערפילט, אז ר׳ עליע האָט אין זיך ניט א טראָפּן יידיש בלוט.

בערויגעזדיקע הויבן זיי אָן פארלאָזן די קאָנטאָר.

— גייט געזונטערהייט,—רעדט זיי נאָך ר׳ עליע און פילט, אז דער אָפּגרונט צווישן אים און זיי איז נאָך גרעסער געוואָרן.—איך זאָג אײַך, איר מעגט בעטן פאר

דער עקספּאנסיווער באָוושאָווער, וועלכער האָט געהאַט אַזאַ וואַכזאַם האַרץ און שאַרף אויג פאר דער נאטור, האט געשריבן:

„אָ, לאָז מיך, נאטור, מײַן געליבטע, מײַן זיסע,
באַדעק, אָ, דײַן הימלישע ברוסט;
דײַן אָטעם׳ דײַן הויך איז פאר מיר איצט אַ טפיסע,
איך טאָר ניט פארזינקען אין לוסט״.

באָוושאָווערס נאטור־לידער זײַנען שטענדיק ניט קײַן פּייזאַזש־לידער אייגנטלעך, נאָר שטורמישע, פאַנטעזיסטישע געזאַנגען וואָס דריקן אויס זײַן רעוואָליוציאָנערן ווירכעדיקן געמיט, ווי דאָס איז בעשײַטע געווען בא די דײַטשישע „שטורמער״. דעריבער טאַקע זײַנען דאָסראָוו באָוושאָווערס נאטור־לידער — לידער פון „דונערס ווילדן קראַכן״. דערדאָזיקער „דונער״, אַזוי ווי „דער יאַם״ און „דער פעלז״—זיי אַלע פילן אויס אַ באַשטימטע רעוואָליוציאָנערע פונקציע: ווען דער דיכטער שטייט „אַמאָל באַם יאַם באַנאַכט״, דערמאָנט ער זיך, אַז אַזוי ווי דער יאַם זיפצט און קרעכצט, אַזוי זיפצט און קרעכצט „די פרײַהײַט אַף דער וועלט, דערשטיקט פון רויבער, קנעכט פון געלט״. ענלעכע סאָציאַלע אַסאָציאַציעס רופט אַרויס „באַם יאַם אַ טײַכל״, דער דונער א. א. וו.

דידאָזיקע טראַדיציע איז אײַנגעהיט געוואָרן אויך אין דער מאָסקווער יִדישער אַרבעטער־פּאָעזיע, וועלכע ווייסט אויך, ווי די עלטערע יִדישע אַרבעטער־פּאָעזיע, אַז זי „טאָר ניט פארזינקען אין לוסט״, אין יאָרן פון פארביטערטע שלאַכטן. אינטערעסאַנט איז אָבער דאָ צו ברענגען אַ ליד, ווו דער אַלטער טראַדיציאָנעל־באָוושאָווערישער געוויכער־פּייזאַזש ווערט איבערגעפלאָכטן מיטן נײַעם לירישן פּייזאַזש, וואָס שפּילט אַזאַ באַדײַטנדיקע ראָלע אין כאַריקס און באַזונדערס אין פעפערס לידער פון בירגער־קריג (פעפערס „ווייצענע וועלט״).

אָט דידאָזיקע ליד ש. לעוומאַנס איז אָפּגעדרוקט אין „כוואַליעס״ נום. 4־3, 1921:

„נאַכט אַף פרעמדע וועגן,
שלאָף אַף פעלדער קאָרן.
יעדער ווינט בא וועגן,
ווי אַ ווײַטער האָרן.
זאַנגען כוואַליעס שליסן,
לויפן ערגעץ פלעכטיק,
קיינער קאָן ניט וויסן
ווו איך טאָג און נעכטיק.
— — — — — — — —
קום זשע אָן, געוויטער,
פון באַפלאַמטן טורעם,
שענק מיר אויך דעם ציטער
פון ניצאָכן־שטורעם״.

די ערשטע צוויי סטראָפן, וואָס דערמאָנען אַזוי אין פעפערס לירישע פּייזאַזשן פונעם בירגער קריג, ענדיקן זיך מיט אַ טראַדיציאָנעל־באָוושאָוועקישן אַקאָרד: דאָ

האָט איר אי דעם „געוויטער", אי דעם „באפלאמטן טורעם", אי דעם „ניצאָכן־שטורעם".

די „אייגנס"־קריטיק לייזט אָט דידאָזיקע פראָבלעם פון „געמישטן" סטיל גאנץ לײַכט: זי דערקלערט, אז דער „באפלאמטער טורעם" נעמט זיך דערפון, וואָס ש. לעווומאן און זײַנע כאוויירים זײַנען „פראַקלאמאטיווע גאַרנישטלעך", וואָס דארפן זיך „דיכטעריש זעלבסטבאגרענעצן". וואָס זשע טוט מען אָבער מיט א גאנצער ריי דיכטער, וואָס אפילע די „אייגנס"־קריטיק וועט ניט אָנרופן „פראַקלאמאטיווע גאַרנישטלעך", לעמאָשל, א. כאריק, ש. ראָסין, כ. גילדין, אבארבאנעל א. א.?

די לאגע ווערט נאָך מער קריטישער, בעפייערעש פיקאנט, ווען מיר וועלן אָנווײַזן, אז אזא דיכטער, ווי א. קושניראָוו, וועלכער איז אינגאנצן אופגעהאָדעוועט געוואָרן אף דער פּאָעטישער קולטור פונעם „אייגנס"־ווינקל, האָט אויך געפילט אף זיך, אין יענע יאָרן, א געוויסן דרוק פון דער „נאקעטער" ליניע, פונעם „באפלאמטן טורעם" א. א. וו.

וואָס זײַנען קושניראָווס „עקראַן־ווענט"־לידער, אויב ניט אן אויסדרוק פון יענער ריטאָרישער „נאקעטער" ליניע?

אף בלויען פּאק־פּאפּיר פון דער כארקאָווער קאָמסאָמאָלישער „ארבעטער־יוגנט" האָט קושניראָוו געדרוקט זײַנע לידער פון „אומזיניקע שיפן",—אָבער אָט דאָסדאָזיקע פּאָעטישע געשטאלט איז דאָך אויך אין א גרויסער מאָס געווען אין איינקלאנג מיט דער קאנאָניזירטער „נאקעטער" פּאָעטיק.

לייענט אָט דידאָזיקע שורעס:

„פּאר יוגנט פארשײַטער און דרייסטער,
וואָס האָט אירע האפנס
אף שיפן פון אומזין פארביטן,
וואָס דענקט ניט און ווייסט ניט
פון זיכערע רויִקע ברעגן..."

די שיף־געשטאלט, וואָס ווערט דאָ פאנאנדערגעוויקלט, האָט זיך געפונען אין א גאָר נאָענטער קרוויוועשאפט מיט דער שיף־געשטאלט פון דער מאסאָווער ארבעטער־פּאָעזיע [1] און אפילע (ווי אפיקאָרסיש עס זאָל ניט קלינגען) מיט דער רעוואָלוציאָנערער פּובליציסטיק פון די ערשטע אָקטיאבער־יאָרן.

---

[1] מיר לייענען בא מ. ווינטשעווסקין:

„אונדזער שיפעלע איז קליין
און אונדז פעלט א קאפּיטאן,
און מיר גייען גאנץ אליין
אפן בייזן אָקעאן.

שטארק איז אָבער אונדזער רודער,
אונדזער מאסט און אונדזער זעגל,

„דרײַ יאָר שטײַגט די סציִאַלע רעוואָליוציע אין רוסלאַנד. דרײַ יאָר שטייט דער אַרבעטער־קלאַס באַם רודער פון אונדזער מעלוכע־שיף. דורך ווינט און שטורעם, איבער די ברויזנדע כוואַליעס פון דעם לעבנס־יאַם האָט דער אַרבעטער געפירט זײַן ראַטן־שיף, אָפּהיטנדיק זי פון אַלע סאַקאָנעס. און ווײַט און געפערלעך איז נאָך איר שטורעם־וועג צום רויִקן האַפן פון דער סאָציִאַליסטישער אָרדענונג".

דאס איז פון א לייט־ארטיקל אין קאָמיוגישן זשורנאל „כוואַליעס", נום. 3־4. ווי איר זעט, זײַנען קושניראָווס „שיפן" און „האפנס" און „טורעמס" צונויפגעפאַלן מיט דער „נאקעטער" „יעווסעקישער" פּאָעטיק.

פארשטייט זיך, ווען מיר ריידן וועגן דער געמיינזאמקייט פון געשטאלטן־וועלט, ווילן מיר דערמיט ניט אראָפּנעמען די פראגע פון טעכנישער פארפולקאָמטקייט. די יונגע מאסאָווע ארבעטער־פּאָעטן זײַנען אין הינזיכט פון טעכניק, פון שרײַבערישער קולטור געקומען קימאט נאקעט און אין די באדינגונגען פון שטורמישע קאמף־יאָרן ניט באוויזן אכטונג צו געבן אף דער „מאָס און וואָג פון דער שורע". ס'איז שווער פּאָרויסזאָגן ווער פון אָט די אַלע מאסאָווע ארבעטער־פּאָעטן, וואָס האָבן זיך צעזונגען אין די ערשטע יאָרן פון אונדזער אָקטאבער־רעוואָליוציע, האָט געקאָנט ווײַטער מיט דערפאָלג פאָרזעצן זײַן דיכטערישן וועג. זייער פיל פון אָט די „פּאָעטישע רעוואָליוציאָנערן" האָבן איבערגעריסן זייער דיכטערישן וועג, קעדיי צו „באזינגען" די רעוואָליוציע אין פראקטישער פּראָפּאריינישער ווירטשאפטלעכער און פּארטעיִשער ארבעט. קיינער אָבער פון דעם „אייגנס־ווינקל" וועט ניט קאָנען אָפּלייקענען דעם פאקט, אז פון די שפּאלטן פון פּארטעיִשער און קאָמיוגישער פרעסע אונדזערער איז ארויסגעוואקסן א פּלעיאדע קרעפטיקע שרייבער: כאריק, ראָסין, אקסעלראָד, גילדין, אבארבאנעל, איזראעליט א. א.

מ'האָט באדארפט האָבן א גרויסן גלויבן אין די שעפעריִשע קויכעס פונעם פּראָלעטאריאט, מ'האָט באדארפט האָבן א דיִאַלעקטישן כוש פאר סטילן־קאמף, קעדיי

> און באַם רודער שטייט א ברודער,
> פרײַהײַט שטייט אף אונדזער דעגל".

דיזעלבע שיף־געשטאלט טרעפן מיר בא עדעלשטאטן:

> „איך זע א רויטן זעגל,
> מיט זילבערנעם שוים באשפריצט,
> ער לויפט צווישן שטורמישע וועלן,
> עס קראכט, עס דונערט, עס בליצט.
>
> אונטער דעם רויטן זעגל
> זע איך א פּראָלעטאר.
> מיט זײַן אײַזערנער האנט אף דעם רודער
> שטייט ער שטאָלץ אין געפאר".

דידאָזיקע שיף־געשטאלט האָט די ארבעטער־פּאָעזיע גענומען פון דער אלגעמיין־ראדיקאלער פּאָעזיע, ווו דער „איינזאמער זעגל" (לערמאנטאָוו) פלעגט באדינען די בונטארישע געפילן פונעם ראָמאַנטיקער, וועלכער „זוכט דעם שטורעם, ווי עס וואָלט אין שטורעם זײַן די רו".

דורך אָט די קוים מערקבארע אָנהויבן, „געמישטע" סטילן, דערזען דעם דיכטערישן גאנג פון א קלאַס, וועלכער הויבט איצט אָן צו קאָלופּען מיט דער פּען, קעדיי שפּעטער זיך פאנאנדערוואקסן אין א פּרוכטבארער פּראָלעטארישער ליטעראטור-באַוועגונג.

די „אייגנס"-קריטיק האָט ניט פארמאָגט ניט אָט דעם גלויבן און ניט אָט דעם כּוש. די „שטאנדהאפטיקע עפּאָס-עלעמענטן" זיינען אף דעם ניט פעיִק געווען.

* * *

— נו, און די פּראָזע?—גיט זיך אכזאָריעסדיק א לאָז אף אונדז די גאנצע כאָפּטע „שטאנדהאפטיקע עפּאָס-עלעמענטן",—ווו איז די פּראָזע—אָט די „קעניגן" פון אלע ליטעראטור-זשאנרען, אָט די ברייטלייוונטדיקע, הונדערט-זייטלדיקע פּראָזע?

— ניטאָ,—ענטפערן מיר אין א היפּשער פארלעגנהייט, און די פארב שטעלט זיך אונדז אין פּאָנים,—ניטאָ, כאָטש נעם טו זיך א מייסע אָן! מיר האָבן געזוכט אין די פארשיידענע באָלשעוויסטישע און קאָמיוגישע צייטונגען און זשורנאלן פון יענער צייט—ניטאָ...

— אהא!—פאלן ארײַן אין ניצאָכן די „שטאנדהאפטיקע עפּאָס-עלעמענטן"—מיר האָבן אייך געזאָגט, אז מיט אייער „נאקעטער" ליניע הארגעט איר אוועק די ליטעראטור!

— נײַט מויכל,—ווערן מיר בא זיך שטאָלצער און גייען איבער אין אָנגריף,—זייט מויכל, כאָשעווע „שטאנדהאפטיקע עפּאָס-עלעמענטן", נו און ווו זיינען א י י ע ר ע פּראָזאישע „ברייטע לייוונטן"?

א סוואָרע, אז עס זיינען פאראן געזעצן, וואָס זיינען שטארקער פאר די טעאָריעס פון די „שטאנדהאפטיקע עפּאָס-עלעמענטן". ניטאָ קיין פּראָזע! זי האָט ניט געקענט זיין! זי איז געפאלן א דערשטיקטע אונטער די רעדער פון יענעם געשיכטלעכן לאָקאָמאָטיוו, וואָס הייסט רעוואָליוציע. דער צייטונג-ייִנגל מיטן פּעקל „עקסטרע-ביילאגע" האָט די פּראָזע אויסגעקאָנקורירט. דער פלינקער פּאָעט, דער טשאסטושקע-זינגער, דער עסטראדע-קופּלעטיסט איז איר דעם וועג פארלאָפן. דער פּראָזאיִקער האָט ניט געקאָנט באווייזן מיט דערזעלבער שנעלקייט, וואָס די „עקסטרע-ביילאגע" און דער „עסטראדע-פּאָעט", נאָכלויפן נאָכן רעוואָליוציאָנערן לאָקאָמאָטיוו. דאָס האָט א שייכעס ניט בלויז צו די „פּראָקלאמאטיווע גאָרנישטלעך" פונעם „יעווסעקישן" סעקטאָר, נאָר צו אונדזער גאנצער ליטעראטור.

אין דער רוסישער ליטעראטור, ווו די פּראָזע איז ניט אינגאנצן פארשוויגן געוואָרן אין די ערשטע נאָכאָקטיאבערדיקע יאָרן, איז אויך קאָנסטאטירט געוואָרן א קריזיס פון דער פּראָזע. אין „מאָסקווער פּראָלעטקולט" נומ. 2 פארן 1921 יאָר איז אָפּגעדרוקט אן ארטיקל פון כ. פּטשעלינצעוו וועגן דער פּראָלעטארישער בעלעטריסטיק. אינעם ארטיקל ווערט געזאָגט:

„און אויב מע קאָן איצט אין עפּעס זיך פאנאנדערקלייבן, איז נאָר, ווען מע קוקט זיך דערצו צו פונדערווייטנס. צי קאָן מען אָבער בלייבן א רויִקער צושויער, צי קאָן מען אף א מינוט כאָטש

אויפקגיין פון אָט דעם קאָכעדיקן קאַמף־געגנעם, צי קאָן מען אין דעם מאָמענט טראַכטן וועגן עפּעס אַנדערש, אַכוץ ברענען מיט פּײַער פון האַס, פון ניצאָכן־דורשט און פּילן, אַז דו דאַרפסט שרײַען, רופן, באַגײַסטערן, ביז ס׳וועט ניט קומען דער ניצאָכן".

דאָ איז געגעבן געוואָרן די גרונט־דערקלערונג, פאַרוואָס די שטורמישע טקופע פון די ערשטע אָקטיאַבער־יאָרן האָט זיך ניט געלאָזט פאַרקערפּערן אין „ברייטע לײַוונטן", פאַרוואָס דער פּראָזאַיִקער האָט אָפּגעטראָטן דעם וועג דער פּאָעזיע.

דאָס הייסט ניט, פאַרשטייט זיך, אַז די ערשטע אָקטיאַבער־יאָרן האָבן ניט געגעבן אויסט פון קיין פּראָזע. אַפילע דער „יעווסעקישער" סעקטער, וועלכער איז ביכלאַל געווען אָרעם אין אויסגעשולטע פּראָזע־קויכעס, האָט פאַרמאָגט זײַן פּראָזע—די אייגנאַרטיקע פּראָזע פון שטורעם־יאָרן. דער ליריש־פּאַטעטישער עטיוד און די סענטימענטאַלע שטייגער־נאָוועלע—ביידע אייגנאַרטיק איבערגעפלאָכטן, ווי מיר האָבן דאָס געזען אין דער אַמעריקאַניש־ייִדישער אַרבעטער־ליטעראַטור, — אָט דאָס זײַנען די פאָרשטייער פון דער פּראָזע אין אונדזערע באָלשעוויסטישע און קאָמיוגישע צײַטונגען און זשורנאַלן אין די ערשטע אָקטיאַבער־יאָרן.

דער ליריש־פּאַטעטישער עטיוד—דאָס איז געוויינטלעך אַ מין „פּאָעזיע אין פּראָזע", אָן אַ וועלכן ניט איז שטייגערדיקן פּאָן, אָן אַ סיוזשעטישן רוקן־ביין. די צענטראַלע פיגור איז די געשטאַלט פון דער „פרײַהײַט" מיט אַ „רויזן־קראַנץ" אַפן ברוסט.

אָט איז אַ בײַשפּיל: מע פירט צו דער טליִע אַ יונגן קאָמיוגיסט.

„גייענדיק אָט אַזוי זײַן לעצטן וועג, האָט זיך כײַיִם אַרומגעקוקט און פּלוצלונג האָט ער דערזען אַ שיינע פרוי מיט אַ רויזן־קראַנץ אין די הענט, ווי זי גייט נאָך אים טראָט נאָך טראָט.

— ווער זײַט איר?—האָט ער פאַרוואונדערט געפרעגט.

— איך בין די פרײַהײַט—האָט זי שטיל געענטפערט, גלײַך ווי אַ ווינטל האָט אַ וויי געטאָן.—זעסט דעם קראַנץ אין מײַנע הענט? דאָס זײַנען טראָפּן בלוט פון די אַלע, וואָס זײַנען פאַר מיר געפאַלן. און אויך אַ טראָפּן פון דײַן בלוט וועל איך אין מײַן רויזן־קראַנץ אײַנוועבן"... (מ. סלאַווין—כוואַליעס—נומ. 4—3).

פאַר דער מאָסקווער אַרבעטער־ליטעראַטור איז אָט דידאָזיקע געשטאַלט פון דער „פרײַהײַט" מיט „אַ רויזן־קראַנץ אין די הענט", מיט דער אַסאָציִאַציע אַף „טראָפּן־בלוט" ניט קיין נײַס.

בא באָוושאָווערן געפינט איר בוכשטעבלעך דיזעלבע געשטאַלט, מיטן זעלבן „רויזן־קראַנץ":

„איך האָב זיך געשווינד אומגעקוקט און אָ, וווּנדער! איך האָב דערזען פאַר זיך אַ געשטאַלט פון אַ פרוי. ניין, ניט קײַן פרויען־געשטאַלט, נאָר אַ מאַלעך, אַ הימלישעס וועזן, נאָך עטוואָס העכערס . ווי אַ הימלישעס וועזן איז דאָס געווען. זי האָט אַרופגעלייגט איר צאַרטע ליליען־האַנט אַף מײַן שולטער...

אָך, ווי געטלעך זי האָט אויסגעזען אין איר שניי־ווײַסן קלייד, מיט דער רויטער בלום אַפן ברוסט...

(באָוושאָווער, געז. שריפטן 1, 197)

דאָ האַנדלט זיך אויך וועגן דער „פרײַהײַט־געשטאַלט", וואָס אַנטפּלעקט זיך פאַרן דיכטער.

איצט קומט אויס בא אונדז זייער נאַיִוו אָט דער „רויטער בלום“ און די „בארטע ליליען־האנט“.

עס שאדט ניט אָבער צו דערמאָנען, אז א ד ײַ ע ם קאָנט איר זען פארן מאָסק־ווער ראט א גרויסע קאָלאָנע מיט דער טראדיציאָנעלער פ ר ו י ע ן ־ ג ע ש ט א ל ט פון דער „פרײַהײַט.“..

אין א נאָענטער קרויוועשאפט מיט אָט דעמדאָזיקן ליריש־פאטעטישן עטיוד גע־פינט זיך די סענטימענטאלע ליבע־נאָוועלע. אין דער פארעוואָליוציאָנערער ארבע־טער־פראָזע האָט דער סענטימענטאלער ליבע־מאָטיוו געשפילט דיזעלבע בונטארישע ראָלע, וואָס ער האָט געשפילט אין דער ראָמאנטישער ליטעראטור פון אלע שטורעם־און דראנג־טקופעס. די ליבע האָט געזאָלט אף אן אייגנארטיקן אויפן אופרײַסן די קאָנסערוואטיווע מאכט פונעם נעכטן. אזא ליבע־מאָטיוו איז געוויינטלעך באראמט מיט דער געהעריקער ראם פון סענטימענטאלן פייזאזש, באגלייט מיט די געהעריקע „ער־לעכע פאָרטרעטן“ און באהויכט מיטן געהעריקן געהיימניספולן נעפל.

אָט נעמט, לעמאָשל, א מוסטער פון אזא דערציילונג אין כארקאָווער „קונסט־רינג“ פאר 1919 יאָר. דער מעכאבער פון דער דערציילונג („אין די בערג“) איז מארק האָכבערג. די מײַסע קומט פאָר אין שווייץ, אין א קור־הויז. א באָכער פארליבט זיך אין א סטודענטקע—„א שלאנק מיידל מיט גרויסע אויגן, אירע שלאנ־קע פאָרמען צייכענען זיך אומבאשטימט אונטערן לייכטן טשעסוטשא־קלייד“. דער באָכער, פארשטייט זיך, קושט „איר לענגלעך אריסטאָקראטיש הענטל“. דאָס מיידל איז אָבער געהיימניספול—פארומערט. עס ווײַזט זיך ארויס, אז זי האָט ליב געהאט אײנעם א „פאָליטישן“ שורקע. שורקע איז געלאָפן פון קאטאָרגע און מע האָט אים דערשאָסן. דאָס מיידל בענקט נאָך איר געליבטן און דערווײַל קושט זי זיך מיטן באָ־כער: „דער הימל האָט זיך געעפנט איבער אונדז און ארויפגעשיקט זײַנע ווײַסע מאלאָכים“—אזוי ווערט געשילדערט דאָס קושן זיך. דערנאָך ברענגט מען א בריוו פונעם פארשטאָרבענעם שורקע, און דאָס מיידל, „ווי א שטאָלצע קראנקע מאלקע“, אנטלויפט פונעם באָכער. דער הימל און די בערג ווערן „באדעקט מיט שווערע וואָלקנס. איבערן טאָל איז געלעגן א ווײַסער געדיכטער נעפל“.

צום אלטן סענטימענטאלן ליבע־קאנאָן „אפן שויס פון דער נאטור“ איז צוגעקר־מען בלויז דער פאָליטישער שורקע—א מין צינז דער רעוואָליוציע. דאָס איבעריקע איז אלץ ווי געוועזן: „דערהויבענע שויס פון דער נאטור“ (שווייצער בערג), שלאנ־קע פאָרמען פון אונטערן לײַכטן טשעסוטשא־קלייד“, „ווײַסע מאלאָכים“ און „א שטאָל־צע קראנקע מאלקע“.

אָבער דיזעלבע „שלאנקע פאָרמען“ און „ווײַסע מאלאָכים“ טרעפט איר אויך אין וויטעבסקער ק אָ מ ו נ י ס ט י ש ן „פרײַער ארבעטער“ פארן 1918 יאָר. ס'איז דאָ אייגנטלעך דיזעלבע מײַסע מיט א ליבע צווישן א באָכער מיט א מיידל אפן פאָן פון דער רעוואָליוציע. אינקורצן איז די מײַסע אזא: א באלעבאטיש מיידל, וואָס האָט געהאט פארשלאָסן אין קאמאָד אירע אמאָליקע פאפירלעך פון דער גימנאזיע („גאָלע פינפן!), האָט זיך דערוווּסט, אז די רעוואָליוציע האָט באָטל געמאכט אירע „פינפן“.

איז זי, פארשטייט זיך, זייער אומעטיק. זי באקאנט זיך אָבער מיט א באָכער, וועל־כער טרייסט זיי:

„נארישע ביילקעלע, דו פארשטייסט אליין ניט, אז אף דײַן אומגליקלעכער פארגאנגענהײַט בײַס זיך איצט א ליכטיקע צוקונפט... און דאָ האָט גרישקע צום ערשטן מויל זיך דערלויבט ביילקען א קוש צו טאָן אין שטערן, פון וואָס ביילקע האָט דערפילט, אז זי איז נאָך גאָרניט אזוי עלנט און אומגליקלעך".

די קאָמיוגישע פּראָזע ווייסט אויך פון אָט דעם מין ליבע־מאָטיוון „לעשעם רע־וואָליוציע". דאָ זײַנען שוין ניטאָ די „ווײַסע מאלאָכים", ניטאָ אפילע די „שלאנקע פּאָרמען" ס'איז אָבער פארבליבן דער קאנאָניזירטער „ערלעכער" פּאָרטרעט פון אן אקטיוויסט מיט אן אקטיוויסטקע. אזא, לעמאָשל, איז די דערציילונג „צו א לעבן א נײַעם" (א. סאפראָ—„כוואליעס" נום. 4—3).

עס האנדלט זיך וועגן אן אקטיוויסטקע, וואָס פאָרט אָפּ פון דער אָרגאניזאציע און דער כאווער פיליפּ קאָן אָן איר ניט בלײַבן:

„אין פיליפּס אויגן האָבן זיך באוויזן טרערן, און ער האָט ניט געקענט פארענדיקן זײַן גע־דאנק, פון זײַנע בליקן און צעמישטקײַט איז קענטיק געווען, אז ער קלײַבט אויס א מאָמענט צו אנטפּלעקן פאר איר פארבאָרגענעס און הייליקעס".

די טרערן און די „פארבאָרגענע און הייליקע" ליבע געהערן צום סאָציאל־סענטי־מענטאלן קאנאָן. דער „ערלעכער" פּאָרטרעט פון דער אקטיוויסטקע שטרײַכט נאָך מער אונטער אָט דעם קאנאָן:

„זי האָט געהאט שווארצע קלוגע אויגן, וואָס פלעגן מיט מאָדנע בלישטשענדע שטראלן בא־לײַכטן איר גאנצן ווײַסן ריינעם געזיכט מיט עפּעס א באזונדער הארציקער און צערטלעכער נע־שאָמע־זיסקײַט".

דער פארליבטער אקטיוויסט איז ניט ווייניקער „ערלעך":

„וויטיע האָט די גאנצע צײַט, ווען פיליפּ האָט גערעדט, מיט בלישטשעדיקע אויגן געקוקט אף פיליפּן, און ערשט איצטער האט זי צום ערשטן מאָל ארײַנגעקוקט אין טיפקײַט פון זײַן נעשאָמע און האָט באמערקט וויפל ערלעכקײַט גוטסקײַט און שענקײַט אין איר ליגט באהאלטן".

ווי איר זעט, האָט אפילע די קעמפערישע קאָמיוגישע רעדאקציע פון „כוואליעס" ניט געקאָנט בײַקומען די „נעשאָמע־זיסקײַט" פונעם „ערלעכן" ליבע קאנאָן.

דיזעלבע „נעשאָמע־זיסקײַט" האָט גויוועך געוועזן דעם קאָמוניסטישן שרײַבער ש. טאָמסיני („אין א שיינעם פרימאָרגן"—„קאָם. וועלט" נום. 15—14):

„ער ליבט זי, ס'פליסט א שטיל טײַכל צווישן פרילינג־גראָז. די ערשטע זונען־שטראלן בא־שײַנען דעם הימל. די ערד זינגט און זיי גייען און שווײַגן..."

דאָס שרײַבט א באָלשעוויק—א פארטיי־טוער אין א קאָמוניסטישן זשורנאל אין טעג פון שטורמישן קאמף! דער פּאָעטישער קאנאָן פון אָט דער אייגנארטיקער „נע־שאָמע־זיסקײַט" אפּן פאָן פון רעוואָליוציע וואָלט בעשום אויפן ניט פארמאָגט אין זיך אזא קראפט, ווען אין דער אָביעקטיווערווירקלעכקײַט גופע וואָלטן ניט געווען יענע סאָציאל־סענטימענטאלע רעשטלעך, מיט וועלכע עס איז דורכגעלאָטעט אונדזער

ווירקלעכקײַט. האָט דאָך די פאקנטרעגערישע און דערנאָך די ארבעטערישע סענטי־מענטאַלע ליטעראטור א גרויסע צײַט געהאט א באדײַטנדיקע ווירקונג אף אונדזערע ברייטע האָרעפּאשנע און באַלעמעלאָכישע מאסן. דער מאסן־לייענער פלעגט גאנץ באטירלעך, לייענענדיק איין און דעמזעלבן נומער פון דער „קאָמוועלט", איבער־גיין פון גילדינס „מעטאלורגישע" לידער צו דעם „שטיל טײַכל צווישן פריילינג־גראָז". דער „פריילינג־גראָז" און דער „ערלעכער" פּאָרטרעט פון דער אקטיוויסטקע האָבן מאשמאָעס נאָך פארמאָגט אין זיך א געהעריקע אָנלאָדונג פון רעוואָליוציאָנערער אופ־רײַס־קראפט. מיר וועלן אין אָט דערדאָזיקער פּראָזע גאָרנישט ניט פארשטיין, אויב מיר וועלן אין איר ניט זען אן אייגנארטיקן, שווערן דיאַלעקטישן גאנג פון א קלאס, וועלכער גייט פונעם באלמעלאָכישן ווארשטאט, פונעם קליין שטעטל, פון פּאַלקסטימ־לעכן סענטימענטאליזם צו זײַנעם א נײַעם קלאסן־סטיל.

אָט בא דעם רונג פון סענטימענטאליזם האָט זיך אָנגעכאפּט א געוויסער טייל פון דער שרײַבערישער מיטלויפערישער אינטעליגענץ, וועלכע האָט אין פּלאן פון מיטארבעט באזאָרגט אונדזערע באַלשעוויסטישע אויסגאבן ‚מיט א ריי אזעלכע סענטימענטאַלע שטייגער־נאָוועלן. אזא, לעמאָשל, איז די דערציילונג פון ר. בראָ־כעס — „געלקע" („קולטור און בילדונג" — נומ. 17־16־15), א מײַסע וועגן אן אָרעם קינד, וואָס דארף אָנקומען צו א רײַכער קרויווע. דערזעלבער אייגנארטיקער קינדער־שער פּראָטעסט איז אויסגעדריקט אין דער דערציילונג פון יוינע ראָזענפעלד —„דער אויסוואורף" („קאָמוועלט"). דאָס אונטערגעדריקטע און באליידיקט אָרעמע קינד האָט גע־געבן דעם נויטיקן שטאָף פאר סענטימענטאַלער „נעשאָמע־זיסקײַט".

גאָר באזונדער שטייט דער ארבעטער־שרײַבער שאָלעם איזראעליט, וועלכער דרוקט אין „קולטור און בילדונג" זײַנע „זיכרוינעס פון א סאָלדאט". ס'איז דער ערשטער פרווו אין דער ליטעראטור פון אָט דעם פעריאָד צו פארצייכענען קינסט־לעריש די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע. די עטלעכע עסקיזן, וואָס זײַנען אָפּגעדרוקט, האָבן בעפיירעשע איידעס געזאָגט, אז דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט א צוזאָגנדיקן פּראָ־זאַישן קויעך. בא דער גאנצער פּאציפיסטישער באפארבונג און טעכנישער שוואכקײַט פון אָט דעם דעביוט שטייט אָבער ש. איזראעליט אָפּגעזונדערט פון דער סענטימענטאַל־שטייגערישער „נעשאָמע־זיסקײַט", וואָס האָט אין א גרויסער מאָס באהערשט דאָס ביסל פּראָזע, וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין אונדזערע באַלשעוויסטישע און קאָמוּ־נישע אויסגאבן.

אזוי האָט זיך שווער געוויקלט דער דיאַלעקטישער גאנג פון אונדזער פּראָזע. אפילע מיט א פּאָר יאָר שפּעטער, ווען די פּראָלעטארישע ליטעראטור האָט אָנגע־הויבן בוילעט זיך אָפּגרענעצן פון דער ארומיקער מיטלויפערישער ליטעראטור, האָבן נאָך ניט אופגעהערט אָטאָ די פּראָזע־ווייען. די פּראָזע האָט „ניסטעריש" געשטאמלט. די פּראָזע האָט „לינקע" קונצן געוויזן.

עס האָט זיך געפּאָדערט א מעכטיקער בוי־אופשטײַג אין אונדזער לאנד; עס האָט זיך געפּאָדערט, מיר זאָלן ארײַנטרעטן אינעם רעקאָנסטרוקציע־פּעריאָד, קעדיי די נײַע פּראָלעטארישע פּראָזע זאָל א וואקס טאָן.

זי האָט זיך ניט וואָס צו שעמען, אָט די נײַע יונגע פּראָלעטאַרישע פּראָזע, מיט איר דורכגעמאכטן וועג, מיט אירע טאָעסן, זוכענישן, מיט אירע ליידן: אזוי ווערן געבאָרן סטילן! זיי שפּרינגען ניט ארויס פון דער העלער הויט, זיי זײַנען ניט קײַן רעזולטאט פון לאבאָראַטאָרישע רעצעפּטן, אָפּגעריסן פון דער ווירקלעכקײַט, פון דער אָביעקטיווער מאטעריעלער געזעצמעסיקײַט. די שעפּערישער קריטיק באזירט זיך אין איר קאמף אף אָט דער אָביעקטיווער ווירקלעכקײַט, זי קאָן זי אָבער קיינמאָל ניט פאַרבײַטן. די שעפּעדישע קריטיק קען לינדערן די, אָדער יענע סטיל־ווייען,—זי קאָן זיי אָבער ניט ליקווידירן.

די „אייגנס“־קריטיק האָט געפּרוווט איגנאָרירן אָט די ווירקלעכקײַט, איז זי גרויזאם באשטראָפט געוואָרן: זי איז אליין איגנאָרירט געוואָרן.

* * *

די מארקסיסטישע היסטאָריאָגראפיע האָט געמאכט א סאָף צו דער געשיכטע פון „העלדן“ און קייסאָרים.

לאָמיר מאכן א סאָף צו דער געשיכטע פון „ליטעראטור־גענעראלן“ און „גענעראלסקע“ סטילן![1]

די אלטע מעטאפיזישע ליטעראטור־געשיכטע האָט ניט געוווסט פון באוועגונג דורך קעגנזאצן.

די אלטע מעטאפיזישע ליטעראטור־געשיכטע האָט ניט געוווסט פון סטילן־קאמף, פון דיאלעקטיש־סטירעסדיקע סטילן, אלס אויסדרוק פון דער אָביעקטיווער מאטעריעלער לעבן־דיאלעקטיק.

דעריבער פלעגן בא איר סטילן אויסוואקסן פון דער העלער הויט—„ריטיטשקע“ אָן פּעגימעלעך. דעריבער פלעגט זי פאַרשפּרייטן דעם בילבל, אז איבערגאנג־פּעריאָדן זײַנען סטיללאָזע, „גאקעטע“ פּעריאָדן.

מיר האָבן ניט קײַן גרונט מוירע צו האָבן פאַר דיאלעקטיק פון איבערגאנג־פּעריאָדן, און מעמיילע האָבן מיר ניט קיין גרונט צו פאַרנאַפּטאלינעווען שטורמישע עקופּעס.

„דאָס ווידערשפּרעכלעכע פירט פאָרויס“!

1929.

---

1) דאָס נעמט ניט אראָפּ, פאַרשטייט זיך, די ראָל פון דער קינסטלערישער פּערזענלעכקײַט, — עס מאכט אָבער א סאָף צו דער ב י אָ ג ר א פ י ס ט י ש ע ר, מעטאפיזישער ליטעראטור־געשיכטע.

# סטיל־זוכענישן.

די פּראָבלעם פון סטיל איז איצט אוועקגעשטעלט אין צענטער פון אונדזער מארקסיסטישער ליטעראטור־קענטעניש.

אוועקגעשטעלט—דאָס איז, פארשטייט זיך, ווײַט נאָך ניט געלייזט, אָבער שוין אינעם עצעם *אוועקשטעלן* די פּראָבלעם פון סטיל אלס *וויסנשאפטלעכע* פּראָבלעם—אין דעם אליין שטעקט שוין א *גרויסע דעראָבערונג* פון דער מארקסיסטישער ליטעראטור־קענטעניש.

ביז דער מארקסיסטישער ליטעראטור־קענטעניש איז ביכלאל די פּראָבלעם פון סטיל, *אלס וויסנשאפטלעכע* פּראָבלעם קימאט ניט געשטאנען. דערצו האָט דער ניטמארקסיסטישער ליטעראטור־פאָרשונג געפעלט דאָס וויכטיקסטע, וואָס איז נויטיק אין א וויסנשאפטלעכער ארבעט,—ס'האָט איר געפעלט דער פארשטאנד פאר *מאטעריאליסטיש־אָביעקטיווער* געזעצמעסיקײַט אין ליטעראטור, ס'האָט איר געפעלט דער כוש פאר היסטאָרישקײַט, פאר דיאלעקטיש־מאטעריאליסטישן פארשטיין די פּראָצעסן פון סטיל־פאָרמירונג. דאָס ביסל היסטאָרישן און מאטעריאליסטישן כוש, וואָס די ברזשואזיע האָט געהאט אין פעריאָד פון איר רעוואָליוציאָנערן האָניקמאָנאט, האָט זי פון לאנג שוין פארלאָרן.

אונדזער אימפּרעסיאָניסטישע, פאָרמאליסטישע קריטיק פון די לעצטע יאָרצענדליקער איז ניט זעלטן אָפּן ארויסגעטראָטן אפילע קעגן דעם עצעם טערמין „וויסנשאפטלעכע קריטיק". אין זײַן בוך „Борьба за стиль" האָט דער רוסישער קריטיקער ל. גראָסמאן אינגאנצן מעוואטל געמאכט דעם עצעם וויסנשאפטלעכן צוגאנג צו ליטעראטור. „דיסערטאציעס ווערן אלט—קינסטלערישע עטיודן פארבלײַבן",—פּראָקלאמירט ל. גראָסמאן (ז. 18). אפן וועג פון דידאָזיקע „קינסטלערישע עטיודן" האָט אָבער צי אימפּרעסיאָניסטישע קריטיק אין בעסטן פאל געקאָנט געבן טרעפלעכע האמצאָעס, ניט מער.

די קלוימערשט „וויסנשאפטלעכקײַט" פון דער פאָרמאליסטישער קריטיק האָט, פארשטייט זיך, אויך ניט געקאָנט זײַן פרוכטבאר, מאכמעס זי האָט זיך געשטיקט אין די דאלעדאמעס פונעם „ריינעם" ליטערארישן פאקט, מוירע האָבנדיק ארויסצוקוקן אינעם סאָציאל־עקאָנאָמישן דרויסן [1].

1) דעמזעלבן אגנאָסטיציזם, אנטוויסנשאפטלעכקײַט וועט איר געפינען אין די פארשיידענע פּסיכאָלאָגיסטישע און סוביעקטיוויסטישע שולן (פּאטעבני־גאָרנפעלד, רובאקין א. אנד.).

באזונדערס איז די יידישע ליטעראטור־קריטיק פארן לעצטן יאָרצענדליק רײַך געווען מיט אָט די „קינסטלערישע עטיודן" („עסייען"—ווי מע רופט עס אין די קרײַזן פון די אויסלענדיש־יידישיסטישע באטלאָנים). יעדער פון אָט דעם מין „קינסטלערישע עטיודן" פלעגט איידעס זאָגן, אז מיר האָבן דאָ צו טאָן גיכער מיט א „ניטדער־פאָרענעם" בעלעטריסט, איידער מיט א קריטיקער, אלס א באזונדערן מין פון ליטעראַרישע שעפער.

די יונגע מארקסיסטישע ליטעראטור־קענטעניש האָט בא אונדז די ערשטע אָנגעהויבן זוכן די אָביעקטיווע פּרוזשינעס, וואָס באוועגן דעם מעכאניזם פון סטיל־פּראָצעסן, די אָביעקטיווע מאטעריעלע געזעצמעסיקײַט, וואָס ליגט אינעם יעסאָד פון יעדער סטיל־פאָרמירונג. אײַנשליסנדיק די וועלט פון קונסט אין דעם אלגעמיינעם מאטעריעלן מענטשלעכן „זײַן", האָט די מארקסיסטישע ליטעראטור־קענטעניש די ערשטע אוועקגעשטעלט אף א פעסטן מאטעריעלן באָדן די פּראָבלעם פון סטיל אלס „סינטעז פון אלע עקזיסטענץ־פאָרמען" (הויזנשטיין). פון איצט אָן פארלירן זייער שליטע אלע סוביעקטיוו־אימפּרעסיאָניסטישע האמצאָעס ווי „פארבנרײַך" זיי זאָלן ניט זײַן,—די פּראָבלעם פון סטיל ווערט א פּראָבלעם פון אָביעקטיווער אנטוויקלונג, וואָס אירע געזעצן זײַנען, אין דעם לעצטן סאכאקל, די דיאלעקטישע אנטוויקלונג־געזעצן פונעם מאטעריעלן מענטשלעכן „זײַן".

די מארקסיסטישע ליטעראטור־קענטעניש דעקט אוף דידאָזיקע געזעצן, און מיט יעדן ניצאָכן אירן אפן דאָזיקן וועג פון אָביעקטיווער פאָרשונג דערנעענטערט זי זיך צו איר אידעאלן ענדציל, וועלכער איז אָנגעמערקט געוואָרן דורך פלעכאנאָװן—„ווערן אביעקטיוו, ווי די פיזיק". אָבער ווערן אָביעקטיוו, ווי די די פיזיק הייסט—ניט בלויז, ווי די פיזיק, צו דערקלערן דערשײַנונגען, אופדעקן דער גענעזיס פון דערשײַנונגען, נאָר אויך, ווי די פיזיק, ווערן אן אָנגעווענדטע וויסנשאפט, א וויסנשאפט, וואָס ענדערט די דערשײַנונגען לויט א באשטימטן פאָרויס־אָנגעצייכנטן פּלאַן.

באוואָפנט מיט אָביעקטיוון וויסן, וועט די מארקסיסטישע ליטעראטור־קענטעניש אָנווענדן איר דאָזיקן געווער, קעדיי ארײַנצוטראָגן פּלאַן און באוווּסט־זײַן אין דער סטיכיע פון סטיל־זוכענישן. ניט בלינדע, סטיכישע סטיל־זוכענישן און סטיל־ווייען, נאָר זייער וויסנשאפטלעכע רעגולירונג דורך אָביעקטיווער מארקסיסטישער קונסט־קענטעניש, וועלכע וועט, ווי אן „אקושערקע", לינדערן אָט די אָביעקטיווע סטיל־ווייען.

די מארקסיסטישע ליטעראטור־קענטעניש, וועט דענסטמאָל דערגרייכן צו יענער הויכער מאדרייגע פון רעוואָלוציאָנערער פּראקטיק, וואָס ניט בלויז זי דערקלערט די וועלט, נאָר זי ענדערט זי אום (מארקס). ס'פארשטייט זיך, גרויסע שוועריקײַטן און קאָלאָסאלע מי שטייען נאָך פאר דער מארקסיסטישער ליטעראטור־קענטעניש, איידער זי וועט דערגרייכן אָט די שטופע פון שעפערישן בויען. אָבער שוין איצט מוז דידאָזיקע פּראָבלעם אוועקגעשטעלט ווערן אלס אקטועלע טאָג־פּראָבלעם פון אונדזער וויסנשאפט.

די אַלטע טראַדיציע, לויט וועלכער די ליטעראַטור־פֿאָרשער פֿלעגן שטענדיק שטיין מיטן רוקן צו דער ליטעראַרישער אַלטעגלעכקייט, דאַרף געבראָכן ווערן. שוין איצט דאַרף די מאַרקסיסטישע ליטעראַטור־פֿאָרשונג קומען צו הילף דער לעבעדיקער ליטעראַטור אין אירע בלינדע, סטיכיִשע סטיל־זוכעניִשן. די מאַרקסיסטישע ליטעראַטור־קענטעניש קאָן שוין איצט „דעקרעטירן" (אָך, ווי עסטעטן ציטערן עס פֿאַרן דאָזיקן וואָרט!), צי דער אָדער יענער סטיל ליגט אויפֿן וועג פֿון אונדזער סטיל־צוקונפֿט; קעגן וועלכן סטיל מוז געפֿירט ווערן אַ העפֿטיקער קאַמף, און וועלכער סטיל נויטיקט זיך אין „אַקושאָרישע" הילפֿמיטלען, כּדי זײַנע געבורט־ווייען און דער טעמפּ פֿון זײַן אַנטוויקלונג זאָלן גיין לײַכטער, שנעלער און פֿרוכטבאַרער.

ווען די ליטעראַטור־קענטעניש וועט ווערן דורכדעם אַ נאָרמאַטיווע, אַ „דעקרעטירנדיקע"

יאָ, זי וועט און דאַרף ווערן אין אַ געוויסן זינען אַ „נאָרמאַטיווע". די פּלאָג פֿון דער אידעאַליסטישער עסטעטיק באַשטייט ניט אין איר נאָרמאַטיווקייט, אין איר סוביעקטיווער דידאַקטישקייט, נאָר אין איר מעטאַפֿיזישקייט אין איר אידעאַליזם, אין איר איגנאָרירן די אָביעקטיווע געזעצמעסיקייט פֿון לעבן. די אידעאַליסטישע עסטעטיק איז געווען אויטאָפּיסטיש, ווען זי פֿלעגט אַרויסשטעלן אירע סוביעקטיווע געשמאַקן אַלס אייביקע נאָרמען פֿאַר דער גאַנצער מענטשהייט, אויסער קלאַס, צײַט, און רוים. די דיאַלעקטיש־מאַטעריאַליסטישע עסטעטיק וועט ניט פּראָקלאַמירן קיין אייביקע עסטעטישע נאָרמען, זי וועט אָבער אויפֿן סמך פֿון אָביעקטיוון וויסן, באַשטימען די קאָנקרעטע נאָרמען אין באַשטימטע היסטאָרישע קלאַסאָווע גרענעצן.

אָט אַזוי, רעוואָליוציאָנער־פּראַקטיש שטייט שוין איצט די פּראָבלעם פֿון סטיל אין דער רוסישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור. פֿאַרשטייט זיך, קיינער נעמט ניט אויף זיך די אַכרײַעס צו באַשטימען לעכאַטכילע, מיט אַלע דעטאַלן, ווי אַזוי עס וועט גיין דער וועג פֿון דער רוסישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, ווי אַזוי, גענוי, ס'וועט געשאַפֿן ווערן דער סטיל פֿון דער פּראָלעטאַרישער פּראָזע — אָבער קאָנטורן ווערן שוין אָנגעמערקט. דער וועג פֿונעם דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם, אין אַלגעמיינע שטריכן גענומען, ווערט שוין איצט דערקלערט אַלס דער קירצסטער וועג צום ציל.

אין דער נאָכאָקטיאַבערדיקער ייִדישער ליטעראַטור איז די דאָזיקע פּראָבלעם פֿון סטיל אויך געשטעלט געוואָרן אַלס די צענטראַלע פּראָבלעם פֿון דער ליטעראַטור־קענטעניש. און אויך דאָ איז געווען נאַטירלעך, וואָס אָט די פּראָבלעם איז געשטעלט געוואָרן ניט בלויז אַלס פּראָבלעם פֿון סטילן־גענעזיס, נאָר אויך אַלס פּראָבלעם פֿון באַוווסטזיניקן סטיל־בויען.

די סטיל־זוכעניִשן פֿון אונדזער נײַער פּראָזע גייען דערווײַל צו סטיכיִש, אירע געבורט־ווייען (אין זינען פֿון געבוירן אַ נײַעם סטיל) ווערן דורך קיינעם ניט געלינדערט.

ווּהין זאָל זיך לאָזן דער נײַער יונגער ייִדישער פּראָזאַיִקער? פֿונוואַנען וועט אַרויסוואַקסן דער סטיל פֿון דער פּראָלעטאַרישער פּראָזע?

אז די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור וועט אויסוואַקסן ניט פונדערלופטן, נאָר פון באַשטימטע היסטאָריש־קולטורעלע באַדינגונגען, פון א באַשטימטער ירושה—א סטיל־ירושה—דאָס איז שוין איצט קלאָר פאַר אונדז אַלעמען.

טאָ וועלכן סטיל פון דער אַלטער ייִדישער ליטעראַטור־ירושה דאַרף די פּראָלעטאַרישע פּראָזע אין דער ערשטער ריי גאַרשעגנען און אין קלאַסן־קעסל א י ב ע ר ק אָ כ ן?

דאָ וועלן מיר ריידן דערוויַיל בלויז וועגן 2 סטילן, אַרום וועלכע עס ווערט שוין געפירט א שטריַיט אין אונדזער ליטעראַטור—בערגעלסאָנס און ניסטערס.

ניסטער און בערגעלסאָן—דאָס זיַינען צוויי סטילן פון אונדזער נאָכקלאַסישן פּעריאָד, וועלכע האָבן אדיַיעם א גרויסע שליטע אויף דער נאָכאָקטיאַבערדיקער ייִדישער ליטעראַטור. ניט אומזיסט האָט אזוי ליַידנשאַפטלעך געפלאַקערט דער קאַמף אַרום דעם סימוואָליזם אין די דיפערענצירונג־יאָרן פון דער נאָכאָקטיאַבערדיקער ייִדישער ליטעראַטור. ניט אומזיסט ווערט איצט אזוי אָפט געשטעלט די פּראָבלעם פון אונדזער אימפּרעסיאָניזם און די ראָלע פון בערגעלסאָנען אין אונדזער נײַער פּראָזע.

כ׳ ליטוואַקאָוו האָט—אין זײַן בוך „אומרו״, 2־טער באַנד—געשטעלט עטלעכע מאָל די דאָזיקע פּראָבלעם פון סימוואָליזם און אימפּרעסיאָניזם. ער האָט זי געשטעלט טאַקע פּראַקטיש, אין שײַן פון דער ירושה־פּראָבלעם.

וועגן סימוואָליזם איז, ווי באַקאַנט, פ א ר א ן אַן אויסגעשפּראָכענער שטאַנדפּונקט פון דער מאַרקסיסטישער קריטיק. דער סימוואָליזם קומט שטענדיק אין ירידה־טקופעס, אין אידייענלאָזיקע טקופעס און „פאַרטרעט די אידייע באַם אידייענלאָזיקן דאָר״ (פּלעכאַנאָוו). דערבײַ דאַרף מען באַמערקן, אַז ווען פּלעכאַנאָוו באַנוצט אין אזעלכע פאַלן דעם טערמין „אידייע״, מיינט ער יענע געזעלשאַפטלעכע אידייע, וועלכע איז ק ל אָ ר און ב א ש ט י מ ט און פילט אויס א פּ ר אָ ג ר ע ס י וו ע, א רעוואָליוציאָנערע געזעלשאַפטלעכע פונקציע (זע פּלעכאַנאָוו, באַנד 14, ז. 149). דער ירידה־דאָר פאַרמאָגט ניט א ז א ש ע פ ע ר י ש ע ק ל אָ ר ע, ב א ש ט י מ ט ע א י ד י י ע.

> „דער סימוואָליזם—דאָס איז א מין אײַנגביש וועגן דאַלעס. ווען דער געדאַנק איז באַוואָפנט מיט פאַרשטאַנד פאַר דערווירקלעכקײַט, האָט ער ניט קיין שום נויטווענדיקײַט אַוועקצולאָזן זיך אינעם מידבער פון סימוואָליזם״ (דאָרטן ז. 198).

אויפן יעסאָד פון אָט דעם אַנאַליז קאָנען מיר לעכאַטכילע זאָגן, אַז די סטיל־זוכענישן פון אונדזער נײַער פּראָזע, אויב זיי ווילן זײַן פּרוכטבאַר, טאָרן ניט גיין אויפן וועג פונעם סימוואָליזם אין זײַן פאַרנעפּלטער „אידייענלאָזיקײַט״ [1]. אונדזער דאָר—דער א ו פ ש ט ײַ ג ־ ד אָ ר וועט אָט דעם ירידה־סטיל ניט אויפנעמען.

צי הייסט עס אָבער, אַז דער סימוואָליזם איז עפּעס א מין היסטאָרישע פ א ר ז ע ע נ י ש, וואָס דאַרף מ י ט ד י וו אָ ר צ ל ע ן אַרויסגעריסן ווערן פון דער צוקונפ־

---

[1] דאָס וואָרט „אידייענלאָזיקײַט״ נעם איך אין גענדזנפיסלעך, קעדיי אויסצומײַדן דעם מעגלעכן טאָעס, אַז עס זײַנען פאַראַן קונסטווערק א י ב ג א נ צ ן אָן אידייען. פּלעכאַנאָוו, וועלכער פּלעגט באַנוצן אָט דאָס וואָרט אָן גענדזנפיסלעך, האָט אָבער אייביקע מאָל מאַסרע געווען, אַז עס זײַנען ניטאָ קײַן קונסטווערק אָן אַן אידעיִשן אינהאַלט ב י כ ל א ל.

טיקער עסטעטישער קולטור? צי פאַרמאָגט ניט דער סימוואָליזם אין זיך קיינע באַשטאַנד־טיילן, וואָס קאָנען דינען אַלס געהילף צום בנין פון אונדזער צוקונפט־סטיל?

ס'פאַרשטייט זיך, אַז סכעמאַטיזירן אונדזער צוגאַנג צום סימוואָליזם, הייסט זינדיקן קעגן דער לעבעדיקער דיאַלעקטיק פון לעבן. אין אונדזערע ליטעראַרישע דיסקוסיעס, אין סאַמע ברען פון קאַמף קעגן דעם רעאַקציאָנער־מיסטישן סימוואָליזם און פאַרן סאָוועטישן קאָנקרעט האָבן מיר געמוזט און מוזן אויך איצט פאַרשאַרפן דעם געדאַנק וועגן רעאַקציאָנערן טאָך פונעם סימוואָליזם. מיר האָבן דאָס געטאָן און אויסגעקעמפט אַ וועג פאַר זיך, פאַרן סאָוועטישן קאָנקרעט, קעגן די פאַרשיידענע סימוואָליסטישע „קליהאַנים" און „סאַמעט"־פערסאָנאַזשן, וואָס האָבן פאַרפלייצט אונדזער ליטעראַטור.

אין אָט דעם אַרטיקל האַנדלט זיך אָבער וועגן דער מעגלעכקייט אויסצונוצן דעם סימוואָליזם אין אונדזער סטיל־שאַפן. פּלעכאַנאָוו, וועמען עס געהערט ניט איין שאַרפע שורע וועגן דעם גייסטיקן דאַלעס פונעם סימוואָליזם, האָט, ווי זיין שטייגער איז, געגעבן אָבער אַ דיאַלעקטיש־קאָנקרעטן אַנאַליז פונעם סימוואָליזם און צעגלידערט אים אויף זיינע אינערלעכע, סטירעסדיקע עלעמענטן. גראָד דער „אידייענלאָזיקער" סימוואָליזם — ווי פּלעכאַנאָוו באַמערקט — איז אַנטשטאַנען אַלס פּראָטעסט קעגן דער „אידייענלאָזיקייט" פון דער בורזשואַז־באַלעבעסלדיקער ליטעראַטור.

אָט ווי פּלעכאַנאָוו אַנטוויקלט זיין דאָזיקן עכט־וויכטיקן געדאַנק:

„אָבער וואָס אַזוינס איז דער סימוואָליזם?... דאָס איז אַ ניטווילנדיקער פּראָטעסט פון קינסטלער קעגן אידייענלאָזיקייט [1]). דאָס איז אָבער אַ פּראָטעסט, וועלכער איז אַנטשטאַנען אויף אַן אידייענלאָזיקן באָדן, אָן אַ שום באַשטימטן אינהאַלט און דעריבער ווערט ער פאַרלאָרן אין נעפּל פון אַבסטראַקטקייט.

אַז דער מאָדערנער פּראָטעסט קעגן אידייענלאָזיקייט אין קונסט, וואָס ברענגט צו אַבסטראַקטקייט און כאַאָס, זאָל קענען באַקומען אַ באַשטימטן אינהאַלט, — דערויף דאַרף מען האָבן אַזעלכע געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען, וועלכע זיינען נאָך איצט ניטאָ און וועלכע קאָנען ניט באַשאַפן ווערן פון דער העלער הויט" (דאָרטן ז. 77).

פּלעכאַנאָווס וויכטיקער אויפטו באַשטייט דאָ אין דעם, וואָס ער דערווייזט, ווי דער סימוואָליזם, אַלס קונסט־שול, האָט געמוזט פּראָטעסטירן קעגן דער באַלעבאַטישער, „אידייענלאָזיקער" באַגרענעצטקייט פון דער יערידע־בורזשואַזיע (מאַכמעס באַלעבאַטישע באַגרענעצטקייט האַרגעט אַוועק די קונסט) און פאַרוואָס אָט דער פּראָטעסט האָט געמוזט צעקראָכן ווערן אין סימוואָליסטישן נעפּל, ווייל ער איז געפאַלן אויף אַ באָדן פון „אידייענלאָזיקייט" און „אומבאַשטימטן אינהאַלט". אַלס פּראָטעסט קעגן דער באַלעבאַטישער באַגרענעצטקייט האָט דער סימוואָליזם זיך געריסן פונעם קאָנסערוואַטיוון שטייגער, געריסן זיך צו פאַרטיפערטע און פאַראַלגעמיינערטע אַסאָציאַציעס, געריסן זיך צו בילדער, וואָס וואַרפן אָפּ פון זיך

[1]) אונטערגעשטראָכן פון פּלעכאַנאָוון.

א ווײַטן און פאַרטיפטן אָפּגלאַנץ. מיט אָטאָ דער „פרומער קאַוואַנע" האָט דער סימוואָליזם בעשײַטע געפּרוווט טרײַבן פּאָרויס די קונסט. אָבער מיט פרומע קאַוואָנעס איז, ווי באַקאַנט, געפּלאַסטערט דער גענעם. די אידייענלאָזיקע" ווירקלעכקייט פון דער יערידע־טקופע האָט געמאַכט צונישט אָט די „פרומע קאַוואָנעס" און סאָפּקאָל־סאָף געבראַכט דעם סימוואָליזם צו דער אַלטער צעבראָכענער קאָרעטע פון „אידייענלאָזיקן" נעפּל.

דאָס וואָרט, וואָס האָט אין קאַמף קעגן „אידייענלאָזיקייט" פונעם באַלעבעסל באַדאַרפט אייגנטלעך, באַרײַכערן, פאַרטיפערן דעם באַגריף, באַוואַקסן ווערן מיט אינטעלעקטועלע אַסאָציאַציעס, — האָט לעסאָף, אין די סימוואָליסטישע „טעמפּלען" אינגאַנצן פאַרלאָרן דעם באַגריף־מאָמענט און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין „עטוואָס, וואָס קלינגט".

דער דראַנג פונעם סימוואָליזם צו דעם „סאָד" פון וואָרט־מוזיק, וואָס איז וויכטיקער קלוימערשט פאַרן געדאַנקלעכן אינהאַלט פון וואָרט, האָט דעסאָציאַלי־זירט דאָס וואָרט, פאַרשפּאַרט דאָס וואָרט אין דער דערשטיקעניש פונעם „אייגענעם געצעלט". פּאַראַלעל מיט געדאַנקען־רעמאָזים זײַנען געקומען נאָך ווייניקער פאַרשטענדלעכע קלאַנגען־רעמאָזים. די אַזויגערופענע „ריטמישע פּראָזע" פון דער סימוואָליסטישער שול האָט אָפּגעריבט בא דער פּראָזע איר וויכטיקסטן געווער — דעם סאָציאַל־דיפערענצירטן וואָרט־רעזאָנאַנס. שפּראַכלעך באַקומען דערבײַ „אַלע יעוואָנים איין פּאָנעם" — ס'שטאַרבט אָפּ דער לעבעדיקער, דיפערענצירטער מענטשלעכער דיאַלאָג!

נאָר אויב אַזוי, טאָ וועלכע עלעמענטן פון סימוואָליזם קאָנען אויסגענוצט ווערן אינעם קאַמף פאַר אונדזער צוקונפט־סטיל?

קוידעמקאָל, פאַרשטייט זיך, אָטאָ דער דראַנג צו פאַרברייטערן און פאַרטיפערן דעם אָפּגלאַנץ פון זאַכן און געשעענישן, דער דראַגג צו גרויסע, פאַראַלגעמיי־נערטע סינטעזן — קעגן קורצזיכטיקער שטייגערישקייט פון קיך־מאַסשטאַבן, קעגן פאָטאָגראַפישער כראָניקערישקייט. איצט וועט שוין אָט דער דראַנג ניט גיין לעיִבעד אינעם סימוואָליסטישן נעפּל. איצט איז שוין דער באָדן אַן אַנדערער, און עס זײַנען שוין געשאַפן געוואָרן יענע „געזעלשאַפטלעכע" באַדינגונגען, וועלכע זײַנען ניט געווען אין 1905 יאָר, ווען פּלעכאַנאָוו האָט אַרויסגעזאָגט די אויבנדערמאָנטע געדאַנקען וועגן סימוואָליזם. דער פירנדיקער קויעך אין אונדזער איצטיקן לעבן איז שוין דער פּראָלעטאַריאַט — אַ קלאַס, וועלכער איז אָנגעפּיקעוועט מיט שעפערישע, רעוואָליוציאָנערע אידייען. דער סימוואָליסטישער נעפּל איז פרעמד אָט דעם קלאַס. באַוווּסטזיניקער קאַמף קעגן דער באַלעבעסלדיקער קליינלעכקייט און „אידייענלאָזיקייט" וועט פירן צום נײַעם, צום קאָנקרעטן סימוואָל־סינטעז, וועלכער פאַרטיפט און פאַרברייטערט די פּערספּעקטיוו פון זאַכן און געשעענישן ניט אין ריכטונג צו דער „הימלשער סוידעסדיקייט", נאָר אין שײַן פון דער ערדישער ווירקלעכקייט.

די יידישע ליטעראַטור, וועלכע איז דאָס ראָוו געווען קליינשטעטלדיק באַגרענעצט,

נויטיקט זיך באַזונדערס שטאַרק אין אָט דער פּאַרטיפּערטער פּערספּעקטיוו, אין סינטעטישקײַט.

כ׳ ליטוואַקאָוו איז געווען טיילווײַז גערעכט, ווען ער האָט געשריבן:

„ווען אין דער ייִדישער ליטעראַטור וועט זיך אָנהויבן אַנטוויקלען אַן אָרגאַנישע לינקע ריכטונג, וועט זי האָבן ניסטערן אַלס איינעם פון אירע אויסגאַנג־פּונקטן" [1]).

דער כעסאָרן איז אָבער באַשטאַנען אין דעם, וואָס כ׳ ליטוואַקאָוו האָט, ווי זײַן שטייגער איז, ניט גענוי אַנטוויקלט זײַן געדאַנק און ניט קלאָר אָנגעמערקט דערבײַ, אַז קוידעמקאָל איז ניסטער די מיסטישע און ניט גענוג־פּרוכטבאַרע פּאָרזעצונג פון פּערעצן, און, צווייטנס, אַז ריידן וועגן אַן „אויסגאַנג־פּונקט" קאָן מען נאָר ביטנײַעדיק, אין דעם איבערגעדרעמאָנטן פּלעכאַנאָווישן זינען.

מער גערעכט איז געווען כ׳ ליטוואַקאָוו, ווען ער האָט עטלעכע מאָל אָנגעוויזן אויף דער „ריזיקע" צו ווענדן זיך נאָך סטיל־מוסטערן „צו אַזאַ שרײַבער ווי ניסטער, וואָס ניט געקוקט אויף זײַן נײַקײַט פאַר דער צײַט, וואָס פאַר דער רעוואָליוציע, איז ער דורכגעווייקט מיט קולטור־היסטאָרישער שפּראַך־טראַדיציע".

ניסטערס ראַדיקאַלער פּראָטעסט איז, ווי דער פּראָטעסט פון יעדן מיסטישן סימוואָליסט, פאַרפּלאָנטערט געוואָרן אין נעפּל פון „פאַרבאָרגנקײַט". פּאָרזעצן ניסטערס וועג — הייסט פאַרבלײַבן אינעם זעלביקן פאַרפּלאָנטערטן נעפּל פון „אינטעלעקטועלער און אידעאָלאָגישער שוואַכקײַט", „פאַרסאַמעטעוועון" די ייִדישע ליטעראַטור.

אָבער ניסטערס אומבאַוווסטזיניקער דראַנג צו דערהויבענע סינטעזן פון זאַכן און דערשײַנונגען, זײַן „ניטווילנדיקער פּראָטעסט" קעגן קליינלעכן באַלעבעסל־פּאַרנעם, זײַן פּאַרנעפּלטער דראַנג צו פּראָבלעמאַטישקײַט — אָט דאָס קאָן שאַפן אַ טרעפּל צום נײַעם צוקונפט־סטיל פון אונדזער ליטעראַטור, ווען דער נעפּל וועט צעגיין און אַנשטאָט אים וועט קומען די צילבאַוווסטקײַט פון פּראָלעטאַרישער וועלט־אָנשויונג. בלויז אין אַזאַ זינען קאָן ניסטערס סימוואָליזם באַהאַנדלט ווערן אין שײַן פון אונדזערע סטיל־זוכענישן.

דאָ איז נויטיק אַ באַזונדערע פּאַרזיכטיקײַט פון פּאָרמולירונגען, מאַכמעס ניסטערס פּאַרנעפּלטקײַט האָט נאָך גראָד גאַנץ שטאַרקע וואָרצלען אין די קליינבירגערלעכע קרײַזן פון אונדזער ליטעראַטור. דעריבער איז ניט פּאָרזיכטיק און שעדלעך, ווען אין זײַן אַרטיקל וועגן גאָדינערן שרײַבט כ׳ ליטוואַקאָוו, אַז אַ „נײַער שרײַבער אין אונדזער רעוואָליוציע־עפּאָכע האָט אין דער ייִדישער ליטעראַטור קיין אַנדער קוואַל פאַר אַ נייעם סטיל אויסער ניסטערן"... [2]).

ניסטערן ווערט דאָ אָפּגעגעבן אַזאַ אָרט אין אונדזער ליטעראַטור, וואָס ער האָט בעשומויפן ניט פאַרדינט.

דערפאַר אָבער זאָגט זיך שוין אַרויס כ׳ ליטוואַקאָוו צו קאַטעגאָריש נעגאַטיוו וועגן די ייִרושע־מעגלעכקײַטן, וואָס שטעקן אין דער בערגעלסאָנישער ייִרושע.

---

1) אומרו, באַנד 2, ז. 165. מײַן קורסיוו.

2) אונטערגעשטראָכן פון מיר — י. ב.

כ׳ ליטוואקאָוו שרײַבט:

„איז טאקע די בערגעלסאָנישע פאָרם שוין איצט טויט און אָפּגעלעבט״ (דאָרטן ז. 163).

אוואדע איז דער אורטייל פון דער מארקסיסטישער ליטעראטור־קענטעניש איבער דעם אימפרעסיאָניזם א גאנץ הארבער. פלעכאנאָוו, וועלכער איז עטלעכע מאָל גאנץ שארף ארויסגעטראָטן קעגן אימפרעסיאָניזם, האָט אין זײַן ארטיקל „די פראָלעטארישע באוועגונג און די בורזשואזע קונסט״ (באנד 14) געשריבן:

„די אידייענלאָזיקייט פונעם אימפרעסיאָניזם — דאָס איז זײַן אור־זינד, וועלכע שטעלט אים אף דער גרענעץ פון קאריקאטור און מאכט אים אינגאנצן פאר אומפעיק דורכצופירן א טיפע איבערקערעניש אין דער מאָלערײַ״ (ז. 80).

אָבער דערזעלביקער פלעכאנאָוו באמערקט טייקעף אפן אָרט, אז אוועקפאטערן א י נ ג א נ צ ן מיט דער האנט דעם אימפרעסיאָניזם טאָר מען ניט.

פלעכאנאָוו שרײַבט:

„דערמיט וויל איך ניט זאָגן, אז איך זע ניט קיין שום גוטס אינעם אימפרעסיאָניזם. לאכ־לוסן ניט! איך האלט, אז עס זײַנען ניט געלונגען פיל פון די רעזולטאטן, צו וועלכע דער אימ־פרעסיאָניזם איז געקומען, איך האלט אָבער, אז די ט ע כ נ י ש ע פ ר א ג ן, וואָס ער האָט געשטעלט אף דער טאָג־אָרדענונג, האָבן ניט קיין קליינעם ווערט״. (ז. 79).

אויב אזוי, איז שוין ניט גענוג צו זאָגן, בלויז, אז דער אימפרעסיאָניזם איז דער סטיל פון פארפלאכטער אידייענלאָזיקייט און דעריבער שוין „טויט און אָפּגעלעבט״. מע דארף זיך קלאָר מאכן אויך יענע וויכטיקע „טעכנישע פראגן״, וואָס דער אימ־פרעסיאָניזם האָט געשטעלט אף דער טאָג־אָרדענונג און ערשט דערנאָך באשטימען די ראָלע פונעם אימפרעסיאָניזם אלס „איינע פון די אויסגאנג־פונקטן״ אין אונדזערע סטיל־זוכענישן.

ווי יעדער בורזשואז־אינדיווידואליסטישע שול אין דער קונסט, האָט אויך דער אימפרעסיאָניזם אָנגעהויבן זײַן קאריער מיט א לינק־עסטעטישן בונט קעגן דער פארגליווערטקײַט פון אלטע לעבן־פאָרמען אינעם נאָמען פון פרײַען בורזשואזן סוביעקט.

אָט דערדאָזיקער סוביעקטיוויזם איז געוואָרן רעאקציאָנער, אף וויפל ער האָט איגנאָרירט די אָביעקטיווע רעוואָליוציאָנערע ווירקלעכקײַט און איז פארפאלן געוואָרן אין די זאמדן פון אידייענלאָזיקייט.

אָבער אין בונטארישן קאמף קעגן דער פארגליווערטקייט פונעם אקאדעמיזם, קעגן שטאמפּ פונעם קליינבירגער האָט דער אימפרעסיאָניזם רעוואָליוציאָניזירט די ק ו נ ס ט־ט ע כ נ י ק.

דער אימפרעסיאָניסטישער מאָלער, וועלכער איז געקומען מיט א נײַער ריִע — א ריִע פון א גרויס־שטאָטישן מענטשן, וועלכער איז געוווינט צו שווינדלדיקע פארבן פון קינאָ־לעמפלעך, אפישן־פלעקן, עלעקטרישע ליכט־נעץ, שווינדלדיקן מענטשלעכן האמוין, האָט געמוזט בארײַכערן די אלטע פארבן־שטאמפּן. די אימפרעסיאָניסטישע מאָלער האָבן פיל אויפגעטאָן אפן געביט פון דיפערענצירן פארבן און געשאפן אסאך נײַע טעכנישע מעגלעכקײַטן צו בארײַכערן אונדזער פארבן־וועלט.

אָט די טעכנישע מעגלעכקייַטן שטרייַכט אונטער פלעכאנאָוו.

„אן אופמערקזאמע באציִוּג צו ליכט־עפעקטן פארגרעסערט דעם זאפאס פון פארגעניגן, וואָס דער מענטש באקומט פון דער נאטור. און אזוי ווי אין דער „צוקונפט־געזעלשאפט״ וועט די נאטור מיגאסטאם ווערן אסאך טייַערער דעם מענטשן, איידער איצט, — איז דארף מען אנערקענען, אז דער אימפרעסיִאָניזם ארבעט, האגאם ניט שטענדיק מיט דערפאָלג, לעטויוועס אָט דער געזעלשאפט״ (פלעכאנאָוו, באנד 14, ז. 79).

ווי מיר זעען, האָט פלעכאנאָוו גאנץ הויך געשאצט די פּראָגרעסיווע טעכנישע עלעמענטן, וואָס עס פארמאָגט דער אימפרעסיִאָניזם אין דער מאָלערייַ. דיזעלביקע מייַלעס פונעם אימפרעסיִאָניזם טרעטן אָבער ארויס אויך אין דער ליטעראטור. דער פסיכאָלאָגיזם פון אימפרעסיִאָניזם שפּילט א גרויסע ראָלע אין אלע יענע יונגע ליטעראטורן, ווו דאָס קאָלעקטיווע בילד איז נאָך ניט דיפערענצירט, ווו עס גילט נאָך די עטנאָגראפישע סכעם פונעם קלאל.

אין אונדזער יונגער סאָוועטישער און פּראָלעטארישער פּראָזע, וואָס רייַסט זיך איצט פון דער סכעמאטישקייַט, פון דער שאָלעם־אלייכעמישער באריידעוודיקייַט, וואָס לאָזט זיך אף די וועגן פון פסיכאָלאָגישן רעאליזם, איז זייער שטארק דער דראנג צו בערגעלסאָנען, צו זייַן גלענצנדיקער קינסטלערישער דעטאל, צו זייַן פסיכאָלאָגישן געמעל, צו זייַן קאָנדענסירטן קינסטלערישן לאָשן.

פארשטייט זיך, אז דער פּראָצעס פון יארשענען איז א דיִאלעקטישער, א סטירעסדיקער. די, וואָס ווילן יארשענען בערגעלסאָנען און ביקלאל דעם אימפרעסיִאָניזם אָן קלאסן־אָפּקלייַב, וועלן ארייַנפאלן אין די אָרעמס פון מעכאנישער נאָכמאכערייַ און אידעאָלאָגישער רעאקציע[1].

מע טאָר אף קיין מינוט ניט פארגעסן, אז דער אימפרעסיִאָניזם האָט זיך אראָפּגעקייַקלט צו א יערידע־סטיל פון א נעווראסטענישן אינטעליגענט, האגאם ער איז אנטשטאנען אלס ראדיקאלער פּראָטעסט.

וואָס האָט געפעלט אין אָט דעם פּראָטעסט?

ווידעראמאָל, ווי באם סימוואָליזם, האָט דאָ געפעלט די אידייע פון נייַע געזעלשאפטלעכע באציונגען. ווידעראמאָל איז דער פּראָטעסט געפאלן אפן וויסטן באָדן פון דער בורזשואזער יערידע־טקופע. ווירעדאמאָל איז דער בונט פארבליבן א טעכנישער בונט, אן עסטעטישער בונט פון פאָרמאליִסטן.

דעריבער טאקע קייַקלט זיך אראָפּ דער אימפרעסיִאָניזם ביז צו קאריקאטור, ביז צו קאָלופּען זיך „אין דער אויבערפלאך פון דערשייַנונגען״, אָדער אין מיסטישע קעלערן פון „אונטערבאוווסטזייַן״. ניט דאָס לעבן, נאָר דאָס ליכט ווערט דער הויפּט־בילד פונעם אימפרעסיִאָניזם. דער קאָלאָריזם ווערט פארוואנדלט אין קאָלאָראָמאניע, דער פסיכאָלאָגיזם ווערט פארוואנדלט אין אינטעליגענטיש־נעווראסטענישער

[1]) די טעכניק פונעם קינסטלער איז ענג צונויפגעבונדן מיט זייַן גאנצן סטיל און די פּראָבלעם פון יארשענען קינסטלערישע טעכניק איז א דיִאלעקטיש־קאָמפּליצירטער פּראָצעס.

זעלבסט־גריבלעריי, דער מאָמענטאליזם ווערט פאַרוואַנדלט אין „כאַאָטישן נאַטוראַליזם“.

אָט די כאַאָטישקײַט און צעשטויבקײַט ווערט דער גרונט־שטריך פון דעם יאָכיד פונעם יערידע־סטיל. דער „צעפאַלן־געוואָרענער סייכל „פון אָט דעם צעבראָכענעם, איזאָלירטן יאָכיד, איז ניט נאָר, וואָס ער פאַרבינדט ניט קיין דערשײַנונגען, נאָר ער קאָנסטרויִרט אַפילע ניט קיין זאַכן אין א רעאַלער פאָרם“ (יאַפע — „קולטור און סטיל“ ז. 246). אָן א שעפערישער אידייע, אָן מענטשלעכן קאָלעקטיוו, ווערט זײַן אינדיווידואַליזם פאַרוואַנדלט אין פּאַריאָסעמטקייט, וואָס זעט ניט דאָס גאַנצע און ווערט פאַרלאָרן אין נעפּל פון פאַרבן, אין נודנעקײַט פון אימפּרעסיאָניסטישער זעלבסטגריבלעניש. אין דערדאָזיקער נודנעקײַט פון אימפּרעסיאָניסטישער גריבלעניש פאַרלירט די ליטעראַטור דאָס טײַערסטע, וואָס זי פאַרמאָגט — זי פאַרלירט דעם לעבעדיקן אַקטיוון לאָשן.

ווי געשפּענסטער בלאָנדזשען אַרום מענטשן און ריידן צו זיך און „צו דער וואַנט“. דאָס וואָרט פאַרלירט קימאַט, אייגנטלעך, זיין סאָציאַלן אינהאַלט — עס ווערט א ריטמיש־וויג־ליד, וואָס פאַרוויגט דעם אימפּרעסיאָניסטישן נעווראַסטעניקער. אַנשטאָט ריידן ווערטער — „קײַט מען מאַכשאָוועס“ און מע פאַרכלינעט זיך אין אָט דעם קײַען.

העיויס ווי „דער קאָלאָריט פון געשעענישן באַקומט די אויבערהאַנט איבער דער פאַבל“, — ווערט די ליטעראַטור ביסלעכווײַז באַרויבט פון איר וויכטיקסטן טרײַבקויעך — פון דער פאַבל. אַנשטאָט דער רײַכער נעץ פאַבל־מאָטיוון, בלײַבט א נעץ רעפלעקסן, וואָס ווערן איבערגעכאַזערט אין פאַרשיידענע וואַריִאַנטן.

דער איבערגעטריבענער אינדיווידואַליזם פונעם אימפּרעסיאָניסט מאַכט אים טויב און בלינד פאַר דער שפּיל פון מאַסן — אָט דעם הויפּט־פּערסאָנאַזש אין יעדן גרויסן רעוואָליוציאָנערן קונסטווערק. דעריבער איז דער אימפּרעסיאָניסט געצווונגען אויסצומײַדן מאַסן־באַוועגונגען, מאַסן־קאָנפליקטן, און אייגנטלעך, ניט נאָר מאַסן־קאָנפליקטן — דער אימפּרעסיאָניזם איז ביכלאַל ניט אימשטאַנד צו געבן גרויסע קאָנפליקטן, מאַכמעס אים איז פרעמד אינגאַנצן דאָס טראַגישע. דער צעבראָכענער נעווראַסטעניקער פונעם אימפּרעסיאָניסטישן סטיל איז ניט קײַן העלד פון טראַגעדיע.

דאָס אַלץ איז גענוג קלאָר, און קלינגט ווי א האַסראָע פאַר די פּילצאָליקע בערגעלסאָנס טאַלמידים אונדזערע.

דאָס דאַרף אָבער ניט אָפּטרײַבן אונדזער יונגע ליטעראַטור פון „צו נאַשן“ שרײַבערישע טעכניק און פאַרשיידענע קונסט־מיטלען בא בערגעלסאָנען — דערווײַל דעם איינציקן גרויסן קינסטלער אין אונדזער נײַער פּראָזע.

1928 י.

---

# אַף די וועגן צו דער פּראָלעטארישער ליטעראַטור.

(עטאַפּן).

קאסרילעווקע האָט פון שטענדיק אָן געשעמט מיט אירע „באלעכעשבנס“.

אזא אָ „באלעכעשבן“ אשטייגער (אן אייזערנער קאָפּ“ און א „מייוון אף כאזאָ־נעס“), אז איר וועט אים באווייַזן דעם באשיידענעם צענדליק נייע ביכער פון דער יידישער סאָוועטישער פּראָזע, — וועט ער טייקעף מאכן „א פּאָשעטן כעשבן“, אז ס'איז ווייניק“ אז, מאָלט אייַך אויס, איין באנד קאסרילעווער „שריפטן“ (טארפאט אלאָפים זייַטלעך!) קאָן פּארדעקן אָט די גאנצע סאָוועטישע פּראָזע.

אוואדע קאָן מען איבער דערדאָזיקער פראגע פארפירן א גאנצן וויקועך מיט א קאסרילעווקער באלעכעשבן, אָבער עס לוינט ניט, כ'לעבן.

די קאסרילעווקער לאָגיק ווייס בלויז פון איין דענק־קאטעגאָריע—פון דער צאָל־קאטעגאָריע. אלע פּראָצעסן פון דער מענטשלעכער געשיכטע, און בעסויכעם אויך די ליטערארישע פּראָצעסן, ווארפט זי אונטער די א ר י פ מ ע ט י ש ע געזעצן פונעם קרעמערישן קאָנטאָ־בוך. —

1+1—די פאָרמול פון פּאָשעטן מעכאנישן כיבער—אָט דאָס איז לויט דער קאס־רילעווקער „פּעראקטיקע“ די פאָרמול פון יעדן פּראָצעס, פון יעדער אנטוויקלונג. דעם וווקס פון דער יידישער ליטעראטור באטראכט דער קאסרילעווקער אויך לויט כאָכמעס־האכעשבן: פאראן, הייסט עס, מעקאדמוינים א יידישע ליטעראטור, וועלכע וואקסט און פ א ר ג ר ע ס ע ר ט זיך, פארגרעסערט זיך אין צאָל פארלאגן, לייענער, שרייַבער, טאלאנטן א. א. וו. די ק וו א ל י ט ע ט אָבער, אין טיפן היסטאָריש־געזעלשאפטלעכן זינען, אין זינען פון נייַער היסטאָרישער ציל־איינשטעלונג, פון נייַעם לעבן־אינהאלט, ווערט ניט געענדערט.

ווי זאָגט דאָרטן שיינע־שיינדלס מאמע „כייַ דורען, יאבי וועליקי“.

אין שייַן פון דערדאָזיקער קאסרילעווקער צאָל־פילאָסאָפיע איז קלאָר, אז א באַ־שיידענער צענדליק (בעעמעס א באשיידענער און בעעמעס ניט מער פון א צענדליק) נייַע ביכער פון דער סאָוועטישער יידישער פּראָזע האָט גאנץ ווייניק צו זאָגן אפן ווייַטערדיקן געשיכטלעכן גאנג פון דער יידישער ליטעראטור.

אַט פאַרוואָס אַט די אויסלענדישע ייִדישע ליטעראַטור וועט באַם בעסטן ווילן אַפילע פון אירע ראַדיקאַלע עלעמענטן קיינמאָל ניט אימשטאַנד זײַן צו באַגרײַפן די פּראָבלעם פון העגעמאָניע, ווי זי ווערט געשטעלט דורך די „מאָסקווער".

די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור איז אַ קינד פון רעוואָליוציע—פון דער גרויסער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע, אָבער רעוואָליוציע—דאָס הייסט דאָך איבערײַס פון דעם בעהאַדראָגעדיקן, פאַמעלעכדיקן כּיבער (1 + 1). דער שטורמישער, „רעוואָליוציאָנערער צאָליקער אָנוואַקס דערגרייכט ביים רעוואָליוציע יענעם זיד-פונקט, ווען די צאָל גייט איבער אין קוואַליטעט, און אין רעזולטאַט פון אומופהערלעכן צאָליקן אָנוואַקס באַקומט דער פּראָצעס גאָר אַ נײַ פּאָנעם, אַ פּרינציפּיעל-נײַע קוואַליטעט, אַ פּרינציפּיעל-נײַעם אינהאַלט.

אַט דער איבערגאַנג פון צאָל אין קוואַליטעט, אַט דער נײַער רעוואָליוציאָנערער פּאָנעם, אַט די נײַע קוואַליטעט—דאָס איז דאָס צענטראַלסטע און וויכטיקסטע, וואָס מוז גענומען ווערן אין אַכט, ווען מען האָט צו טאָן מיט אַ רעוואָליוציאָנערער דערשײַנונג.

צוגיין צו אַ רעוואָליוציאָנערער דערשײַנונג מיט דער כאָכמעס-האַכעשבן פונעם זיידנס „לייסטער" הייסט דאָסזעלביקע, ווי מעסטן שטעך מיט קילאָגראַם.

די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור קומט ניט צו פאַרגרעסערן די אַלטע ייִדישע פאַר-אָקטיאַבערישע ליטעראַטור. ס'איז ניט קיין מעכאַנישע פאָרזעצונג פון דער יערושע, ס'איז אַן איבערײַס פון דער פאָרזעצונג—ס'איז אַ איבערוואָקס אין אַ גאַנץ נײַער קוואַליטעט. אַ נײַע ליטעראַטור, מיט נײַע אָרגאַניזיר-פּרינציפּן, מיט אַ נײַער פּסיכאָ-אידעאָלאָגישער ציל-אײַנשטעלונג, מיט נײַע פאָרם-געזעצן—האַקלאַל—מיט אַ נײַעם סטיל.

אין אַזעלכע פאַלן איז וויכטיק אונטערצושטרײַכן ניט אַזוי דעם איצטיקן סטאַטישן צושטאַנד פונעם פּראָצעס, נאָר די אַלגעמיינע טענדענץ זײַנע, זײַן אָריענטאַציע. איין סאָוועטישער פּאָלוואַרעק, לעמאָשל, וועלכער ווערט דורכגעאַקערט מיט אַ טראַקטער, איז, פונעם שטאַנדפונקט פון אָט דער היסטאָרישער דינאַמיק, אַסאַך וואָגיקער און היסטאָריש-רעאַלער, איידער צענדליקער טויזנטער דעסיאַטין ערד-כאַלאָקים, וועלכע ווערן דורכגעאַקערט מיט סאָכעס, מאַכמעס דער סאָוועטישער פּאָלוואַרעק מיטן טראַקטער שטעלט פאָר מיט זיך אַ פּרינציפּיעל-נײַעם און העכערן טיפּ לאַנדווירטשאַפט.

די ליטעראַטור-ווירטשאַפט פאַרמאָגט אויך אירע סאָכעס און אירע טראַקטערס.

נו, און די יערושע? וועלן פאַרצאַפּלט ווערן די „יאָרשים" (אָך, די יאָרשים, וואָס זייער גאַנצער כאָכמע באַשטייט אין האַלטן פעסט דעם יערושעדיקן „קעז אונטערן געזעס"!).

צי הייסט עס ניט אַמאָל, אַז די אַפּיקאָרסישע „יעווסעקן" זאָגן זיך דערמיט אָפּ פון דער ליטעראַרישער יערושע, פון אונדזערע „זיידעס" (עלטער-זיידעס און גליד-גליד-שוועסטער-קינדער!)?

כאסוועכאָלילע! ניט אומזיסט האָט אונדז לענין איבערגעלאָזן אזא הארמאָנישע סיסטעם פון אָנשווינגען אף דער ראָלע פון דער קולטור־ירושע אינעם פּראָצעס פון קולטור־רעוואָליוציע. מיר ווייסן גאנץ גוט, וואָס מיר האָבן צו טאָן מיט יענע דעמאָקראטישע און רעוואָליוציאָנערע עלעמענטן, וואָס זײַנען פאראן אין יעדער נאַציאָנאלער קולטור; מיר ווייסן, אז די נײַע יידישע פּראָלעטארישע קולטור וועט ניט אדוישפּרינגען „פון דער העלער הויט" און טאקע דעריבער זײַנען מיר די איינציקע היסטאָרישע יאָרשים פון דער אלטער פּאראָקטיאבערדיקער יידישער ליטעראטור.

ווײַל יארשענען הייסט — קאָנען פארברענען די ירושע אין דעם הייצקעסל פון דער רעוואָליוציע (ברענען—הייסט לעבן), ווײַל יארשענען הייסט קאָנען גוויוער זײַן די ירושע, איבערקאָכן זי, און זי פארדייען אין פּראָצעס פון נערן זיך. נאָר די יידישע פּראָלעטארישע און סאָוועטישע קולטור, וועלכע קומט ניט מעכאניש פאָרזעצן און פארגרעסערן די אלטע ליטעראטור, נאָר מאכן, זי זאָל אריבערוואקסן און אריבערוואקסן מיט אירע פּראָגרעסיווע ירושע־עלעמענטן אין א פּרינציפּיעל־נײַער קוואליטעט, נאָר די יידישע פּראָלעטארישע ליטעראטור איז דער איינציקער געזעצלעכער יורעש פון דער אלטער יידישער ליטעראטור.

דעריבער זײַנען טאקע אזוי שווער און ווייטיקדיק די וועגן פון דער יידישער סאָוועטישער ליטעראטור—דאָס זײַנען דאָך פונעם ערשטן טאָג אָן וועגן פון פּערמאנענטן אָפּשטויסן זיך פון דער יידישער ליטעראטור — סײַ אפן געביט פון אינהאלט, סײַ אפן געביט פון פאָרם — דאָס זײַנען נאָך ניט קײַן אויסגעטראָטענע וועגן.

אָטאָ דער פּרינציפּ פון „אָפּשטויסן זיך", פון „טאָן אפצולאָכעס" דער פארגאנגענהײַט, כאראקטעריזירט יעדע יונגע ליטעראטור — אף דעם האָט שוין פונלאנג אָן אָנגעוויזן פּלעכאנאָוו.

דידאָזיקע צולאָכעסדיקײַט איז ניט קײַן אינערלעכער ליטעראראַישער גזעעק, ס'איז ניט קײַן צופעליקע כוצפּע פון טעמפּעראמענטפולע יונגע פּאָעטן, און אופּווארפן זיי אָט דידאָזיקע היציקײַט איז אלציינס, ווי אופּווארפן די „צולאָכעסדיקײַט" פון נײַע טעכנישע אײַנריכטונגען.

דער אופשטײַג פון נײַע אָביעקטיווע מאטעריעלע באדינגונגען, פון א נײַעם קלאס, אָדער א באדײַטנדיקע סאָציאל־עקאָנאָמישע ענדערונג אינעם לעבן פונעם זעלביקן קלאס גופא, פּאָדערט א נײַע אידעישע איבערבאוואָפּענונג, א נײַעם טעמפּעראמענט, א נייעם סטיל, אָדער נײַעם סטיל־ניואנס אין דער ליטעראטור.

די גאנצע געשיכטע פון דער יידישער נאָכאָקטיאבערדיקער סאָוועטישער ליטעראטור איז א געשיכטע פון אָט אזא ענערגישער סטיל־איבערוואָפּענונג, וואָס דער גרונט־שטריך אירער איז אָפּשטויסן זיך פון אלטן, שרײַבן ניט אזוי און ניט דאָס, וואָס מע האָט אמאָל געשריבן.

די אלטע פּאראָקטיאבערדיקע יידישע ליטעראטור איז אין איר גרונט־שטראָם (אינעם קליינבירגערלעכן) געווען עטנאָגראפיש־שטייגעריש־באגרענעצט, סיוזשעטיש—מוירעדיק אָרעם.

קאסרי־לעווקע האָט, בא אירע בעסטע קוילעס, ניט געקענט, מיט איר פארשפּע־טיקטער ליריש־עטנאָגראַפישער שטעטלדיקער סקיצע זיך, ארויסרייסן אין דער גרויסער ליטעראַטור־וועלט און ווערן „מיט לייטן צוגלייך“.

בערגעלסאָן (פריער, טייכוויז, נאָמבערג, אש) איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט מיט דערפאָלג געבונטעוועט קעגן די אלטע דאלעדאַמעס פון דער יידישער עטנאָ־גראַפיש־סיוזשעטישער באַגרענעצטקייט. ער האָט געשאפן דעם מאָדערנעם, אין אייראָ־פעישן זין, פּסיכאָלאָגיש־אימפּרעסיאָניסטישן ראָמאַן פונעם יאָכיד.

„די לייכטע קאוואלעריע“ פון דער ערשטער נאָכאָקטיאַבערדיקער יידישער פּאָעזיע (די קיִעווער פּאָעזיע) האָט דעם אָנגריף פאַרגעזעצט אין באדינגונגען פון רעוואָליוציאָ־נערן אופשטייג און מיט א געוויסן דערפאָלג. ניט אומזיסט האָבן די קיִעווער פּאָעטן מיט אזא שטאָלץ גערעדט וועגן וועג „פון דאָוויד איינהאָרן ביז דאָוויד האָפשטיין“. אָבער קאוואלעריע איז פון שטענדיק אָן ווייטער פון לייכטע אָנפליען ניט געגאנגען. ניט זי איז באַרופן צו פאַרפעסטיקן די איינגענומענע פּאָזיציעס.

„דער ליריזם דריקט אויס דאָס ארומיקע אומבאַשטימט און, אזוי צו זאָגן, מוזי־קאליש“—האָט אמאָל באַמערקט דער רוסישער קריטיקער בעלינסקי.

אָט דער „אומבאַשטימט־מוזיקאַלישער“ ליריזם פון דער נאָכאָקטיאַבערדיקער קיִעווער טקופע איז ניט געווען קיין בייז־וווּנדער, ער האָט אנטשפּרעכט דעם אומ־באַשטימט־דעמאָקראַטישן דראַנג פון דער ראַדיקאַלער יידישער אינטעליגענץ, וועלכע האָט באַגעגנט די רעוואָליוציע היספּייעלעסדיק־צעטומלט. אין זיין לירישער אומבאַ־שטימקייט איז אָט דער ראַדיקאַל־דעמאָקראַטישער דראַנג פון די„ קיִעווער“ געווען „אלמענטשלעך־אוניווערסאַל“ און מעמיילע קאָסמיש־סכעמאַטיש, ווי הערא̇יש־סכעמאַ־טיש עס איז געווען צו יענע צייט אפילע די פּראָלעטאַרישע (פּראָלעטקולטישע) פּאָעזיע. אָבער אָט די „אוניווערסאַלקייט“ האָט אף לאַנג ניט געקענט קלעקן.

די „קיִעווער“ פּאָעזיע איז, אדאַנק איר נאַציאָנאַל־אינטעליגענטישער אידייען־אָנלאָדונג, געווען פּעיִק בלויז אף א ליטעראַריש־ראַדיקאַלן אָנפאַל—א מין ליטעראַרישע פראָנדע, וועלכע האָט געשראָקן די אלטע ליטעראַרישע קאסרי־לעווקע מיט קאָסמישן איניווערסאַליזם, מיטן „ברודער־גוי“, מיט נייע אסאָנאַנסן.

בא די ערשטע קלעפּ פונעם „נעפּ“ איז דידאָזיקע „אומבאַשטימט־מוזיקאַלישע“ לייכטע קאוואלעריע „אָפּגעטראָטן אף די לעכאַטכילע צוגעגרייטע פּאָזיציעס“ פון נאַציאָנאַליסטישן „גלייכגילט“ און קלײנשטעטלדיקן עסטעטיזם. געבליבן איז א זייד־כער פון „שטורמישער יוגנט“ — א ריי פאָרמעל־טעכנישע דערגרייכונגען אפן געביט פון קאָמפּאָזיציע, בילד, וואָרט א. א. וו.

די שטראָם־טקופע — דאָס איז דער עק, אין וועלכן ס׳איז פארקראָכן די ערשטע ליטעראַרישע פראָנדע פון דער קיִעווער פּאָעזיע.

עס איז דעריבער אזוי נאַטירלעך געווען דער אלגעמיינער רוף צום קאָנקרעט, צו דער קאָנקרעט־ערדישער פּאָבל, צו דער איצטיקייט, וועלכע עס האָט זיך געלאָזט הערן אין אונדזער ליטעראַטור אינעם קאַמף קעגן „שטראָם“.

אָט דער לאָזונג פון קאָנקרעטער פּאַבולדיקייט (פון „אינהאַלט", ווי מע האָט עס דענסטמאָל גערופן) איז געווען איינער פון די הויפּט־לאָזונגען פון דער יונגער ייִדי־שער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, וועלכע איז היסטאָריש געווען בארופן ניט בלויז צו בויען די ייִדישע פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור, נאָר אויך שטויסן צו א דיפערענ־צירונג די גאַנצע ייִדישע ליטעראַטור אין פאַרבאַנד.

די צווייענדיקע היסטאָרישע אופגאַבע, וועלכע איז געשטאַנען פאַר דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור בא אירע ערשטע טריט (בויען די פּראָלעטאַרישע ליטע־ראַטור און דיפערענצירן די גאַנצע ייִדישע ליטעראַטור) דאַרף באַזונדער אונטערגע־שטראָכן ווערן, קעדיי צו פאַרשטיין דעם טאָך פונעם דעמלטדיקן לאָזונג „קאָנ־קרעטער סיוזשעט".

ס'האָט זיך געהאַנדלט דערביי ניט אין יענער „קאָנקרעטער ליטעראַרישער אי־דייע", וועגן וועלכער ס'האָט אַזוי פיל געשריבן בעלינסקי, און וועלכע ווערט איצט, אין איר „איבערגעקערטער" מאַטעריאַליסטישער פאָרם, די צענטראַלע פּראָבלעם פון אונדזער דיאַלעקטיש־מאַטעריאַליסטישער קריטיק. וועגן אָט דעם נייַעם, דיאַלעקטיש־מאַטעריאַליסטישן פאַרשטיין פונעם „קאָנקרעט" וועט מיר אויסקומען געגויער צו ריידן שפּעטער.

איצט איז וויכטיק אונטערצושטרייַכן, אַז, ארויסרוקנדיק דעם לאָזונג פון „קאָנ־קרעטקייט" באַלד בא די ערשטע טריט אירע, האָט די יונגע פּראָלעטאַרישע ליטע־ראַטור געהאַט די אופגאַבע בלויז צו שאַפן א קלאָרע סטראַטעגישע באַזע פאַר קאַמף און דיפערענצירונג אין דער ליטעראַטור, וואָס איז אומעגלעך געווען פריער, בא דער הערשאַפט פון סימוואָלישע און אַלעגאָרישע ליטעראַטור־סוידעס.

דער לאָזונג פון קאָנקרעטקייט ביכלאַל, האַגאַם ס'איז ווייניק געווען גערעדט לעכאַטכילע וועגן דעם קלאַסן־פאַרצעף פון אָט דער קאָנקרעטקייט, האָט אָבער באַדייט א העכערע שטופע פון אונדזער ליטעראַטור־לעבן, און ער איז דעריבער געוואָרן, די ערשטע צייַט, דער גרונט־לאָזונג פון דער יונגער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור.

אָבער דער רוף צו פּאַבולדיקער קאָנקרעטקייט האָט אף דער שפּראַך פון ליטע־ראַרישע זשאַנרען פּאַקטיש באַדייט א רוף צו דער פּראָזע. ניט די ליריק, נאָר די פּראָזע איז אימשטאַנד נאָכצוגיין נאָך אָט דעם רוף צו פּאַבולדיקייט. די ליריק, איז זעלטן פּאַבולדיק (האַגאַם זי איז שטענדיק טעמאַטיש). די פּראָזע איז שטענדיק פּאַ־בולדיק, דאָס הייסט, זי וויקלט שטענדיק פאַנאַנדער באַשטימטע געשעענישן, א באַ־שטימטע „מייַסע".

וואָס ווייניקער לידער — וואָס מער פּראָזע — דאָס איז טאַקע געווען גלייַכצייַטיק די פאָדערונג פונעם אופגעוואַכטן סאָוועטישן מאַסן־לייענער.

נאָך דער לייַכטער קאַוואַלעריע פונעם „אומבאַשטימט־מוזיקאַלישן ליריזם" קומט די צייַט פאַר די שווערע קאָלאָנעס פון דער ליטעראַרישער פּעכאָטע — די פּראָזע. יעדערער, ווער עס איז באַקאַנט מיט דער געשיכטע פון דער רוסישער פּראָזע, אַשטייגער, ווייסט, אַז דאָסזעלביקע האָט איבערגעלעבט די רוסישע ליטעראַטור, און

אזוי ווי אין דער רוסישער ליטעראטור, אזוי איז אויך, אין נאָך אין א גרעסערער מאָס, אין דער ייִדישער נאָכאָקטיאבערדיקער ליטעראטור דער אריבערגאנג צו פּראָזע געווען ניט קיין גראָד־מעכאנישער, נאָר א דיאלעקטישער.

די ייִדישע נאָכאָקטיאבערישע ליטעראטור איז געגאנגען צו דער פּראָזע, צום קאָנקרעט דורך דער העראָישער און שטייגערישער פּאָעמע און דורך אן אייגנארטיקער, „געשטופּלטער" „פּאָעזיע אין פּראָזע".

כאריק און פעפער האָבן אמניסטירט די קאָנקרעטע איצטיקייט אין דער ייִדישער ליטעראטור. אָנשטאָט דעם „אוניווערסאלן" מענטשן פון דער קיעווער ליריק, איז געקומען דער קאָנקרעט־ערדישער פעפערישער יאט. אָנשטאָט דער צעפלאָסענער „פילאָסאָפיע" פון „פרייד און טרויער", איז געקומען די קאָנקרעטע פרייד און טרויער פון „ברויט", פון „מינסקער בלאָטעס".

פאָרמעל־טעכניש האָט עס געבראכט אָט צו וואָס:

די זעלבסטהערשאפט פון דער לירישער זינגעוודיקייט לעשיים זינגעוודיקייט (ווי אויך פון דער ריטאָריק), די מעמשאָלע פונעם ריטמיש־סינטאקסישן גאנג איז באדײַטנדיק באגרענעצט געוואָרן דורך דער נײַער, פּראָזאישער, געשפּרעכלעכער אינטאָנאציע, דורכן דיאלאָג, דורך „פּראָסטע רייד", וועלכע האָבן „פּראָזאירט" (שעפעריש, קינסטלעריש פּראָזאירט) די פּאָעזיע און דערפירט זי צום ראנד פון פּראָזע.

סײַ כאריק, סײַ פעפער האָבן אזוי שטײַף פארפאבוליזירט זייער דיכטערישן פערז, אז אפילע די ראמען פון א גרויסער פּאָעמע וועלן אינגיכן ווערן ענג פאר זייער מאטעריאל, און ס'איז גאנץ מעגלעך (ווי עס האָט זיך שוין ניט איינמאָל געטראָפן, נו, לעמאָשל, מיט קושניראָוון), אז זיי וועלן אריבער צו פּראָזע אָדער צו דראמע.

פון דער צווייטער זײַט אָבער איז דער קויעך פון דער לירישער טראדיציע פארבליבן אזוי שטארק, אז די ערשטע בעסערע ווערק פון דער נאָכאָקטיאבערדיקער ייִדישער פּראָזע האָבן זיך ניט געקאָנט באפרײַען פון די לירישע שפּרינגקלעך. דער לירישער כאאָס פון קאָמפּאָזיציע, די באגרענעצטקייט פון דער פאבול, דער ניטלעבעדיקער ריטמיש־סינטאקסישער גאנג, אָנשטאָט דער לעבעדיקער דיאלאָגישער אינטאָנאציע, דער איבערפלוס פון באשרײַבערישע (גיכער באפּוצערישע) סטאטישע מאָטיוון, אָנשטאָט דינאמישער פאבולדיקער האנדלונג—דאָס אלץ איז געווען דער צינז, וואָס די יונגע נאָכאָקטיאבערדיקע ייִדישע (און ניט נאָר ייִדישע) פּראָזע האָט געצאָלט די ערשטע יאָרן דער אלטער דינאסטיע פון ליריק און דער אייגענער אידייאָפּסיכאָלאָגישער פארנעפּלטקייט.

קושניראָווס „קינדער פון איין פאָלק" און פינינבערגס „גאלאָפּ" איז דער בוילעטסטער עטאפּ אין אָט דער „גרויסער איבערוואנדערונג" פון ליריקער אין דער פּראָזע. מייעראָוויטשעס „אין א צײַט אזא", גאָדינערס „טאָג אנטקעגן" א. אנד. גייען אונטער דעמזעלביקן פאָרמעלן צייכן פון „לירישער פּראָזע".

דער ערשטער דורכרײַס צו דער נאָכאָקטיאבערדיקער פּראָזע איז געמאכט געוואָרן. און אויב אָט די פּראָזע קומט א ליריש־מעטושטעשע, איז עס אף אזוי פיל,

אף וויפל אומבאַשטימט־מעטושטעש עס איז נאָך איר נייער סאָוועטישער וועלט־באַנעם. אויך דאָ גילט דער אלטער געזעץ, אז געבורט־פלעקן פון דעם „אינהאלט־פונעם קלאַסאָוון וועלט־באַנעם) בלײַבן אויך אין דער פאָרם.

דיזעלביקע סכעמאַטישקײַט, האגאם אין אַן אנדער פאָרם, (די סכעמאַטישקײַט פון העראָישער פאַטעטיק) כאַראַקטעריזירט אויך דעם סכעמאַטיזם פון אונדזער סאָוועטישער העראָיק (די העראָישע פאָעמע, דערציילונגען וועגן בירגער־קריג א. אז. וו.) אין די ערשטע יאָרן.

אף וויפל דער ערשטער רעוואָליוציאָנערער פאַטאָס האָט ניט קיין צײַט צו גרונטעווען אינדערטיף, גליטשט ער זיך בלויז אף דער אויבערפלאַך פון דער „לעדערנער קורטקע“, אף דער אויבערפלאַך פון די „טעפּלושקעס“. אַמוויכטיקסטן איז דאָ די ליניע, די העראָישע פאָרמול, דער קאָנטור. די פּסיכאָלאָגישע מאָטיווירונג און דיפערענצירונג איז דאָ נאָך ניט נויטיק, ווי ניט נויטיק עס איז נאָך דער דעטאַלער, שטייגערישער פאָן.

אָבער שוין דאָ גייט מיט דערפאָלג דער קאַמף קעגן דער אַלטער ליטעראַרישער ירושע. עס פלאַצן די אַלטע טעמאַטישע טראַדיציעס פון דער ייִדישער ליטעראַטור, האגאם די נײַע טעמע איז נאָך אזוי הויל, סכעמאַטיש, ליניִש.

„קינדער־היים אפן נאָמען פון קארל ליבקנעכט“, קאַמע און מאָטיווילִיכע, טעפּלושקע, בירגער־קריג, רויטאַרמייער, פּאַרטיזאַנער, מאַטראָסן—דאָס איז גאָר א נײַע סיוזשעטישע באַזע (ווײַל א נײַע סאָציאַלע באַזע!) פאַר דער ייִדישער ליטעראַטור א פּרינציפּיעל־נײַע! א נײַע קוואַליטעט, האגאם דערווײַל בלויז אין פּראָפיל גענומען.

אָבער נײַע קויכעס וואַקסן אָן, און דער קאַמף ווערט פאַרגעזעצט ווײַטער און אונטער נײַע לאָזונגען.

די ליניִשע פּראָפיל־אויפאַסונג ווערט שוין ניט גענוג אין באַדינגונגען פון דיפערענצירטער וואָכעדיקער ווירקלעכקײַט, פון סאָציאַליסטישער אויפמערקזאַמקייט צו „קלייניקײַטן“, צו די סאָוועטישע „פּראָסטע טשוועקעס“ (בעזימענסקי) פונעם נעפּ־פּעריאָד.

ס'איז שוין ניט גענוג דער קאָנקרעט ביכלאַל. דער לייענער, די קריטיק פאָדערן די קאָנקרעטע דעטאַל, דעם שטייגערישן פאָן, וועלכער זאָל זיך „אָפּשפּיגלען“ אין דער ליטעראַטור. דער שטייגער־פאַקט באַקומט זײַנע קינסטלער אין דער יונגער ייִדישער סאָוועטישער פּראָזע.

עס בײַט זיך גאַנץ ראַדיקאַל אין פאַרגלײַך מיט דער אַלטער ייִדישער ליטעראַטור די פּערסאָנאַזשן־גאַלעריי פון דער ייִדישער פּראָזע. פּרינציפּיעל בײַט זי זיך, מאַכמעס א פּרינציפּיעל־נײַע סאָציאַלע קויכעס־פאַרהעלטעניש כאַראַקטעריזירט איצט די ייִדישע סוויווע און דעם סאָוועטישן שרײַבער. דער פינאַגענט, דער טשעקיסט, דער סאָוועטיזירטער האָרעפּאַשניק, דער אַרבפּאַקאָוועץ, דער קאָמוניסט, דער סאָוועטישער לערער, דער נעפּמאַן—דאָס זײַנען אַלץ נײַע פּעגעמער אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

דער פּרינציפּיעל־נײַער באַשטאַנד פון דער פּערסאָנאַזשן־גאַלעריי אין דער ייִדישער פּראָזע—דאָס איז א גרויסע דעראָבערונג פון דער סאָוועטישער שטייגער־פּראָזע.

פערסאָוו, טײַטש, יאָפּע, קאַהאַן, אָרלאַנד, אַבטשוק, קיפּניס, אַלבערטאָן און פיל אַנדערע האָבן אַפן דאָזיקן געבײַט פּרודוקטיוו געשאַפן.

אָבער די שטייגער־פּראָזע, אַף וויפל זי פילט ניט אַף זיך דעם קאָנטראָל פון א גרויסן היסטאָרישן סינטעז, שטייט זי אָפט פאַר דער געפאַר אַרײַנצופאַלן אין די אָרעמס פון קליינלעכן טאָגטעגלעכן פאַקט, פון אַן אייגנאַרטיקן, קורצזיכטיקן ליטעראַרישן עמפּיריזם.

און אָן דעם גרויסן היסטאָרישן סינטעז (א באַשטימטן און ווײַטן קלאַסן־קוק אַף די „קליינינקײַטן„ פון שטייגער) איז דאָך אומעגלעך צו לייענען „אין א געבונדענער פאָרם די יעוואַנגעליע פון שטייגער־פאַקטן".

די געפאַר פון שטייגערישער ווייכלײַביקײַט, פון שטייגערישן, קליינשטעטלדיקן סענטימענטאַליזם האָט גאַנץ פּילבאַר דערפילט אַף זײַנע פּלייצעס אַזאַ פעיִקער פּראָזאַיִקער, ווי קיפּניס.

קיפּניס איז טייקעף באַמערקט געוואָרן אין אונדזער פּראָזע און באַקומען זײַנע פאַרערער טאַקע דערפאַר, וואָס אַפן געאָמעטריש־אַבסטראַקטן שאַכמאַט־ברעט פון דער ערשטער סאָוועטישער פּראָזע איז ער אופגעקומען ווי א דערקוויקעניש מיט זײַן זאַפטיקער באַשרייבערישקײַט, מיט זײַן „אָרטיקן קאָלאָריט". מיט זײַן לעבעדיקן און ניטפאַרליטעראַרישטן דיאַלאָג, מיט זײַן האַרציקער און ניטפאַרסטיליזירטער טמימעס.

אָבער די זאַפטן האָבן זיך געצויגן פון פאַרדעכטיקטע אורקוואַלן, אָבער די באַשרײַבערישקײַט און דער „אָרטיקער קאָלאָריט" האָבן געשלעפּט צו אַלטע שוין אַריבערגעשטיגענע ליטעראַרישע טראַדיציעס, אָבער די טמימעס זײַנע האָט אָנגעהויבן דראָען מיט יענער קלאַסישער „הייליקער טמימעס", וועלכע פלעגט פון שטענדיק אָן שלעפּן צוריק, צו רעאַקציע, צו שימל.

קיפּניס האָט סיגנאַליזירט, אַז קעדיי ניט פאַרכלינעט צו ווערן אינעם שטייגער־מאַטעריאַל, דאַרף דער מאָדערנער דיכטער פאַרמאָגן יענע רעוואָלוציאָנערע הויכע קולטור פון א דיאַלעקטיקער, וועלכע גיט אים די מעגלעכקײַט אין דער גרויסער פילזײַטיקײַט פון לעבן געפינען די היסטאָרישע גרונט־זײַט, קענען „אָנכאַפּן זיך בא דעם צענטראַלן רינג, קעדיי אַרויסשלעפּן די גאַנצע קייט".

קיפּניס האָט דעם „צענטראַלן רינג" ניט געקאָנט אָנכאַפּן, און די כאַדאָשים און טעג פון אונדזער גרויסן הײַנט זײַנען בא אים פאַרצוקערט און פאַרצימערינגט געוואָרן אין „כאַדאָשים און טעג" פון א נאַציאָנאַליסטיש־באַלעבאַטישער קאַסרילעווקע.

אָט ווו עס שטעקט די גרויסע געפאַר פונעם „ליטעראַרישן עמפּיריזם", פונעם שטייגעריזם אין ליטעראַטור.

דידאָזיקע געפאַר שטייט נאָך אַדײַעם פאַר אונדזער גאַנצער ליטעראַטור, באַזונדערס אין אוקראַיִנע, ווו דער שטעטלדיקער ייִדישער שטייגער־פּאָן, אַלס מער קאָנקרעטער און זאַפטיקער, רעגט שאַרפער דעם קינסטלער.

דערפאַר טאַקע איז אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור די לעצטע צײַט אַזוי רײַך געוואָרן (ווי אין דער רוסישער ליטעראַטור) דער דראַנג נאָכן „לעבע-

דיקן מענטשן", נאָך דער סינטעזירטער לעבן־דערפאַרונג, נאָך דעם גרויסן סאָציאַל־פסיכאָלאָגישן ראָמאַן.

אין דער מארקסיסטישער ליטעראַטור־קריטיק ווערט לעצטנס זייער פיל דעבאַטירט וועגן אָט דער פּראָבלעם פונעם „לעבעדיקן מענטשן", פונעם פּסיכאָלאָגישן מעטאָד אין דער ליטעראַטור, וועגן דער פּראָבלעם פון גרויסע סינטעטישע קונסט־לייוונטן פון אונדזער עפּאָכע.

אין וואָס האנדלט זיך דאָ?

עס האנדלט זיך קוידעמקאָל אין א נייעם, העכערן עטאַפּ, אף וועלכן עס לאָזט זיך איצט די סאָוועטישע ליטעראַטור, אין דער ערשטער ריי — די פּראָלעטאַרישע.

די אויסגעוואקסענע דיפערענצירטקייט פון די איצטיקע לעבן־פאָרמעס (אין פאַרגלייך, לעמאָשל, מיטן „סכעמאַטיזם" אין דער צייט פון „מיליטערישן קאָמוניזם"), די אויסגעוואקסענע באַדערפעניש ניט בלויז צו גליטשן זיך איבער דער „קאָרע פון דערשיינונגען", נאָר אופּנעמען זיי — די דערשיינונגען — אין זייער פולער, דיאַלעקטישער סטירעסדיקייט און גאַנצקייט (אָן אָט דעם פאַרטיפערטן קוק וועסטו זיך איצט שוין ניט רירן ווייטער!) — דאָס אַלץ צווינגט דעם קינסטלער צו זוכן נייע מעטאָדן פון אַרבעט — קאָמפּליצירטערע, פאַרטיפערטע.

דערדאָזיקער נייער קורס גילט ניט בלויז פאַר דער פּראָזע, נאָר אויך פאַר דער מאָדערנער פּאָעמע — א סימען האָט איר, כאַריקס שפאַן פון די סכעמאַטיש־העראָישע „מינסקער בלאָטעס", ווו ס'איז אייגנטלעך אפילע קיין „העלד" ניטאָ, ביז זיין לעצטער פּאָעמע „מיט לייב און לעבן", וואָס שטייט שוין אפן ראַנד פון א דראַמע.

ווידער ווערט ארויסגערוקט דער לאָזונג פון קאָנקרעטקייט, אָבער גאָר אין א נייעם זינען, אין מאַטעריאַליסטיש־דיאַלעקטישן זינען. דאָס לעבן איז פילפאַרביק, פילזייטיק און סטירעסדיק. עס זיינען ניט פאַראַן קיין „ריינינטשקע" לעבן־פאָרמעס. מאַכמעס אַלע זיי זיינען געלאַטעט מיט פאַרשיידנפאַרביקע לאַטעס פון דער פאַרגאַנגענהייט און פון דער צוקונפט. אָבער די געגעבענע, קאָנקרעטע לעבן־פאָרם איז ניט קיין געמיש פון פאַרשיידענע לאַטעס, נאָר א פאַרגאַנצטע איינהייט פון אָט די סטירעס, דאָס שווערסטע און דערפאַר טאַקע דאָס וויכטיקסטע, איז געפינען יענעם גרונט־רינג, וועלכער גייט בעראָש פון דער גאַנצער פילפאַרביקע דיאַלעקטישער קייט. געפינען אָט די פאַרגאַנצטע איינהייט פון דער פילזייטיקייט — דאָס הייסט געבן דעם קאָנקרעט, דאָס היסטאָריש־ווירקלעכע, דאָס היסטאָריש־רעאַלע.

אָט, לעמאָשל, דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער שטייגער פון אונדזער פאַרבאַנד איז א געלאַטעטער פון פאַרשיידענע סאָציאַל־עקאָנאָמישע שטייגער־לאַטעס, אָנגעהויבן פון נאַטורעלער ווירטשאַפט און געענדיקט מיט סאָציאַליסטישע פאָרמעס. יעדע קאָנקרעטע דערשיינונג פון אונדזער קעגנוואַרט דאַרף גענומען ווערן אין דער דיאַלעקטישער גאַנצקייט פון אָט דער פילפאַרביקייט, אָבער אונטערן צייכן פונעם גרונט־רינג פון דער קייט — פונעם מאַרש צום סאָציאַליזם און קאָמוניזם.

די פּאָעטישע בילדער פון אונדזער קעגנוואַרט טאָרן אויך ניט זיין קיין „ריינינטשקע" סכעמאַטישע, שטאַמפּאָווע — זיי דאַרפן זיין דיאַלעקטיש־קאָנקרעט, זיי דאַרפן

זײַן סינטעטיש, פֿאַרגאַנצט אין זײער גאַנצער אינערלעכער פּילזײַטיקײַט און סטי־רעסדיקײַט.

ניט די סכעמאַטישע רעוואָליוציאָנערע ראָמאַנטיק, ניט די קורצזיכטיקע שטײגער־נאָוועלע זײַנען ניט אימשטאַנד צו געבן אָט די קאָנקרעטקײַט, אָט דעם „לעבעדיקן מענטשן".

דאָס איז מעגלעך צו דערגרייכן בלויז מיטן מעטאָד פֿונעם מאַטעריאַליסטיש־פּסי־כאָלאָגישן אַנאַליז, וועלכער דעקט אויף די סאָציאַל־דעאַלעקטישע פּראָצעסן פֿונעם פּאָעטישן בילד.

פֿאַרשײדענע פֿאָרשטײער פֿון די אולטראַ־לינקע, אינטעליגענטישע קרײַזן פֿון אונדזער פֿאַרבאַנדישער קונסט האָבן געפּרוּווט באַקעמפֿן דעם דאָזיקן נײַעם קער צו פּסיכאָלאָגיזם און גרויסער סינטעטישער ליטעראַטור. די אָנהענגער פֿונעם „לינקן פֿראָנט", אונדזערע רוסישע פֿוטוריסטן, לעמאָשל, האָבן געפּרוּווט קעגנשטעלן אַ טעאָריע וועגן שטײגער־פֿאַקט, וועלכער זאָל קלוימערשט זײַן דער גרונט־מאַטעריאַל פֿאַר דער ליטעראַטור, זײ האָבן דערקלערט, אַז אין אונדזער „שנעלער צײַט" איז בלויז דער צײַטונג־רעפּאָרטאַזש די באַזע פֿון ליטעראַטור, אַז די גרויסע ליטעראַטור־פֿאָרם (דער ראָמאַן) איז אַ לוקסוס פֿון פּריצים, וועלכע „האָבן צײַט צו שרײַבן אַסאַך". זײ האָבן אויפֿגעהויבן אַ קאַמף קעגן דער „רעקציאָנערער" פּסיכאָלאָגיע, קאָקעטירנדיק מיטן ווולגאַרן, מעכאַנישן מאַטעריאַליזם פֿונעם מאָדערנעם אַמעריקאַניזירטן בינזעס־מאַן (ניטאָ, הײסט עס, קײן פּסיכיק — אַ טיפּישער בורזשואַזער מעכאַניזם!).

אַפֿילו אין אונדזער באַשײדענעם ייִדישן קונסט־וועלטל איז אויסגעקומען צו פֿירן אָט דעם קאַמף אַרום דער פֿראַבלעם פֿונעם פּסיכאָלאָגיזם אין קונסט, ווען די פֿירער און טעאָרעטיקער פֿונעם ייִדישן מעלוכע־טעאַטער אין מאָסקווע האָבן גערעדט מיט ביטל וועגן פּסיכאָלאָגיזם, דערקלערנדיק, ביקלאַל, אַז דאָס איז אַן איניען פֿאַר קלײנבירגער (די פּסיכיק הײסט עס!).

די בעסטע קױכעס אָבער פֿון דער סאָוועטישער און פּראָלעטאַרישער קונסט האָבן זיך געלאָזן אויף אָט דעם וועג פֿון פּסיכאָלאָגיזם און סינטעטיק.

די ברײטסטע לײענער־מאַסן שטיצן זײ פֿולשטענדיק אין דערדאָזיקער אָריענטאַציע, פֿאָדערנדיק „גרויסע ראָמאַנען" „ווי אַמאָל".

„ווי אַמאָל" — דאָס האָט אײגנטלעך, אַ שײַכעס בלויז צו דער רוסישער ליטעראַטור, וועלכע האָט אין איר יערושע אַזעלכע ריזן, ווי טאָלסטאָי און דאָסטאָיעווסקי.

די ייִדישע ליטעראַטור ווײסט ניט פֿון אַזאַ יערושע.

דער סאָציאַל - פּסיכאָלאָגישער ראָמאַן, וועלכער זאָל ווײַזן דעם יאָכיד אינעם פֿילפֿאַרביקן סאָציאַלן געוועב און דאָס סאָציאַלע אין זײַן אינטימסטער יעכידישקײַט, איז פֿרעמד געווען דער אַלטער ייִדישער ליטעראַטור.

אין דאָך האָט דער דאָזיקער רוף געפֿונען זײַן אָפּהילך אויך אין דער יונגער ייִדישער סאָוועטישער פּראָזע.

די יונגע יידישע סאָוועטישע פּראָזע דראַפּעט זיך, צוזאַמען מיט די בעסטע קוי־כעס פון אונדזער פאַרבאַנדישער פּראָזע, צום פּראָלעטאַרישן סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישן ראָמאַן.

דער וועג איז אומגעהויער שווער און פאַראַנטוואָרטלעך. דער וועג איז פול־שטענדיק א נײַער — א פּרינציפּיעל־נײַער אין דער יידישער ליטעראַטור.

דער וועג פאָדערט א גרויסע אָנלאָדונג פון קולטור ביכלאַל און שרײַבער־קולטור — ביפּראַט.

אויף אָט דעם וועג זײַנען מעגלעך אַסאַך אידעאָלאָגישע שטרויכלונגען, אָבער דאָס איז איצט דער ברייטסטער שליאַך (האָגאַם ניט דער איינציקער) צו פאַרקערפּערן קינסטלעריש און רעוואָליוציאָנער אונדזער גרויסע עפּאָכע.

די אַלטע יידישע ליטעראַטור, וועלכע איז געווען א ליטעראַטור פון קאַסריליעווקע אין דער ערשטער ריי, האָט קיינמאָל ניט געקאָנט זיך לאָזן אויף אָט די וועגן, ווו „קליינע מענטשעלעך מיט קליינע האַסאָגעלעך" ווערן אונטער די פּיס צעטראָטן, וו־אָנשטאָט א קאָנפליקט איבער א שאַלאַכמאָנעס פלאַקערן גראַנדיעזע קלאַסן־קאָנ־פליקטן, און אָנשטאָט דעם גריבלערישן פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז פון פליגלמאַנען (נאָמ־בערג) קומט דער פּסיכאָלאָגישער אַנאַליז פון קלאַסן.

נאָר די סאָוועטישע און, אין דער ערשטער ריי, די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור, וואָס די מאַרקסיסטישע וועלט־אָנשויונג איז איר אָנשויונג געוואָרן; וואָס האָט פון לאַנג שוין צעריסן די נאַציאָנאַל־עטנאָגראַפישע באַגרענעצטקייט פון קאַסריליעווקע; וואָס וואַקסט אין באַדינגונגען פון נײַע קלאַסן־פאַרהעלטענישן אין דער יידישער סוויווע — נאָר אונדזער פּראָזע האָט דאָס רעכט צו לאָזן זיך אויף אָט דעם שווערן פאַראַנטוואָרטלעכן וועג.

1928.

---

II. פּ אָ ע ז י ע

# דאָס געזאַנג פון „ביינערדיקן וואָר".

(איזי כאריק. „אף דער ערד")

„אונדזער ביינערדיקער שטייפער וואָר
זאָל פאר אייך ניט אופגיין ווי א וווּנדער".
(כאריק).

## I. רויערהייט

„מיר טרינקען אונדזער לעבן רויערהייט,
און וואַרטן ניט ביז עס וועט נעמען שטאַרבן".
(כאריק).

אין אונדזער יידישער נאָכאָקטיאַבערדיקער ליטעראטור איז דער שטרייט ארום דער פּראָבלעם פון „ביינערדיקן וואָר" געפירט געוואָרן אף אסאך א ברייטערן פראָנט און, לעפיערעך, אין שווערערע באדינגונגען, איידער אין דער רוסישער ליטעראטור.

די סיבע דערפון איז א גאנץ פּאָשעטע. די רוסישע ליטעראטור איז ארייַנגעטראָטן אין איר נאָכאָקטיאַבערדיקער טקופע, עמעס, אין א היפּשער מאָס, מיט שיטער־געוואָרענע רייען (פיל שרייַבער זייַנען אנטלאָפן קיין אויסלאנד), אָבער דאָך מיט א גאנץ באדייַטנדיקן יאָדער פון שוין אויסגעוואָקסענע פּ ר אָ ז א י ק ע ר ־ ר ע א ־ ל י ס ט ן. דידאָזיקע שרייַבער האָבן באוויזן צו געבן (בא אלע זייערע כעסרוינעס) אף א ריי ברייטערע לייַוונטן דעם ליטעראַרישן פּאָרטרעט פון אונדזער וואָר, אין אייניקע זייַנע סאָציאלע סעקטעון.

גאָר אנדערש איז געשען מיט דער יידישער ליטעראטור. אין איר נאָכאָקטיאבערדיקע טקופע איז זי אריין אינגאנצן אָן אויסגעוואָקסענע פּראָזאיקער־רעאליסטן, דעם יאָדער פון דער נאָכאָקטיאַבערדיקער ליטעראטור אונדזערער האָט געשאפן די „נייטראלע" ליריק פון דער אזויגערופענער, קיעווער טקופע.

דער סאָציאלער פּאָן פון דערדאָזיקער טקופע איז געווען: אינטעליגענטישער נאציאָנאל־דעמאָקראטיזם, באפּארבט מיט „אלמענטשלעכן" רעוואָלוציע־עקסטאז. דער קונסט־קרעדאָ אירער איז געווען—פּאָרמעלע ראפינירטקייַט. אינעם דראנג נאָך דער־

דאָזיקער פאָרמעלער ראַפינירטקייט האָבן די „קיִעווער" אינגאַנצן זיך אָפּגעזאָגט פונעם קאָנקרעטן געזעלשאַפטלעכן סיוזשעט.

אומזיסט וואָלט דער פּראָלעטאַריאַט געמאָנט זיין „ליטעראַרישן פּאָרטרעט" פון דער יונגער יידישער פּאָעזיע, וואָס האָט באַזונגען „פרייד פון קאיאָרן" און געפירט „פילאָסאָפיע" וועגן „אייביקייט".

אין קאַמף פאַר אַ נייער יידישער ליטעראַטור האָט די מאַרקסיסטישע קריטיק דע־ריבער געמוזט אָנהויבן פונעם קאַמף פאַרן קאָנקרעטן „ביינערדיקן וואָר". דער קאַמף איז געווען אַ שווערער. די פאָרמאַליסטישע קריטיק האָט געטייַנעט, אַז דאָס לעבן איז נאָך דערווייל צו רוי, צו אָנגעוואַלגערט, מ'זאָל עס שוין קאָנען באַזינגען. מ'דאַרף דעריבער צוּוואַרטן און דערווייל „גיין אַף שפּיצפינגער אין אייגענעם גע־צעלט".

דענסטמאָל האָט זיך עס אָנגעהויבן דער גרויסער בונט פונעם לייענער. אונדזער מאַסן־לייענער האָט דערקלערט אַ באָיקאָט דער פּאָעזיע—אַ באָיקאָט, וואָס איז נאָך אדהיינט ניט אינגאַנצן ליקווידירט. אונדזער פּאָעזיע, באַ אַלע אירע פאָרמעלע דער־גרייכונגען, איז געבליבן אַ שיוורע־קיילע אין סאָציאַלן זין פון וואָרט. די מאַסע האָט אַף איר אויפן—סטיכיש—רוי „געמאַליעוועט" איר אוטאָ־פאָרטרעט אין פאַרשיידענע טשאַסטושקעס, בופּאָנאַדעס, פּיעסן, וואָס האָבן געהאַט אַסאַך אַ גרעסערן טיראַזש איידער די אָפיציעלע „הויכע" ליטעראַטור.

די „געזעלשאַפט" האָט געהאַט נעבעך קלעמעניש: סטייטש, ס'איז אַ פאַרפלייצונג פון קולטורע, אָבער מיט געשרייען בלויז איז מען נאָך קיינמאָל ניט ביי־געקומען קיין מאַסאָווע ליטעראַטור־באַוועגונג, אַף וואָס פאַר אַ נידעריקער ליטעראַטור־שטופע זי זאָל ניט שטיין.

דער דרוק פונעם מאַסן־לייענער האָט געמוזט צעבויטן אונדזער לירישן געמוי־זעכטס.

ס'הויבן זיך אָן אויסצוטיילן יונגע סאָוועטישע פּראָזאַיקער־רעאַליסטן, וואָס פּרוּוו צו געבן די ערשטע פאָרטרעט־עסקיזן פונעם לעבעדיקן סאָוועטישן וואָר. אין דער ליריק גופא ווערט צוגעגרייט דער בונט נאָך דאַן, ווען ס'צעשרייען זיך קושניראָווס „וועגנס".

„גיט אונדז אַ מויל!
באַקלעפּט און באַהענגט אונדז
מיט מענגעס אַפּישן, פּלאַקאַטן און בלעטער".

אונדזערע וועגנט און פּלויטן הויבן אָן צו מאָנען אָן אָרט פאַר זיך אינעם „טעמפּל" פון קונסט.

און איציק פעפער, דער ערשטער פּאָעט פון אונדזער העראָישן היינט, רעאַבילי־טירט קינסטלעריש די דאָזיקע וועגנט און פּלויטן, באַקלעפּטע מיט אַפּישן און בלעטער.

„איך האָב אַף פּלויטן געשריבן מיינע לידער
וועגן זיך און אַזוינע ווי איך"!

(פעפער).

ווערן פלויטן שוין אויס פלויטן, נאָר זינגעוודיקע פּאָעמעס פון קויטיקן געהילץ פלאַקאַטן און לאָזונגען, און לידער ווערן אויס לידער,—נאָר פּראָסטע און באָרוועסע רייד.

„איך האָב ליב, ווען ווערטער זײַנען באָרוועס,
איך האָב ליב, ווען לידער זײַנען פּראָסט".

(פּעפּער).

נו, יאָ, ס'איז דאָך אָבער רוי! ניט גענוג אָביעקטיוו—רויִק!

צו אַלדי רוכעס די אָביעקטיווע רויִקײַט פון גרײַז־גרויע באָבעשעס, וואָס וועלן איבער 120 יאָר ארום שטריקן א זאָק, און אָנצײַנערדיק פליסטערן דערבײַ וועגן אונדזערע העראָישע טעג—זאָל זײַן רוי!

„הארבע מי און העק איז אונדזער פרייד,
ווי שווארצער ברויט נאָך בײַנערדיקער ארבעט,
מיר טרינקען אונדזער לעבן רויערהייט
און ווארטן ניט ביז עס וועט נעמען שטארבן".

דידאַזיקע קימאט מאַניפעסט־שורעס געהערן צו א צווייטן דיכטער, פון דער יונגער פאַלאַנגע „פּראָסטע דיכטער"—איזי כאריקן.

כאריק וויל ניט וויסן פון קאָנדענסירטע לעבן־טאבלעטקעס, מיט וועלכע מ'האָדעוועט אָנצײַנערדיקע סאַלאָן־פּאָעטן.

זײַנען מיר דאָך אזוינע דורשטיקע און הונגעריקע געקומען אף דער ערד!

„מיר צעעפענען די אויגן אין פײַערן, אין שווארצע,
ווערן זיי אי אומרויִק, אי גרויס".

און ס'ווילט זיך אזוי אלץ פאראמאָל שלינגען און זופן, פאלן אף די קני און אָן א קענדל זופן רויערהייט פון קאלטן דופטיקן קוואל, פון רויקוואל.

לייענט איבער כאריקס לידער, וועט איר דערפילן אָטאָ דעם פארשיקערנדיקן דראנג נאָך רויערד, נאָך רוילעבן, נאָך רוילייב.

כאריקס נאטור־בילדער שטרײַכן דאָס בוילעט אונטער. זיי זײַנען ניט קײַן זיס־לעכע פאסטאָראלן [1]), וואָס ווערן געמאָלט אף בילִיקע באָמבאָניערקעס. כאריק באזינגט די רויערד ניט ווי א ראָמאנטיקער, פאר וועמען דער לאָזונג—צוריק צו דער ערד—איז א מין כאלאָשעס־טראָפּן פאר א צעקראָכענעם שטאָטישן „דאטשניק", וועלכער אנטלויפט פונעם רוישיקן לעבן „אפן שויס פון דער נאטור", דעריבער עפּשער פאנגט כאריקן ניט דאָס אויסערלעך־מאָלערישע פונעם פּייזאזש.

כ'נעם, לעמאָשל, האָפּשטיינס עטלעכע סטראָפעס פונעם ציקל „פעלדער" (געזאמלטע ווערק, זײַטל 25—24):

„עס זײַנען פארפולט שוין די פעלדער מיט שײַן
און גײ׳ען שוין איבער,
און וואלדישע ברעגן ניט האלטן שוין אײַן,

1) אידילישע בילדער פון פּאסטעך־לעבן.

און זון גייט אריבער.
און ס'הערן זיך וועלדער פון בערגל ביז טאָל,
און ס'בלייכן זיך מאָכן,
און ס'זײַנען שוין זוניקע פלעקן אָן צאָל
אהין אויך פארקראָכן".

אינעם דאָזיקן ציכטיקן מיניאטור־פייזאזש איז גלענצנדיק געגעבן געוואָרן דאָס אויסערלעכע, דאָס מאָלערישע שפּיל פון ליכט־שאָטן און שטילן פארנאכט. א לייכטער אימפּרעסיאָניסטישער פליאָר איז ארופגעוואָרפן אף פעלד און וואלד, אף בארג און טאָל.

דערזעלבער פארכאָלעמטער שלייער פון ליכט־שפּיל איז ארופגעוואָרפן אף האָפּשטיינס פעלדער אפילע באם שניט.

האָפּשטיינס ליד „שניט" הויבט זיך אָן אזוי:

„גיי איך ארום מיט פארהײַטלטע בליקן
אין כוואליעס פון היץ,
אין זאנגישע גאָלדן זיך טוקן
פלעקן פון ציץ".

ווידעראמאָל דאָס אויסערלעך־מאָלערישע, די שפּיל פון זאנגישע גאָלדן און פארביקע ציץ־פלעקן פון פויערישע טיכלעך און סאראפאנען.

נו, און די הויפּט־העלדן פון שניט—די שניטער און שניטערקעס?

דער הויפּט־העלד אין בילד איז דאָס ליכט—אזוי וועט אײַך ענטפערן אן אימפּרעסיאָניסט.

כאריק נעמט אוף זײַן ערד גראָד פארקערט ווי אן עקספּרעסיאָניסט—לײַביק צעכראסטעט, אין איר געזונטער פיזיאָלאָגישקײַט, אין איר אייביקער געבורט־פרייד.

פאר כאריקן איז ערד קוידעמקאָל דאָס אורשפּרינגלעכע, мать сыра-земля, מוטערל־רויערד, מוטערל־שפּײַזערן. אזוי האָט דאָס ארבעט־פאָלק פון אוראלטע יאָרן באזונגען זײַן ערד—זײַן שפּײַזערן. כאריקס ערד איז א פעטע, שווארצע, זי שמעקט „מיט פעך", „מיט צײַטיקײַט פון עפּל", „מיט טוי און מיט באהעפטונג". אָט דעם פיזיאָלאָגישן רייעך פילט איר פון יעדן קימאט כאריקס פייזאזש.

נעמט אפילע זײַנע פרילינג־פייזאשן. ס'איז נײַט דער סקארבאָווער אויסערלעך־מאָלערישער פרילינג מיט „רויזן־קוסטעס און אנד. מעלעכלונדייעס" (מאיאקאָווסקי)—ס'איז א פעטער זאפטיקער פרילינג, וואָס גיסט זיך אָן מיט וווקס.

„אין צוויט און אין פעכיקן רויך
פארלעשן זיך שטענדיק די פרילינגס..."

אָדער:

„ווערט זיס די לופט און פעכיק—פעטער פרילינג
רויכערט זיך שוין ווארעם פון דער ערד..."

נאָך בוילעטער טרעט עס ארויס אין כאריקס זומערדיקע און הארבסטיקע פייזאזשן.

כאריקס פעלד אין שניט־צײַט איז אזא:

צײַטיקט איצט א פעלד און גיסט זיך אָן מיט קרעפטן
זאט בין איך און צײַטיק: קום און נעם!
סע ציט מיט צוויט, מיט טוי און מיט באהעפטונג
און זאנגען וויגן זיך און ציטערן אין דעם".

דערזעלבער פעביקער אָטעם פון פיזיאָלאָגישער באהעפטונג און פרוכטבארקײַט פילט זיך אין כאריקס סאָד.

„אין ווילדן ווּקס, אין ווונדערלעכן וואקסן,
האָבן צווײַגן דאָ קיין מעסער ניט פארזוכט,
דאָ שמעקט מיט פעך און פרילינגדיקע שלאקסן
און קאָרע פלאצט מיט אויסגעשריי פון וואקסן,
און ביימער וויגן זיך אין צײַטיקייט פון פרוכט".

דערדאָזיקער סטיכעיש־פיזיאָלאָגישער „אויסגעשריי פון וואקסן" כאזערט זיך איבער זייער אָפט אין כאריקס פּייזאזשן. דעמזעלבן „אויסגעשריי פון וואקסן" וואַריִרט כאריק אין זײַן פּאָעמע „ברויט" אין דער שורע: „ס׳קען די ערד א ריס טאָן זיך פון אָרט".

ס׳פילט די ערד איר קינד—איר באלעבאָס, און זי רײַסט זיך צו אים—צום שניטער. אָן דעמדאָזיקן שניטער אין צעבראסטעטער בלויזע וואָלט כאריקס פּייזאזש געווען ווי עפּעס א מום, א געקעפּטער.

און בעעמעס, זעלטן, ווען אין כאריקס פּייזאזש פעלט די צענטראלע פיגור זײַנע—דער אקטיווער מענטש. צי איז עס דער פויער מיט א קאָסע אין האנט (פון פּאָעמע „ברויט"), צי דער גייער מיטן „פּראָסטן ציגאר" אין מויל („ווינטער־לידער")—אומעטום איז דער פּייזאזש בלויז א פאָן פארן אקטיוון און אלץ אקטיוויזירנדיקן מענטש.

דער מענטש גיסט זיך ניט צונויף „מיט דער נאטור, מיט יעדן גרעזעלע און בוים", ווי ס׳איז שוין ארײַן אין שאבלאָן פון אלע ראָמאנטיקער—ער דאָמינירט איבער איר אלס איר הערשער און שטענדיק אקטיוויזירנדיקער עלעמענט.

דערדאָזיקער אנטראָפּאָצענטריזם (מענטש — אין צענטער פון לעבן) טרעט ארויס אלס אינטערעסאנטער שטריך אין כאריקס קינסטלערישער וועלט־עמפינדונג.

## II. צו מענטשן!

„און ס׳ציט אזוי אין גאס, און ס׳ציט אזוי צו מענטשן".

(כאריק).

אויב ס׳איז יאָ עמעס, אז ס׳זײַנען פאראן אזעלכע פּאָעטן, וואָס שרײַבן בלויז פאר זיך און פאר דער „אייביקייט", איז כאריק דער, וועלכער, פארקערט, האָט טאכליס־סינע פײַנט אָטאָ די, כ׳בעט איבער אײַער קאָוועד, אייביקײַט און איינזאמקײַט.

אין זײַנע „לידער װעגן לידער", װו כאַריק האָט זיך, אַזױ צו זאָגן, קינסטלעריש דעקלאַרירט, זײַנען פֿאַראַן אַזעלכע „אַפּיקאָרסישע" שורות:

„מיך אַרט ניט, אויב די אײביקײט װעט מיך ניט קענען,
אויב קײנער װעט ניט כאַװען מײַנע טריט
אָט איצט — אַצינד, װען הערצער ברענען,
קום איך אָן מיט פֿויסטן אין מײַן ליד".

אין אָט דער געדיכטעניש פֿון „ברענענדיקע הערצער" װעט איר געפֿינען כאַריקן. ס'איז זיך זײער שװער פֿאַרצושטעלן כאַריקן ניט פֿאַרװעבט מיט מענטשן־געװימל, אין זײַן יאָנטעװ און װאָך. כאַריק פֿילט זיך ניט אַלס אויסדערװײלטער פֿון דער אײדע, און מיט אַ געװיסן שטאָלץ רעקאָמענדירט ער זיך פֿאַר אונדז מיט זײַן אַמכאָדיקן ייִכעס:

„איצט װאַקס איך אַ פּראָסטער און פֿעסטער,
מיט טאַטנס צװײ קרעפּטיקע הענט,
און אין הײַנטיקן אויסרוף אין העכסטן
כ'האָב דאָס ליד פֿון מײַן טאַטן דערקענט".

כאַריקס ליד איז אָבער ניט דאָס ליד פֿון זײַן טאַטן — דעם שוסטער. ס'ליגט דאָך אַ מעהאַלעך פֿון שװערע אַזעלכע און זיגרײַכע קאַמפֿן צװישן דעם פּאָשעטן שוסטער, װאָס קוקט פֿאַרקלערט אָפּן קינדס װיגעלע, און אָט דעם אויסגעװאַקסענעם כאַריק — דעם „זון מיט באַװאָקסענע ברעמען".

װער װעט קענען דערקענען איצט אין אים דאָס דערשראָקענע קאַבצאָנישע שוסטער־קינד, אַז די מאַמע אַלײן דערקענט אים שױן ניט.

„איז װאָס קען שױן אַ מאַמע איצט ענדערן?
איז איר שװער, טוט איצט װײ צו באַנעמען,
פֿאַרװאָס עפּעס קוקט ער אַ פֿרעמדער,
מיט װאָס איז אים נעענטער לעבין".

עפּשער װעלן עס שױן קײנמאָל ניט טאַטע־מאַמע באַנעמען. און אומזיסט איז מאַמעס בענקען „נאָך לעצטן אַנטרונענעם עמער" — ער װעט זיך ניט אומקערן צום „מאָכיקן ברונעם".

„אַרופּגעפֿירט האָט שטאָט אויף העכסטן פֿון די שטאָקן" זײער זון — זײער אומרויִקן זון.

אומרו.

און װי קען מען ניט זײַן אומרויִק?

אַ לאַנד שטײט אין קאַמף, און אַרום לויערן סאָנים און ס'װאַרטן גוטע פֿרײַנט. אַזאַ גרױסע שטורמישע װעלט, און מיט אַלעמען באַהאָפּטן און פֿאַרװעבט איז דער פּראָסטער שוסטער־ייִנגל.

„און יעדער אינדערפֿרי קלאַפּן נײַסן אין די שױבן, —
שלײַדער איך אַרויס צװײ אומרויִקע הענט..."
... װערט הײס אין האַרץ, דאָס האַרץ הױבט אָן צו ברענען,
עס גיט אַ ריס, עס גיט אַ טראָג פֿון שטוב..."

ט דערדאָזיקער אומרו, דערדאָזיקער „ריס און טראָג"—ס'איז דער נאָרמאַלער צושטאנד כאריקס. אין כאריקס לידער־בוך איז קימאט ניטאָ קיין איין זײַטל, וווּ אָטאָ דאָס בילד פון „אומרו", פון „ריס" זאָל זיך ניט וואַרײַרן בוכשטעבלעך אָן א צאָל.

מיר ווייסן פיל פאלן, ווען פּאָעטן פלעגן קאָקעטירן מיט זייער קלוימערשט־„אומרויִקן גײַסט". כאריקס אומרו איז אן אופריכטיקער און אָנגעזאפּט מיט געזעלשאפטלעכן דראמאטיזם. זײַן „אומרויִקער אומרו" וואקסט דאָך ארויס פונעם „מינסק פון אומרו", פון דעם, וואָס „אף יעדן ראָג, אף יעדער גאס א שווערער אומרו ווארט און ווארט שוין" א.א.וו.

כאריק קאָן ניט באפרײַען זײַן ליד פון אָט דעמדאָזיקן גאסן־אומרו, האגאם פערזענלעך וואָלט געוועלט אים גרינגער, ער זאָל, ווי זײַן טאטע, זיך קאָנען פארזינגען „ער זאָל ניט וויסן אליין גאָר, אז ער זינגט", ווי ס'איז זיך מוידע כאריק אליין.

איז ער אָבער שטענדיק מיט מענטשן, און זײַן ליד איז שטענדיק פאר מענטשן. כאריק איז א פּאָעט־בירגער, און ווי א פּאָעט־בירגער איז די „ציל־אָנגעווענדטקײַט" פון זײַן „מוזע"—דער גרונט־שטריך אירער. זײַנע לידער זײַנען „לידער־פויסטן", וואָס שלאָגן און וועקן. דעריבער איז זי אזא שטרענגע זײַן „מוזע", אָפּטמאָל, לויטן קויעך פון סאָציאַלער אינערציע, קימאט אן אסקעטישע. דענסטמאָל רײַסן זיך ארויס בא כאריקן, ווי בא יעדן פּאָעט־בירגער, אזעלכע פּוריטאניש־אסקעטישע שורעס:

„כאוויירים, אין אופשטאנד און קריג,
אין רו און ליבשאפט—דערנאָך".

טענדענציעזע שורעס—וועלן עסטעטן פארקרימען די נאָז מיט ביטל.

יאָ, יאָ טענדענציעזע—זייער טענדענץ וואָרצלט אָבער אינעם אָביעקטיוון וואָר פון שווערע, שטרענגע יאָרן פון קאמף און טיף און הונגער. אין יענע אומפארגעסלעכע יאָרן—צי האָבן מיר „די צארטקײַט פארברענט"? יאָ, ענטפערן מיר צוזאמען מיט כאריקן: „מיר האָבן די צארטקײַט פארברענט", פארברענט מיט פארשטשירעטע ציין, מיט צונויפגעבײַלטע פויסטן, ווײַל אזוי האָט מען געמוזט, און קלאָר ניט דערפאר, ווײַל מיר זײַנען מענטשן ניט פון דער וועלט, ווי מיטלויפערישע שרײַבער מאָלן אונדז גאנץ אָפּט אויס.

סאָפקאָלסאָף זײַנען מיר אלע פּאָשעטע באָסערוועדאָמס, און „קילער אווגוסט אין שטעטעלע" און נאכט אין „זילבערנעם רעגן" און נאָך אזעלכע „פּאָרורטיילן" זײַנען אונדז ניט פרעמד.

און כאריק, דער פּאָשעטער כאריק, איז זיך מוידע:

„איך האָב נאָך אלץ ביז איצט ניט פײַנט די שטערן,
מיט ווינטן איז מיר אלעמאָל נאָך גרינג,
נאָר איך וויל אצינד ניט הערן,
ווי ס'רוישט אף מיר א שטיפערל—א ווינט".

אין דידאָזיקע שורעס באקומט כאריקס סאָציאַלער אסקעטיזם א טיפע דראַמאטישע באפארבונג. כאריק, דאָס פּאָשעטע ערד־קינד, וואָס קאָן זיך אוועק

שטעלן אין מיטן בלויליעכער נאכט און ציִען זיך „אהינצו אין בלוי און אין לויטער״— ער קעמפט מיט זיך גופע, און מיט פארפרעסטע ציין ברילט ער:

„אוואדע וואָלט איך וועלן זיך פארזינגען
דאָס גאנצע הארץ צעווייען מיטן ווינט,
נאָר איך קען דאָך ניט, אז מיר זאָל גרינג זײַן,
ווען ס׳איז נאָך אלעמען ניט גרינג״.

אזוי האָט כאריק זיך געראטעוועט פון טרוקענער אסקעטיזם־סכעמע, בא וועלכער ס׳פלעגן געשטרויכלט ווערן פיל שרײַבער. געראטעוועט האָט כאריקן, אין דער ערשטער ריי, זײַן אײַנגעוואָרצלטקײַט אין לעבן, אין מענטשן, אין „בײנערדיקן וואָר״.

## III. אָן א קרוין.

„פונדאנען שטרעק איך אויס צו אײַך מײַן האנט:
טײַערע, באפליגלטע, ניט קרוינט אונדז!״

(כאריק).

אין דער רוסישער ליטעראטור־קריטיק האָט מען לעצטנס אָנגעהויבן אלץ אָפטער און ענערגישער צו וואָרענען דעם שרײַבער פון צופיל סמאקעווען די הערא‌ָיִק פון אונדזער בירגער־קריג.

~~אין די~~ באדינגונגען פון דער רוסישער ליטעראטור איז דאָסדאָזיקע וואָרענען, אין א געוויסער הינזיכט, גאנץ בארעכטיקט און נויטווענדיק.

די יונגע רוסישע סאָוועטישע ליטעראטור האָט פאר די לעצטע יאָרן שוין באוויזן צו געבן אונדז א ריי ברייטערע לײַוונטן, וואָס בא אלע זייערע כעסרוינעס, פארקער־פערן זיי קינסטלעריש פארשיידענע ווינקעלעך פון אונדזער הערא‌ָיִשן וואָר. ווי גע־וויינטלעך אָבער אין אזעלכע פאלן, האָבן זיך שוין א לאָז געטאָן נאָך זיי א היפש ביסל שרײַבערלעך צו רעפראָדוצירן, פאלש נאָכמאכן פארשיידענע „ראָמאנען פון בירגער־קריג״, וואָס הויבן אָן צו דערמאָנען די אמאָליקע קאזיאָנע „קריג־בילדער״. פארשטייט זיך, אז קעגן דעמדאָזיקן שאבלאָניזירטן הערא‌ָיִזם מוז די קריטיק קעמפן.

אנדערש איז אָבער די לאגע אין דער יידישער ליטעראטור. בא הײַנטיקן טאָג האָבן מיר קיין אייניינציקן ברייטן לײַוונט ניט פון אונדזער פראָלעטאריש־רעוואָליר־ציאָנערער הערא‌ָיִק, און שוין האָט מען אין אייניקע קרײַזן פון אונדזער ליטעראטור אָנגעהויבן מעוואטל מאכן טעמעס פון בירגער־קריג. באזינגען (פארשטייט זיך, גוט באזינגען) דעם נאהאן, דעם קאָמסאָמאָל אפן פראָנט איז שוין פארעכנט געוואָרן אלס טרייף־פאָסל, אזוי ווי מיר וואָלטן געהאט א צענדליק פאָעמעס וועגן בירגער־קריג.

דעריבער איז אונדז באזונדערס טײַער כאריקס הערא‌ָיִשע פאָעמע „מינסקער בלאָטעס״.

באלד פון די ערשטע שורעס ווערט דער לייענער ארײַנגעצויגן אינעם קאמף צווישן דער „שטאָלצער גאס״ און „הונדערט שטילע געסלעך״. די „שטאָלצע גאס״

איז באוואָרנט מיט הויכע שטאַרקע מויערן, מיט באָכערימלעך „אין שניפּסן און אין שלייפלעך", די „הונדערט שטילע געסלעך"—מיט פּראָסטע באַלמעלאָכישע פויסטן און שטיינער פון ברוק.

„און ס'גיסט זיך אָן א פויסט—א יונגער און א שטאַרקער,
און ווען עס איז וועט ער א זעץ טאָן אין א שויב".

אָבער וואָס קאָן טאָן א פויסט פון א צעשפּליטערטן, ניטאָרגאַניזירטן באַלמע-לאָכע?

כאַריק ווערט ניט געפאַנגען פונעם בונטאַרישן ראָמאַנטיזם, פון יענער אויסגע-דראָשענער סכעם, לויט וועלכער א צעבונטעוועטער יונג פון קוילערגעסל דאַרף פאַר-קערפּערן די רעוואָליוציע און סאָפּקאָלטאָף זיך אין איר אַנטוישן, מאַכמעס זי—די רעוואָליוציע—איז פאַר זײַן „פרײַען גײַסט" צו „לײַטיש באַגרענעצט".

בא כאַריקן איז גאָר פאַרקערט.

דער צווייטער טייל פון דער פּאָעמע הויבט זיך אָן מיט אַזעלכע טרוקענע שורעס, וואָס האַקן אָפּ די פליגלען יעדן „פרײַען גײַסט":

„גייט אַרויס א האַסטיקער דעקרעט
מיט ווערטער זיכערע ווי פײַלן"...

און א פּאָר זײַטלעך ווײַטער ווערט ווידער דערמאָנט דערזעלבער „אײַליקער דעקרעט".

דעקרעט—דאָס זײַנען פּאַראַגראַפן, דאָס זײַנען ראַמען—גאָר א נײַס אין צעבונ-טעוועטן קוילער-געסל. ס'איז דער נײַער סאָציאַלער קויעך, וועלכער איז באַרופן צו אָרגאַניזירן די בונטאַרישע סטיכיע, גרייטן צו אַן אָרגאַניזירטן קאַמף:

„זאָל זיך גרייטן, זאָל זיך גרייטן, זאָל זיך גרייטן,
זאָל זיך לערנען אַף אַרײַן אין סאָוונאַרקאָם".

אָט דער הויפּט-העלד—פיניע—איז דאָך אייגנטלעך אַפילע קימאַט ווי ניט געשיל-דערט געוואָרן אין דער פּאָעמע, ווײַל ניט פיניע איז דעריקער—דעריקער איז דער גאַנצער „צוג מיט הייסע יונגען", וואָס מינסק שיקט אָרגאַניזירטערהייט אַפן פראָנט, און פיניעס קאָפּ איז „א קאָפּ פון טויזנט קעפּ"—שטרײַכט אונטער אַף יעדן טריט און שריט כאַריק.

דעם העראָישן אָטעם פון טויזנטקעפּיקן, מיליאָנענקעפּיקן רעוואָליוציאָנערן פאָלק גיט כאַריק מיט א מעכטיקן פּאַטאָס. מיר איז אויסגעקומען בײַצוזײַן אַף ליטעראַרישע אָוונטן און אין ליטקרײַזן, אין אַרבעטער-קלובן. די אודיטאָריע, וועלכע באַציט זיך גאַנץ אײַנגעהאַלטן צו דער נײַער יידישער ליטעראַטור („מיר פאַרשטייען זי ניט"), פלעגט פאָדערן, מ'זאָל די פּאָעמע עטלעכע מאָל איבערלייענען.

פאַרוואָס זשע איז אונדזער אַרבעטער-עולעם אַזוי אַנטציקט פון כאַריקן? עפּשער פאַר דעם:

אין יעדן הײַזעלע, אין יעדן קאַמער
רעדט א נײַ-מאַשין, א הובל צי א האַמער.

אָדער עפשער פאר דעם:

ס׳איז גוט אזוי, ס׳איז הייס אזוי,
מיט שווערע שטיוול אף גארדינעך,
ס׳איז גוט אזוי, ס׳איז הייס אזוי,
מיט שווערע שטיוול איבער זאל.
— און יעדן אָוונט זינגט מען דאָ די האסטיקע „רובינושקא"
און יעדן טאָג און יעדע נאכט — דעם „אינטערנאציאָנאל".

גיכער פאר אלץ, אי פאר דעם, אי פאר יענעם.

פאר אלץ, וואָס איז אזוי נאָענט אונדז אלעמען, וואָס מיר וועלן קיינמאָל, קיינמאָל ניט פארגעסן: פאר אָט די פריילעכע שאָען אין זאל פון געוו. „דוואָריאנסקאָיע סאָבראניע", פאר דאָס אייוועלע — די „בורזשויקע", וואָס מיר פלעגן הייצן מיט צעבראָכענע פלויטן און אלטע ספאָרים, פאר די פראָנט־יאָרן, פאר אָט די „שווערע יאָרן פון הונגער מיט ברודער, מיט פרייד און מיט לייז".

מיט פרייד און מיט לייז!

שוין אָטאָ דאָ, אין דער ערשטער הערויִשער פּאָעמע זײַנער, שטויסט זיך אָן כאריק אף דער „כיטרער מעכאניקע" פון אונדזער דיאלעקטישער הערויִק — הערויִק אָן א הערויִ, און הערויִ — אָן א קרוין אפן קאָפּ. די הערויִק ווערט וואָרהאפטער און וואָכעדיקער. זי אָטעמט אף אונדז פון א פארלײַזיקטער טעפּלושקע, פון אן אָפּגערעמאָנטירטן זאוואָד, פון א צעקנייטשט היטל, וואָס איז באקומען געוואָרן לויט אן אָרדער (בעזימענסקי), פון אן איידע קליינשטעטלדיקע יידן. וואָס האָבן פארוואָרפן קרעמערישן „וואָג און פונט" און געלאָזן זיך צו „רויִקער, זעטיקער נאכלע".

דעריבער זײַנען אזוי „וואָכעדיק" כאריקס הערויִשע פּאָעמעס — פריִער „מינסקער בלאָטעס", דערנאָך — „ברויט".

וואָס איז אזוינס ברויט? פּאָשעטער, קאָרענער, זאטער ברויט? פאראן אויך א הערויִשער געזאנג פון פּאָשעטן, קאָרענעם, זאטן ברויט!

עפשער ניט ווייניקער ווערטפול איידער די געזאנגען וועגן העלד האיאוואטא, אָדער וועגן העלד אָדיסיי:

אזוי וואָכעדיק, פּאָשעט, ווי א שטילער ווײַבערישער שמועס אף דער פריזבע, הויבט זיך אָן אָט דער הערויִשער געזאנג:

„אזוי, צי אזוי, נאָר סע שמעקט שוין מיט מארט,
האָבן יידן געגרייט זיך, גערעדט און געווארט..."

אייגנטלעך, איז דאָ פאראן אויך א פאלעך, ווי אין „לײַטישע" הערויִשע פּאָעמעס, איז אָבער דער פאלאך „צעשטויבט און צעשטערט, און מיט לאָזע און גראָז איז באַוואָקסן די ערד".

און ניט פרינצן און פרינצעסנס — פּאָשעטע קליינשטעטלדיקע יידן שלאָפן מידע אפן דיל:

„כאפט זיך אוף די מאמע — איז דער פאלאץ פרעמד,
דריקט זי צו איר קינד נאָך נעענטער צום העמד"...

שאַ! פאַרהאַלט דעם אָטעם און פאַרנעמט: איבער אָט דער מאַמען און קינד, אין דער קופּע פון מידע ערד־זוכער, טראָגט זיך דאָס גרויסע געזאַנג פונעם „בײַנערדיקן וואָר", דאָס געזאַנג פון ברויט, וואָס ווערט „געריסן פון יעדער דעסיאַטין". דעמדאָזיקן קאַמף פאַר ברויט באַזינגט כאַריק מיט ניט קיין קלענערן דיכטער־פּאַטאָס איידער דעם קאַמף אױף די פראָנטן.

דערזעלבער היסלאַוועסדיקער טאָן פון א טריבון:

„נאַ, נעם צעווייע אונדזער שווייס,
נעם, דריק צו די מידע גלידער".

זײ דערמאָנען אַזוי די שורעס פון „מינסקער בלאָטעס":

„נו, צענעמט און דערהויכט אונדזער יוגנט"...

דער טאָן פון „צענעמען און דערהויכן" איז דער גרונט־טאָן פון אָט דער „וואָכעדיקער" פּאָעמע, וואָס שמעקט מיט ברויט, מיט פּאַשע און מיט מילך. ניט נאָר אױף די פעלד־פּייזאַזשן ליגט אָט דער הויך פון אַקטיוון „רײַסן זיך"—ער ליגט אפילע אפן אידילישן פּאַסטאָראַל „אונטער שײַער, הינטער שטאַל", ווו די אידילישע מײַסע ווערט איבערגעריסן מיטן פּראָזאַישן געשריי: „צו אַלדי שווארצע יאָרן! פּאַסטעך מײַנער—גיב א קוק, די סטאַדע קריכט אין קאָרן!".

אוואדע, קאָנען געבוירן ווערן בא געוויסע גרופּן שטימונגען אינעם זיסלעכן סטיל פון „אין דער סאָכע ליגט די מאַזל־בראָכע", אינטעליגענטיש־פּאָלקיסטישע ליוב געזאַנגען לעקאָוועד „די הענט מיט מאָזאָלעס" ביקלאַל. שפּורן אזעלכע זײַנען שוין פאַראַן.

כאַריק אָבער איז פון דער אידיליע־סאַקאָנע בעפּײַרעש אַרויס בעשאָלעם.

גיט א קוק, ווער איז דער העגעמאָן, די אָרגאַניזיר־קראַפט אין כאַריקס „קעניגרײַך פון דאָרפישער באַגרענעצטקייט".

באַלד פון דער צווייטער סטראָפע גייט אַזאַ שורע:

„איז פון שטאָט אָנגעקומען א יונגער יעווסעק,
די ערדן צעטיילט זיי און ווידער אין וועג".

דערדאָזיקער „יונגער יעווסעק" פאַרנעמט דאָ דעמזעלבן היסטאָרישן אָרט, וואָס דער אויבנדערמאָנטער „דעקרעט" אין „מינסקער בלאָטעס"—ער איז דער אָרגאַניזירנדיקער קויעך, ער רעגולירט, פירט אָן. ענדיקן ענדיקט זיך אויך די פּאָעמע מיט סטראָפעס, וואָס גיבן איבער די העגעמאָניע פונעם אַרבעטער אין אָט דעם שווערן סאָציאַלן פּראָצעס פון אַריבערפירן עקאָנאָמיש־צעפאַלענע גרופּן צו פּראָדוקטיווער אַרבעט. די פּאָעמע ענדיקט זיך מיט א סמיטשקע־אָוונט, אױף וועלכן ס'קומען מיט באַגריסונגען ניט נאָר דער שטעטלדיקער אַרבעטער, נאָר אויך דער דאָרפישער ניט־ייִדישער פויער. דידאָזיקע ניט־ייִדישע פויערים מיט דער האַרמאָניק, מיט דער „לעוואָניכע"[1]) מאַכן צונישט די מוירע פאַר א ייִדישלעך־נאַציאָנאַליסטישער אופאַסונג פון אונדזער ערד־אײַנאָרדענונג בא כאַריקן.

---

[1]) א ווײַסרוסישער טאַנץ.

פארקערט, אין דער פּאָעמע ווערט אין א געוויסער מאָס אופגעדעקט דער סטי־דעספולער סאָציִאַלער אינגעוויים פון דער איידע איבערוואַנדערער. די עלטערע קליינשטעטלדיקע ייִדן האָבן נאָך הינטער זיך די בריקן ניט פארברענט, זיי וואַקלען זיך נאָך:

„קוקט מען און שווייַגט מען... אז גרויס איז די לאַסט,
צי ווערט מען דאָ בלייַבן, צי קומט מען צוגאַסט"...

די ייִנגערע אָבער זייַנען שוין אינגאַנצן מענטשן פון נייַעם לעבן. זיי זייַנען דער אַקטיוו פון דער איידע.

„איז דער ייִנגסטער, א פלינקער אראָפּ אף דער ערד:
— וואָס איז דאָ צו טראַכטן?—און שפּאַנט אויס די פערד.
איז דער ייִנגסטער דער ערשטער צום פּאַלאַץ אוועק,
זייַנען אַלע אראָפּ פון די פערד,—און אַן עק".

די איידע ווערט געפירט ניט אינעם אַלטן פּאַטריאַרכאַלן סטיל—דורכן זאָקן—דעם עלטסטן,—נאָר, גראָד פאַרקערט, דורך די יונגע. די פּאַטריאַרכאַלע אידיליע פון „ערדמאַכט" איז שוין אין אָטאָ דעם בילד צעבראָכן. דערווייַל זייַנען נאָך די קאָנפליקטן געגעבן בלויז אַלס קאָנפליקטן צווישן עלטער־גרופּן (זיי סימבאָליזירן דאָך, אייגנטלעך, פארשיידענע לעבן־פּאָרמעס). אין די ווייַטערדיקע קאַפּיטלען ווערט שוין דערדאָזיקער קאָנפליקט פּארטיפּט אַלס קאָנפליקט צווישן יונגע אַפּיקאָרסים און עלטערע פרומע „רעב אבעס".

די „צעבראָכענע שטענדערס" אין שול האָבן דאָך אויך עפּעס צוזאָגן אַלס פרע־לודיע צום קינפטיקן קלאַסן־קאַמף, וואָס וועט מוזן דיפערענצירן דעם נייַעם ייִשעוו עקאָנאָמיש און פּאָליטיש.

דעם עצעם איבערפלעכט פון פארשיידענע סאָציִאַלע קויכעס אינעם „הויף" זעט נאָך ניט דערווייַל כאַריק. ער זעט עס ניט אויך אין שטעטל.

כאַריק האָט אָנגעשריבן א גאַנצן ציקל לידער „שטעטל", נאָר אָפּגעקומען איז ער דערבייַ בלויז מיט א הורטאָוון פארשעלטן דאָס שטעטעלע: „שטעטעלע פארשווינד".

דאָס שטעטל אָבער פארשווינדט דאָך ניט ראַפּטעם, קאַטאַסטראָפיש. ס'גייט אונטער דיאַלעקטיש, דאָס הייסט, אויסטיילנדיק פון זיך גופע איר באַגרעבער. אָט, איציק פעפער האָט יאָ באַמערקט אין שטעטל דעם ייִדן, וואָס „לייענט דעם מאָסקווער „עמעס" און טרוימט פון א קאָלאָניע לעם אָדעס", און דעם שאַמעס, וואָס וואָלט שוין כיישעק געהאַט צו ווערן „אין ייִדסעקציע א קוריער". כאַריק האָט דידאָזיקע דיפערענצירונג־פּראָצעסן אינגאַנצן ניט באַמערקט. כאַריק אַנטלויפט פון שטעטל מיט א קלאָלע: „זאָל ברענען".

כאַריק איז אָבער קיינמאָל ניט געווען פון די, וואָס אָנשטאָט לעבן־ברויט, זאָלן זיי געבן פארזיסטע לעבן־באָנבאָניערקעס.

כאַריק שטרייַכט אונטער בעפּיירעש:

„אָ, ווער האָט דאָס געזאָגט און ווען,
אז גרינג איז, ערדעלע, דיך קענען".

אוואדע, איז ניט גרינג—ניט אין „מינסקער בלאָטעס" און ניט אף די פעלדער פון ווייסרוסלאַנד.

כאריק פילט די דראמאטישע סטירעס פון אונדזער לעבן און דעריבער איז עפּ־שער אזוי נאטירלעך, וואָס כאריק, דער ליריקער, האָט זיך ניט געלאָזט אפּן וועג פון סקארבאָוון ליבע־קוואטש „באם שיַין פון מאָנד" און געגעבן אין זיַין דריטער פּאָעמע „קאטערינקע" די דראמע פון ליבע.

דער דראמאטישער קאָנפליקט וואקסט דאָרט אויס פון א באגעגעניש צווישן מע־נערשע „האַריקע און הארטע הענט" און מיידלשע צארטע „זומערדיקע הענט". ס'קע־נען זיך ניט פארפלעכטן אין קעגנזיַיטיקער ליבע אזעלכע הענט—ברעכן זיי זיך ווייטיקדיק.

מ'קאָן איצט זאָגן קימאט ווי אף פעסט: דער דראמאטישער עלעמענט פארנעמט דעם אויבנאָן אין כאריקס שאפן. דערפון נעמט זיך זיַין שטענדיקער אומרו, וועלכער איז דער גרעסטער דאמסוינע פונעם פלאקאטישן אָפּטי־מיזם, אין וועלכן אייניקע באשולדיקן כאריקן. כאריק קאָקעטירט אָבער ניט ווי אנדערע מיט זיַין ווי און אזוי ציכטיק פראָסט קלינגט זיַין ווידע פאר קומענדיקע דורות:

„מיר האָבן דאָ די ציגל נאָר צעלייגט
און זיך אליין אוועקגעלייגט פאר ציגל,
ביזן טיפן בלוט אזוי געבענקט
פארמאָגן אויך צוויי אומרויקע פליגלען..."

אָטאָ די בענקשאפט נאָך „צוויי אומרויקע פליגלען", מיט וועלכע מ'זאָל קענען פאראמאָל א ריס טאָן זיך אינדערהויך איז כאראן—יאָ זי איז פאראן באם פּאָעט פון די „בלאָטעס" און „ברוויט", און כאריק באהאלט עס ניט, דער ערדישער כאריק שריַיבט דענסטמאָל אָן אזא סטראָפע:

„טריפט די נאכט איר בלוילעכן טריף
און גייט אוף אין זילבערנעם דרימל.
טריַיבט מיך די נאכט ווי א שוימיקע שיף—
ווי וויַיט איז פון מיר ביזן הימל?"...

וויַיט, אזוי! וויַיט, ברודערל! נאָר מיר וועלן זיך ארופריַיסן צו אלדי שווארצע רוכעס!

## IV. סטיליזירטער לעבן אָדער לעבן־סטיל.

דער קאמף צווישן דער מארקסיסטישער און אידעאליסטיש־פאָרמאליסטישער ליטע־ראטור־קריטיק איז אייגנטלעך טאקע אף אָט דער פּיַיער־ליניע געגאנגען: סטיליזירטער לעבן, אָדער לעבן־סטיל.

די קליינבירגערלעכע יערידע־ליטעראטור פלעגט אף פארשיידענע אויפאנים זיך קליגן צו סטיליזירן דאָס לעבן, צוטראָגן דאָס לעבן אין עקסטראקט־טאבלעט־קעס, מאכמעס דאָס רוי־לעבן גופע איז איר געווען פרעמד און דערווידער. דערפאר

האָט זי אזוי פיל מי אָפּגעגעבן דער פראגע וועגן באפוצן איר סטיל, אויסצאצקען אים, מאכן אים וואָס אויסטערלישער. מ'האָט סטיליזירט לויט דער ביבל, לויט פארצײַטיקער פאָלק־שפּראך, מ'האָט געזוכט עקזאָטישע סטילן — דעם סאָד אָבער פונעם פּאָשעטן דינאמישן לעבן־סטיל האָט קיינער פון די יערידע־שרײַבער ניט אנטפּלעקט.

הויבט איר אָן, אפילע אויבנויפיק (מיר האָבן דערווײַל בלויז איין לידער־בוך זײַנעם) נאָכצושפּירן כאריקס סטיל, זעט איר טייקעף, אז זיין סטיל איז ענג צונויפגעבונדן מיט זײַן גאנצער דיכטערישער לעבן־עמפּינדונג — ער איז אויך אין געזעלשאפטלעכן ברויז, אין לעבן פון רעוואָליוציאָנערע האָרעפּאשנע מאסן פארוועבט.

די דעקאדענטישע פּאָעזיע האָט אף אזוי פיל פארטיפט דעם טהאָם צווישן פּאָשעטער מענטשלעכער אומגאנג־שפּראך און דער ראפינירטער פּאָעזיע־שפּראך, אז זייער פּאָעזיע איז געוואָרן אומפארשטענדלעך פארן מאסן־לייענער.

כאריק דער פּאָעט, וועמען „ס'ציט אזוי צו מענטשן", האָט זיך געשטעלט אפן וועג פון רעאביליטירן אין דער פּאָעזיע די פּאָשעטע אומגאנג־שפּראך און דעם דינאמישן סטיל פון לעבעדיקן מענטשלעכן געשפּרעך. דער גרונט־שטריך פונעם קאָלעקטיוון מענטשלעכן געשפּרעך איז זײַן דיאַלאָגישקייט, וואָס באהעפט מענטשן און בינדט זיי צוזאמען, ס'איז די געזעלשאפטלעכקייט, די קאָמוניקאטיווקייט זײַנע. מאָרפּאָלאָגיש דריקט זיך אויס דיראָזיקע קאָמוניקאטיווקייט אין צווייטן פערזאָן פון צײַטוואָרט און פראָנאָם אין דער ווענדונג־פאָרם, אין די פאָרמעס פון פרעגן, באפוילן א. אנד.

אָט דיראָזיקע רייד־פאָרם, וואָס גייט פונעם סאמע רוישיקן לעבן און איז דער פולשטענדיקער הייפעך צום אימפּרעסיאָניסטישן „לאָשן ניסטער" (דריטע פערזאָן פון צייטוואָרט און פראָנאָם), איז אין כאריקס סינטאקסיס די הערשנדיקע.

אף יעדער זײַט קימאט פון כאריקס לידער־בוך קאָנט איר געפינען אָטאָ די קאָמוניקאטיווע פאָרם. איך וואָלט זיי געקאָנט ברענגען אָן א שיר:

1) „פארוואָס איז דאָ אזוי פיל ליכט און יאָנטעוו אף די גאסן?"
2) „נאט אײַך רו, און נאט אײַך פרעמדן גליק!"
3) „ברידער, דאָס בין איך מיט אײַך געפאלן א גערעכטער".
4) „לויפן?... קיינער וועט ניט לויפן!"
5) „קאָפּ מײַנער, מײַן נארישער און מידער..."

כאריק דערציילט ניט, כאריק כאָלעמט ניט אימפּרעסיאָניסטיש — ער שמועסט שטענדיק מיט עמעצן, ער דארף האָבן זײַן וויזאווי, פון וועמען ער זאָל קענען מאָנען, ער זאָל קענען באפוילן, ווענדן זיך, אויסרופן, פרעגן. ניט אומזיסט רעדט כאריק וועגן פּאָעטן ווי וועגן „טריבונען מיט האָריקע אקסלען". כאריקס סטיל איז דער סטיל פון א טריבון, וועלכער קאָן ניט באגײַסטערט ווערן אָן א נאָענטער, רוישיקער אודיטאָריע. אז ער האָט ניט קיין אודיטאָריע, רעדט ער מיט זיך אליין, אזוי אָט — שטענדיק אינצווייען.

כאריקס לעבן־סטיל איז אָבער ווייניק בלויז אָטאָ די קאָמוניקאטיווע פאָרם פון צווייטער פערזאָן. כאריק באנוצט זיך זעלטן מיט דער אומדירעקטער רייד־פאָרם אז

גיט אָפּטער די ד י ר ע ק ט ע לעבעדיקע רייד־פאָרם — די פאָרם פון פרעמד־רייד. די־דאָזיקע פאָרם איז בא כאריקן די הערשנדיקע אינעם גאנצן לידער־בוך. איך קען ברענגען אסאך אזעלכע ביישפּילן.

1) „מידערהייט א קלאפּ טאָן אין א טויער:
— העי, כאוויירים — ברידער, עפנט אָפּ,
אן אייגענער — א רויטארמייער...״
2) „גוט — האָט ער געזאָגט — זאָל ברענען!״
3) „און שפּעט באנאכט כ׳קום צו זיך און זאָג זיך:
פארבלוטיקטער, מיין אומרויקער, יאָגו״
4) „דו זאָגסט: דאָס איז גאָרניט שאָפן...״
5) „און זיך אליין א זאָג טאָן: אי דו נאר...״

כאריק זוכט מיט אלע קויכעס איבערצוגעבן אין זיינע שורעס דעם ד י ר ע ק ט ן אָטעם פון לעבעדיקער, אקטיווער שפּראך, וואָס דארף פאָרמעל פארקערפּערן זיין לעבעדיק־אקטיוון קאָמוניקאציוון דיכטערישן „איך״. אין פיל ערטער גיט ער אויס־געצייכנטע ביישפּילן פון אזא אקטיווער געשפּרעך־פאָרם, מיט אירע אָפּגעהאקטע פראגעס, האלבע ענטפערן א.א.וו. איך וועל ברענגען דאָ אזא ביישפּיל:

„דו זאָגסט: דאָס איז גאָרניט שאָפן, —
דו האָסט געשפּילט מאָצארטן?
זאָל זיין מאָצארט! איז וואָס? איז ווען?
אז עפּעס רינט פון דיינע הענט
מיט אזא קאלטער צארטקייט״.

גלענצנדיק מאמעש אין זיין פּראַקטיק איז איבערגעגעבן דער לעבעדיקער דיאלאָג צווישן זיידן און אייניקל אין דער פּאָעמע „ברויט״:

„איז אָט, ווען מע האָט אינלופטן שוין געשניצט די קאלאָנאדע,
האָט זיך אייבער פון אונדז אויסגעגליטשט, א פאל געטאָן און — נא דיר!
וואָס טוט מען איצט, ווו לויפט מען איצט?״...

אין אָטאָ די לעבעדיקע רייד־פאָרמעס, ווי לעמאָשל, „איז אָט״, „נא דיר״ — ליגט די גוורע פון כאריקס לעבן־סטיל.

אונדזער יונגע ליטעראטור ליידט נאָך אדייעם פון איר, אזוי צוזאָגן, דיאלאָג־לאָזיקייט, וואָס איז א פויעל־יוצע פון איר סכעמאטישקייט — דעריבער איז דערדאָ־זיקער לעבעדיקער כאריק־סטיל אזא דערפרייענדיקע דערשיינונג.

אין זיין דראנג נאָך דירעקטן לעבן־סטיל איז כאריק אין פיל ערטער דערגאנגען ביז צו אן אייגנארטיקער קינסטלערישער אַפּליקאציע (ארופקלעפּן), אין סטיל פון יענע מאָלער, וואָס פלעגן ניט אָנטרויען זייער פארב־אָרעמען פּענזל און א ר ו פ־ק ל ע פּ ן אפן לייוונט שטיקער דירעקטע מאטעריעלע זאכן (פּאפּיר, גלאָז, בלעך א. א. וו.). כאריק ווייסט אויך, אז די בעסטע ליטערארישע פאָרמעס קאָנען אָפּט ניט איבערגעבן דעם ד י ר ע ק ט ן רייעך פון רויערד, און כאריק קלעפּט איין אין זיינע לידער גאנצע שטיקער רוי־לעבן, רוי־לעקסיק.

אינעם צווייטן ליד פון „מינסקער בלאָטעס" קלעפּט ארוף כאריק אף אזא אויפן א רויע פאָלקליד, וואָס דארף איבערגעבן דעם לייענער דעם דירעקטן אָטעם פון א מינסקער ווארשטאט.

. באם בויען, באם הובלען, בא דער דראטווע, בא דער נאָל
זינגט מען הויך און זינגט מען הייס און אלע מיטאמאָל:
— אי — אי — אי — אי — יאָשקע פאָרט אוועק,
לאָמיר מיר זיך צעזעגענען — דער פּאָיעזד פאָרט אוועק"...

אין דערזעלבער פּאָעמע, אינעם פינפטן ליד ווערט אף אן ענלעכן אויפן ארופגעקלעפּט די אָרטיקע לעקסיק פון מארק:

— ווײַבער
— ווײַבער
— א מעציע פּיש!

דעמזעלבן כאראקטער פון קינסטלערישער אפּליקאציע טראָגן אויך די רוסישע שורעס אין דער סטראָפע:

אכמאטאווס טרויער געפּעלט דיר,—
טאָ טרויער מיט סאמעט פון בליק:
Я на правую руку надела
Перчатку с левой руки.

דערדאָזיקער סטיל, אלס דירעקטער לעבן־סטיל, באפרוכפּערט אונדזער דיכטונג, אקטיוויזירט זי, פארגעזעלשאפטלעכט זי.

צום סאָף א פּאָר ווערטער וועגן דער ראָל פון דער „קינסטלערישער דעטאל" אין כאריקס פּאָעזיע. די „קינסטלערישע דעטאל" איז איינע פון די וויכטיקסטע שילדערונג־מיטלען באם קינסטלער. אונדזערע קלאסיקער האָבן געקאָנט מיט איין דעטאל („א יאָדעריק יידל, א געשפּיקעוועטער, מיט א דיק בײַכל"—פון מענדעלעס פּאָרטרעטן) געבן א פולן פּאָרטרעט.

ווי אָפּערירט דערמיט כאריק?

דאָס 15־טע ליד פון „מינסקער בלאָטעס", וואָס הויבט זיך אָן מיט דער שורע „א לעצטע ברעט פון לעצטן פלויט", די מאמע מיטן קינד אינעם 4־טן ליד פון „ברויט", דער ציגאר, וואָס ווערט פארלאָשן אף פּראָסטיקע פעלדער (פון ווינטערלידער)—דאָס אלץ זאָגט איידעס, אז כאריק האָט אן אויג אויך פאר אָט דעם, האָגאם ער האָט עס נאָך ניט אינגאנצן באהערשט.

אָנשטאָט דער קינסטלערישער דעטאל, וואָס דארף דיכטעריש דערהויבן דעם קליינלעכן לעבן־פאקט און קאָנדענסירן אים, באנוצט אָפּטמאָל כאריק דעם ריאַליסטישן סימוואָל. דער אלטער כאָרעווער פּאלאץ אין „ברויט", דער פּאָרטעפּיאן אין „קאטערינקע", דער סאָד באהאנגען מיט פרוכט (אין ליד „צו אונדז אין סאָד")—דאָס זײַנען אייגנטלעך אלץ רעאליסטישע סימוואָלן, וואָס נעאָרעאליסטן באנוצן גאנץ אָפט, קעדיי צו פארטיפערן די דיכטערישע פּערספּעקטיוו.

דאָס זײַנען ניט קײַן מיסטישע סימוואָלן, אין סטיל פון „קויהאנים און פאָלק"— דאָס איז א דיכטעריש־דערהויבענער „ביינערדיקער שטײַפער וואָר".

דאָס געזאנג פונעם דאָזיקן „ביינערדיקן וואָר" האָט אונדז געבראכט איזי כאריק— דער ייִנגסטער, דער ערדישסטער צווישן אונדזערע דיכטער. דער בעסטער מאָטאָ פאר זײַן בוך „אף דער ערד" וואָלט דערפאר טאקע געווען:

„איז דער ייִנגסטער, א פלינקער אראָפּ אף דער ערד".

אראָפּ אף דער ערד—אף שטײַגן און אף וואקסן!

1926.

# „לײַב און לעבן“.

(װעגן א. כאריקס פּאָעמע „מיט לײַב און לעבן“).

1

דוכט זיך, אונדזער פּאָעזיע קאָן שוין רעכענען פאר ענדגילטיק איבערגעקומען יענעם שווערן עטאפּ פון „אָלימפּישן גלײַכגילט“, סימוואָלישער שטאמלעניש און פּאָרמאליסטישער איבערגעשפּיצטקײַט, װעלכער האָט א געװיסע צײַט געמאטערט אונדזער יונגע נאָכאָקטיאבערדיקע ליטעראטור.

איצט, אזוי צוזאָגן, „אין פרײדן“, קאָנען מיר דערמאָנען שוין מיט א שמײכל יענע אלע עסטעטישע סטראשונקעס מיקויעך „קוואליפיקאציע“, קולטור פון וואָרט א. א. וו.

זײ האָבן זיך מיט גאָרניט אויסגעלאָזט—אָט די סטראשונקעס!

אין קאמף קעגן דער עסטעטיק פון „שטראָם“ האָט אונדזער פּראָלעטארישע פּאָעזיע ניט אָפּגעגעבן קײַן אײן שפּאן פון די מאָדערנע פאָרמעל־טעכנישע דערגרײכונגען.

פארקערט, זי איז רײַפער, זי איז שטײַפער געװאָרן, זי האָט די קולטור פון וואָרט (קולטור אָן געגנדזן־פּיסלעך) דערהויבן.

און גלײַכצײַטיק—גלײַכצײַטיק האָט די דיכטערישע שורע באקומען ל ײַ ב און ל ע ב ן, אראָפּגעשווענקט פון זיך דעם סימוואָלישן שאָלעכץ פון „הײליקע טאראנעס“ און אן אָטעם געטאָן מיט סאָציאלער לײַדנשאפט.

מיט סאָציאלער לײַדנשאפט—סארא װיכטיקער געװינס ס׳איז פאר א ליטעראטור!

„זאָל זײַן געבענטשט די לויטערע מינוט,
װאָס האָט מיך שטיל און קלאָר אזוי דערהויבן,
געשאָנקען מיר אי מענטשלעכקײַט אי גלויבן
אין טריף אין הייסן פון מײַן יוגנט־בלוט...

אָט די רעגע, אָט די לױטערע מינוט,
װען גענומען האָט מען זידלען מיך און לױבן,
אין די שורעס קוקן, װי אין רײנע שױבן,
װי זעט עס אױס: שלעכט איז דאָ, צי גוט...״

(ז. אקסעלראָד).

אָטאָ די, װי געװײנטלעך, גלענצנדיק־אופּריכטיקע אקסעלראָדישע שורעס זאָגן אײ־דעס װעגן דעם, אז אפילו די סאמע אינטימע לירי קער אונדזערע האָבן דערפילט די אכרײַעס פאר טױזנטער אױגן, װאָס שפּירן נאָך און „אין די שורעס קוקן, װי אין רײנע שױבן, װי זעט עס אױס: שלעכט איז דאָ, צי גוט״.

איזי כאריק איז געװען אײנער פון די ערשטע, װאָס האָט אָט דעם סאָציאַלן אכרײַעס־געפיל פראָקלאמירט אין אונדזער פּאָעזיע.

איר געדענקט זײַנע לײדנשאפטלעכע ארױסרופעריִשע שורעס:

„מיר טרינקען אונדזער לעבן רױערהײט
און װארטן ניט ביז עס װעט נעמען שטארבן״.

אװאדע, װײסט גאנץ װױל דער דיכטער, אז די פּארװירקלטסטע פראָבלעם פון אונדזער ליטעראטור איז אָט די פראָבלעם פון „רױען לעבן״; אװאדע װײסט ער גאנץ גוט, דער דיכטער, אז אסאך לײַכטער איז צימבלען מיט אָפּגעריבענע ליטערארישע שטאמפּן װעגן „אײביקע״ פּראָבלעמען.

אָבער אָט יענע טױזנטער, װעלכע אורטײלן, צי שלעכט איז עס צי גוט, װילן ניט װיסן פון אָטאָ די דעזערטירערישע „אײביקע״ פראָבלעמען—זײ פאָדערן גראָד, אז פונעם לעבעדיקן רױקװאַל, פונעם „איצט, אצינד, װען הערצער ברענען״ זאָל דער דיכטער שעפּן זײַן מאטעריאַל.

כאריק האָט נאָכגעפאָלגט דעם רוף פון זײַן לײענער־מאסע.

ער האָט געװאגט און איז געקומען צו אײנעם פון די רױסטע, אקטועלסטע און דערפאר קאָמפּליצירטסטע קינסטלערישע געשטאלטן איִן אונדזער ליטעראטור — צו דער נײַער, נאָכאָקטיאבערישער שטעטל־געשטאלט.

---

װעגן שטעטל־געשטאלט בא כאריקן מוז מען קודעמקאָל געדענקען אָט װאָס:

אָט די דאָזיקע קינסטלערישע געשטאלט איז אים — דער דיכטער — ניט אראָפּגע־פאלן פון הימל, ראפּטום, האָקוס־פּאָקוס,—עס פארמאָגט הינטער זיך א היפּשן אנט־װיקלונג־גאנג:

דער ערשטער עטאפּ, װעלכער איז פארבונדן מיטן ציקל לידער „שטעטל״ (גע־דרוקט אין אלמאנאך „נײַערד״); דער צװײטער עטאפּ, װעלכער איז פארבונדן מיטן ציקל „און ס׳בלױט דער הימל סײַװױסײַ״ (געדרוקט אין זשורנאל „שטערן״, דעקאבער,

1926), און דער דריטער עטאַפּ—פאַרקערפּערט אין כאַריקס לעצטער פּאָעמע „מיט לייב און לעבן".

אָט די אַלע דריי עטאַפּן זיינען ניט קיין איזאָלירטע ליטעראַרישע עטאַפּן, די אי־נערלעכע טרייב־קויכעס זייערע גייען אַרויס ווייט פונעם געדער פון ריין־ליטעראַ־רישע דערשיינונגען און אופדעקן זייער געזעצמעסיקייט, בלייבנדיק בלויז אין די דאַלעדאַמעס פון ליטעראַטור־לעבן, איז אומעגלעך.

יעדער פון אָט די־דאָזיקע עטאַפּן האָט, אויף דער אייגנאַרטיקער שפּראַך פון קונסט, פאַרקערפּערט אַ באַשטימטן עטאַפּ אין דער אַנטוויקלונג פון אונדזער געזעלשאַפט־לעכן און עקאָנאָמישן לעבן.

דער ערשטער עטאַפּ, וועלכער איז פאַרבונדן מיט כאַריקס שטעטל־לידער פאַר די יאָרן 25—1924, איז אין אונדזער קריטיק, מער אָדער ווייניקער שוין אָפּגעצייכנט געוואָרן.

איצט, ווען פינף דערפאַרונגפולע יאָר ליגן צווישן אונדז און אָט די ערשטע כאַ־ריקס שטעטל־לידער,—איצט ווערט נאָך בולעטער פאַר אונדז דער „סאָציאָלאָגישער עקוויוואַלענט" פון אָט די שטעטל־לידער. אין כאַריקס הורטאָוון פאַרשעלטן דאָס שטעטעלע, אין זיין סכעמאַטיש־גראָדליניקן אויסרוף: „שטעטעלע פאַרשווינד" האָט שום סאָפעק אָפּגעהילכט דער אולטראַ־לינקער קוויטש פון יענע סאָציאַלע גרופּעס, וואָס האָבן די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור אויפגעפאַסט אַבסטראַקט, ענג־צעכיש און אין אַ היפּשער מאָס פּאַניקאַליש.

דער ביטל פון אונדזער דעמאָלטדיקער טראָצקיסטישער אָפּאָזיציע צום „אידיאַטיזם פון פּויערישן לעבן"; די פאָדערונג אירע איינצוהיטן די „ריינקייט" פונעם פּראָלע־טאַריאַט און ניט „פאַרשמירן זיך", כאָלילע, מיט פּויערישקייט, מיט קליינבירגער־לעכקייט; אָט זייער פיבער פון אויבעראינדוסטריאַליזירונג, וועלכער איז געקומען אין רעזולטאַט פון פּאַניק און אומגלויבן—אָטאָ די שטימונגען האָבן געקאָנט, נאַטירלעך, אין אייניקע קרייזן פון אונדזער סאָוועטישער יידישער אינטעליגענץ אַרויסרופן דעם אויבנדערמאָנטן „לינקן קוויטש" בענויגייע צום „קליינבירגערלעכן, אָפּגעשטאָרבענעם, רעאַקציאָנערן שטעטל". האָט דאָך ביכלאַל אונדזער גאַנצע רעוואָליוציאָנערע פּאָעזיע פון די ערשטע נאָכאָקטיאַבערדיקע יאָרן, (אַ פּאָעזיע, וואָס איז געקומען פון שטעטל!) קאָקעטירט מיט איר ראַדיקאַל־פאַרשאַרפטן ביטל צום „אָפּגעשטאָרבענעם" שטעטל, מיט איר גרויסשטעטיקייט, אַזש ביז צו קאָסמישע מאַסשטאַבן! דער דיאַלעקטישער געזעץ פון קאַמף דורך ווידערשפּרוכן האָט זיין שליטע אויף דער ליטעראַטור אַזוי ווי אויפן לעבן. פיל פון אָטאָ די קאָסמישע „אייזנבעטאָנישע" פּאָעטן זיינען טאַקע גאַנץ גיך געוואָרן „לייטישער" און אונטערן דרוק פון די שווערע עקאָנאָמישע דיפערענציר־פּראָצעסן, וואָס האָבן זיך פאַרשאַרפט אין שטעטל, געוואָרן פּאָעטיש באַזינגער פונעם דאָרפישן און שטעטלדיקן קאָנסערוואַטיזם,— אָבער דערווייל האָט דער אי־בערגעטריבענער אורבאַניזם געשפּילט גאָר אַ באַדייטנדיקע ראָל אין אונדזער רע־וואָליוציאָנערער ־ליטעראַטור (לעמאָשל אין דער קינסטלערישער פּלאַטפאָרם פונעם רוסישן „פּראָלעטקולט"):

גיט אַ קוק אין וועלכער פּאָזע (סאָציאַלער פּאָזע) דער דיכטער—אַליין אַ קינד פון שטעטל—שטעלט זיך בענקשאַפט צום שטעטל:

„אַ פרעמדער גאַסט אין שטעטל איז געקומען,
אַ פרעמדער גאַסט מיט אומרו אין די טריט".

(כאַריק, „שטעטל").

ער קומט אין שטעטל, ווי אַ פ ר ע מ ד ע ר, וועלכער שלײַכט זיך דורך אין נאַכט־פינצטערניש, דורך שטעטלדיקע געסלעך, קעדיי נאָך ביז פאַרטאָג אַנטלויפן פון דאָרט, „פאַרשפּאַרט און האַרטערהייט" מיט דער קלאָלע: „זאָל ברענען".

דערנאָך וועט ער—דער דיכטער, „אויף העכסטן פון די מויערן", אין שטאָט, זיצן און פײַניקן זיך, און פאַרנעמען דעם „טרוקענעם געוויין" פון שטעטלדיקע כורוועס...

וואָס קאָן אַזאַ זע־ווינקל געבן דעם דיכטער אויסער סכעמע?

כאַריק, וועלכער איז געקומען אין דער ליטעראַטור מיט אַזאַ ליבע צום קאָנקרעט, צום „רויען לעבן", צום ברייטן סאָציאַלן לײַוונט,—אָט דערזעלבער כאַריק האָט גע־מוזט בלײַבן שטיין קינסטלעריש אַ געפּענטעטער פאַר זײַן שטעטל־געשטאַלט נאָר דערפאַר, ווײַל אים, ווי זײַן גאַנצער סאָציאַלער גרופּע, איז דענסטמאָל ניט קלאָר געוואָרן די אידייע פון „צוזאַמענשלוס", פון „סאָציאַליסטישן איבערמאַכן" אָט דאָס שטעטל, וועלכע „ליגט פאַרבראָכן הינטער פּלויט".

כאַריק גיט טאַקע דעריבער זײַן שטעטל־געשטאַלט אין פּלאַן פון אָפּגעריסענע איינצלנע לירישע זעונגען, סכעמאַטישע, קימאַט לײַבלאָזיקע.

דאָס שטעטל־געשטאַלט פאַרליִרט אַלע זײַנע קאָנקרעטע אַטריבוטן: ניטאָ דער פּייזאַזש, ניטאָ דער סאָציאַלער טיפּאַזש, ניטאָ דער אָרום, וואָס פאַרבינדט דאָס שטעט מיט דער אויסערלעכער וועלט.

קימאַט מיסטעריאַליש (ווי מעשונעדיק קלינגט עס, ווען מע שרײַבט וועגן כאַריקן!) וויקלען זיך פאַנאַנדער די שורעס:

„און ביז פאַרטאָג האָט ער געהערט, ווי ווינטן
האָבן הייס מיט פײַער און מיט שטעטעלע געקלאָגט,
אַ לעצטן מאָל האָט ער אַ קוק געטאָן אויף הינטער
און איז אוועק. און ס'האָט געטאָגט".

אָטאָ די „געהיימניספולע" פיגור פונעם פרעמדן גאַסט, וועלכער שלײַכט זיך דורך נאַכט איבער די שטעטלדיקע געסלעך; אָטאָ דער שטרענגער, סימוואָלישער פּייזאַזש פון אַ ברענעדיקן העפקער, פון ווינטן, רויך און פלאַמען—אָט די גאַנצע סיסטעם פון שילדערונג־מיטלען האָט, דוכט זיך, אַזוי פרעמד געמוזט קלינגען פאַר כאַריקן—דעם פּאָעט פון „מינסקער בלאָטעס"—און דאָך איז עס ניט קיין צופאַל, ניט קיין „סטי־ליסטישער שפּיצל", מאַכמעס עס איז דיקטירט געוואָרן דורך אַ באַשטימטער סאָציאַ־לער אידיי, דורך אַ באַשטימטער אויפפאַסונג פון שטעטל. פון אַ קאָנקרעטער סאָציִ־אַלער קאַטעגאָריע איז דאָס שטעטל־געשטאַלט בא כאַריקן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַ ב ס ט ר אַ ק ט ן ס י מ ב ו ל פון אַ פאַרצײַטיקן סדאָם, וואָס ווערט איבערגעקערט אין רויך און אין פלאַמען (אַזוי ווי לעמאָשל דער „אײַזן־בעטאָנישער סכעמאַטיזם"

פון די רוסישע פראָלעטקולט־פּאָעטן האָט פארוואנדלט דעם קאָנקרעטן זאוואָד אין א סימוואָלישן „טעמפּל פון מי״).

אָט דאָסדאָזיקע שטעטל־געשטאלט האָט געמוזט פארוואנדלט ווערן אין זײַן קעגנזעצלעכן געשטאלט טייקעף, ווי נאָר עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז ניט אזוי גרינג און ניט אזוי מעכאניש ווערט דאָס שטעטעלע „אָנגעטאָן אין שטיין און שטאָל", אז „אונטערצינדן" דאָס שטעטל און דאָס דאָרף הייסט נאָך ניט לייזן די שטעטל־פּראָבלעם, די דאָרף־פּראָבלעם.

דער ציקל לידער „און ס׳בלויט דער הימל סײַ ווי סײַ", געדרוקט אין סאָף 1926 יאָר, הויבט אָן מיט זיך אָט דעם צווייטן עטאפּ—דעם עטאפּ פון אומקערן זיך „צוריק אהיים", אלס רעאקציע קעגן דעם ערשטן עטאפּ פון שטעטל־ניהיליזם, פון סכעמאטישער אײַזנבעטאָנישקייט.

„וואָס האָב איך, שטעטעלע, פון דיר געוואָלט?
וואָס האָב איך, שטעטעלע, מיט דיר געטײַנעט?
איך האָב געוואָלט אין שטיין און שטאָל
דיך אָנטאָן, שטעטעלע, דו מײַנע".

(כאריק).

אזוי קומט צוריק אהיים דער פארשײַטער „זון מיט באוואָקסענע ברעמען", דער „פרעמדער גאסט" דער „אנטיסעמיט".

אף זײַנע ליפּן שוועבט שוין ניט די בייזע קלאָלע פון „זאָל ברענען"—א שטילע טשוועטשפּילע פליסטערן זיי אצינד:

„שטעטל־שטעטעלע, מײַן קינדערשער אמאָל,
איך האָב געוואָלט דערזעען דיך אין ברענען,
נאָר ווער עס האָט געשאָלטן דיך אמאָל
וועט שוין מוזן דיך פארשאָלטן קענען,
שטעטל־שטעטעלע, מײַן קינדערשער אמאָל".

(כאריק).

איצט הייסט שוין דער דיכטער, אז זײַנע טרוימען וועגן „שטיין און שטאָל" זײַנען געווען ניט רײַפע יוגנט־טרוימען, די שטיבלעך וועלן ניט אויסוואקסן „אין שטאָלצע גאָרנס".

... און, אייגנטלעך, איז עס עפּשער צום גוטן, עס איז דאָך פאראן אזא צארטער לירישער כיין פון דערמאָנונג אין אָט די הײַזלעך, וואָס „ווי אופגעוואכטע שאָף עפענען די קײַלעכדיקע אויגן נאָך א שטילן זומערדיקן שלאָף"; אין אָט די געסלעך, ווו „עס האָט אמאָל א יינגעלע געלעבט"; אין אָט דער אלטער מאמען, וואָס שטייט אין ווינקל מיט איר געל־גרויען סידער; אין אָט דעם גאנצן שטעטעלע, וואָס „דערברענט איר שטילן וואקס, ווי א יאָנטעוודיקע ליכט"!...

דער לירישער כיין פון דערמאָנונג שאפט דעם ערשטן ווינקל־שטיין פארן בורגפרידן צווישן דעם דיכטער און זײַן שטעטל.

דער דיכטער האָט, א פארמאטערטער „אף העכסטן פון די מויערן״, זיך פארבענקט נאָך א מאמען:

„און ס׳שוט מיר באנג, עס טוט מיר זייער באנג,
און כ׳בין אזוי יעסענינען מעקאנע:
אויך מיר וואָלט זיך דאָך וועלן אין געזאנג
קומען און דיך אָנרופן: מײַן מאמע,
עך, דו, שטעטעלע, ווי ס׳טוט מיר באנג״.
(כאריק).

די יעסענין־אסאָציאציע איז דאָ ניט קײַן צופעליקע.

יעסענין איז געוואָרן דער זינגער פון דער דאָרפישער סאָציאַל־קאָנסער־וואַטיווער „שטרויענער ראסייע״ אין יאָרן פון מעכטיקער רעוואָלוציאָני־זירונג פון אָט דער „שטרויענער ראסייע״, און טאקע דערפאר איז ער סאָפקאָל־סאָף געקומען צו זײַן אינערלעכן בראָך—ניט נאָר א סאָציאַלן, נאָר אויך א קינסט־לערישן.

וואָלט יעסענין געבליבן לעבן, וואָלט ער, סאָפקאָלסאָף אָדער אומגעקומען דיכ־טעריש אין אומענדלעכע איבערכאזערונגען אף דער טעמע „בלויער אָוונט אין טאַ־ליאנקע״, אָדער ער וואָלט געמוזט זיך אָפּזאָגן פון זײַן סטיליזירטער דאָרפישער „רוס״.

דערווײַל אָבער האָט גראָד דידאָזיקע סטיליזאציע און אינטימיזירונג פון דאָרף, דאָס נייטראלע „בלויע ציץ פון הימל״ [1] געהאָלפן יעסענינען אײַנהאלטן זײַנע דאָר־פישע פּאָזיציעס, ניט אָנשטויסנדיק זיך אף קײַן שום קאָנקרעטע סאָציאַלע פּראָבלעמען.

דאָסזעלבע אסאָציאַלע „בלויע ציץ פון הימל״ האָט אויך כאריקן מיטגעהאָלפן שליסן שאָלעם מיט זײַן שטעטל.

סײַווי איז דאָך איין הימל איבער אונדזער אלעמענס קעפּ!

„בא דיר מוז איצטער אויך זײַן מײַ,
כאָטש דו מוזט אלץ אים רופן סיוון,
און ס׳בלויט דער הימל סײַוויסײַ
אף אלץ, וואָס איז נאָך דאָ פארבליבן״
(כאריק).

סיוון און מײַ—דאָס זײַנען פּאראַלן פון צוויי קעמפנדיקע קולטורן פון צוויי וועלטן,—אָבער צי דען זײַנען זיי ניט אייניק אין דער בלויקײַט פון הימל, אין „דער אויסגעשטערנטקײַט פון ווײַסע נעכט״—אָט דידאָזיקע ביידע פײַנטלעכע קולטורן?...

אייניק—ענטפערט דער דיכטער, און אָט די אייניקײַט פון מײַ און סיוון באשטימט קינסטלעריש דעם פולן בורגפרידן צווישן אים — דעם „פארשײַטן זון״ — און דער אלטער מאמען זײַנער.

„איך—אין א ווינקל, מײַן מאמע—אין צווייטן
ברענט, ווי א שטילע, א וועקסענע ליכט...״
(כאריק).

---

1) „Ситец неба такой голубой“ (Есенин)

דאָ איז געשאַפן געוואָרן יענע טאָלעראַנץ־אַטמאָספער, וואָס איז שוין גאַנץ ווייט פונעם פריערדיקן „א בראָך צו אַלע גרייַזע טאַטעס״,

דאָס שטעטל־געשטאַלט באַקומט שוין דאָ גאָר א נייַעם פּאָנעם.

ניט סדאָם, וואָס גייט אונטער אין רויך און אין פלאַמען, און ניט קיין „פרעמ־דער גאַסט״, וואָס שלייַכט זיך דורך נאַכטיקע געסלעך—ס׳איז דאָס אַלטע שטילע, פאַרכאָלעמטע ייִדישע שטעטל, וואָס סיי זיין מייַ־סיוונדיקער פּייזאַזש, סיי דער לי־רישער כיין פון דערמאָנונג, סיי דאָס מוטער־קינד־אידיליע—אַלץ איז געצילט אף צו סטיליזירן דאָס שטעטל־געשטאַלט, אויסליידיקן עס פון דיאַלעקטישער קאָנקרעטקייט, פאַרפּייזאַזשעווען עס, פאַרלירישן.

ווי לאַנג האָט געקאָנט כאַריק—א דיכטער מיט אזא „פלעבעיִשן״ דראַנג צום קאָנ־קרעט—זיך האַלטן אף אָט די שטאָלצן פון ראָמאַנטישער סטיליזאַציע?

דאָס שטעטל האָט אַקשאָנעסדיק ניט געוואָלט ברענען און ניט וויניקער אַקשאָ־נעסדיק געריסן פון יאָר צו יאָר די סיוון־מייַ־אידיליע.

צו די פאַרשיידענע טעזיסן וועגן אונדזער סאָציאַליסטישערווירטשאַפט־בויונג איז צוגעקומען א נייַער טעזיס, וועגן וועלכן ניט „דער פרעמדער גאַסט״, ניט דער „זון—דער באַלטשוווע האָבן ניט געוווסט,—א טעזיס וועגן ווירטשאַפטלעכער אייַנאָרדענונג פון שטעטל.

אָט דידאָזיקע ווירטשאַפטלעכע אייַנאָרדענונג האָט ניט צו טאָן מיט קיין שום סכעמאַטישע אויבעראינדוסטריאַליסטישע פּלענער וועגן „פאַרברענען״ דאָס שטעטל, דעם „שטעטלדיקן העפקער״. דאָס שטעטל איז ניט קיין סכעמאַטישער העפקער—עס איז א קאָנקרעטער סאָציאַלער אָרגאַניזם, וועלכער איז אונטערגעוואָרפן די אַלגעמיינע געזעצן פון סאָציאַליסטישער איבערבויונג. דורך סאָציאַלער קלאַסן־דיפערענצירונג, דורך קאָאָפּעראַציע, דורכן קאָלווירט, דורך דער פאַבריק, קולטור־רעוואָלוציע, פאַר־טעיִש־סאָוועטישער אָנפירונג און א גאַנצער ריי אַנדערע סאָציאַלע טראַנסמיסיעס ווערט דאָס שטעטל דעפּאָרמירט, „איבערגעמאַכט״, ווי עס ווערט סאָציאַליסטיש „איבערגעמאַכט״ דאָס גאַנצע פאַראָרעמטע און האָרעפּאַשנע קליינבירגערטום אין אונדזער לאַנד.

כאַריק אַלס דיכטער מיט א כוש פאַר קאָנקרעטע לעבן־פּראָצעסן האָט געמוזט דערפילן אָט די נייַע פּראָצעסן אין שטעטל,—און אזוי איז כאַריק געקומען צו זיין דריטן עטאַפּ—צו דער פּאָעמע פון אָט די רעקאָנסטרוקציע־פּראָצעסן—צו זיין פּאָעמע „מיט לייַב און לעבן״.

2

אויב ראַדיקאַלער סכעמאַטיזם כאַראַקטעריזירט דעם ערשטן עטאַפּ פון כאַריקס שטעטל־געשטאַלט, אויב קאָנסערוואַטיווע לירישע סטיליזאַציע כאַראַקטעריזירט דעם צווייטן עטאַפּ זייַנעם, איז קאָן מען ריידן וועגן דיאַלעקטישער קאָנקרעטקייט, וואָס

כאַראַקטעריזירט דעם דריטן עטאַפּ פון כאַריקס שטעטל־געשטאַלט, דעם עטאַפּ, וואָס איז פאַרקערפּערט אין זײַן לעצטער פּאָעמע „מיט לײַב און לעבן“.

ניט צופעליק האָט כאַריק גענומען אַלס מאָטאָ פאַר אָט דערדאָזיקער פּאָעמע זײַנער די שורעס פון זײַן פריערדיקן ציקל שטעטל־לידער: „איך האָב געוואָלט אין שטיין און שטאָל דיך אָנטאָן, שטעטעלע, דו מײַנס“.

דערמיט איז אונטערגעשטראָכן, אַז דער דיכטער אַליין פילט די געזעצמעסיקייט פון אָט דעם גאַנג, וואָס די שטעטל־געשטאַלט האָט בא אים פאַר די 5 יאָר דורכגעמאַכט.

מיט אַ וואַרעמער איראָניע דערמאָנט איצט כאַריק אויף דער שאַרבלאַט פון זײַן בײַער פּאָעמע זײַנע פריִיקע שטעטלדיקע אײַזנבעטאָנישע טרוימען.

צום נײַעם עטאַפּ זײַנעם איז כאַריק געקומען פול מיט נײַער לעבן־דערפאַרונג און קוידעמקאָל מיט כוש פאַר דיאַלעקטישער קאָנקרעטקײַט, פאַר דיאַלעקטישער פולקײַט.

די נײַע, גאַנץ בוילעטע פּראָצעסן פון קלאַסן־קאַמף אין שטעטל פון סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע האַרגענען אַוועק יעדן שפור פון אײַזנבעטאָנישן סכעמאַטיזם און פון אינטימער סטיליזאַציע.

איצט ווייסט שוין כאַריק, אַז די שטעטל־געשטאַלט איז אַ לעבעדיקער, קאָנקרעטער אָרגאַניזם, און זײַן קאָנקרעטקײַט באַשטייט טאַקע אין דעם, וואָס ער איז סטירעסדיק, פילזײַטיק און אײנהײַטלעך אין אָט דער פילזײַטיקײַט.

ניט די יונגע לערערקע, וואָס קעמפט פאַר דער קולטור־רעוואָליוציע אין שטעטל, פאַרקערפּערט אָט דאָס שטעטל־געשטאַלט; און ניט דער קאָלווירט, וואָס הינטערן שטעטל; און ניט מאָסקווער פאַבריק, וואָס ציט צו זיך אָט דאָס שטעטל־יוגנט; און ניט דער אַלטער מעלאַמעד, וועלכער אינטערעסירט זיך מיט לענינס „אויהעל“ אין מאָסקווע; און ניט די ייִדן־קרעמער, וואָס טרוימען וועגן מאָסקווער נעפּ־געשעפטן; און ניט די שטעטלדיקע „דרײַצן־פערצן קאָמיוגיסטן“—ניין, זיי אַלע צוזאַמען גענומען, אַלס אַ פולע סיסטעם פון געשטאַלטן, זיי אַלע צוזאַמענגענומען, אַלס אַ פולע דיאַלעקטישע אײנהײַט פון סאָציאַלער פילפאַרביקײַט,—אָט דאָס שאַפט די מאָדערנע שטעטל־געשטאַלט. באַנעמען אָט דעם „סאָד“ פון פולקײַט; פון דיאַלעקטישער קאָנקרעטקײַט האָט באַדײַט—אופהויבן דאָס שטעטל־געשטאַלט אויף אַ העכערער קינסטלערישער מאַדרייגע.

כאַריק האָט זיך מיט אָט דער שווערער אופגאַבע אַן אייצע געגעבן.

קוידעמקאָל איז איצט זײַן שטעטל ניט קיין „וואָרעם אין כריין“, ניט קיין איזאָלירטע סאָציאַלע קאַטעגאָריע—עס איז מיט טויזנטער פעדעמלעך אײַנגעקניפּט אין דער גאַנצער סיסטעם פון אונדזער סאָציאַל־עקאָנאָמישן זײַן. פאַרשיידענע צוג־ווינטן פון פאַרשיידענע סעקטערס פון אונדזער אויסערשטעטלדיקער סאָציאַל־עקאָנאָמישער ווירקלעכקײַט שטרײַטן פאַר זייער העגעמאָניע אויף די שטעטלדיקע געסלעך.

דערפאַר פאַרנעמט טאַקע אין אָט דער פּאָעמע אַזאַ אָנגעזעענעם אָרט דער טראַקט, וואָס פאַרבינדט דאָס שטעטל מיטן גרויסן אַרום, אָטאָ די „לופטיקע הימלען, צעוויקלטע קלאָרע“, וואָס פאַרברייטערן און צעוויקלען די שטעטל־פּערספּעקטיוו.

דערפאר טאקע פילט זיך אין אָט דער גאנצער פּאָעמע דער אומופהערלעכער פּארקער, וועלכער עקזיסטירט צווישן דער גרויסער ארומיקער וועלט (קוידעמקאָל— מאָסקווע) און דאָס שטעטל, — אָט דער אַללאָ!-איבערוף, דער בריוו-וועקסל, דער „חיאָ-חיאָ-פערדעלעך", וואָס גיט די אטמאָספער פון סאָציאַלער דינאמיק פון שטעטל.

אזוי הויבט זיך טאקע אָן די פּאָעמע—מיט א ווײַטן טראקט, וועלכער ברענגט אין שטעטל אריין די לערערקע.

די לערערקע טרעט דאָ ארויס אלס „אויסערלעכע קראפט", אלס אויספירערן פונעם „מאָסקווער ראט" און פונעם „בילדונג-נארקאָם".

זי איז אין דער הינזיכט ניט איינזאם.

דיזעלבע סאָציאַלע פונקציע פירט אויס דער שטעטלדיקער באָכער, וועלכער אר-בעט אין א מאָסקווער פאבריק און האלט די גאנצע צײַט א פארבינדונג מיט די „ערטער" און מיט די שטעטלדיקע „יאטן". זײַנע בריוו אין שטעטל—אָט אָ די באגײַ-סטערטע שורעס וועגן זײַן מאשין—זײַנען „ליכטיקן סעליפאקטער"—זײַנען דאָך אסאך מער איידער א צופעליקער פריוואטער בריוו-אויסטויש—זיי רײַסן אוף פון אויסן די קאסרי-לעוועקער באגרענעצטקײַט; זיי צינדן אָן אין די מויכעס פון דער שטעטלדיקער יוגנט א היסלײַוועסדיקן שטרעבן צו נײַע, צו העכערע לעבן-פאָרמעס, צו ארבעט, צו דער מאשין.

ניט איינער איז אויך אָט דער באָכער: יענע „אכט מיידלעך, וואָס ווילן אין מאָסקווע שטודירן" און די „צוועלף באָכערים, וואָס זוכן אין מאָסקווע אן ארבעט", און ביילקע מיט איר מאן—דעם גוי, „וועלכער לערנט אין דער אקאדעמיע", און „בערעלע ביק, וועלכער איז שוין א יא-טעבע-דאם דאָרט"—זיי אלע געפינען זיך אין אן אינטענסיוון סאָציאַלן פארקער מיטן שטעטעלע און שפּילן ניט קײַן קליינע ראָלע אין די דיפערענצירונג-פראָצעסן, וואָס קומען פאָר אין שטעטל. זיי ווארפן דעם אָפּ-גלאנץ פון מאָסקווער „פאקעלן און פאָנען-און פלאטער-און-פרייד" אף די שטעטלדיקע געסלעך.

פאראלעל אָבער מיט אָט דער, אזוי צו זאָגן, סאָציאַליסטישער פארקער-ליניע ציט זיך א צווייטע—אויך א מאָסקווער. זי גייט פון יענע פיר „קרעמער, איין שוי-כעט, מעלאמדים דרײַ פיר און דעם אלטינקן ראָוו", וואָס האָבן זיך געשאפן אן איינגן „מאָסקווע"—א מאָסקווע פון סוכארעווער און סמאָלענסקער מארקן מיט א היימישן מיניען און מיט גאָר א „היימישן אלטעטשקן קאלינין", אף וועלכן מע זאָגט, „אז ער פארהיט דאָס אונדזער שול".

אָטאָ די פארקער-ליניע איז ניט ווייניקער באלעבט איידער די ערשטע. די „פיר קרעמער, איין שויכעט, מעלאמדים דרײַ-פיר" פון מאָסקווע—זיי זײַנען אויך „איני-פאָרמאטאָרן" וועגן מאָסקווע, זיי זײַנען אויך די „וועגווײַזער" פונעם שטעטל.

„האנדלען—האנדל איך ניט ערגער ווי אין שטעטל,
און פיל שוין ניט, געלויבט איז ער, קײַן נויט.
קום צופאָרן, לאָז זיך לאנג ניט בעטן,
האָסטו אויך א זאטן שטיקל ברויט".
(כאריק).

דאָס אינפאָרמירן זיי אזוי פון מאָסקווע, פון „דער גרויסער וועלט“!

דער קאמף צווישן אָט די צוויי מאָסקווער פארקער־ליניעס—איינע, וואָס גייט פונעם „ליכטיקן סעליפאקטער“ און די צווייטע—פון די „פארפולטע מיניאָנים“—באשטימט אין א באדייטנדיקער מאָס די אינערלעכע דיפערענצירונג־פראָצעסן אין שטעטל.

די קרעמער פון מאָסקווער „פארפולטע מיניאָנים“ מאָביליזירן אין שטעטל זייער גווארדיע—די גווארדיע פון צעבושעוועטע ספעקוליאנטן, באלעגופים, כוליגאנעס, וואָס כויזעקן אָפ אפן סאמע ציניש אויפן פון סאָוועטישער ארבעט און פון סאָוועטישע טוער, וואָס סלינעווען מיִעסע אנעקדאָטלעך וועגן „קאָמסאָמאָלישע בריסן“, וואָס גייען אין אָנגריף קעגן די סאָוועטישע אוואנפאָסטנס אין שטעטל מיטן כוליגאנישן געשריי: „מיט די פיס אין קלויסטער! מיטן קאָפ—אין דרערד“!

די סאָציִאלע „יא־טעבע־דאמס“ פון מאָסקווער „ליכטיקע סעליפאקטערס“ מאָביליזירן אָבער מיט אסאך א גרעסערן דערפאָלג און מיט אסאך א גינסטיקערער היסטאָרישער פערספעקטיוו זייער שטעטל־גווארדיע. דאָס איז די „Молодая гвардия“, די יונגע גווארדיע פון „דרייצן־פערצן קאָמיוגיסטן און פיר און פערציק פיאָנערן“, וואָס האלטן די וואך אף דער לעווייַע פון דער געשטאָרבענער לערערן; דאָס זייַנען די לייבעס, די שמידער, די האָרעפּאשניקעס פון שטעטל און פון ערד־קאָלעקטיוו, וואָס דערוויַיל פעלט זיי נאָך אויס לאָשן, אָבער זיי קענען שוין א זעץ טאָן אין טיש ווען מע דארף; און לעסאָף—אָטאָ די געוועזענע מעלאמדים, קרעמער, לופט־מענטשן און איצט סאָוועטיזירטע „כאווײרים פון פאריין“, מיט לייַב און לעבן איבערגעגעבענע דער „יעווסעקציע“, און אזוינע טמימעסדיק־רירנדיקע, ווען זיי פרעגן זיך אָן ווי ליגט עס דאָרט לענין אינעם „אויהעל“, אָדער ווען זיי זאָגן קאדעש נאָך דער יידישער לערערן—דער „שווארצכיינעוודיקער גויע“.

דער קאמף צווישן אָט די צוויי גווארדיעס שאפט דעם טעמאטישן מאטעריאל פון דער פּאָעמע „מיט לייַב און לעבן“.

כאריקס דיִאלעקטישער כוש האָט זיך שוין ארויסגעוויזן אין דעם, וואָס אָט דעם קאמף צווישן די צוויי גווארדיעס האָט ער געגעבן אף א פולן סאָציִאלן פאָן, ניט ווערנדיק פארזונקען אין שטעטלדיקער באגרענעצטקייַט.

ווי זשע ווערט אָט דער קאמף סיוזשעטיש אנטוויקלט?

באם אויבנויפיקן אנאליז וואָלט זיך געקאָנט אויסדאכטן, אז סיוזשעטיש ווערט דאָ דער מאטעריאל פאנאנדערגעוויקלט אין פלאן פון יענעם סקארבאָווען „פאָלקיסטיש־רעאליסטישן“ מאָטיוו, וועלכער האָט פארנומען אזא גרויסן אָרט אין דער רוסישער פאָלקיסטישער ליטעראטור פון די 60־ער, 70־ער יאָרן. די סכעמע איז געוויינטלעך אזא: א „קריטיש־דענקענדיקע פערזענלעכקייַט“—געוויינטלעך א לערערקע, לאָזט זיך אראָפ „אין פאָלק“ און איינע אליין, קעגן די אלע קויכעס פונעם „פינצטערן קעניגרייַך“, פירט זי איר קאמף פאר „דאָס פארנונפטיקע, גוטע און אייביקע“[1]. סאָפקאָלסאָף געוויינטלעך פאלט זי אין אָט דעמדאָזיקן ניטגלייַכן קאמף.

---

[1] „Разумное, доброе, вечное“.

ווען מיר וואָלטן געדענקט ניט היסטאָריש, סכעמאַטיש, וואָלטן מיר דאָ געקאָנט קומען צום פאָרמאַליסטישן געדאַנק, אַז אייגנטלעך איז כאַריקס פּאָעמע בלויז אַ סאָוועטישע אופלאַגע פונעם אויבנדערמאָנטן „אייביקן ליטעראַרישן מאָטיוו". דאָס אָבער וואָלט געהייסן—אָנשטאָט לעבעדיקע סאָציאַלע געשטאַלטן באַקומען פאָרמאַליסטיש אויסגעלײַדיקטע מומיעס און אָנשטאָט קאָנקרעטע סיוזשעטישע מאָטיוון אָפּערירן מיט ליטעראַרישע אַבסטראַקציעס.

דער סאָציאַלער פּאָן און דער סאָציאַלער טאָך פונעם קאַמף, וואָס די אַמאָליקע „קריטיש־דענקענדיקע פּערזענלעכקײַט" האָט געפירט אין נאָמען פון „פאַרנונפט", איז דאָך פּרינציפּיעל גאָר אַן אַנדערער, און גאָר אַ אַנדערע זײַנען דעריבער די קינסטלערישע געשטאַלט, וואָס וואַקסט אויס אויף אָט דעם פּאָן, און דער סיוזשעטישער מאָטיוו, וואָס ליגט אין זײַן יעסאָד.

דער פאָלקיסטישער אינטעליגענט איז געקומען „אין פאָלק" מיט זײַנעם אַ רעצעפּט: אָפּהיטן די „האַרמאָנישע ערד־פּערזענלעכקײַט". דערדאָזיקער רעצעפּט איז געווען אויסגעאַרבעט לויט אַלע קלאָלים פונעם „אייביקן פאַרנונפט" און פונעם אינטעליגענטישן אידעאַל אויסצובויען זיך אַ מין נויעכס קאַסטן, אין וועלכן ער—דער צעטומלטער פאָלקיסטישער אינטעליגענט—זאָל זיך קאָנען אויסבאַהאַלטן פונעם קאַפּיטאַליסטישן מאַבל, וואָס קלײַבט זיך אָן אויף אים.

אָבער אָט דערדאָזיקער רעצעפּט האָט געהאַט אײנעם גאָר אַ וויכטיקן כעסאָרן—ער האָט ניט אַנטשפּראָכן יענער היסטאָרישער נויטווענדיקײַט, וועלכע האָט אומפאַרמײַדלעך געמוזט אופרײַסן די „האַרמאָנישע ערד־פּערזענלעכקײַט" מיט יעדן נײַעם שטאָטישן אַרשין ציץ, מיט יעדער נײַגעעפנטער באַלעגופּישער דאָרפישער קראָם.

דאָס רוסישע דאָרף איז שוין געווען אײַנגעשלאָסן אין סיסטעם פון די נײַע קאַפּיטאַליסטישע דיפערענציר־פּראָצעסן, און די פאָלקיסטישע קריטיש־דענקנדיקע לערערן—אַן אויסגעמאַטערטע, אַן איזאָלירטע—האָט געמיינט קענען זיך קעגנשטעלן אָט די „שעדלעכע ווירקונגען" און אײַנהיטן די געבענטשטע פויערישע „דורכויסיקײַט".

די אָביעקטיווע קאַפּיטאַליסטישע נויטווענדיקייט האָט לעכאַטכילע פאַרורטיילט צום דורכפאַל אַלע העראָאישע אָנגריפן פון אָט דער „קריטיש־דענקנדיקער" לערערן.

„Не суйся"—דאָס איז געווען דער ענטפער אָט דער לערערן—אַן ענטפער פון דער היסטאָרישער נויטווענדיקײַט, פאַרקערפּערט אין דער געשטאַלט פון גלעב אוספּענסקיס פויער איוואַן יערמאָלאַיעוויטש.

גאָר באַ פּרינציפּיעל אַנדערע באַדינגונגען און גאָר מיט פּרינציפּיעל אַן אַנדערער ציל־אײַנשטעלונג קומט כאַריקס לערערן אין שטעטל.

אירע אידעאַלן—די אידעאַלן פון „מאָסקווער ראַט און פון בילדונג־נאַרקאָם" פאַלן אינגאַנצן צונויף מיט דער היסטאָרישער נויטווענדיקײַט, וואָס באַשטימט דעם גוירל פון שטעטל. אָט דידאָזיקע לערערן שטעלט זיך ניט קעגן די אָביעקטיווע דיפערענצירונג־פּראָצעסן, וואָס קומען פאָר אין שטעטל, נאָר פאַרקערט—בעראָש פון אָט

די פראָצעסן. זי פירט אָן מיט זיי, אין העסקעם מיט דער אָביעקטיווער היסטאָרישער נויטווענדיקייט. איר „יעווקאָלע" איז ניט קיין אבסטראקטער פאָלקיסטיש־מאסקילישער אידעאל, נאָר איינע פון די רונגען אין א גרויסער קייט פון סאָוועטיזירן דאָס שטעטל, פון אריבערפירן עס אף העכערע סאָציאַל־עקאָנאָמישע שטאפלען.

זי באגעגנט אויך די ערשטע צייט א ציניש־כוצפּעדיקן „не суйся" מיצאד שטעטלדיקע קרעמער און מעלאמדים—אָבער איר דערפאָלג איז היסטאָריש געזיכערט, מאכמעס ניט אָט די קרעמער און מעלאמדים שטעלן פאָר מיט זיך די היסטאָרישע העגעמאָנען פונעם מאָדערנעם שטעטל. די לערערן האָט אין שטעטל היפשע קויכעס, אף וועמען אָנצושפּארן זיך: די גאנצע האָרעפּאשנע יוגנט, די האָרעפּאשנע עלעמענטן פון שטעטל און פון ערד־קאָלעקטיוו און די סאָוועטנמאכט אלס א מעכטיקער פאָליטישער און עקאָנאָמישער פאקטאָר.

אָבער די לערערן בא כאריקן פאלט דאָך אויך אין קאמף קעגן דער „פינצטערער קעניגרייך"—זי שטארבט דאָך!

נו, יאָ, זי שטארבט,—אָבער דאָ „שטארבט" זי בלויז, אזוי צו זאָגן, לאָקאל, ניט היסטאָריש.

נאָך מער, דער אויפן, ווי אזוי עס ווערט סיוזשעטיש פאנאנדערגעוויקלט איר טויט, מאכט זי—אָט דידאָזיקע כאריקס לערערן—היסטאָריש־אומשטערבלעך.

כאריקס לערערן איז נאָך גאָר יונג, ערשט אָקאָרשט האָט זי פארענדיקט דעם פּעדאגאָגישן טעכניקום. 4 יאָר „געביסן דעם פעלז פון וויסנשאפט", און איצט דארף זי ווארפן זיך אף די סאמע פאָדערשטע פאָזיציעס פון אונדזער קולטור־פראָנט, אין א פארוואָרפן שטעטל.

זי אליין איז זיך מודע, אז ס'איז איר שווער „צו שלעפן די לאסטן", אז זי איז נאָך „צו דעם ניט דערוואקסן".

אפן גאנצן שטעטך פון דער פּאָעמע פילט איר, ווי אָט די יונגע, נאָך ניט־דערבארענע און קינדיש־ראָמאנטישע לערערן „פלאטערט אליין ווי א פּאָן" און מאטערט זיך אין ספייקעס.

אָט ווענדט זי אָן אין דער פּראקטיק דעם דאלטאָן־פלאן—צי וועט זיך עס איר איינגעבן, צי ניט?..

אָט פירט זי קינדער אף עקסקורסיעס, און זי ווערט צעטומלט בייח אירע שילער שטויסן זיך אָן אף גרויזאמע בילדער פון שטעטלדיקן דאלעס.

„קינדער, מיינע קינדער,
איך בין א קינד אליין..."

אזוי רייסט זיך ארויס ניט איינמאָל א פארצווייפלונג־געשריי פון ברוסט פון אָט דער יונגער לערערן.

איר פאנטאסטיק פון „יונגען מיט פארבראָנזעטע הענט", איר קורס אף ליכטיקער לעגענדארישקייט („קינדער דארפן אויסוואקסן אין ליכטיקע לעגענדן") איז מעסוגל ארונטערצורייסן ניט בלויז איין עקסקורסיע איר'ע, נאָר אין א היפשער מאָס איינברעכן איר גאנצע שטאנדהאפטיקייט אין אזא שווערן וואָכעדיקן קאמף. און

גראָד אָטאָ די גאָר יונגע, ניטדערפארענע לערערן ווערט געוואָרפן אין קולטור־קאמף!

מע קאָן מיינען: כאריק האָט אזוי ווי בעקיוון אָנגעוואלגערט אזוי פיל שוועריקייטן אפן וועג פון אָט דער יונגער, ניטדערפארענער לערערן, קעדיי דער דראמאטיזם פון איר גאנג זאָל דערגיין ביז צו דער העכסטער מאדרייגע...

און עפשער טאקע יאָ.

עפשער טאקע בעקיוון האָט כאריק עטלעכע מאָל אונטערגעשטראָכן דעם יוגנט־לעכן אוטאָפישן ראָמאנטיזם פון אָט דער יונגער ניטדערפארענער לערערן, וועלכע שטויסט זיך אָן אף א גרויזאמע וואנט פון יוגנטלעכער ארבעטלאָזיקייט, פון צאָרעס אין קאָלעקטיוו, פון ציניש, כוליגאנישע רעדיפעס מיצאד קרעמערלעך און זייערע זינדלעך?

עפשער טאקע בעקיוון האָט כאריק אזוי דראמאטיש געגעבן דעם „הונגעריקן ציטער" פון מיידלשן לייב אפן פאָן פון אָט דעם צינישן באלעבעסלדיקן לידל „רעב כאצקעלעס טעכטער...".

מיר דאכט זיך, אז יאָ, אז טאקע בעקיוון איז אזוי דראמאטיזירט און אָנגעשטרענגט געוואָרן איר גאנג.

ווידעראמאָל האָט כאריק, לויט זיין גרונט־טראדיציע, קינסטלעריש געשטעלט דעם טראָפ אפן סאָציאלן דראמאטיזם פון אונדזער קעגנווארט.

„אָ, ווער האָט דאָס געזאָגט און ווען,
אז גרינג איז ערדעלע דיך קענען".

אזעלכע שורעס האָט כאריק אָנגעשריבן נאָך אין זיין עפישער פאָעמע „ברויט".

כאריק האָט פון שטענדיק אָן געזוכט דורך אָט דעם דראמאטיזם און ניט דורך פלאכער פארזיסטקייט צו פירן זיינע געשטאלטן.

און ווו איז נאָך אזוי דראמאטיש אָנגעשטרענגט דער גאנג, אויב ניט אף יענע וועגן, ווו עס קרייצן זיך היסטאָרישע שליאכן? דער דראמאטיזם פון אונדזער קלאסנקאמף וואָלט איינגאנצן אויסגעליידיקט געוואָרן, ווען כאריק וואָלט אין צענטער פון זיין געשטאלטן־סיסטעם אוועקגעשטעלט די סכעם פון א „לעדערנער קורטקע", וואָס „קאָנטאקטירט", „נעמט אין אכט" און אלץ איז בא איר אין „פולער אָרדענונג".

דער לעבן־עמעס האָט געפאָדערט, אז די יונגע, ניטדערפארענע לערערן זאָל זיך איינברעכן אין אָט דעם שווערן קאמף. פונעם ערשטן מאָמענט אָן, ווען זי פארהוסט זיך אף א שמועס פון קרייז, און ביזן לעצטן אָטעם אירן אפן קראנקן בעט פירט יעדער שפאן אירער צו אָט דעם טראגישן סאָף.

אָבער וואָס באטייט איר טויט?

עס באטייט בלויז, אז אן אומפארמיידלעכער קאָרבן איז געפאלן, איינער פון די לערער־ארמייער איז געפאלן. נאָך אים אָבער קומט א צווייטער א דריטער, א פערטער און אזוי אָן א סאָף—אָנצאָליקע קאָלאָנעס סאָוועטישע טוער וואָס וועלן פארווירקלעכן אין לעבן די „ליכטיקע לעגענדעס".

זעט, ווי עס ענדיקט זיך די פאָעמע:

דער לעצטער קאפיטל, ווי דער ערשטער, וויקלט זיך פאנאנדער אונטער די מונ־טערע קלאנגען פונעם קאָמיוגישן מארש.

„Мы молодая гвардия“.

און ווידעראמאָל די זעלביקע „לופטיקע הימלען", און ווידעראמאָל דער־זעלבער טראקט פון דער גרויסער מאָסקווער פארקער־ליניע, און א נייע, א מונ־טערע, יונגע לערערן קומט אָן אין שטעטל—אינעם זעלבן שטעטל.

אָבער דאָס שטעטל איז שוין דורכגעאקערט און מיט יונג סאָוועטיש בלוט באַ־זאפטיקט!

עס איז שוין פאראן א קאָמיוגישער און פיאָנערישער אקטיוו, ס'איז שוין פאראן א ראט, פאראן אן אָרגאניזירטע קוסטארן־מאסע—א ראדיקאלער איבערברוך אינעם גאנצן שטעטל:

„גייט זי דורך די גאס,
שעמט מען זיך צו ריידן,
ווער עס האָט געשפאסט,
שפאסט ניט פון דער מיידל,
גאָט זאָל לאנגע יאָר
שענקען כאָטש דער צווייטער..."

דער טויט פון דער לערערן זעצט ניט אראָפּ די אידעאָלאָגישע טעמפּעראטור פון דער פּאָעמע, נאָר פארקערט, ער פארשטארקט עס.

דאָס לעבן און טויט פון דער לערערן איז געוואָרן א פּרעליודיע צו א צווייטער פּאָעמע, וואָס דער קאָלעקטיוו דערשרייבט.

ווידעראמאָל איז כאריק געבליבן טריי זיין אלטער קינסטלערישער נעטיע אונטער־צושטרייכן, אז אים איז וויכטיק יעדער קאָפּ, נאָר אף וויפל ער איז „א קאָפּ פון טויזנט קעפּ", א טייל פון א גרויסן קאָלעקטיוו.

כאריקס פּאָעמע „מיט לייב און לעבן" איז ניט קיין פּערזענלעכע דראמע פון אן אומבאקאנטער לערערן, נאָר א גרויסע סאָציאַלע דראמע פון א קאָלעקטיוו, און אָט דערדאָזיקער קאָלעקטיוו איז עס דאָס צענטראַלע קינסטלערישע געשטאלט, דער „העלד" פון כאריקס דיכטונג.

3

די געזעצמעסיקייט סיי פון דער קינסטלערישער קאָמפּאָזיציע, סיי פון דער גאנ־צער סיסטעם שילדערונג־מיטלען, וואָס זיינען אָנגעווענדעט געוואָרן אין דער פּאָעמע „מיט לייב און לעבן"—מיט איין וואָרט—די געזעצמעסיקייט פון כאריקס פּאָעמע־סטיל, דארף מען זוכן אין דער אויבנדערמאָנטער כאריקס גרונט־אידייע, וואָס איז קינסטלע־ריש פארקערפּערט אינעם שטעטל־געשטאלט, אינעם צענטראלן קינסטלערישן געשטאלט פון דער פּאָעמע „מיט לייב און לעבן".

דער עצעם־כאראקטער פון אָט דעם שטעטל־געשטאלט—זיין דיאלעקטיש־קאָנקרעטע פילפארביקייט, דער סאָציאַל־דראמאטישער פּאטאָס זיינער, דער ברייטער שטייגער־

דיקער פּאָן—דאָס אַלץ האָט געמוזט באַשטימען דעם פּאָעטישן זשאַנר פון כאַריקס „מיט לײַב און לעבן".

כאַריק, וועלכער איז אפילו אין דער ליריק זײַנער אַזוי אַמכאָדיק פאַרשיקערט פונעם קאָנקרעט, פונעם קעגנשטאַנד; כאַריק, וועלכער איז געקומען אין אונדזער ליטעראַטור מיטן רוף „צו טרינקען אונדזער לעבן רויערהייט"; כאַריק, וועלכער ווייסט שוין איצט דעם סאָד פון דיאַלעקטישער קאָנקרעטקייט, פון „פולער אידיי"—אָט דער כאַריק האָט, נאַטירלעך, זיך א צי געטאָן צו דער גרויסער פּאָעטישער פאָרם.

דער אייגנאַרטיקער שטריך פונעם גרויסן פּאָעטישן זשאַנר איז דאָך טאַקע אָט אָ די קעגנשטאַנדלעכקייט, וואָס שאַפט די אַטמאָספער פון דירעקטערווירקלעכקייט, און אָט דער אַזוי גערופענער „טאָטאַליטעט־פּרינציפּ"—דער עפּישער געבאָט צו געבן דערשײַנונגען ניט אַלס איזאָלירטע שטיקלעך לירישע זעונגען, נאָר אין זייער פולער, קאָנקרעטער אַרומרינגלונג, אף א פולן קאָנקרעטן פאָן (סאָציאַל־עקאָנאָמישן און קולטורעלן).

נאָר די גרויסע פּאָעטישע פאָרם—די פּאָעמע—גיט די נויטיקע ראַמען פאַר אָט אָ די דיכטערישע קאַוואָנעס.

אויב די סאָציאַל־סימוואָלישע שטעטל־געשטאַלט פון ערשטן עטאַפּ און דאָס ליריש־אינטימע—פונעם צווייטן האָט געלאָזט, און האָט געמוזט אייגנטלעך לאָזן, זיך אײַנפּאַסן אין א לירישער מיניאַטור־פאָרם,—האָט אָבער דער ברייטער און קאָנקרעטער סאָציאַלער פאַרנעם פונעם שטעטל־געשטאַלט אין „מיט לײַב און לעבן" דיקטירט די גרויסע פּאָעטישע פאָרם, וועלכע גיט די מעגלעכקייט צו פאַרקערפּערן אָט דעם גאַנצן דיפערענצירטן, פילפאַרביקן קאָנקרעט.

פאַר כאַריקן האָט זיך געשטעלט זייער א קאָמפּליצירטע פאָרמעל־טעכנישע ליטעראַרישע פּראָבלעם—די פּראָבלעם פון פּאָעמע. שטייענדיק אפן ראַנד פון פּראָזע (לויט איר פאַבולדיקייט, דיאַלאָגישקייט) איז די גרויסע פאַבולדיקע פּאָעמע שטענדיק אונטערן פײַער פון דער פּראָזע. די פּראָזע פילט זיך דאָך מער מײַסע באַלעבאָס באַם ברייטלײַוונטיקן פאַבולדיקן מאַטעריאַל, איידער די פּאָעזיע. די פּראָזע־מיטלען זײַנען דערצו מער צוגעפּאַסט איידער די מיטלען פון דער פּאָעזיע: סײַ די פאַנאַנדערוויקלונג פון דער פאַבול, סײַ דער דיאַלאָג—דאָס אַלץ ווערט שטאַרק טאָרמאָזירט אינעם קלעם פון דער פאַרגליוווערטער פּאָעטישער שורע.

ס'איז דעריבער עפּשער טיילווײַז ריכטיק דער געדאַנק, אַז די גרויסע פּאָעטישע פאָרם איז סטיליסטיש שטענדיק געווען אַן אָנזאָג אף פּראָזע, און מיטן וווּקס פון דער פּראָזע ווערט די גרויסע פּאָעמע־פאָרם ביסלעכווײַז אַרויסגעשטויסן דורך דער פּאָעטישער מיניאַטור־פאָרם.

אין דער נאָכאָקטיאַבערדיקער יידישער ליטעראַטור, אַלנפאַלס, לאָזט זיך גאַנץ לײַכט אָנעמען אָט אָ די האַשאָרע: די גרויסע פּאָעטישע פאָרם פון כאַריקס „מינסקער בלאָטעס" און די פאַבולדיק־קאָנקרעטע לידער באַ פעפערן האָבן דאָך אין אונדזער ליטעראַטור אַליאַרמירט, אַז די פּראָזע האָט פאַרשפּעטיקט.

ווי זשע זאָל די פּאָעזיע פאַרהיטן איר אייגענעם פּאָנעם אין דער גרויסער פאָרם, ניט אַרײַנפאַלנדיק אין די פאַנג־גריבער פון דער פּראָזע?

קוידעמקאָל שטעלט זיך דאָ די פראגע פון קאָמפּאָזיציע.

די גרויסע פּאָעטישע פאָרם איז געוויינטלעך די פאָרם פון א גרויסער, פאנאַנ־דערגעוויקלטער פאבול. העיויס ווי דאָ האָט דער פּאָעט צוטאָן מיט פאבול, לויערט אף אים גאָר שטארק די געפאר פון דערציילערישקייט אין גראמען. אין דער אלטער עפּישער פּאָעמע שאפט ״ידאָזיקע מאָנאָטאָן־צעצויגענע דערציילערישקייט (געבויט אף אָפטע איבערכאזערונגען) די באזונדערע אטמאָספער פון עפּישקייט. פון עפּישער רו, אָבער אָט דידאָזיקע עפּישקייט קלעפּט זיך דאָך ניט מיט דעם שטאָף פון אונדזער מאָדערנער פּאָעמע — דער אימפּולסיווער, דער דראמאטישער.

קעדיי אויסקומען אָן דערציילערישקייט אין גראמען און גלייַכצייַטיק איבערגעבן דעם אָטעם פון דירעקטן רוילעבן, בויט כאריק זייַן פּאָעמע אלס סיסטעם פון איינצלנע מיניאַטור־לידער.

יעדער ליד איז קימאט ווי א בילד פאר זיך — א געשלאָסן דראמאטיזירט פלאס־טיש בילד, וואָס גיט איבער דירעקט דעם דראמאטישן גאנג פון די געשעענישן.

אָט די פארשיידענע בילדער און געשעענישן זייַנען צווישן זיך לאָגיש פארבונדן, אָבער עס פעלט די אווטאָרישע רעמארקע, וואָס פארבינדט געוויינטלעך אין דער פראָזע איין געשעעניש מיט דער צווייטער.

אָט נעם איך דעם ערשטן בעסטן בייַשפּיל פון „מיט לייַב און לעבן״.

דער ערשטער קאפּיטל באשטייט פון 5 באזונדערע מיניאטור־לידער — סצענעס.

דאָס ערשטע ליד שילדערט דעם טראקט און דעם סקריפּנדיקן וואָגן מיט דער נייַ־אָנגעקומענער לערערן; דאָס צווייטע — דאָס שטעטל און דעם קאבאָלעס פּאָנים, וואָס די לערערן האָט באגעגנט אין שטעטל; דאָס דריטע ליד שילדערט דעם צוזאַ־מענשלוס צווישן דער לערערן און דעם ארבעטלאָזן מעלאמעד. דאָס פערטע — שיל־דערט די באציִונג פון די עלטערן און קינדער צו דער „יעווסקאָלע״; דאָס פינפטע — שילדערט די באציִונג פונעם שטעטל צו דער לערערן.

ווי איר זעט, וויקלען זיך דאָ די געשעענישן פאנאנדער שטרענג לאָגיש און אפילע כראָנאָלאָגיש לויט א סיידער, ניט ערגעץ הינטער די דערציילערישע קוליסן, נאָר פאר אייַערע אויגן.

פון ליד צו ליד איז דאָ פאראן א מין פוסט אָרט, וואָס דער לייענער גופע דארף פארפילן אָן דעם מעכאבערס הילף, אָן זייַן דערציילערישער רעמארקע. נאָכן בילד פונעם טראקט, מיט וועלכן ס׳קומט צו פאָרן די לערערן, הויבט זיך אָן דאָס ליד:

א שטעטעלע מיט געסלעך און מיט גאסן,
און אלץ קען מען אדורך פאר צוועלף מינוט.

אָן דער דערציילערישער רעמארקע, אז די לערערן איז אָנגעקומען אין שטעטל. דאָס דריטע בילד הויבט זיך אָן מיטן דיאלאָג פונעם מעלאמעד:

„— איר טראכט נאָך?..
נאט אייַך א מעסער:
קוילעט! וועט ווערן כאָטש לינדער״.

און ס'איז ניטאָ קיין שום דערציילערישע רעמאַרקע וועגן דעם, אַז אַ מעלאַמעד, באַ וועמען מע האָט פאַרכאַסמעט זיין כיידער, איז געקומען מיט טייַנעס צו דער לערערן. דאָסזעלבע איז די איבעריקע צוויי לידער.

די מײַלע פון אַזאַ מין קאָנסטרוקציע איז אַגעוו אויך אין דעם, וואָס עס ווערט געשאַפן אַ מין סינטעז פון דער פּאָעטישער מיניאַטור־פאָרם מיט דער גרויסער פאָרם דורך אַ ק אָ ל ע ק צ י אָ נ י ר ־ ס י ס ט ע ם, אויסמײַדנדיק די גרעסטע סאַקאָנע—פון צעצויגענער ס ט י ל י ז י ר ט ע ר עפּישער, אָדער פּראָזאַישער דערציילערישקייט אין גראַמען.

דער פּרינציפּ פון פאַבולדיקער אָנגעלאָדנקייט פּאָדערט אַ גרויסע אָנשטרענגונג פונעם פּאָעט צו פאַנאַנדערוויקלען ברייטע פאַבולדיקע לייוונטן מיט ספּעציפישע פּאָעטישע מעטאָדן.

די רוסישע קאָנסטרוקטיוויסטישע שול האָט אין דער הינזיכט זייער פיל אויפגעטאָן. ניט אומזיסט זיינען די רוסישע קאָנסטרוקטיוויסטן די גלענצנדיקע מײַסטערס פון דער פאַבולדיקער פּאָעטישער פאָרם. זיי—די קאָנסטרוקטיוויסטן, האָבן די ערשטע אין אַ בוילעטער פאָרם אוועקגעשטעלט די פּראָבלעם פון „פּראָזאַיזמען” אין דער פּאָעזיע.

די ראָל פון פּראָזאַיזמען אין דער פּאָעזיע איז געווען באַקאַנט נאָך די אַלטע קלאַסיקער. בעשאַס פּושקין זאָגט אין אַן אָרט:

„Простите мне ненужный прозаизм“

איז דערמיט לייקנט ער ניט אָפּ די ליטעראַריש־נוצלעכע פונקציע פון פּראָזאַיזמען, נאָר, פאַרקערט, ער שטרייַכט אונטער, אַז בלויז אינעם געגעבענעם פאַל איז דער פּראָזאַיזם ניט נויטיק, ביכלאַל אָבער שפּילט ער אַ באַדייטנדיקע ראָל.

די קאָנסטרוקטיוויסטישע שול אין דער פּאָעזיע האָט די ראָל פון פּראָזאַיזמען באַדייטנדיק פאַרשטאַרקט. קעדיי אָן אייצע געבן זיך מיט די גרויסע סיוזשעטישע אויפגאַבעס, וואָס שטייען פאַר דער גרויסער פּאָעטישער פאָרם, האָבן די קאָנסטרוקטיוויסטן אָנגעהויבן באַנוצן אַ ריי מעטאָדן פון דער פּראָזע [1]. דערביי איז אָנשטאָט דער ליריש־זינגעוודיקער, אָדער דעקלאַמאַטאָרישער שורע געקומען די ג ע ש פּ ר ע כ ל ע כ ע דיכטערישע שורע, וואָס רייסט אויף די ריטמיש־סינטאַקסישע קלעמען און צעגיסט זיך אין אַ פרייער לעבעדיקער געשפּרעכלעכער ריטמישקייט—אַ ריטמישער פילפאַרביקייט.

דעם יעסאָד פון אָט דעם „געשפּרעכלעכן טיפּ” ליריק (כ'באַנוץ דאָ זשירמונסקיס טערמינאָלאָגיע) שאַפט, די אַזוי גערופענע קאָמוניקאַטיווע פאָרם (די ווענדונג־פאָרם), די פאָרם פון פרעמד־רייד און דער דיאַלאָג.

נאָך אין מײַן ערשטן אַרטיקל וועגן כאַריקן האָב איך אָנגעוויזן אָט אויף דער קאָמוניקאַטיוו־געשפּרעכלעכער פאָרם פון כאַריקס פּאָעזיע. כאַריקס דראַנג צום קאָנקרעט, צום רוי־לעבן האָט מעמיילע אים געשטויסן צו אָט די „פּראָסטע רייד”—מע

[1]) די קאָנסטרוקטיוויסטן פירן אַריין אין דער פּאָעזיע דאָקומענטן, כראָניק, געשעפטלעך־פּאַכאָווע לעקסיק, לאָקאַלע זשאַרגאָנען—קיין באַזונדער נייַס שטעקט ניט אין דעם,—די קאָנסטרוקטיוויסטן האָבן אָבער באַזונדערס אונטערגעשטראָכן דאָס.

דארף אָבער געדענקען, אַז אָט די „פּראָסטע רייד“, די פּראָזאַיזמען, באַלד ווי זיי גייען אויף אין דער פּאָעטישער שורע, אין די סקאַרבאָווע קלעמען פון פּאָעטישער ריטמיש־קייט, באַקומען זיי א באַזונדערן רייץ פון קאָנטראַסט, זיי קלינגען בוילעטער, לייבי־קער און זיי ווירקן מיט פּ א ע ט י ש ע ר אויסדריק־קראַפט.

אין כאַריקס פּאָעמע „מיט לייב און לעבן“ פאַרנעמט דער דיאַלאָג און די קאָמו־ניקאַטיווע פאָרם ביכלאַל גאָר א גרויסן אָרט, און שטענדיק טראָגן זיי אין זיך א קאָ־לאָסאַלע סיוזשעטישע פונקציע: זיי שאַפן יענעם באַזונדערן רייעך פון רויערד, פון דוילעבן, וואָס זאָגט אָפּטמאָל אַסאַך מער איידער דאָס סטאַטישע בילד און די דער־ציילערישע רעמאַרקע.

כאַריק נוצט אויס דערביי (ניט זייענדיק קיין אויסגעשפּראָכענער קאָנסטרוקטי־וויסט) גלענצנדיק דעם ל אָ ק א ל ן קאָלאָריט פון זיין דיכטערישן לעקסיקאָן. הערט איר דעם מעלאַמעדס פאַרצווייפלטן קרעכץ („איר טראַכט נאָך, נאַט אייך א מעסער, קוי־לעט, וועט ווערן כאָטש לינדער“), דערנאָך—זיין וואַרעמע איראָניע אפן אַדרעס פון דער יעווסקאָלע („עט. ס'איז גאָרניט, ציבעלע מיט בלאָטע זייער לערנען!..“) און נאָכדעם זיינע ערשטע שורעס פון בריוו וועגן לענינען, וואָס ליגט אין „אויהעל“ [1] (לענין אין „אויהעל“—ס'אַרא גלענצנדיקער ל ע ק ס י ש ע ר אויסדרוק פון סטירעסדיקן קאַמף פאַר קולטור־רעוואָלוציע!)—ווייסט איר שוין, וואָס אָט דער סאָוועטישער שוימער פילט, ווען ער זאָגט דערנאָך קאַדעש נאָך דער לערערן—דער „שוואַרצביי־בעוודיקער גויע“.

דער לעקסישער מאַטעריאַל גיט אייך א בוילעטן באַגריף וועגן א שווערן גאַנג—פון א מעלאַמעד ביז צו א „כאַוועך פון פאַריין“.

דער לעקסישער מאַטעריאַל טראָגט דאָ סיוזשעטישע פונקציעס ניט בלויז מיט זיין „אינהאַלט“, נאָר, אין א באַדייטנדיקער מאָס, אויך מיט דער פאָרם, וועלכע אַקאָמ־פּאַנירט גלענצנדיק דעם אינהאַלט.

דער דראַנג צום קאָנקרעטן צו דער לעבעדיקער פּראָזאַיִש־געשפּרעכלעכער פאָרם, וואָס איז אימשטאַנד איבערגעבן דעם דירעקטן רייעך פון לעבן אין זיין סאָ־ציִאַלער קאָנקרעטער דיפערענצירונג, האָט באַווירקט כאַריקן, ער זאָל אָפּגעבן א גרע־סערן אָרט דער עפּיסטאָליאַרישער פאָרם—דעם בריוו־אויסטויש.

אָטאָ די בריוו זיינען אַזוינע קורצע, אָבער יעדער פון זיי פאַרקערפּערט אין זיך פאַרמעל א גאַנצע קולטור, א גאַנצע וועלט־אָנשויונג.

פאַרגלייכט אַקאָרשט דעם אָנהויב פונעם בריוו:

„אין אָנפאַנג קום דיך איר צו לאָזן הערן,
אַז מיר זיינען גאָט צו דאַנקען רייך“.

מיט אַן אָנהויב פון אַזא בריוו, לעמאָשל:

„פון דעם געווג, און איצטער נא דיר פאַקטן —
איך אַרבעט שוין אַליין בא דער מאַשין“.

---

[1] אויהעל—געצעלט. פרומע ייִדן „צדיקים“ באַגראָבט מען אין אַן „אוי העל“.

ניט נאָר אינהאַלטלעך, נאָר אויך פאָרמעל, סטיליסטיש זײַנען עס צוויי באַזונדערע קולטורן, 2 באַזונדערע ליטעראַרישע סטילן.

דערבײַ איז באַזונדערס אינטערעסאַנט צו פאַרצייכענען אָט וואָס: אויב דער ער־שטער בריוו האָט סטיליסטיש אונטער זיך א באַשטימטע פאַרגאַנגענהייט, באַשטימטע פעסט־אָפּגעזעצטע ליטעראַרישע שטאַמפּן (פונעם באַלעבאַטישן בריוונשטעלער) האָט עס נאָך דערווײַל ניט דער צווייטער בריוו — דער בריוו פונעם ייִדישן יונגטלעכן אַרבעטער פון פאַבריק. זײַן בריוונשטעלער־נוסעך איז נאָך ניט געשאַפן געוואָרן. כאַריק איז געצוווּנגען אַרײַנצוליייגן אין מויל פון זײַן אַרבעטער ליטעראַרישע שורעס וועגן „רויש און שפּינדל־לויף", ער באַרעכטיקט דאָס אָבער אָף א גלענצנדיקן אופן דורך דעם, וואָס ער — כאַריק אַליין — דעקט אויף דערבײַ זײַן שרײַב־מאַניר און מאָטיווירט עס:

„דו לאַכסט פון מיר, איך שרײַב דיר, ווי א ד י כ ט ע ר,
גענומען דאָס בא איינעם א פּאָעט".

(מײַן קורסיוו. י. ב.).

נאָך אַן אינטערעסאַנטערע סיוזשעטישע פונקציע טראָגט בא כאַריקן די ליטעראַרישע סטיליזאַציע און פּאַראָדיע, וואָס זײַנען אַזוי פּאָפּולער בא די קאָנסטרוקטיוויסטן.

די ערשטע באַגעגעניש צווישן דער לערערן און די שטעטלדיקע ייִדן גיט כאַריק אין דער פאָרם פון א פּאַראָדיע אָף א פאָלק־ליד:

„גייט זי דורך די גאַס,
ווײַזט מען מיט די פינגער,
קײַכט מען און מע שפּאַסט
— „קוקט נאָר אָן א יינגלו"
— „קוקט נאָר קורצע האָר
און קורץ מוז זײַן דער סייכל".
— „גוט־מאָרגנו" — „א גוט־יאָר"!
זי גייט פאַרבײַ און שמייכלט..."

דער פאָלקסטימלעכער רייעך פון אָט די שורעס וואַרפט אַרויף א דינעם שלייער פון לײַכטער פאָלק־איראָניע אָף אָט דער געשאָרענער מיידל, וואָס קומט „איבערקערן א וועלט". די לערערן גופא נעמט אויף אָט די איראָניע גוטמוטיק „זי גייט פאַרבײַ און שמייכלט".

אין זיבעטן קאַפּיטל ווערט ווידער געבראַכט דיזעלבע פּאַראָדיע, אָבער ווי גרויז־זאַם קלינגט איצט אָט די „פאָלקסטימלעכקײַט" — יענע „פאָלקסטימלעכקײַט", וואָס ווערט אונדז נאָך אַסאַך קאָרבאָנעס קאָסטן...

„גייט זי דורך די גאַס
ווײַזט מען מיט די פינגער,
גייט זי דורך די גאַס,
הויבט מען אָן צו זינגען:
רעב כאַצקעלעס טעכטער
לאַכ־צי־די־רײַ
די בײַכלעך ווערן העכער
לאַכ־צי־די־רײַ...

דאָס איז מען זיך אזוי מעסאמייעך מיט ציניִשע רעכילעס אף דער לערערן, וואָס האָט איר יוגנט, איר לײַב און לעבן אָפּגעגעבן אָט דעם פארוואָרפענעם העק...

דער טמימעסדיק־פּאָלקסט מלעכער אָרנאמענט ווירקט דאָ, אין פּלאַן פון קאָנטראַסט, מאמעש אכזאָריעסדיק.

מיט דערזעלבער פאראָדיע ענדיקט זיך די פּאָעמע, אָבער הערט איר נײַע רעדאקציע:

„גייט זי דורך די גאַס,
שעמט מען זיך צו ריידן.
ווער עס האָט געשפּאַסט
שפּאַסט ניט פון דער מיידל“.

דער אנטוויקלונג־גאנג פון אָט דער ליטעראַרישער פאראָדיע ווערט א מין סטיליסטישער כוטאַשעדרע, וועלכער צעמענטירט סוזשעטיש די גאנצע פּאָעמע. עס באקומט זיך פאָרמעל־טעכניש א געוויסע רינג־קאָמפּאָזיציע, אָבער אזא, וואָס פארפאָלגט ניט קײַן צוועקן פון מעלאָדיש־לירישער באראמונג, נאָר וויכטיקע סיוזשעטישע ציִלן.

דיזעלבע פאראנטוואָרטלעכע סיוזשעטישע פונקציע שפּילט די גרונט־ראם פון דער פּאָעמע.

די פּאָעמע הויבט זיך אָן מיט א קאַפּיטל „Мы, молодая Гвардия“ און ענדיקט זיך מיטן זעלבן שלוס־אקאָרד. אָבער דאָס איז ניט בלויז אין פּלאַן פון לירישמעלאָדישער איבערכאַזערונג, וואָס איז בארופן בלויז צו פארשטארקן די שטימונג און אָפּטמאָל ווערט עס בא אונדזערע פּאָעטן ביכלאַל א מאָדע־זאַך—בא כאַריקן וואָלט די גאנצע פּאָעמע אין טאָך באקומען גאָר אן אנדער אויסזען, אָן אָט דער רינג־קאָמפּאָזיציע.

מיר וואָלטן דענסטמאָל באקומען, ווי אויבן איז שוין אָנגעוויזן געוואָרן, א ראָמאַנטישע פּאָעמע וועגן א יונג נאַיִוו מיידל, וואָס איז טראגיש אומגעקומען אין שטעטל. די רינג־קאָמפּאָזיציע האָט פארברייטערט אין אומענדלעכקײַט די פּערספּעקטיוו פון אָטאָ דער טראגעדיע. דער טויט פון דער לערערן איז געוואָרן בלויז א רינג פון א מעכטיקן סאָציִאַלן קאָנווייער—א קאָנווייער פון לעבנס, וואָס ווערן געוואָרפן אין קאַמף פאר דער לענינישער קולטור־רעוואָליוציע. די רינג־קאָמפּאָזיציע קומט דאָ ניט צו פארשטארקן די שטימונג, וואָס איז געגעבן געוואָרן אין דער ליטעראַרישער אינטראָדוקציע (ארײַנפיר), נאָר ראַדיקאַל אומצוענדערן זי. די נײַע לערערן, וואָס קומט צו פארבײַטן די פארשטאָרבענע, ווערט געגעבן אף גאָר א נײַעם סאָציִאַלן פּאָן און מעמיילע אויך אף גאָר א נײַעם שטימונג־פּאָן.

דער גרויסער אָפּטימיזם פון קאמף און זיג, קאָרבאָנעס און איבערבײַט איז דורך אָט דער רינג־קאָמפּאָזיציע געגעבן געוואָרן אזוי ראפינירט, אזוי איבערצײַגנדיק, אז קיין שום לאַנגאָנעדיקע דערציילערישע שורעס וואָלטן עס ניט געגעבן.

ס'איז פּאָשעט צוליב מאנגל אין פּלאַץ אומעגלעך אָפּצושטעלן זיך אף אָט די אַלע גלענצנדיקע בײַשפּילן, ווי כאַריק זוכט אויס אייגנארטיקע, זייער ראפינירטע און הויך

קולטורעלע פּאָעטישע מיטלען, קעדײַ ניט אָנצוקומען צו לאַנגאָנעדיקער דערציילע־רישקײַט און דאָך סיוזשעטיש־פּאַנאַנדערוויקלען גרויסע סאָציאַלע קאָנפליקטן. דער אופמערקזאמער קולטורעלער לייענער וועט זײַ געפינען אין א גרויסער צאָל. באַזונ־דערס גלענצנדיק און הויך־קולטורעל שפּילט כאריק מיט זײַן ריטמישער קלאַוויאַטור—זייער א פילפארביקער און דיפערענצירטער.

ווען די לינקע פּאָעטן אונדזערע האָבן בעשײַטאָם אופגעריסן דעם קאַנאָניזירטן, געשלאָסענעם פערז און פארביטן אים מיטן „וועראליבער"—דעם פרײַען פערז, איז עס געווען א געוויסער ראַדיקאַלער אַקט, געווענדעט קעגן דער פּאָעטישער פארגלײַ־ווערטקײַט און אקאדעמישקײַט.

סאָפּקאָלסאָף איז אָבער אָט דער פרײַער פערז גופא געוואָרן עסטעטיזירט און אָפּגעריסן פון זײַנע קאָנקרעטע סאָציאַלע אופגאַבעס—איבערצוגעבן דאָס ריטמישע פיל־פארביקײַט פון אונדזער רוישיקן, אימפעטיקן לעבן.

כאריק האָט „באַפרײַט" זײַן ריטם און מעטער. ער האָט אין זײַן פּאָעמע „מיט לײַב און לעבן" אָנגעווענדעט די פארשיידנסטע מעטרען און ריטמען—א גלענצנדיקער פילפארביקער ריטם־געפלעכט,—אָבער אָט דער ריטם־געפלעכט איז בא כאריקן ניט קײַן אויסערלעכער ארנאַמענט.

ווידער אמאָל פילט ער אויס—אָטאָ דער פרײַער ריטם־געוואַקל, גרויסע סיוזשע־טישע פונקציעס.

כאריק פרווט, און אָפטמאָל גיט זיך אים איַן גלענצנדיק, ריידן ניט בלויז מיט דער שפּראַך פון באַגריפן, נאָר אויך מיט דער שפּראַך פון מעטער און ריטם.

איך וועל ברענגען בלויז אייניקע באַזונדערס אינטערעסאַנטע בײַשפּילן.

דעם קאַפּיטל וועגן דעם, ווי דאָס שטעטל פעקלט זיך אריבער אין דער גרויסער שטאָט—אין מאָסקווע—א מין קאַסרילעווקע אין וועג—באַטיטלט כאריק מיטן קעפּל „אלה תולדות מאָסקווע". דאָס קעפּל אליין איז שוין מאַסרע, אז דער דיכטער וועט דאָ היפּש גראָטעסקירן דעם מאָטיוו פון „יעציעס קאַסרילעווקע" (לויט דעם ביבלישן „יציאת מצרים").

דערנאָך גייען די שורעס:

„און דאָס איז די צאָל פון די מענטשן, וואָס זײַנען אין מאָסקווע געפאָרן:
פיר קרעמער, איין שוכעט, אכט מיידלעך, וואָס ווילן אין מאָסקווע שטודירן..."

גיט א קוק סארא „פײַערלעכער" העקזאַמעטער [1]).

סארא „הייליק־ביבלישער" טאָן!

אָבער אָט דער „הייליקער" העקזאַמעטער איז „דערנידעריקט" געוואָרן דורך „דאָ־בע די גראָבע" און „בערעלע ביק", ער איז פאראַד־רט געוואָרן פון א „יעווסעקישן" פּאָעט, א בייזן אפּיקוירעס, וועלכער האָט אזוי טאכליס־סינע פײַנט דעם „הויכן סטיל".

דיזעלבע עפּישע און פײַערלעכע ברייטקײַט איז געגעבן געוואָרן ניט פאראָדירט גראָד באַם פּאָעטן לייבע דעם שמיד.

---

[1]) א מעטער, וואָס פלעגט באַנוצט ווערן אין אלטן עפּאָס.

לייבע דער שמיד ווערט ארײַנגעפירט אין דער האנדלונג מיט אָט דעם עפּישן מעטער, וועלכער דארף אָנזאָגן אף עפּעס רויעס, קרעפּטיקעס, אָפּגעזועצטעס:

דערנאָך האָבן די קינדערלעך געזונגען,
דערנאָך האָבן די קינדערלעך געטאנצט...
— — — — — — — — — — — — —
און לייבע דער שמיד—אָט דער האָריקער בער
איז געזעסן, געשוויגן, געקוקט אף דער ערד
און שווער זיך געדרייט די פּארוכערטע באָרד"

דעריבער מאכט אזא גרויסער איינדרוק יענער אָרט, ווען אפן פאָן פון לעווײַע־טומל און „צדק"־אויסגעשריי באווײַזט זיך ווידער אָט דער לייבע מיט זײַן שווערן קרעפּטיקן גאנג.

„רויִק־רויִק, זאָל זײַן רויִק! הויבט די מיטע הויך...
— — — — — — — — — — — — —
און לייבע דער שמיד—אָט דער האָריקער בער
האָט די מיטע פּאוואָליע געשטעלט אף דער ערד
איז געבליבן געבויגן, א זאָג געטאָן: „ביין!"
און שטיל אף א קינדערשן קאָל זיך צעוויינט..."

דער קינדערשער געוויין פון לייבע דעם שמיד ווערט באזונדערס קינסטלעריש בוילעט גראָד אף דעם פאָן פון אָט דעם שווערן, קרעפּטיקן אמפיבראכי, וועלכער טיילט זיך אויס שארף נאָכן צעטומלטן, אָפּגעהאקטן כאָריי פון „רויִק־רויִק".

אף אן ענלעכן אויפן ווערט גלענצנדיק געגעבן די אָנוואקסונג פון טעמפּ און בעהאָלעדיקן אומרו אין איינעם פון די סאמע דראמאטישע קאפּיטלען—„מינוטן", אָדער לעמאָשל אינעם קאפּיטל „ווײַסקײַט".

איך האָב זיך געגויער, און אין דער ערשטער ריי, אָפּגעשטעלט אף אָט דער הויך־קולטורעלער שפּיל מיט ליטערארישער פּאראָדיע, ריטם און מיט לעקסיק, ווײַל עס הויבט אָן צו פארנעמען א גאָר אָנגעזעענעם אָרט ניט בלויז אין דער רוסישער פּאָעזיע (בא די קאָנסטרוקטיוויסטן), נאָר אויך בא אונדז.

פארשטייט זיך, אז כאריק באנוצט דאָ אויך אנדערע שילדערונג־מיטלען. כאריק ווייסט ווי מע דארף אויסנוצן די אינערלעכע ווילקלאנגעוודיקײַט פון וואָרט [1] („וויקלט־זיך און וואקלט זיך און וויגט זיך, וויקלט זיך און וואקלט זיך און וויאָ!"), כאריק ווייסט אויך ווי מע דארף צוגעבן א גלענצנדיקן פּייזאש־אָרנאמענט, וועלכער צייכנט זיך אויס מיט אויסערגעוויינטלעכער שפּארעוודיקײַט און איז גלײַכצײַטיק אזוי פארביק:

„פרימאָרגן.
באָכיאָנטעוו.
זי זעט:

[1] שוין דאָ מערקט זיך כאריקס אינטערעס פאר פאָנעטישע עפעקטן, וואָס ער האָט ווידעראמאָל איבערגענומען בא די קאָנסטרוקטיוויסטן.

אפן גאס—
א הײַפּעלע יִדן—אין שװײַגן
הײַזער אין װאָלקן,
הימל—אין אש
נאקעטער הארבסט—אין די צװײַגן...״

אין עטלעכע שורעס איז דאָ געגעבן געװאָרן דער פּייזאזש פון „נאָכיאָנטעװודי־קער װאָך״—א גלענצנדיקער פּייזאזש—אקאָמפּאנימענט צום פאָלק־ליד:

„אף ברי,
אף מאָרגן נאָך יאָנטעװ אינדערפרי״.

װידער אמאָל דארף מען אונטערשטרײַכן, אז אויך דער פּייזאזש איז בא כאריקן אָנגעלאָדן מיט סיוזשעטישער פונקציע און ער איז ניט גלאט אזוי לעשעם צאצקע, קעדיי צו ריידן „װעגן דער פּאָגאָדע״.

איך װעל עס איליוסטרירן מיט אזא בײַשפּיל:

דער װינטער־פּייזאזש—אָטאָ די לופטיקע װײַסקײַט—איז דער צענטראלער אָרגא־ניזירנדיקער פּייזאזש פון דער גאנצער פּאָעמע. זעקס לידער זײַנען לידער פון „װײַס־קײַט״, פון „בלוי און שניי״.

אין װאָס־זשע באשטייט די סיוזשעטישע פונקציע פון אָט דער „בלויער װײַסקײַט״ פון אָט דעם „װײַסן געלעכטער פון װײַסע בוראנען״!

לאָמיר זיך דערמאָנען אָן כאריקס װינטער־לידער, װאָס זײַנען אָפּגעדרוקט אין זײַן בוך „אף דער ערד״.

„אז די נאכט װעט נאָך דויערן לאנג,
און דער שניי װעט נאָך שיטן און שיטן,
װעל איך אויסטאָן מײַן פעלץ און מײַן היטל:
זאָל א שניי װי א װײַסער געזאנג
שיטן און שיטן און שיטן...״

אָט דער װײַסער געזאנג גיסט אָן מיט קרעפטיקײַט, מיט קלאָרן אָפּטימיזם, מיט „װײַסער רו״ דעם דיכטער.

דערזעלבער װײַסער, קרעפטיקער געזאנג באגלייט מיט „װײַסער רו״ דעם געװיקל פון דראמאטישע קאָנפליקטן אין דער פּאָעמע „מיט לײַב און לעבן״.

„עס שמעקט דער פראָסט מיט האָניק און מיט װײַן,
דאָס רויִק פעלד איז אָפּגעדעקט און העלט שוין.
„גוט מאָרגן, װעלט, געגריסט זאָלסטו מיר זײַן!
זי װיקלט זיך נאָך װארעמער אין פעלץ אײַן״.

די גאנצע פּאָעמע װערט אָנגעזאפּט מיט אָט דעם קרעפטיקן פראָסטיקן האָניק, מיט אָט דער קלאָרער װײַסקײַט, מיט אָט דעם אָפּטימיסטיש־יוגנטלעכן „גוט־מאָרגן, װעלט, געגריסט זאָלסטו מיר זײַן!״.

געגריסט זאָלסטו זײַן, װעלט, פאר אלץ, פאר אלץ!

פאר אָט דעם שװערן אָפּפערפולן גאנג צום „ליכטיקן סעליפאקטער״, פאר דער פרייד פון „העפטלעך דינינקע מיט דיִאגראמעס״, פארן ערשטן לאָמפּ, װאָס א לייבע

שמיד האָט אָנגעצונדן אום שאבעס, פארן גרויסן אומענדלעכן קאמף־קאָנווייער, װעלכער הייסט: יונגע גווארדיע.

* * *

כאריקס פּאָעמע „מיט לײַב און לעבן״—נאָך איידער זי איז אָפּגעדרוקט געוואָרן, איז זי שוין געווען באקאנט און באגײַסטערט אופגענומען געוואָרן פון אונדזערע בעסטע לייענער־מאסן.

אָן אָפּגעדרוקטע האָט דידאַקטיזע פּאָעמע טייקעף פארנומען דאָס צענטראַלע אָרט אין דער פּאָעטישער ליטעראטור־פּראָדוקציע אונדזערער.

לײַב און לעבן—אָט דאָס זײַנען די גרונט־זײַלן פון אונדזער קינסטלערישן רעאליזם.

כאריק איז איינער פון אונדזער קרעפטיקסטע זינגער פון לײַב (וואָס פּיבערט, וואָס בלוטיקט, און זינגט „מיט אויסגעשריי פון וואקסן״) און פון לעבן (וואָס איז רוי, וואָס איז קרעפטיק).

פילן דעם פארשיקערנדיקן רייעך פון לײַב און לעבן—דאָס אליין באטײַט שוין אין אונדזער עפּאָכע זיך באהעפטן מיטן סאמע לײַביקן, מיטן סאמע אקטיוון קלאס פון דער מאָדערנער געזעלשאפט—מיטן פּראָלעטאריאט.

נאָר אױף אָט דעם וועג פון באהעפטונג מיטן פּראָלעטאריאט וועט כאריק אימשטאנד זײַן פאנאנדערוויקלען זײַן גרויסן קינסטלערישן פּאטאָס פון לײַב און פון לעבן.

יאָר 1928.

# אין ברויזיקער רו.

(א. קושניראָוו—ברויז. לידער. ווײַסרוסלענדישער מעלוכע־פארלאג. מינסק—1928).

„דאָס וועט אויך זײַן אונדזער לעצטער שטרײַט—
בײַשטיין רויש פון הארבסטיקן געבלעטער...
ווייל צו די, וואָס קומען צודערצײַט,
ווייל צו די, וואָס האָבן ניט פארשפּעטיקט!".
(א. קושניראָוו).

1

די אימפּרעסיאָניסטישע קריטיק—די קריטיק פון אינטעליגענטישע שטימונגען און מעליצעדיקע „אײַנדריקעכצן"—האָט א לאנגע צײַט געפּרוּווט אײַנריידן זיך און אלעמען, אז—ווי־ווי, אָבער אין דער ליריק איז זי—די אימפּרעסיאָניסטישע קריטיק—די איינציקע באלעבאָסטע.

די פּראָזע, וועלכע האָט צו טאָן דאָסראָוו מיט קאָנקרעטע סאָציאלע דערשײַנונגען און איז, אזוי ארום, אין א היפּשער מאָס „פארפלעקט" מיט סאָציאָלאָגיע, איז פון שטענדיק אָן געווען א צו הארטער ביסן פאר דער אימפּרעסיאָניסטישער קריטיק. דערפאר אָבער האָט די „אומבאשטימטע" ליריק געגעבן א ברייטע מעגלעכקײַט אָט דעם מין אימפּרעסיאָניסטישע קריטיקער צו „שוועבן אף די פליגלען פון דער מעליצע" און כאפּן קעלבערנע היספּײַלעס פון דער „נעשאָמע־מוזיק", פון דער „הארציקער טיף" און „דיכטערישער הויך" אוכעדוימע, אינעם זעלבן „הויכן" סטיל.

די „אומבאשטימטקײַט" פון דער ליריק איז אָבער קלאָר ניט פון יענעם רעטזלהאפטן מין, וואָס מוז צווינגען אָפּצוגעבן די ליריק פאר א קאָרבן אפן מיזבייעך פון דער אימפּרעסיאָניסטישער בויכריידערײַ.

אויך די ליריק איז ניט ווייניקער ווי די פּראָזע „פארפלעקט" מיט קאָנקרעטן לעבן, מיט מענטש, מיט קלאס, מיט געזעלשאפט—מיט איין וואָרט, מיט סאָציאָלאָגיע.

אויך די ליריק איז ניט ווייניקער ווי די פּראָזע א סאָציאל־פארורזאכטע דערשײַנונג. און בא איר גאנצער „צארטקײַט" און „געהיימניספולקײַט" וועט פון איר, כ'לעבן, גאָרניט אָפּקומען (פארקערט, נאָך צוקומען!), ווען זי וועט באלויכטן ווערן מיטן רעפלעקטער פון סאָציאָלאָגישן (מ א ר ק ס י ס ט י ש ן) אנאליז.

צוגיין צו סאָציאַלע דערשײַנונגען מיט די מעטאָדן פון אימפּרעסיאָניסטישער „סאַ־לאָן־שפּרעכערײַ“ איז אָבער אומעגלעך. דאָ איז נויטיק אַן אַנאַליז, וואָס דעקט אויף דעם אינערלעכן מעכאַניזם פונעם לירישן ווערק און באַגרײַפט זײַן געזעצמעסיקײַט — דאָ איז נויטיק דער מאַרקסיסטישער, דער דיאַלעקטיש־מאַטעריאַליסטישער אַנאַליז.

וואָס איז דאָס וויכטיקסטע אינעם דאָזיקן אַנאַליז?

דאָס וויכטיקסטע דאָ איז צו פאַרשטיין דעם וועג פונעם ליריקער, צו באַגרײַפן דאָס לירישע שאַפן ניט אַלס אַ נעץ פון צופעליקע לירישע „זעונגען“, נאָר אַלס גע־זעצמעסיקן פּראָצעס, וועלכער איז אונטערגעוואָרפן, ווי יעדער סאָציאַלער פּראָ־צעס, אונטער אַן אײַזערנער, סיבעסדיקער פאַרורזאַכטקײַט.

טאַקע די ווערק פון די בעסטע ליריקער צעקלאַפּן די לעגענדע וועגן דעם, אַז דעם ליריקער קאָן מען ניט שטודירן, מאַכמעס זײַן וועג וויסט קלוימערשט ניט פון גע־זעצמעסיקײַט, מאַכמעס זײַן סטיכיע איז קלוימערשט — די אומבאַשטימטע שטימונג.

די אומבאַשטימטקײַט פונעם וועג באַם ליריקער זאָגט אײדעס גראָד ניט וועגן זײַן „פילפאַרביקײַט“, נאָר וועגן זײַן באַגרענעצטער אינדיווידואַליטעט.

דאָס באַוווּסטזײַן פון דער דיכטערישער אינדיווידואַליטעט, איר קולטור־הויך, — דאָס וועט מוזן ווערן, אינעם נאָענטסטן פּעריאָד, דער קריטעריי פאַרן וווּקס פון אונדזער ליריק.

און ניט די טעכנישע אויסגעצאַצקעלטקײַט פון דער שורע!

און ניט די פּוסטע זינגעוודיקײַט פונעם וואָרט!

און ניט די מעלאָכע פונעם ליריק־מאַכער:

די געפאַר פון מעלאָכעדיקן שטאַמפּ איז קיינמאָל ניט אַזוי שאַרף געשטאַנען אין אונדזער פּאָעזיע, ווי די לעצטע צײַט.

די יאָרן פון פאָרמאַליסטישער הערשאַפט, באַזונדערס אין דער פּאָעזיע, האָבן געבראַכט דערצו, אַז די הוילע שרײַב־טעכניק האָט אָנגעהויבן פאַרשרײַען, פאַרטומ־לען די ערנסטע, טיפע לירישע וועלט־אויפאַסונג.

ווי אָפט ווערן די לעצטע צײַט געדרוקט לידער, וואָס זײַנען געמאַכט לויט אַלע קלאָלים פון שרײַב־טעכניק מיט פליטערלעך פון אַסאָנאַנסן, מיט געצאַצקעלטקײַט פון בילד, און דאָך לאָזן זיי קיין שום אײַנדרוק נאָך זיך ניט איבער.

ניטאָ דאָרט קיין פאַרטיפערונג פון מענטשלעכער שטימונג, ניטאָ דאָרט די פּראָב־לעם פון אונדזער נײַער געפילן־וועלט, ניטאָ יענע רײַכע לירישע אינדיווידואַליטעט, וואָס זאָל מיטרײַסן מיט זיך.

קושניראָוו געהערט צו יענעם געציילטן אַוואַנגאַרד סאָוועטישע יידישע ליריקער, וועלכער איז אַדײַעם „בײַגעשטאַנען דעם רויש פון האַרבסטיקן געבלעטער“, בײַגע־שטאַנען דעם מעלאָכעדיקן „טומל“ פון לידלען, בײַגעשטאַנען דעם שטאַמפּ פון „אי־בערזאָגן שוין געזאָגטע ווערטער“.

לײענט זײַן באַשיידן ביכל ליריק, וווּ עס זײַנען צונויפגעזאַמלט זײַנע לידער פאַר די יאָרן 1921—1926:

אַזאַ קאַרגשאַפט פון שאַפן! אַזוי געציילט און געמאָסטן יעדער שורע!

אָבער אף קיין רעגע ווערט ניט פארפלאכט דער שטרענגער, זינגעוודיקער גאנג פונעם ליריקער!

דורך בלוטיקע יאָרן פון בירגער־קריג, דורך שווערע ניסיוינעס פון „נעפ", דורך רומפולע טעג פון „פראָסטן סאָציאַליסטישן מיטוואָך" ציט זיך דערדאָזיקער שליאך.

און קיינמאָל איז קושניראָוו אף גרייטנס ניט געקומען, נאָר שטענדיק דער ער־שטער און שטענדיק צודערצייַט.

„אונדזער טיפער הימל האָט געברענט,
אונדזער הארטע ערד האָט זיך געשפאָלטן.
מיר האָבן דעמלט צודערצייַט געבענטשט,
מיר האָבן דעמלט צודערצייַט געשאָלטן". (ברויז. ז. 7).

מיט דידאָזיקע שורעס, וואָס זאָגן איידעס וועגן א פארטיפטער געזעלשאפטלעכער אכרײַעס, עפנט קושניראָוו ניט צופעליק זיַין ביכל ליריק.

מיט געזאנג פון אומזיניקער דרייסטקייַט איז ער געגאנגען אין געשלעג צוזאמען מיט „יוגנט פארשייַטער און דרייסטער" אין די אומפארגעסלעכע טעג פון קאמף און אָנגריף, אין די יאָרן פון בירגער־קריג. אָט דער גאנג איז אף א צייַט איבערגעריסן געוואָרן.

מיט הארבסטיקער בענקשאפט האָט א. קושניראָוו געצונדן זייַנע דיכטערישע האזקאָרע־ליכט אין שווערע טעג פון ניסיוינעס און קלייַנבירגערלעכער פארצווייפ־לונג—אין די ערשטע נעפ־יאָרן.

אָבער מיט ניכטערער קלאָרקייַט פון פארהארטעוועטן אומרו זינגט ער איצט זייַן „ליוב־געזאנג פאר ברויזנדיקע קרעפטן און אויך פאר רו פון טיף", וואָס ער, דער דיכטער, פארמאָגט און וואָס אונדזער גאנץ לאנד פארמאָגט שוין—אָט די „ברויזיקייַט מיט טיפער רו באהעפטע"—די ברויזיקע רו פון אונדזער סאָציאַליסטישן בויען.

יעדער פון דידאָזיקע עטאפן איז אן אָביעקטיוו־פארורזאכט רינגל אין דער אל־געמיינער קייט פון קושניראָווס שטרענגן גאנג—פון אבסטראקטן ראדיקאליזם, דורך קלייַנבירגערלעכער האזקאָרעדיקער אנטוישונג, צו דער קלוגשאפט פון הארבסטיקער רייַפקייַט, צו דער ניכטערער רעוואָליוציאָנערער קלאָרקייַט פון „ברויזיקייַט מיט טי־פער רו באהעפטע".

די אופגאבע פון דער קריטיק איז אופצודעקן די סאָציאַלע פארורזאכטקייַט, די געזעצמעסיקייַט און די מעכאניק פונעם דאָזיקן גאנג, די מאפּאָלעס און ניצכוינעס זייַנע.

## 2

## אַף שיפן פון אומזין.

„נאָר מייַנע אומזיניקע שיפן
פאר ברעג און רו פארלאָרענע...
וואָס קען שוין וואָרענען
פון שטורעם און פון טיפן?.. (ז. 9)

פאראן בא קושניראָוון א פאפקע—א פאָשעטע גרויע, קארטאָנענע פאפקע פון זייַן ליטערארישן ארכיוו.

אָבער מיט וואָס פאר א שטאָלץ קושניראָוו באווײַזט זי זײַנע כאווײרים!

דאָרט ליגט באהאלטן קושניראָווס רעוואָליוציאָנערער „ייִכעס-בריוו" — זײַנע ערשטע לידער, וואָס זײַנען געדרוקט געווען אין אונדזער באָלשעוויסטישער פרעסע פאר די יאָרן פון בירגער-קריג.

איך האָב אויך געבלעטערט דידאָזיקע אלטע, פארשיידנפארביקע צײַטונג-אויסשניטן: גרויע, גרינע, רויטע צעריבענע שטיקלעך גראָבע פאק-פאפיר, אף וועלכן די פראָלעטארישע רעוואָליוציע האָט מיט צעקאָליעטשעטער שריפט און וואסערדיקער פארב געדרוקט אירע צײַטונגען.

די אומפארגעסלעכע צײַטונגען פון 1920—1919!

קורצע פלאמיקע לייט-ארטיקלען.

צעטלען פון מאָביליזירטע כאווײרים.

ווענדונגען, אופרופן און ווענדונגען.

און איבער דער גאנצער ברייט און לענג פונעם נומער — פלאמיקע, רופנדיקע אנשלאגן!

„אלע קעגן די פוילישע פריצים"!
„וואָס האָסטו געטאָן פאר דער רויטער ארמיי?"
„צום ווענטל די ספעקוליאנטן און דעזערטירן!"

אזא איז די אומשטערבלעכע, געטאָקטע, שטאָלענע פראָזע פון דער רעוואָליוציע!

און בא דער זײַט, אין א ווינקל — דערזעלביקער פלאמיקער אנשלאג, נאָר אין געמאָסטענעם און קלינגעוודיקן פערז — קושניראָווס געזאנג וועגן „שיפן פון אומזין, פון יוגנט פארשײַטער".

קושניראָוו האָט באקומען זײַן דיכטערישע קאמף-קרייצונג באם אָפּגלאנץ פון די גרויסע שלאכטן פון 1920—1919.

צוזאמען מיט אונדזער גאנצער ראדיקאלער אינטעליגענץ האָט ער אין די דונערן פון אָקטיאבער טייקעף דערהערט „א שטײַגן, א גרײַפן, אן אָפּקלאנג פון שווערע, פון שטײַפע, פון אײַזערנע טריט".

פאר אים — פארן ראדיקאלן ליריקער, איז נאָך דערווײַל ניט קלאָר דער ס אָ צ י־ א ל ע ר מעהוס פון אָט דעם „גרויסן און מעכטיקן", וואָס האָט זיך איצט א לאָז געטאָן „אף הארפעס זוניקע פון פלעצער".

אָבער עס שוימט שוין פאר זײַנע אויגן די פרייד פון שלאכט פון לעצטער, פונעם טאָג, „וואָס דארף און וועט זײַן יאָנטעוו".

אָבער ער פילט שוין מיט זײַן דיכטערישן כוש, אז די וועלט איז צעשפאָלטן געוואָרן אף 2 העלפטן: איין העלפט — די גרעסערע — האָט זיך געלאָזט „אף שיפן פון אומזין" צו ווײַטע געטרוימטע לענדער, און די צווייטע — א הײַפל „אָנשטענדיקע און באשיידענע אין היימלעכקײַט פון צימערן פארשטיקטע" איז פארבליבן אפן ברעג, אין רו.

קושניראָווס ראדיקאלער יוגנט־אימפעט באשטימט טייקעף, ווהין ער זאָל שלײַ־
דערן זײַן קאָפּ „ווי א פונק אין יעדן פולווער־קאסטן":

„אָ, וויפל קעפ אף זון צעפּערלט
און פריידז מײַן קאָפּ איז אויך אינמיטן,
און כ'טראָג אין וועלט א רויטן שטערן
אף שטאָלצן פּאָרנט פון מײַן הייזל".

(ז. 80).

דער מאָטיוו פון אָט דער יוגנטלעכער פרייד, פון יוגנטלעכער פארשײַטקײַט און דרייסטקײַט—ווערט דער גרונט־מאָטיוו פון קושניראָווס שאפן פאר דעמדאָזיקן פע־ריאָד (ביזן 22—1921 יאָר).

דערדאָזיקער מאָטיוו איז געווען דער גרונט־מאָטיוו פון אונדזער גאנצער ראדי־קאלער ייִדישער פּאָעזיע אינעם פעריאָד פון אָנהויב רעוואָליוציע.

מיט פלאמיקער לײַדנשאפט האָט אים באזונגען שווארצמאן, מיט קינדערשער היספּײַלעס—קוויטקאָ, מיט פארשײַטער שקאָצישקײַט—מארקיש, און אפילע דער גע־לאסענער האָפשטיין האָט אין א ריי גלענצנדיקע לידער אויסגענוצט דעמדאָזיקן מאָטיוו.

דער יוגנט־מאָטיוו, וועלכער איז ביכלאל אן אָפטער גאסט אין יעדער ראדיקא־לער ליטעראטור, האָט אויך דאָ אנטשפּרעכט דעם אלגעמיינעם היספּײַלעסדיקן דראנג פון אונדזער ראדיקאלער אינטעליגענץ, וועלכע האָט אין דער פּראָלעטארישער רע־וואָליוציע געזען דערווײַל ניט איר קאָנקרעטן קלאסן־פּאָנעם, נאָר אן אָנהויב פון עפּעס גרויסעס און אומבאשטימטעס.

צי דען ניט אזוי זײַנען אויך אומבאשטימט די אידעאלן פון דער סקארבאָווער יוגנט־געשטאלט, וועלכע רײַסט זיך פון זיכערע ברעגן צו סאקאָנע, צו אומזין, צו אומבאשטימטע „ברייטן און לענגן און ווײַטן"?

קושניראָווס ערשטער דיכטערישער עטאפּ גייט דורך אונטער אָט דעם צייכן פון אומבאשטימטן יוגנטלעכן דראנג צו שטורעם. דאָס צענטראלע דיכטער־בילד פון אָט דעם עטאפּ איז דער אלטער שטרענגער טורעם, איבער וועלכן עס פלאטערן שווארצע פאָנען פון טרויער און די „אומזיניקע שיף, וואָס האָט רו פארביטן אף סאקאָנע". אומזיסט פלאטערן די פּאָנען פון טרויער אפן אלטן שטרענגן טורעם פונעם נעכטן, אומזיסט רופן זיי צוריק דעם דיכטער, וועלכער האָט שוין „צעשלייפט און צעבונדן די רינגען, די קייטן די שטריק"; אומזיסט איז „האָפענונג מוטערשע, פארבענקטע און געטרײַע".

„פאר יוגנט פארשײַטער און דרייסטער,
וואָס האָט אירע האפנס
אף שיפן פון אומזין פארביטן,
וואָס דענקט ניט און ווייסט ניט
פון זיכערע רויִקע ברעגן,
וואָס טויגן דערפארונג און וויסן
פון אלטע געמאָסטענע וועגן...

(ז. 10).

דער גרונט־פּאַטאָס איז דאָ דער פּאַטאָס פונעם יוגנטלעכן שטייגן לעשעם שטייגן און וואגן לעשעם וואגן.

דער ביטל צו דערפארונג, צו געמאָסטנקייט האָט פון שטענדיק אָן כאראקטערי־זירט דעם דראנג פונעם קליינבירגערלעכן ראדיקאל צו דער פייערווערקישער זייט פון דער רעוואָליוציע, צום סטיכישן אויסברוך, וועלכער איז אסאך „אינטערע־סאנטער״ איידער די „וואָכעדיקע״ אויסגעמאָסטנקייט און זעלבסטקריטיק פון דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע.

בא קושניראָוון, ווי בא דער גאנצער יונגער ראדיקאלער פּאָעזיע פון יענע יאָרן, איז עס געווען אזא מין אבסטראקטער אולטרא־ראדיקאליזם, אלס רעזולטאט פון בענקשאפט נאָך עפּעס אומבאשטימטע „ריזיקע רייצנדע גליקן״.

אין דער אָנגעגליטער אטמאָספער פון די ערשטע קאמף־יאָרן האָט אָבער דער־דאָזיקער ראדיקאליזם אויסגעפּילט א גרויסע סאָציאַלע פונקציע: ער האָט געשטורעמט, געטריבן פאָרויס, געהויבן די טעמפּעראטור פון דער עפּאָכע.

ס'איז דעריבער ניט קיין וואונדער, וואָס האָפשטיינס, מארקישעס און קושניראָווס דיכטערישע שורעס, גראָד אינעם גייסט פונעם ראדיקאל־בונטארישן „ווער קאָן מיר אייצען מעסטן״? האָבן ניט זעלטן געפלאטערט אף לייוונטן אין אונדזערע ארבעטער־קלובן, אף די שפּאלטן פון אונדזערע באָלשעוויסטישע קאמף־צייטונגען.

דער ראדיקאלער „שטורעם״ האָט, אין א געוויסער מאָס, אָנגעבלאָזן די זעגלען פון דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע, וועלכע האָט צו יענער צייט איבערגעלעבט איר העכסטע שטורעם־אָנשטרענגונג.

דיזעלביקע פונקציע האָט אויסגעפּילט דער ראדיקאלער דעמאָקראטיזם, דער קולט פון האמוינישקייט. וועלכער האָט זיך אזוי צעגליט אין דער פּאָעזיע פון די ערשטע רעוואָליוציע־יאָרן.

דידאָזיקע האמוינישקייט איז, ווי געוויינטלעך בא ראדיקאלן, א גאנץ אומבא־שטימטע, צעפלאָסענע. איר פּאַטאָס איז די פּאַטעטישקייט פון „גרויסע צאָלן״.

„ברייטער די סטויפּעס אף מיטן פון פלעצער:
איבער שלונגען פון שלענגישע גאסן שטעלט אויף מיין בעלעמער.
מיין זוים וועט זיין הימל!..
מיין רוים—
דער פּילטוויזנטער בליק פון האמוין!..״

(ז. 24).

דער קאָסמישער בעלעמער „אָן דאך און אָן דיל״ איז געוואָרן די ליטעראַרישע עסטראדע פון א גאנצן דאָר ראדיקאלע פּאָעטן, וועלכע האָבן אין דער פּאַטעטישקייט פון גרויסע צאָלן, פון קאָסמאָס־מאסשטאבן געמיינט אויסצודריקן דעם פּאַטאָס פון דער רעוואָליוציע.

בא דער גאנצער פייערווערקישקייט פון אָט דער רעוואָליוציע־אויפפאסונג האָט אָבער אויך דערדאָזיקער ראדיקאלער פּאַטאָס אין די ערשטע יאָרן פון קאמף געשפּילט די ראָלע פון א שעפּערישער טרייב־קראפט, קעדיי דערנאָך אָפּצו־

טרעטן דעם פלאַץ פאַר די „קליינינקייטן" פון דער רעוואָליוציע, פאַר אירע „פּראָסטע טשוועקעס", לויטן אויסדרוק פונעם רוסישן פּראָלעטאַרישן פּאָעט בעזימענסקי.

דערווייל זיינען אָבער דידאָזיקע „פּראָסטע טשוועקעס" ניט אין דער מאָדע — ס'איז יאָנטעוו, ס'איז דער היספּײַלעסדיקער „פרייד"-פעריאָד, און די קאָנקרעטעווירקלעכקייט פון דער רעוואָליוציע איז נאָך איינגעהילט אינעם שלייער פון היספּײַלעסדיקער ריטאָריק.

פאַר דערדאָזיקער ריטאָריק עקזיסטירט ניט דער סאָציאַל-שטייגערישער פאָן. אָנשטאָט דעם קאָנקרעטן, סאָציאַל-פּאָליטישן שטייגער פון דער רעוואָליוציע, ווערט אָנגעווענדעט דער קאָנאָניזירטער *פאַרליטעראַרישטער* שטייגער פון טורעמס, שיפן, זוניקע פלעצער, שטײַגנדיקע האַמוינים א.א.וו., וואָס דאַרף שאַפן דעם הינטערגרונט פון *דראַנג ביכלאַל*.

די פלאַמיקע ריטאַרישע פיגור, דער אויסרוף-צייכן — דאָס איז דער הערשנדיקער טאָן פון אָט דער פּאָעזיע.

לייענט אָבער איבער אויפמערקזאַם קושניראָווס לידער פאַר דעמדאָזיקן פעריאָד, וועט איר זיך אָנשטויסן אין א גאַנצער ריי „אָפּנויגן" פון דערדאָזיקער אָנגעצייכנטער גרונט-סכעמע, וועלכע איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גאַנצער פּאָעזיע פונעם „פרייד"-פעריאָד אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

דער קאָנקרעטער „פינפשפּיציקער פײַערדיקער שטערן" קאָנקרעטיזירט דעם אַבסטראַקטן פאַרליטעראַרישטן טורעם, די „אַפישן, פלאַקאַטן און בלעטער" בלאָזן אַרײַן לעבעדיקן, סאָציאַלן אָטעם אין די קאָנאָניזירטע, פאַרליטעראַרישטע „ווענט".

די אַבסטראַקטע און פאַרליטעראַרישטע „האַרפּעס זוניקע פון פלעצער" באַקומען זייער ערדישן קאָנקרעטן טיקן אינעם „רויטן פלאַץ, ווו שאַרף פון האַק האָט דורכגעבליצט אַף האַרטן, אָדערדיקן האַלדז פון ראַזינען".

קושניראָוו האָט דער ערשטער אָנגעהויבן *באַקליידן* און *באַשוכן די רעוואָליוציע-פרייד*, וועלכע איז ביז אים אַרומגעגאַנגען א הוילע, א רוכניעסדיקע, א פאַרליטעראַרישטע, שוין אינעם ערשטן פעריאָד זײַנעם, ווען די אַבסטראַקטע ריטאָרישקייט איז געווען דער גרונט-טאָן פון דער רעוואָליוציאָנערער ייִדישער פּאָעזיע.

שוין דאָ פילט זיך, אַז קושניראָוו פאַרשטייפט די ריטאָרישע צעפלאָסנקייט פון דער שורע, און אָנשטאָט דעם אַלגעמיין-פאַרשפּרייטן, צעפלאָסענעם, ריטאַרישן, פרײַען פערז קומט דער פאַרשטײַפטער, געמאָסטענער פערז מיט אַן אינעווייניקסטן צאַפלדיקן ריטם.

דער פרײַער פערז בא האָפּשטיינען, לעמאָשל, אָדער נאָך בוילעטער בא מאַרקישן, איז געווען גאַנץ אָרגאַניש פאַרבונדן מיט יענעם ריטאָרישן „עסטראַדע-פעריאָד", וועלכער האָט אַרופגעלייגט זײַן שטעמפּל אַף דער גאַנצער קימאַט פאַרבאַנדישער פּאָעזיע פון די ערשטע נאָכאָקטיאַבער-יאָרן.

דער לײַדנשאַפטלעכער אימפּעט, דער עסטראַדע-פּאַטאָס, די דעקלאַמאַטאָרישע שטים-אײַנשטעלונג האָבן געבראָכן די ראַמען פונעם אײַנגעפונדעוועטן מעטער, פון דער פאַרשטײַפטער סטראָפע.

דעמזועלביקן אימפּעט פון פריַיען פערז קאָנט איר פילן אויך אין קושניראָווס „וועגט“, „עקראַן“ און אנדערע. אָבער קושניראָוו האָט שוין אינעם ערשטן פעריאָד זײַנעם געשטרעבט צו צאמען אָט די פערז־פריַיהײַט.

עפּשער האָט ער מיט זײַן דיכטערישן כוש געפילט די געפאר פון „טומל, טומל, טומל“, וועלכע האָט אין אָט דעם פריַיען פערז געשטעקט, און וואָס האָט שפּעטער פארפירט אפן זינדיקן וועג פון מעליצע ניט איין פּאָעט?..

דידאָזיקע „קארגע“, געענגטע סטראָפע איז געווען א מין פּאָרמעלער פּראָטעסט קעגן טומל, קעגן פאלשער מעליצעדיקײַט, קעגן פלאכער איבערכאוזערונג, וואָס האָט שוין אָנגעהויבן צו דראָען.

> „מײַנע שיפן שוין ווארטן אף ווינטן
> בא ענגע האפנס פון גליק;
> איך האָב ר ו י ק צעשלייפט און צעבונדן
> די רינגען, די קייטן, די שטריק“.
>
> (ז. 8).

שוין אין דידאָזיקע קושניראָווס ש ט ו ר ע ם ־ ל י ד ע ר, ווו די רו און אויסגע־מאָסטנקײַט ווערן אזוי אנטשיידן אָפּגעוואָרפן, אפילע דאָ שוין פילט זיך יענער אָ נ ו ו ו ק ס פ ו ן ר ו און פון „הארטער שײַן“, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן דער גרונט־טאָן פון קושניראָווס דיכטונג.

> „אין אלע שטורעמס איינס גאָר ניט פארלירן—
> ה א ר ט ע ש ײַ ן פון אומרו און פון שטרעבן“.
> (ז. 11).

דאָס איז געווען קושניראָווס ווונטש. ער איז מעקויעם געוואָרן, אָט דער ווונטש, אָבער דורך שווערע ניסיוינעס און לײַטערונג פון א צווייטן עטאפּ — אן עטאפּ פון הארבסטיקער בענקשאפט“, אן ע ט א פּ פ ו ן א י ד ע אָ ל אָ ג י ש ע ר י ע ר י ד ע.

3

## ה אַ ז ק אָ ר ע.

> „דורך טירן און פענצטער פארקייטלטע
> באלאגערט, באלאגערט מיך הארבסט,
> פון זאפטיקן ברויזנדן ווייטיק
> וועל איך הײַנט ניט באהאלטן מײַן הארץ“.
>
> (זײַט 31).

דער ראפּטומדיקער קער פון דער רעוואָליוציע אף די רעלסן פון „נעפּ“ האָט אין דער ערשטער ריי, נאטירלעך, געמוזט א טרייסל טאָן יענע ראדיקאלן, וועלכע האָבן זאָרגלאָזיק געיאָנטעוועט דעם יאָנטעוו פון „יוגנט פארשײַטער און דרייסטער“, יענע, וועלכע האָבן זיך געפונען אף די ראדיקאלע „קאָסמישע בעלעמערס“.

די גאנצע פארבאנדישע ליטעראטור אונדזערע האָט אָפּגעשפּיגלט אָט די צעטומ־לעניש אין די ערשטע יאָרן פונעם „נעפּ“. אויך די יידישע פּאָעזיע האָט דידאָזיקע צעטומלעניש פארפיקסירט.

מע האָט פלוצלונג דערפילט: „די יאָנטעווודיקע טעג גייען שוין אוועק“.

עס גייען אוועק די „טעג פון די פאָנען“. הויל זיינען איצט די „הארפעס זוניקע פון פלעצער“, די „שטייגנדיקע האמוינים“ זיינען אף די ארבעט־בירזשעס, אף ריש־טאָוואניעס, אָדער זיינען אוועק אין די ארבפאקן גראָד „צו ציילן און צו מעסטן“. ס'איז „פראָסטער מיטוואָך“ פון דער רעוואָליוציע, די רעוואָליוציע „לערנט זיך האנדלען“.

ווו זשע זאָלן זיך אהינטאָן די „אומזיניקע שיפן“?..

וואָס זאָל מען איצט טאָן מיט די יאָנטעווודיק־אָנגעצונדענע „פעסער פעכענע“?..

צי האָבן ניט געזיגט די „אָנשטענדיקע און באשיידענע“?..

צעטומלט פון קלוימערשטן ריקגאנג פון דער רעוואָליוציע אין די יאָרן 1921־22, האָט ניט איין „קאָסמישער“ פּאָעט פארלאָזן דעם „בעלעמער“, קעדיי זיך „אָפּרוען“ הינטער „פאריגלטן טויער“ און „פארקייטלטע פענצטער“.

„ווען בעטן, צו ווען זיך ווענדן
אין היימלעכקייט פון צימערן שטילע?..

(ז. 73)

דאָ האָט איר שוין יענעם פארבאָרגענעם קרעכץ, וועלכער האָט זיך מיט אזא ליידנשאפט ארויסגעריסן אין די ערשטע פיר שורעס פון „האזקאָרע“.

„שטארב, שטארב, מיין געשריי, וועסט בעמיילע
אין הימלען ניט ווערן דערהערט...
נאכט האָט פארמאָסטן דעם מוילעד,
ווי א מעסער איבער האלדז פון דער ערד“.

(ז. 32).

אין וואָס באשטייט דאָ די גרונט־טראגעדיע פונעם דיכטער?

זי באשטייט אינעם קאָנפליקט צווישן „שאבעס און וואָך“ („נאָר די טיר פון מיין אייגענעם שאבעס האָט וואָך מיט א שטערן פאריגלט“), אינעם ווייטיקדיקן קאָנ־פליקט צווישן העלן מאָרגן, וואָס „פינקלט פון קאלטער ווייט“ און די טונקעלע פלויטן, וווהין עס ציט זיך דעם דיכטערס „שווערע לעוויע“.

„העלער מאָרגן, מאָרגן צעוויקלטער,
וואָס פון קאלטער ווייט דאָרט פינקלט,
דיין באפייכטער און צארטער בליק;
איז מיר קארג, איז מיר קארג אין מיין זינקען“.

(ז. 35).

דער „העלער מאָרגן“, וואָס וועט „ווען עס איז“ קומען, צי וועט ער קאָנען דעקן אָט די „הויצאָעס“ פון „הארבסטיקן ווייטיק“?

און די הויצאָעס זײַנען גאָר ניט קײַן קלײנע!

אויב די רוסישע ראַדיקאַל־אינטעליגענטישע פּאָעזיע האָט געהאַט צו פאַרפּיקסירן אין די ערשטע יאָרן פון „נעפּ" בלויז אַ סאָציאַלע צעטומלעניש, אַלס אַ רעזולטאַט פון אַ באַשטימטן סאָציאַלן „דעפיציט", װעלכער האָט זיך אַרויסגעװיזן אין איר בוכהאַלטעריע,—האָט אָבער די ייִדישע פּאָעזיע אַכוץ דעם געהאַט אונטערצופירן אויך אַ באַדײַטנדיקן נאַציאָנאַלן „דעפיציט".

די ייִדישע ראַדיקאַלע אינטעליגענץ האָט מיט היספּײַלעס זיך געװאָרפן אין די אָרעמס פון דער רעװאָליוציע, װעלכע האָט געזאָלט פאַרװירקלעכן אירע נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישע אידעאַלן פון אַ „פרײַען ייִד און בירגער". אָבער דער „ברודער גוי" האָט „אַנטוישט".

נאָך די „טעג פון די פּאָגען" זײַנען געקומען די טעג פון פּאָגראָמען. די ייִדישע ראַדיקאַלע אינטעליגענץ, װעלכע האָט קײנמאָל ניט באַגריפן דעם קלאַסן־מהות פון ייִדישע פּאָגראָמען, האָט טיפער װײטיקדיק רעאַגירט אויף אָט דער אַנטױשונג, אינעם סקאַרבאָװן סטיל פון ראָסן־פּילאָזאָפיע.

סאַראַ לײַדנשאַפטלעכע טײַנע עס שטעקט אין קושניראָװס שורעס:

„אָ, בלויע, אופגעפלאַמטע געגנט
מיט שאַרף פון טרוים אויף װעלט פאַרשטרעקט,
אויף גרויען קנויל פון דײַנע װעגן
האָב איך געװיקלט מײַנע טעג".

(ז. 15).

אָבער דער קנויל איז געפאַלן. די „שאַרף פון טרוים" איז פאַרטעמפּט געװאָרן. דער „װילדער זאָד פון רוסישע שנײען האָט געקילט דעם דיכטערס מיזרעך־בלוט". די „גױיִשע" פּאָגען האָבן פאַראַטן:

„אויף העלן רוף פון דײַנע פּאָגען
האָב איך מיט לײַב און האַרץ געװאָגט,
נאָר האָסט געצײלעמט מײַן אַקשאָנעס
מיט צאַרטע פינגער פון אַ האַק...

(ז. 15).

די אינטערװענץ פון דער האַק, דער קאָנפליקט צװישן „מיזרעך־בלוט" און „װילדן זאָד פון שנײען" שטעלט פאַר קושניראָװן, װי פאַר אַ גרויסן טײל פון דער ייִדישער פּאָעזיע פון יענער קריזיס־צײַט, די פּראָבלעם פון נאַציאָנאַלן קיום אין דער רעװאָ־ליוציע.

דער „אָפּקלאַנג פון שװערע, פון שטײַפע, פון אײַזערנע טריט", װאָס קושניראָװ האָט אַזוי ריטאָריש באַזונגען אין „װענט", װערט איצט פאַרהילכט דורך אַ צװײטן אָפּקלאַנג, װעלכער קומט פון די טיפענישן פון „מיזרעך־בלוט":

„אַ קאָל נאָר הערט זיך אין ראָמאָ—
ראָכל װײנט אויף אירע קינדער..."



10. י. בראָנשטײן. אַטאַקע.

און עס ציט „צוריק אהיים" צו מוטערשן „רוף פון פאַרן" אף זיכערע ב ר ע נ ן.

„גרויער הארבסט בייזערט זיך און רעגנט,
קנעפ די שטויבן אף שטאַטישן שטיין.
נעם מיך ערד אף די הענט פון וועגן
און טראָג מיך אָפּ אהיים...
דאָרט, ווו טרעפּל פון הילצערנעם גאנעק
האָט שוין לאנג ניט באזונגען מײַן טראָט,
וועט באגעגענען מיך מײַן מאמע
מיט א שטילן און בלײַענדן וואָרט..."

(ז. 63).

א מידער פון שטורעם און פון סאקאָנעס, אָבער אָן די „ריזיקע רייצנדע גליקן", נאָך וועלכע ער האָט זיך געלאָזט אף „שיפן פון אומזין", האָט דער דיכטער אן אב־טוישטער צוריקגעקערט אהיים. וואָס איז אים נאָך פארבליבן כוץ „ווינטן־ראָצחים" (אמאָל געווען בעגארטע שטורעמס!) און כוץ „ליידיקן זאק פון נעשאָמע"?

געבליבן איז אים דאָס „שנירל פון קלאנגען" — זײַן „צארטע און טײַערע מוזע".

אינעם דאָזיקן פעריאָד האָט קושניראָוו אָפּגעדרוקט א כאראקטעריסטיש ליד, גע־ווידמעט זײַן איינציקן „ליכט און פעסטונג" — דער מוזע.

קושניראָוו האָט מיט א באזונדערער ליידנשאפט פארקערפערט אָט דעמדאָזיקן מוזע־מאָטיוו. באוווסטזיניק האָט ער רעסטאווירט די טמימעס פון אן אמאָליקן מאסקל, וועלכער פארקנאסט זיך מיט דער מוזע — דער „הימלשער טאָכטער", קעדיי דעמאָנ־סטראטיוו אונטערצושטרײַכן זײַן אָפּגאנג פון דער „וואָכעדיקייט".

„איך בענטש דעם אָוונט דעם בלויען,
ווען דו ביסט געווען דער גאסט,
וואָס האָט מיך מיט ליכטיקע טנאָים
אף ליבע און ליידן פארקנאסט..."

(ז. 66).

דאָס עסטעטישע „שנירל פון קלאנגען" ווערט דער ריכט־שנור פון קושניראָווס שאפן. קושניראָוו דערהויבט זײַן דיכטערישע שורע ביז די העכסטע טעכנישע דער־גרייכונגען פון אונדזער פּאָעזיע. ניט אומזיסט ווערט קושניראָוו, צוגלײַך מיט האָפּ־שטיינען, פארעכנט אלס דער פּעיִקסטער נאָוואטער פון דער ייִדישער ליריק. ס'איז ניטאָ קימאט קיין איין געביט פון דער מאָדערנער פּאָעטישער טעכניק, וווּ קושניראָוו האָט ניט ארײַנגעטראָגן זײַן דיכטערישע איניציאַטיוו.

קושניראָוו איבעראשט מיט זײַן אָריגינעלן נײַעם גראם — דעם אסאָנאנס, וועלכער פארברייטערט די קלאַוויאַטור, דאָס מוזיק־פעלד פון דעם פערז.

קושניראָוו ווייסט, אז אָפטמאָל ווערט געפּאטערט א גאנצע שטימונג פון א שורע, נאָר דערפאר, ווײַל דער שאבלאָניזירטער גראם פארלויפט דעם וועג.

אף קושניראָווס נײַע גראמען האָט זיך געלערנט א גאנצער דאָר יונגע ייִדישע פּאָעטן. ס'פארשטייט זיך, אז דאָ איז מעגלעך א געפאר פון אסאָנאנסן־ספּאָרט. בא יונגע אָנפאנגער פּאָעטן פילט זיך עס גאנץ אָפט, אָבער קושניראָוו האָט קיינמאָל

ניט קאָקעטירט מיט זײַן גראם. אזוי האָט ער אויך ניט קאָקעטירט מיט דער אינער־לעכער מעלאָדיק פונעם דיכטערישן וואָרט, וועלכע ער נוצט אויס אפן ברייטסטן אויפן.

די פאָרמאַליסטישע קריטיק וועלכע מיינט, אז מיט קלאַנגען־שפּיל קאָן געשאפן ווערן פּאָעזיע, וועלן קוידעמקאָל באגעגענען א ווידערשטאנד מיצאד קושניראָוון.

בעשאס קושניראָוו שפּילט, לעמאָשל, מיט די קלאַנגען „ר" „ט" און „ש" אין דער שורע „אַלטע שטרענגע טורעמס" איז דאָ די יעוופאָניע (די אינערלעכע קלאַנ־גען־שפּיל) בלויז א צווייטראנגיק טעכניש מיטל—דאָס וויכטיקסטע איז דאָ—דאָס קינסטלערישע בילד פונעם טורעם און די לירישע שטימונג.

קושניראָוו פארשטייפט זײַן דיכטערישע סטראָפע מיט אזא שטרענגקייט, אז איר קאָנט פון דאָרטן קיין זילב ניט ארויסווארפן.

אנשטאָט דער סימוואָלישער צעפלאָסנקייט פון וואָרט, אָנשטאָט דער ניין־מאָס־ריי־דעוודיקער ריטאָריק קומט דאָס וואָרט־בילד, דער „אינהאלטפולער לאָגאָ", ווי קושני־ראָוו גופא רעקאָמענדירט זײַן דיכטערישן לעקסיקאָן.

מיט אָט דעם וואָרט־בילד באווײַזט קושניראָוו מאמעש ווונדער, אין זײַן דיכטע־רישן רוים בלײַבט ניט קיין איין פונקט, וואָס זאָל זיך ניט לאָזן אָנטאפּן ווי א שטיק סקולפּטור.

קושניראָווס דיכטער־וועלט איז פול מיט קעגנשטאנד. איר דארפט אים ניט גלויבן אפן וואָרט, איר זעט מיט אײַערע אויגן, איר קאָנט אָנטאפּן די לעוואָנע „ווי א מעסער א פארמאָסטענער איבער האלדז פון דער ערד", די „אין ווייטיק פארבראָ־כענע הענט" פון ווינטמילן, דעם „לײַדיקן זאק פון נעשאָמע", די „געפּאָקטע ערד" א. א. וו.

קושניראָוו איז דער פולער באלעבאָס איבער זײַנע ווערטער־בילדער. דאָס בילד איז ניט קיין צופאל, נאָר א געזעצמעסיק רעמל פאר דער גאנצער שטימונג פונעם ליד. איין און דערזעלביקער פליגל פון ווינטמיל איז אין איין אָרט „הענט פארבראָ־כענע אין ווייטיק", אינעם צווייטן אָרט—„א סאָלדאט מיט ביקס אף פּלייצע" (ז. 27 און 20).

אזא ראפינירט, פארטיפט בילד ווי:

„נאָר די טיר פון מײַן אייגענעם שאבעס
האָט וואָך מיט א שטערן פאריגלט".

וועט אף לאנגע יאָרן פארבלײַבן אן אידעאל פון קאָמפּליצירטן פּאָעטישן וואָרט.

קושניראָוו, ווי האָפשטיין, זעטיקט אָבער גאנץ שטארק אָן זײַן דיכטערישע שורע מיט אַלטער יידישער קולטור־טראדיציע, — ס'איז אייגנטלעך, אויך א מין „צוריקער אהיים" אין געביט פון פּאָעטיק (א דערשײַנונג, וועלכע איז געוועזן גאנץ פארשפּרייט אין יענעם נאציאָנאַליסטישן פעריאָד פון דער קיִעווער יידישער פּאָעזיע).

א גלענצנדיקן מוסטער פון פולשטענדיקער קינסטלערישער גאנצקייט גיט קושני־ראָווס „האזקאָרע".

דאָס שטרענגע און געזעצמעסיקע בילד־וואָרט, די פארהארטעוועטע לײַדנשאפט פון „הארבסטיקער בענקשאפט"—מאכן דאָסדאָזיקע ליד (גיכער לירישע פּאָעמע) פאר א שעדעווער.

קושניראָוו האָט מיט א גאנצער ריי טעכנישע דערגרייכונגען—מיט דער לירישער אקצענטירטער איבערכאזערונג („פאר וועמען, פאר וועמען איצט פאלט מען"), מיט דער אקטיוויזירטער שורע, וואָס איז זעלטן דערציילעריש אין רוּיקן „לאָשן ניסטער" (דריטע פערזאָן), נאָר אָפטער אָנגרייפעריש מיט ריטאָרישע פיגורן, מיט מאָנונג. מיט לירישער ליידנשאפטלעכקייט—קושניראָוו האָט געשאפן יענע אטמאָספער פון שטרענגער ליידנשאפט, וואָס מאכט ניט קיין קוילעס, זי האלט אָבער פעסט דעם לייענער אין אירע קלאמערן.

אין די ליטעראדישע קרייזן ווייזט מען אָפט אָן אף דער קרויוועשאפט צווישן יעסענינס און קושניראָווס שרייב־מאניר. מע רעדט וועגן קושניראָווס אימאזשיניזם—אזא קרויוועשאפט איז געווען. דאָס פילט זיך אין קושניראָווס לידער ניט זעלטן, אָבער ניט בלויז בא קושניראָוון.

פאר דער ייִדישער פאָעזיע ביכלאל איז אָט דער אימאזש געווען קוידעמקאָל א שטיק נייס. די ייִדישע פאָעזיע האָט ערשט צו דער רעוואָלוציע פארענדיקט איר פעריאָד פון אָנגעזועטיקטקייט מיט פובליציסטיק און דידאקטיק—יענער פעריאָד, ווען דער נימשל שפילט א גרעסערע ראָלע פונעם מאָשל, די סענטענץ גופע—א גרעסערע ראָלע איידער דער דיכטערישער קערפער פון דער סענטענץ. די קיעווער עסטעטיזירטע פאָעזיע, וואָס האָט געטרוימט ווערן „מיט לייטן גלייך" און פאָטער ווערן פונעם „פובליציסטישן צומיש", האָט עס געוואָלט דערגרייכן מיט דער הילף פונעם „אויסגעמאָמען בילד", וואָס ניט ער „ד ע ר ו ו י י ז ט", נאָר ער „ב א ו ו י י ז ט".

האָפשטיין, מארקיש, קושניראָוו—יעדערער אף זיין אויפן האָט עס געטאָן. דער „צעכראסטעטער" מארקיש האָט אריינגעפירט אין דער דעמלסטיקער ייִדישער פאָעזיע דאָס ליידנשאפטלעך־עקספרעסיאָניסטישע בילד, דאָס בילד, וואָס איז פול מיט צאפלדיקן געדיכטן לייב; קושניראָוו, ווי האָפשטיין, האָט די ליידנשאפט פון זיינע בילדער געצאמט, גערוּיקט.

מע קאָן לאכלוטן ניט אופנעמען קושניראָווס דיכטערישע פערזענלעכקייט, ווען מע זאָל ניט באגרייפן דידאָזיקע זיינע דיכטערישע „קאלטקייט" און שטרענגקייט, זיין אינטעלעקטועלע אָנלאָדונג.

ניט אומזיסט רעדט אזוי אָפט קושניראָוו וועגן „הארטער שיין פון אומרו", „שטרענגקייט פון ליד", וואָס ווערן אנטקעגנגעשטעלט דעם טומל, דער שוימיקייט.

סיי אין די טעג פון „ברידערן זיך מיט ווינטן", סיי אין דער ווייטיקדיקער איינזאמקייט פון האזקאָרע מיידט אויס קושניראָוו די היסטעריק.

מיט פעסט צונויפגעפרעסטע ציין זינגט אָפּ קושניראָוו זיינע האזקאָרע־לידער.

דערנאָך איז קושניראָוו פארשוויגן געוואָרן אף א לענגערער צייט.

ניט אזוי גרינג קומט אָן אזעלכע שטרענגע פאָעטן ווי קושניראָוו אריבערטרעטן נייע שוועלן.

און בא נייע שוועלן, פון א נייעם געבענטשטן עטאפ, איז שוין אין 1924 יאָר ~~צעשטאנען קושניראָוו~~.

דער שטורמישער וווּקס פון אונדזער סאָציאַליסטישן בויען האָט קושניראָוון, ווי טויזנטער אנדערע צעטומלטע, א שטויס געטאָן פאָרויס, מיטגעריסן, אָפּגעטונקט אין

די דערקוויקנדיקע כוואַליעס פון נײַעם טאַט, נײַעם שפּאַן און אופגעהויבן אים אַף נײַעם, אַף אַ העכערן שטאַפּל.

דאָס איז דער לעצטער פּעריאָד פון קושניראָווס פּראָכטבאַרסטן שאַפן, שוין ניט בלויז אפן געביט פון ליריק, נאָר אויך אפן געביט פון פּראָזע („קינדער פון איין פאָלק") און דראַמע („הירש לעקערט")—דאָס איז דער עטאַפּ פון קושניראָווס באַוווּסט־זיניקן אָנשלוס אן דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, פון קושניראָווס אויסגעוואָקסע־נעם דיכטערישן באַוווּסטזיין, וועלכער האָט אים דערהויבן צום העכסטן סינטעז פון אונדזער טקופע—צום סינטעז פון „ברוזיקייט מיט טיפער רו באַהעפטער", צום סינטעז, וועלכער האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט דאָס שטאַרקסטע און גע ב ר אָ כ נ ס ט ע, לויטן געמיט, האזקאָרע־ליד, פאַרזינגען, פאַרהילכן מיט אַ מער שטאַרקערן און אזאַ זוניקן און גלויביקן—„הארבסט".

4

# אין ברויזיקער רו.

„ליב־געזאַנג פאַר ברויזנדיקע קרעפטן
און אויך פאַר רו פון טיף, וואָס איך פאַרמאָג שוין,
ברויזיקייט מיט טיפער רו באַהעפטע
בין איך גרייט צו וואַרפן הײַנט אַף יעדער וואָגשאָל". (ז. 12).

דידאַזיקע פּראָבלעם פון ברויז און רו האָט אין אונדזער אימפּרעסיאָניסטישער קריטיק געדינט אלס קוואַל פאַר אַ היפּש ביסל מעליצעדיקע פּוילע.

די אימפּרעסיאָניסטישע קריטיק האָט זיך קיינמאָל ניט דערהויבן צו אַ היסטאָ־רישער (דיאַלעקטישער) אופאסונג פון ליטעראַרישע פּראָבלעמעס,—איר שטאַנדפּונקט איז ווי שטענדיק—דער שטאַנדפּונקט פון איר „גוסט", פון אירע „סימפּאַטיעס".

העיויס ווי אירע „סימפּאַטיעס" זײַנען פולשטענדיק אַף דער זײַט פון דעם רעבנס ביגן „זאָל זײַן אביסעלע שטיל", איז טאַקע די „שטילע" פּאָעזיע דערקלערט געוואָרן אלס אייביקער אידעאַל, און דאָס „געשריי", דער פלאַקאַט איז אינגאַנצן אין כיירעם אַרײַנגעוואָרפן געוואָרן.

נו, און וואָס טוט מען מיט גאַנצע ליטעראַרישע פּעריאָדן, וואָס זײַנען ווי אָפּ־צולאָכעס פּעריאָדן פון „געשריי", פון ריטאָריק, פון פלאַקאַט?

צי דען זשע איז אַ יוישער מעוואַטל צו מאַכן דאָס אַלץ אלס „ניט ריינע", „געמאַכטע" ליטעראַטור? אַף איינעם אַ ליטעראַרישן אָוונט אין מינסק האָט דער קריטיקער נ. אויסלענדער דערקלערט, אז ז. אקסעלראָדס „שטילקייט האָט דערהויבן מײַנע לידער" פאַרקערפּערט דעם רוף פון אונדזער צײַט—די צײַט פון „רײַפן זומער", ווען פרילינגדיקע עקזאַלטאַציע איז שוין ניט צודערצײַט.

אין אָט דער באַמערקונג איז שוין פאַראַן אַ באַשטימטער רעמעז אַף היסטאָ־רישער אופאסונג פון דער פראַגע, אָבער דאָך איז די לייזונג דאָ ניט קיין ריכטיקע.

צי דען איז אקסעלראָדס „דערהויבענע שטילקייט" דאָסזעלבע, וואָס ברויזיקע רו אין קושניראָווס לעצטע לידער (פאַר די יאָרן 27־1925)?

שטילקייט צו שטילקייט איז ניט גלייך.

פאראן א שטילקייט פון צעבראָכנקייט, פון האזקאָרע—די שטילקייט פון בייסאָל־מענס, דאָס איז די „שטילקייט", וועלכע איז א געוויסע צייט געווען אין דער מאָדע אין אונדזערע קליינבירגערלעכע ליטעראַרישע קרייזן. מיט דערדאָזיקער „שטילקייט" האָט אמען זיך געגרויסט. דידאָזיקע „שטילקייט" האָט מען קעגנגעשטעלט פעפערס „פראָסטע רייד" און כאריקס „אומרו, אומרו, אומרויִקער אומרו".

דידאָזיקע שטילקייט האָט געהאט אין זינען דאָברושין, ווען ער האָט געשריבן, אז קושניראָווס „שטארב, שטארב מיין געשריי" האָט געמאכט א סאָף צום „געשריי" אין דער יידישער פּאָעזיע (זע, אלמאנאך „נייערד"—6 יאָר יידישע פּאָעזיע).

דידאָזיקע שטילקייט איז די שטילקייט, וועלכע האָט „דערהויבן" אקסעלראָדס לידער.

פאראן אָבער אן אנדער שטילקייט, אן אנדער רו.

דידאָזיקע רו שאפט ניט אָפּ דאָס געשריי, דעם ברויז—זי דערהויבט אים אויף א העכערן שטאפל.

ס'איז די רויִקייט פון רייפקייט, וואָס וויסט איר קראפט.

קוקט זיך צו צום דאָזיקן „רויִקן" פּאָנעם. אָן היסטעריק, אָן טומל טוט זיין „וואָכעדיקע", „רויִקע" ארבעט דער מאן פון „ברויזיקער רו".

> „איצטער נייע שפורן איבער נייע וועגן,
> רו און מי האָט אונדזער ליד פארשעפט,
> נאָר מיר בלייבן גרייט זיך וואַרפן אין געשלעגן
> סיי מיט פויסטן, סיי מיט זינגענדיקע קעפ".

(ז. 45).

אָט וווּ עס שטעקט בעעמעס דער גרויסער סינטעז פון אונדזער צייט.

מארקס האָט מיט טרעפלעכער איראָניע געשריבן וועגן דער פייערווערקישער שוואכקייט פונעם ראַדיקאַליזם.

דער פּאטעטישער אקטיאָרן־זשעסט איז דער סאָציאַלער גרונט־זשעסט פון יעדער אינטעליגענטיש ראַדיקאַלער אָנשוויונג. פארקערט, די פּראָלעטאריש־רעוואָליוציאָנערע אנשוויונג האָט טאכלעס—סינע פיינט אָט דאָס פייערווערק, אָט דעם פוסטן „רויש פון הארבסטיקן געבלעטער", אָט די אויבנופיקע „טומלדיקייט און שוימיקייט".

די פּראָלעטארישע רעוואָליוציע איז דאָך די סאמע ניכטערע און „וואָכעדיקסטע" פון אלע רעוואָליוציעס, מאכמעס זי רייסט אראָפּ די שלייערן פון אלע פראזן.

~~אונדזער רעוואָליוציע~~ איז ניט בלויז באריקאַדע, נאָר, ניט אין קיין קלענערער מאָס, אויסגעכעשבנטע, געמאָסטענע בויונג, קאמף פאר שטייגערדיקער „קליין־רעוואָליוציע", קאמף פאר פלאן, קאמף פאר רו און מי.

יאָ, פאר רו און מי, וועלכע קאָן יעדע מינוט אופגעריסן ווערן דורך געשלעגן.

קושניראָוו האָט דעמדאָזיקן סינטעז דיכטעריש פארדייעט און אזוי ארום זיך געראטעוועט פון האזקאָרעדיקער געבראָכנקייט און פון „ווינטיקע פאראטן".

דעם דיכטערס בליק ווערט קלאָרער, פאַרטיפטער, זײַן האַנט—רויִקער, פעסטער, זײַנע פּיס—פעסט אײַנגעוואָרצלט אין באָדן.

„אַלץ, וואָס לעבט און אָטעמט אונטער זון דאָ,
איז צו ערד מיט וואָרצלען צוגעשמידט,
מיר זײַנען שטײַף מיט אונדזער ערד פאַרבונדן
און איר אָטעם לעבט אין אונדזער ליד".

(ז. 45).

אָט די ערדישע באַזע ראַטעוועט דעם דיכטער פון „לידער פון אומקום" פון „איבערזאָגן שוין געזאָגטע ווערטער", פון טומלען און פון שוימען. זי שענקט אים יענע שטרענגע ניכטערע קלאָרקײַט, וואָס איז דער בעסטער סימען פון דיכטערישקײַט אין אונדזער איצטיקער צײַט. קימאַט ווי אַ דיכטערישע דעקלאַראַציע קלינגט קושני־ראָווס ליד „שפּיל פון שטורעמס".

ווערנדיק אונטערשטרײַכן זײַנע דורכגעגאַנגענע עטאַפּן, האָט קושניראָוו מיטן דאָזיקן ליד קאָנטראַסטיש געשלאָסן זײַן ציקל לידער „רוף"—די לידער פון „אומזיניקע שיפן" (צווישן די לידער פון „אומזיניקע שיפן" און דעם ליד „שפּיל פון שטורעמס" ליגט אַ מעהאַלעך פון 5—4 יאָר).

ס'איז פּאָשעט שווער זיך אָפּצוזאָגן פון ציטירן דאָס גאַנצע ליד, איך וועל ברענגען בלויז צוויי סטראָפעס.

„שפּיל פון שטורעמס איז צעברויזט און שוימיק,
שפּיל פון ווינט איז רויש און פאַרבײַגייִן.
איך האָב ליב פאַר שוימיקײַט זיך צוימען,
און ווען עס טומלט, האָב איך ליב צו שווײַגן!

אַך, אַריבעריאָגן ווינט—מע קאָן דען?
בעסער שוין, ווען טראָט איז שווער און הילכיק.
ער וועט אין בלינדע ליקן ווי דער ווינט ניט בלאָנדזשען.
ער וועט אַמאָל אַפילע ווינט פאַרהילכן".

(ז. 12).

צי הייסט עס אָבער, אַז מען דאַרף זיך אַ קער טאָן צו „דערהויבענער שטילקײַט" צו פּאַסיווקײַט, צו פאַרלייגטע הענט?

ניין, ענטפערט קושניראָוו, פאַראַן אַן אומרו, וואָס „ווי שוימיקײַט צערינט ניט". דאָס איז יענער אומרו, וועלכער „אַקערט טיף אַף אויפצודעקן פלאַכן", דאָס איז יענע ברויזיקײַט, וועלכע איז „באַהעפט מיט טיפער רו".

„ברויזיקע רו"—דאָס איז די גרונט־אידייע פון קושניראָווס שאַפן פאַר זײַן לעצטן ליבישן עטאַפּ. די בעסטע לידער זײַנע זײַנען געווידמעט אָט דערדאָזיקער אידייע. אונטערן צייכן פון דערזעלביקער אידייע איז אויך געשאַפן זײַן ליד „האַרבסט".

אין קושניראָווס לירישן פאַרמעגן זײַנען פאַראַן צוויי צענטראַלע מערקצייכנס—„האַזקאָרע" און „האַרבסט". ביידע זײַנען זיי אַסאַך מער איידער לירישע לידער—זיי זײַנען גיכער לירישע פּאָעמען, וואָס האָבן אין זיך קאָנדענסירט אַ גרויסע אידעאָ־פּסיכאָלאָגישע דערפאַרונג.

אויב ווען „האזקאָרע" איז שוין פיל גערעדט געוואָרן, ווי ווען א גלענצנדיק דענקמאָל פון צעטומלטער צעבראָכנקייט, דארף „הארבסט" ווערן קעגנגעשטעלט אלס גלענצנדער דענקמאָל פונעם דיכטערישן אָפּטימיזם.

די טעמע פון „הארבסט" איז היים. ס'איז איינע פון יענע טעמעס, וואָס זיינען נאָך אַקטיאַבער געוואָרן די צענטראלע טעמעס פון אונדזער פּאָעזיע.

די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָט באזונדערס שארף אוועקגעשטעלט די פּראָבלעם פון היים אין דער יידישער דיכטונג, מאכמעס די היים פון דאָסראָוו יידישע דיכטער — דאָס שטעטל — איז ארונטערגעפאלן אונטער די רעדער פון דער רעוואָליוציע מיט א באזונדערן אימפעט. פּאָגראָמען, עקאָנאָמישער כורבן, אומפארמיידלעכע (און אומפאר־שטענדלעכע פאר דאָסראָוו אונדזערע שרייבער) נייע בוי־פּראָצעסן אין שטעטל האָבן געצווונגען דאָסראָוו שרייבער אונדזערע מיט א באזונדער וויטיק צו שטעלן די פּראָבלעם פון שטעטל, פון היים.

אין טעג פון „ווינטן" און פון „אומזיניקע שיפן" האָט קושניראָוו, ווי אונדזער גאנצע ראדיקאלע פּאָעזיע פון יענער צייט, די ״אָזיקע פּראָבלעם געלייזט מיט אומבע־ראכמאָנעסדיקער גראָדליניקייט פון „יוגנט פארשייטער און דרייסטער".

„פאראן ערגעץ ריזיקע רייצנדע גליקן, נאָר ניט אין די פּאָטערשע לענדער" — דאָס איז געווען קושניראָווס קורצער אורטייל איבער זיין היים, איבער „האָפענונג מוטערשער, פארבענקטער און געטרייער", איבער זיין שטיל־פארכאָלעמטער היים.

דערנאָך זיינען געקומען די טעג פון „הארבסטיקער בענקשאפט", פון האזקאָרע־דיקער געבראָכנקייט.

א מידער און אנטוישטער קערט זיך אום דער דיכטער אין „לאנד פון עלטערן". דער ווידערשפעניקער זון האָט זיך פארבענקט „ווי אן אויפּעלע נאָך א צארטער און ווארעמער ברוסט", נאָך „טרעפּל פון הילצערנעם גאנעק", נאָך דער רו פון שטעטל־דיקע פריזבעס, מיט שכיינים, מיט געמיטלעכע מאמישע שמועסן.

ווען דער דיכטער וואָלט בא דעמדאָזיקן גאנעק פארבליבן, וואָלט ער פארוור־טיילט געווען „איבערזאָגן שוין געזאָגטע ווערטער" פון דער סקארבאָווער יידישער שטעטל־פּאָעזיע.

קושניראָוו פון „הארבסט" הויבט זיך אָבער אוף מיט א היפש ביסל טרעפּלעך העכער, איידער דאָס טרעפּל פון זיין שטעטלדיקן הילצערנעם גאנעק, און פאר זיינע אויגן אנטפּלעקט זיך דאָס שטעטל גאָר אין א נייער. פארטיפּטער, היסטאָרישער פּערספּעקטיוו.

קושניראָוו ווייסט, אז די דיאלעקטיק פון לעבן שאפט קיינמאָל ניט אָפּ דורכגע־גאנגענע עטאפּן, האגאם זי „נעמט זיי אראָפּ" (ווי העגעל זאָגט) אין א העכערן סינטעז. ניט אומזיסט כאזערט איבער אזוי אָפּט קושניראָוו, אז „גאָרניט טוט ניט באנג אים". ער ווייסט, אז „יעדער פרוכט האָט זיך זיין צייט", און לייקענען אין זיך גופע טאָר קיינמאָל ניט דער קינסטלער.

„היינט וועל איך ניט לייקענען
ניט פאר זיך אליין און ניט פאר דיר:
מיר האָט ווי געטאָן אזוי דיין בויגן זיך אין טונקל". (ז.57).

ס'איז ניט אזוי גרינג דעמדאָזיקן ווי פּאַרגעסן, ווײַל סאָפּקאָלסאָף, איז דאָך אפילו ער—דאָס ווידערשפּעניקע קינד—טיף פאַרוואָרצלט אין אָט דער היים.

„ביין, ניט אַלץ, ווי אָפּגעשניטן גראָז פאַרוועלקט,
וואָס היים פאַרפלאַנצט,
וואָס היים פאַרוואָרצלט טיף ביז ביין,—
נאָר וואָס איז היים, ווען גאַנצע וועלט
ווערט ליב און ענג, ווי היים?"

(ז. 57).

דער סינטעז איז געפונען געוואָרן!

וועלט־היים—דאָס איז דער נײַער סינטעז. סרייפעדיקע אש־באמיסטיקונג—דאָס איז דער דיאַלעקטישער סאָד, וועלכער פירט צום דאָזיקן העכסטן סינטעז.

קושניראָוו האָט נאָר אדאנק זײַן אופגעוואכטער ערדישקײַט דעמדאָזיקן סאָד אנטדעקט. אזוי קלאָר און פּראָסט קלינגען זיי—די שורעס, וואָס וועלן קיינמאָל ניט אויסגעמעקט ווערן פון אונדזער נײַער פּראָלעטארישער ליטעראטור.

„ניט צוריק איז בליק מײַנער געווענדעט איצט
אף צו זען טײַערס און געגאַרטס
און אף שטילער שײַן פון אַלטע פענצטער
ציט שוין ניט צו וואַרעמען דאָס האַרץ.
האַרבסט איז איצט
אזא שיינער, שטרענגער האַרבסט איז איצט,
און לעצטער גינגאָלד האָט דאָס האַרץ צעמישט מיר.
און מיר—
א נײַע שײַן האָט הײַנט געטאָן א בליץ
אף ערד, וואָס היים האָט מיט איר אש באַמיסטיקט.
ס'איז שוין ווערט געווען, ס'איז געווען שוין ווערט
זיך שטורעם אָפּגעבן מיט פולן האַרצן
פאַר אַלץ, פאַר אַלץ, וואָס כ'זע איצט אף מײַן ערד
אין א טאָג אזא
א גאָלדענעם,
א האַרבסטיקן".

(ז. 58)

דער גרויסער סינטעז פון אונדזער טקופע—סרייפעדיקע אש, וואָס באמיסטיקט און באפרוכפּערט צום נײַעם לעבן און רײַפן,—נאָר ער וועט פירן דעם קינסטלער אפן וועג צום קינסטלערישן עמעס, וועלכער איז אויך דער אָביעקטיווער עמעס פון לעבן.

דער „טרוקענער", רויִקער קושניראָוו האָט ניט געלייקנט, ווײַל די גרויסע שעפערישקײַט פון אונדזער צײַט נויטיקט זיך ניט אין פאַרביקע שמאטקעס פון „דערהויבענעם שווינדל", ווײַל דער עמעס פון אונדזער קלאַס פאַלט אינגאַנצן צונויף מיטן אָביעקטיוון עמעס פון לעבן.

און ווײַל טאקע דער דיכטער האָט ניט געלייקנט, האָט ער זויכע געוועזן צו שאַפן עכטע קונסט־ווערק, פאַרגאַנצטע קינסטלערישע בילדער.

ווי שטענדיק בא קושניראָוון, איז דאָס קינסטלערישע בילד זײַנס ניט קײַן צופע־ליקע צאַצקע, נאָר אַן „אַרבעט־בילד״—אַ בילד, וואָס פּילט אויס אַ באַשטימטע סאָציאַלע פונקציע.

אינטערעסאַנט איז דער גילגול פונעם צענטראַלן בילד אין קושניראָווס ליריק—פונעם האַרבסט־בילד. אין האַזקאָרע־פּעריאָד האָט דער מאָטיוו פון האַרבסטיקער בענקשאַפט געגאָלטן אַלס לייט־מאָטיוו אין זײַן קאַנאָניזירטער, פּאַרליטע־ראַרישטער אופאַסונג.

האַרבסט, ווי געוויינלעך, איז „גרוי און בייזערדיק און רעגנדיק״. אין האַרבסט „בענקט זיך״, אין האַרבסט „בלאָזן אומהיימלעכע ווינטן־ראָצכים״ א. א. וו. לויטן אָנגענומענעם ליטעראַרישן שניט.

קושניראָוו האָט, ווי בעקיוון, דאָסזעלביקע האַרבסט בילד באַנוצט אין זײַנע לעצטע לירישע לידער, אָבער גאָר אין אַ נײַער אופאַסונג. דאָס אַלטע פּאַרליטעראַרישטע האַרבסט־בילד ווערט באַוואָקסן מיט גאָר נײַע אַסאָציאַציעס. עס ווערט אוועקגעשטעלט, קאָן מען זאָגן, קאַפּויר.

דער טראַדיציאָנעלער אַסאָציאַציע־קנופּ: „האַרבסט־וועלקן״ ווערט צעריסן און אָנשטאָט אים קומט די נײַע האַרבסט־אַסאָציאַציע:

„האַרבסט איז איצט,
אַזאַ שיינער, שטרענגער האַרבסט איז איצט״.

ווייל וואָס איז אַזוינס „לעצטער גינגאָלד״ פון שקיִע, אויב ניט ערשטער שטראַל פון אופגאַנג?

וואָס איז אַזוינס האַרבסטיק וועלקן, אויב ניט האַרבסטיקע רײַפקײַט?

„אַזוי שווײַגנדיק לאָזט זיך פאַרשפּינען
דער וואַלד מיט האַרבסטיקן האַפּט,
ווײַל ער ווייסט דאָך
ער וועט נאָך אי רוישן,
אי גרינען
מיט ערדישער קרעפטיקער זאַפט״.
(ז. 48).

אָט ווו ס׳שטעקט דער נײַער סאָד פון האַרבסטיקער קלוגשאַפט, פון רײַפער קלוגשאַפט.

קושניראָוו האָט אונדז באַרייכערט מיט אַ נײַ האַרבסט־בילד—מיט שטרענגן, מיט רייפן באַוואוסטזײַן פון דיאַלעקטישער גאַנצקײַט און איינהײַט, וואָס הערשט אינעם גרויסן זיין.

קושניראָוו באַנוצט זיך עטלעכע מאָל מיט אָט דעם מעטאָד פון דיסקרעדיטירן קינסטלעריש־אַלטע בילדער־שטאַמפּן. זײַנע לעצטע ליבע־לידער („מערי״, „עפּשער קומט מיר ניט״) זײַנען אָפענע אַרויסרופן דער אַלטער סקאַרבאָווער קאַמער־ליריק. קושניראָוו שטרײַכט אונטער זײַן „נײַעם קורס״ באַוואוסטזיניק, ניט בלויז דורך אַ נײַעם געדאַנקען־גאַנג, נאָר דורך צעשמעטערן די אַלטע פּאָעטיק פון ליבע־ליריק.

מיט וועלכן ביטל רעדט קושניראָוו וועגן די שטאמפּאָווע „שטערנישע וועגן" פון דער איינהאָרנישער ליבע־לירִיק: דאָס ליד „מערי", לעמאָשל, איז קימאט ווי אינגאנצן א קינסטלערישע פּאראָדיע אף פּושקינס אן ענלעך ליד. דערזעלביקער שפּילעווודיקער, ליצעישער ריטם פונעם פּארשייַטן פּושקין. אָבער יעדע סטראָפע רייַסט אוף פּושקינען ווי מיט טויזנטער פודן דינאמיט.

ס'איז גאָר אן אנדערע, א פּאָשעטע מערי!

„זי גייט אוועק שוין מערי,
ווייַל טאָג בא טירן וואַרט,
און מיר איז גוט צו הערן
ווי מעריס טראָט איז הארט.
ווי הארט און ערדיש־הילכיק
טרעט מערי אריבער די שוועל,
ס'האָט קיינער נאָך דאָרט אפן מילכוועג
אזעלכע טריט ניט געשטעלט".

(ז. 68).

דער סקארבאָווער ראמאנטישער מילכוועג איז דיכטעריש פון איצט אָן אזוי קאָמפּראָמעטירט, אז איך וואָלט שוין ניט געראטן יונגע פּאָעטן „בענקען נאָך שטערן".

פאר קושניראָוון, בא וועמען יעדער נייַער קורס אין זייַן דיכטערישער אָנשויונג איז פארבונדן מיט א נייַעם קורס אין דער פּאָעטיק, איז אפילע כאראקטעריסטיש דאָס, וואָס זייַן בוך „ברויז" הויבט זיך אָן מיט דער קאנאָניזירטער, פארליטעראריש־טער „זעגל־שיף" (דער שטאמפּאָווער סימוואָל פון דראנג) און ענדיקט זיך מיטן קאָנקרעטן ערדישן בילד פון סאָוועטישן שנעל־צוג, ווו די וואגאָנעס זייַנען „פול און פול געפּאקט—יונגען אימפּעטדיקע, זינגענדיקע, הייסע".

מיט דעמדאָזיקן קאָנקרעטן לעבן־צוג, מיטן שנעל־צוג פון אונדזער ערדישער סאָוועטישערווירקלעכקייַט טראָגט זיך איצט קושניראָווס דיכטונג.

„דו אזעלכער, דו אזוינער, דו מייַן צוג!
נאָך פאראן פאר אונדז א וועלט א ווייַטע!"

(ז. 86).

יאָ, א ברייטע און ווייַטע וועלט איז נאָך פאראן פאר קושניראָוון און פאר אונדזער גאנצער דיכטונג.

באוואָפנט מיט „ברויזיקער רו", יעדער מינוט „גרייט זיך ווארפן אין געשלעגן סייַ מיט פּויסטן, סייַ מיט זינגעדיקע קעפּ"—נאָר אזא וועט אונדזער דיכטונג זוכע זייַן צו ווערן די דיכטונג פונעם רעוואָליוציאָנערסטן אוואנגארד פון דער מענטשהייַט—די דיכטונג פונעם ארבעטער־קלאס.

1929.

---

# י. פעפער.

I

אין 1922 יאָר איז אין קיעוו, אין ליטעראטן פארלאג „ליריק" (גרופע ווידערוווקס) דערשינען א קליין ביכעלע לידער.

דאָס ביכל האָט באשיידן געהייסן „שפענער", דער אווטאָר—ניט וויניקער באשיידן—איציק פעפער, און געגאנגען איז עס—אָט דאָס באשיידענע אָנפאנגער-ביכעלע—אונטער דער אלגעמיינער קאנאָניזירטער פארלאג-מארקע פון „ליריק"—אגעוו ביז גאָר א טשיקאווע הילע-צייכענונג!

שטעלט אייך פאָר אן אומבאקאנטע דאמע, גאנץ קארג באזאָרגט מיט מאנופאקטור, איין אנטבלויזטע האנט פארוואָרפן הינטערן קאָפּ, די צווייטע קאלופעט עפּעס אָן עקזאָטיש געוויקס... אָט דאָס איז די הילע!

אך, די יידישיסטישע ליטעראַרישע דאמע, מיט די גוואלדאָוונע פּרעטענזיעס אף אָלימפּישע מוזעארטיקייט!!

דורך שווערע יאָרן פון צארישער רעאקציע, דורך בלוטיקע יאָרן פון אימפּעריאליסטישער מילכאָמע ביז צו די סאמע טויערן פון דער פעווראל-רעוואָליוציע האָט זי דערטראָגן איר געל-ראָזאָווע פאָן פון נאצ. דעמאָקראטיזם און קולטור-ליגיזם.

יידישע וועלטלעכקייט און וועלטלעכע יידישקייט — דאָס איז געווען איר קאמף-רוף.

אף דער וואָכעדיקער שפּראך פון סאָציאלער עקאָנאָמיק האָט עס באדייט גאנץ פּאָשעט:

פּארנאָסע פאר יידישיסטישע עקסטערנעס, וואָס קאָנען אין אוניווערסיטעט ניט אָנקומען און א גאראנטירטן איבערלעכן מארק פאר יידיש ריידנדיקע קרעמערלעך קוסטארן.

אף דער יאָנטעוודיקער שפּראך פון ליטעראַרישע מאניפעסטן האָט עס אָבער געקלונגען היפּש פייערלעכער: יידישער עסטעטישער סטיל! קיעווער רענעסאנס!

ווי, ווי! אזוי פייערלעך א שעמעריר געטאָן אין די ערשטע יאָרן פון „אייגנס", מיט „יונגן צווייג אף אלטן שטאם", און, אין איינע פּאָר יאָר ארום אזוי גרוי זיך אויסגעלאָזן מיט א האלב צענדליק לירישע „בענטשערלעך" פון „ווידערוווקס".

אפילע נ. אויסלענדער, א קאָשערער ריטער פון קיעווער „קולטור״־טראדיציע—האָט ניט אויסגעהאלטן דעם ביזאָיען און אָפּגעדרוקט אין „שטראָם״ נום. 4 א פּאָר זייער שארפע שורעס וועגן די עפּיגאָנען פון „ווידערוווקס״, וואָס „באלזאמירן שורעלעך״.

אוואדע איז עס בלויז אין אָרדענונג פון היימישער זעלבסטקריטיק געטאָן געוואָרן; אוואדע איז ניט נ. אויסלענדער געווען דער, וואָס זאָל ביזן סאָף קאָנען זיך דערליידן מעקיעך דעם סאָציאַלן טאָך פון אָט די ליטעראַרישע „באלזאמירער״, וואָס „גייען אף שפּיצפינגער אין אייגן געצעלט״. וואָלט דידאָזיקע זעלבסטקריטיק דערפירט געוואָרן ביזן סאָף, וואָלט עפּשער נ. אויסלענדער באדארפט זאָגן א פּאָר שארפע ווערטער ניט בלויז וועגן די יונגע עפּיגאנען, נאָר וועגן זיך גופע; וועגן זיך און וועגן די אלע, וואָס האָבן דעם קיעווער קולטור־ליגיסט געקרוינט אלס דעם „העלד פון דאָר״.

נ. אויסלענדער רעדט וועגן „פארגליווערטן קינסטלערישן שטאָף״ פון „ווידערוווקס״. נ. אויסלענדער שטראָפט דעם פּאָעט פון ווידערוווקס—א. וועלידניצקי—פאר זיין „באלזאמירן שורעס״, פאר זיין „אנטיקווארישע ארבעט״. נ. אויסלענדער ווארפט אוף א צווייטן פּאָעט פון „ווידערוווקס״—מ. שאפּיראָ—זיין „אָרנאמענטן מאבל״,—אָבער צי דען איז אָט די גאנצע פלעיאדע יונגע פּאָעטן פון „ווידערוווקס״ ניט געגאנגען פון האָפשטיינען אין אָט דעם דראנג צו „באלזאמירטע שורעלעך״, צו „ארנאמענטן מאבל״,—צו „אנטיקווארישער ארבעט״, צו פארגליווערטן קינסטלערישן שטאָף?

ד. האָפשטיין האָט קיינמאָל ניט פארמאָגט די געזונטע פאָלקסטימלעכע און האַמוינישע פיזיאָלאָגישקייט פון אָ. שווארצמאנס „פּייכט־שווארצער בויך פון דער ערד״ אָדער פון קוויטקאָס „שמעקעדיקן בעהיימעס־הויף״.

ער איז אין טאָן געווען א גלענצנדיקער יוועליר פון וואָרט, א קאלטער מייסטער פון „קלאָרער רו״, טאקע דערזעלבער „באלזאמירער פון וואָרט״, נאָר פון א הויכער קוואליפיקאציע. פון אָט דער קאלטער צושוויערישקייט שטאמט האָפשטיינס אזוי בארימט געוואָרענער דיכטערישער ריע־כוש, די קאָלאָסאלע ראָלע, וואָס עס שפּילן אין זיין שאפן די „שפּיזן פון מיין אויג״.

מיט גלענצנדיקער אימפּרעסיאָניסטישער מייסטערשאפט האָט האָפשטיין פאנאנדערגעוויקלט פאר אונדז זיינע „אויג־מעלוכעס״, ווו די דעטאל וואָס קליינינקס שפּענדעלע א ריינס צו בלאָזן פייער״ איז וויכטיקער פאר אים פון אלע וואולקאנען.

האָפשטיינס דיכטערישע „פארקלענער־גלאָז״[1],—צי דען האָט זי ניט געמוזט סאָפּקאָלסאָף ברענגען צו א שאפּירעס „אָרנאמענטן־מאבל״, וועגן וועלכן עס רעדט נ. אויסלענדער?

מע קאָן ניט אויסהאָדעווען אין יאָרן פון רעוואָליוציאָנערע שלאכטן א שרייבעריש יונגווארג, אויב זיך ניט אָפּזאָגן פון דעם אימפּרעסיאָניסטיש־פּאסיוון

---

[1]) מארקישעס א וואָרט.

ריע־פּאטאָס, אויב קוקן אף קאַלאָסאַלע סאָציאַלע אויסברוכן דורך א „פּאַרקלענער־גלאָז".

דער אידייענלאָזער „אָרנאמענטן־מאבל" האָט געמוזט קומען אַלס געזעצמעסי־קער רעזולטאט פון דער אימפּרעסיאָניסטישער אידייענלאָזיקייט און פּאַסיוויקייט.

איז דאָך איינער פון די „ווידערוווקס"־פּאָעטן—א. שויכעט—האָפּשטיינס א טרייער טאַלמיד—דערגאַנגען צו דעם, אז דעם אַנגריף אף פּערעקאָפּ האָט ער ליטעראַריש באַלזאַמירט אין „אַביסל דרימל" פון האָפּשטיינס „אין ווינטער פאַרנאַכטן".

האָפּשטיין האָט אין זיין פאָרעדע געלויבט דערפאר טאקע א. שויכעטן, געלויבט אים פאר די „קלאָרע רו".

טאָ, מיט וואָס איז דאָ שולדיק דער ליטעראַרישער „סטרעלאָטשניק" פון „ווי־דערוווקס"?

א. וועלעדניצקיס „אַנטיקוואַרישע אַרבעט", וואָס האָט אזוי ניט אויסגענומען בא נ. אויסלענדערן, איז אויך ניט אראָפּגעפאַלן פון הימל—זי איז געקומען אַלס געזעצמעסיקע אַנטוויקלונג פון האָפּשטיינס „אַלטע וויינען", פון האָפּשטיינס „וויטן זיידן".

צי דען האָט דיזעלבע „אַנטיקוואַרישע אַרבעט" ניט געשפּילט די גרעסטע ראָלע אין דער דיכטערישער פּראַקטיק פונעם „שטראָם" — פונעם זעלבן „שטראָם", ווו נ. אויסלענדער איז געווען איינער פון די אידעאָלאָגן?

בא אָן אויסגעהאַלטענער ביזן סאָף זעלבסטקריטיק וואָלט אויסלענדער אומפאַר־מיידלעך געקומען צו זעלבסטפאַרלייקענונג,— דערוף האָט אים אָבער שוין „אויסגעפּעלט פּאָדעם".

אַסאַך אייַנגעהאַלטענער איז דערפאר אָבער ד. האָפּשטיין, וועלכער איז פאַר־בליבן דער טרייער ליטעראַרישער פּאָטער פון „ווידערוווקס"־געזינדל.

ד. האָפּשטיין האָט, פאַרקערט, ניט געקאָנט אָנלויבן זיך פון זיינע טאַלמידים און פאַרעכנט פאר מיילעס דאָס, וואָס נ. אויסלענדער האָט געהאַלטן פאר א כעסאָרן.

באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש איז אָט די מיינונג־פאַרשיידנקייט אין באַצוג צום יונגן „ווידערוווקס"־פּאָעט—איציק פעפער, צו זיינע לידער אינעם ביכעלע „שפּענער".

נ. אויסלענדער וואַרפט פאָר פעפערן זיינע „צופיל פלינקע, צופיל אויבנופיקע איצטן"—ד. האָפּשטיין—פאַרקערט—ציטירט מיט היספּיילעס גראָד פעפערס שורע „שיק איך פרייד די פלינקע איצטן".

נ. אויסלענדער פאָדערט פון פעפערן, ער זאָל „מאכן א סאָף צום טאַנץ־פּעריאָד", אינזינען האָבנדיק פעפערס ליד „טאַנצן פריילעך בלויע ווערטער". ד. האָפּשטיין, פאַרקערט, ווערט ניספּאָעל דערפון, וואָס איציק פעפער רעדט אזוי „לייכט און שפּילעוודיק" וועגן בירגער־קריג. ד. האָפּשטיין דערקלערט דערביי, אז „דאָס איז שוין א דערגרייכונג פון פריען גייסט".

מיר וועלן שפּעטער זען, ווי אזוי איציק פעפער—דער פּאָעט פון „הייסע קאָמסאָמאָלצעס"—איז זיך זייער „ניט דעליקאַט" באַגאַנגען מיט אָט דעם „פריען גייסט" (געלאָזן

אים, נעבעך, כאַפּן אַ ציטער אויף „קאַלטע וואַקזאַלן״, און געפּוילעט מיט „פּאַרקילטן טיי״).

דערווײַל איז אָבער חיכּטיק צו קאָנסטאַטירן, אַז אַפילו אויסלענדער האָט ניט געקענט מאַסקיס זײַן מיט די קינסטלערישע מעטאָדן, וועלכע האָבן געהערשט אין „ווידערוווקס״.

איז אָט, אין דער סוויווע פון אַזאַ „ווידערוווקס״, אונטערן צייכן פון „אָרנאַמענטן־מאַבל״, „באַלזאַמירטע שורעלעך״, „אַנטיקוואַרישע אַרבעט״ און „אויבנופּיקע איצטן״—איז איציק פעפער אויסגעוואַקסן, דעביוטירט אַלס דיכטער און אומלעגאַל געבונטעוועט מיט די ערשטע אופבליצן פון זײַנע שפּעטערדיקע „פּראָסטע רייד״.

* * *

פאַר אַ מאַרקסיסטישן ליטעראַטור־פאָרשער—אַ דיאַלעקטישן מאַטעריאַליסט איז זייער אַ דאַנקבאַרע אויפגאַבע שטודירן סטילן־שטרײַטן גראָד אין יענעם עמבריאָנעלן ווסטאַנד, ווען יונגע רעוואָליוציאָנערע סטילן זײַנען נאָך קוים אויסגעפאָרמירטע, „געפלעקטע״ און פירן דערווײַל נאָך אַן אומלעגאַלע, אָדער אַ האַלב־לעגאַלע צוגרייטונג־אַרבעט אין די ראַמען פון דער אַלטער, פײַנטלעכער סטיל־סיסטעם.

שטודירן אָט די ערשטע אופבליצן פון סטיל־בונטן, נאָכשפּירן יעדע מינדסטע רעוואָליוציאָנערע סטיל־דעמאָנסטראַציע אין דער טראַנספאָרמאַציע פון זשאַנרען, מאָטיוון, געשטאַלטן, סטיליסטיק—דאָס איז דער איינציקער וועג פון שטודירן לעבעדיקע דיאַלעקטישע פּראָצעסן און ניט מעטאַפיזישע, פאַרשטיינערטע קאַטעגאָריעס.

אַרויסגייענדיק פון אָט דער האַנאָכע, איז פאַר אונדז ביז גאָר חיכּטיק צו אַנאַליזירן גראָד אָט דאָס קליינע, באַשיידענע ביכעלע „שפּענער״, ווו איציק פעפער—דער קומענדיקער פּאָעט פון קאָמסאָמאָל—ווערט פאַרגעשטעלט דעם לייענער אַ געאַרעמטער מיטן... קיעווער „פרײַען גײַסט״, אַ פאַרקוועטשטער אונטער דער לאַסט פון באַלזאַמיר־טראַדיציעס פון „אָרנאַמענטן־מאַבל״, אין דער סוויווע פון „אַנטיקוואַריער״ און קאַסרילאָווקער „פילאָזאָפן״.

ס'איז העכסט אינטערעסאַנט נאָכצושפּירן, ווי אָט דורך די אַלע דראָט־פאַרצוימונגען פון פרעמדע ליטעראַרישע ווירקונגען, פון הערשנדיקע זשאַנר־קאַנאָנען רײַסט זיך דער פּאָעט צו פּראָסטע רייד״, רײַסט זיך צו זײַן „פערד מיט אומעטיקע אויגן״ צו זײַנע „באָרוועס־פּראָסטע ברידער״, צו זײַנע אומענדלעכע, מיט בלוט פאַרגאָסענע „לײַלעכער פון ווייצן״.

צי האָט עס ד. האָפשטיין מיט זײַן דיכטערישן כוש ניט געפילט?

ווי עס שײַנט—ניט.

ווי עס שײַנט, האָט דאָ דער קלאַסן־פאָרורטייל זיך אַרויסגעוויזן שטאַרקער פון דעם דיכטערישן כוש.

האָפשטיין האָט געזאַלבט פּעפּערן פאַר אַ ליריקער פון זײַן כיידער, מיטן גאַנצן ליטעראַרישן קלאַפּער־געצײַג פון קיעווער „דערהויבענער פרייד״, און

„ריס צו מער פאַרטיפערטן אויסדרוק״ און „פרײַען גײַסט״, אי פּראַטשאיא, אי פּראַטשאיא...

זעט מיט וואָס פאַר אַ באַזונדערער היספּײַלעס אילוסטרירט ד. האָפּשטיין (אין זײַן פּאָרעדיע צו „שפּענער״) פּעפּערס „פאַרטיפטן אויסדרוק״ אין דער „סוידעסדיקער״ שורע „מײַן ווינונג שליס איך ניט און ס׳איז ניט אָפן״!

„דאָס הייסט שוין פאַרמאָגן אָט די פּסיכישע קרעפּטיקײַט, די לײַכטע מונטערקײַט, וואָס האָט בא אונדז ביז אהער ניט געגעכטיקט״—רופט אויס מיט ניצאָכן ד. האָפּשטיין.

אָבער די „לײַכטע מונטערקײַט״ (די טיפּיש־האָפּשטייניש „קלאָרע רו״!) האָט טייקעף אַ פּלאַק געטאָן אין אַלע נעט ווי נאָר זי איז אַרופגעצויגן געוואָרן אַף די ברייטע, יאַטישע פּלייצעס.

ד. האָפּשטיין האָט זיך, זײַן אייגענעם „איינזאַם פרײַען גײַסט״ געזוכט אין פּעפּערס ערשטן ליטעראַרישן אַרויסטריט, און מ׳מוז אַנערקענען—ניט אינגאַנצן אומזיסט. די סיסטעם האָט געווירקט!

די קיעווער קולטור־טראַדיציע האָט געשפּאַרט פון יעדן ווינקל פון פּעפּערס „שפּענער״— פון דער לעקסיק, פון דער קאָמפּאָזיציע, פון דער געשטאַלטן־וועלט, פון די מאָטיוון. איר האָט אין די „שפּענער״ די טיפּיש האָפּשטייניש „טעצעלעך פון רו״; די סימוואָליש־רעזיגניקישע „בלויע ווערטער״ און „בלינדע לאַמטערנס בא פינצטערע וועגן״ און דעם באַרימטן ביכלדיקן „אומעט״, וואָס „וואַלגערט זיך אַף שטיינער״ און נאָך און נאָך.

דאָ האָט איר, אי דעם קיעווער „ריס צו מער פאַרטיפטן אויסדרוק״, מיטן „פילאָזאָפישן״:

„איז ווער וועט מישפּעטן  
און ווער וועט שטראָפן  
מײַן פאַרוואָרפענעם פאַרוואָס?  
(„שפּענער״, ז. 20),

אי דיזעלבע קיעווער גוואַלדאָוונע טאַמעוואַטעקײַט פון קוויטקאָס טאַם: „און גאָרנישט ~~פאַרשטיין, און גאָרנים באַדאַרפן~~״ (שפּ. ז. 14).

דער האָפּשטיינישער פּערז. גאַנצע קימאַט האָפּשטיינישע סטראָפן—זיי טרעפן זיך ניט זעלטן אין אָט דעם ביכל.

נעמט לעמאָשל אַזאַ סטראָפע:

„און גרינגער איז דער וויטיק מײַנער  
אַף קרומע הונגעריקע אַקסלען  
אין האַרץ שטײַגט אויף די לעצטע טײַנע.  
— וואַקסן!  
(שפּ., ז. 8).

דער „גרינגער וויטיק״ איז אַ האָפּשטיינישער און די לעצטע צוויי שורעס, זייערע (אַפילע ריטמיש) קימאַט בוכשטעבלעך האָפּשטיינישע. (האָפּשטיין שרײַבט: „און איין באַגער נאָר האָב איך—וואַקסן!״).

דיזעלבע נאָענטע, גאָר נאָענטע דיכטערישע קרויוועשאפט צו האָפּשטיינען, שטעקט אין פעפערס שורע „נאָר שטענדיק פארבלייבן מיט ווינטן אין רייען" (שפּ., ז. 17), וואָס דערמאָנט אזוי האָפּשטיינס „א גאנצן טאָג נאָר ווינט אנטקעגן האָבן".

אָבער אָט די אלע פרעמדע סטיליסטישע דראָט־פארצאמונגען קאָנען שוין ניט אויסהאלטן דעם דראנג פון נייעם מאטעריאל, נייע טעמעס, נייעם קלאסן־פּאטאָס, וואָס איציק פעפער — אָט דער באשיידענער אָנפאנגער — האָט באהאלטן אפן דעק פון זיין דיכטערישן פּאטראָנטאש.

דורך די קאנאָניזירטע רעזניקישע „בלויליעכע, לאָקענדע נעכט" (שפּ., ז. 25) רייסט זיך פאָרט דורך פעפערס ערשטער ליטעראַרישער ארויסרוף דער רעזניקישער סימוואָלישער „קאָלדרע":

„כ'וועל מיין קאָפּ
אין קאָלדרעס ניט באהאלטן,
ניט פארדעקן,
אף מיין טיש איז שטענדיק גרייט
א קרוג מיט וואסער,
א לעבל ברויט, —
זאָלן קומען צו מיר פריינט".

(שפּ., ז. 27).

א קרוג מיט וואסער (פּאָשעטע וואסער אף צו טרינקען — ניט קיין צויבער־וואסער!), א לעבל ברויט (פּאָשעטע ברויט אף צו קייען, ניט קיין לעקעך פון באָבע־מייסעס!) — דאָ פארנעמט איר שוין דעם ערשטן אונטערערדישן קנאל פון יענער יאָנטעוודיקער וואָכעדיקייט, פון יענעם „פּראָסטן ווונדער", וואָס האָט אָנגעזאָגט די נאָענטסטע גרויסע שטרייטן קעגן דעם קיעווער „כאָלעם פון כאָלעוו אודוואָש" — א ליטעראַרישן דיספּוט, וואָס י. פעפער האָט אופגעהויבן אף גאָר א ברייטן פראָנט ערשט אין זיינע שפּעטערדיקע אויסגאבן.

און רייד איך וועגן א ליטעראַרישן דיספּוט, האָב איך אינזינען ניט בלויז יענעם זשאנר פון דירעקטער, קינסטלעריש־פּובליציסטישער ליטעראַטור־פּאָלעמיק, וואָס י. פעפער איז אף דעם אזא מייסטער נאָך אדאיאָם, נאָר יעדן נייעם דיכטערישן מאָטיוו, יעדע נייע געשטאלט, מיט וועלכע י. פעפער האָט, אין אָרדענונג פון ליטעראַרישע דעבאטן, געבראָכן די סטיל־סיסטעם פון „סקריפּנדיקע לעוואָנעס" און „פריייע גייסטער".

די „צוויי הונדערט גופים מיט דאָרשטיקע שווערדן", וואָס איציק פעפער האָט באזונגען אף די ערשטע זייטלעך פון זיינע „שפּענער" — דאָס אליין איז שוין געווען אן ארויסרוף דער פּאָעזיע פון „קויהאנים" און „ריטער פון סאָף נאכט".

פעפערס שפּיזן און שווערדן זיינען ניט קיין אלעגאָריש־בילדיקע קארטאָנענע שווערדן, זיין קייט רויטארמייער שמעקט מיט בלוט און מיט שווייס און מיט ערד:

„איך זע נאָר אָפּגעברענטע ווענט מיט קרומע לעכער
און קייע הונגעריק א שטיקל ברויט" (שפּ., ז. 12).

ווידעראמאָל האָט דאָס „שטיקל ברויט" פּ א ר ע ר ד י ש ט, מיט „פּראָסטן ווונדער, די „צוויי הונדערט גופים".

דערזעלבער האָזעסדיקער ארויסרוף האָט געשטעקט שוין אין פּעפּערס ערשטע שורעס פון „שפּענער", וואָס באַזינגען דעם „פלאָנטער אזוינעם פון בלינדע געשרייען מיט נאקעטע רייד" און ער איז איבערגעכאַזערט געוואָרן אין די לעצטע שורעס פונעם ביכעלע, דאָרטן, ווו דער דיכטער רעדט וועגן זיינע „לידער באָרוועסע און קאַלטע" (ז. 29).

„נאקעטע רייד", „באָרוועסע לידער"—דאָ הערט איר דאָך שוין דעם שפּעטער־דיקן אומפּארגעסלעכן דיכטערישן לאָזונג: „איך האָב ליב, ווען ווערטער זיינען באָר־וועס, איך האָב ליב ווען לידער זיינען פּראָסט"!

אָבער, זעט ס'ארא היפּש ביסל דיאלעקטישע „סיורפּריזן" עס טראָגט אייך צו אָט די אָנפאנגלעכע עמבריאָנעלע סטאדיע פון פּעפּערס סטיל־פאָרמירונג!

סארא דיאלעקטישע סטירעסדיקייט, סארא געלאטעטקייט פון פארשיידענע ליטע־ראַרישע ווירקונגען!

די „לידער באָרוועסע און קאַלטע" רייסן זיך שוין פון אונטערערד, אָבער זיי קאָנען זיך נאָך דערוויַיל ניט ארויסרייסן פון דער סיסטעם.

מע דארף ציטירן דאָס גאנצע ליד, קעדיי זען אין וואָס פאַר א דיאלעקטיש־סטירעסדיקער פּארבינדונג (לענין שרייבט: „опосредствования") עס טרעט ארויס אָט דער וויכטיקסטער מאָטיוו פונעם שפּעטערדיקן קאָמסאָמאָלישן דיכטער י. פּעפּער.

אף גרינע טרעפּ
פון אויסוועגן
פון מידע
געפונען האָב איך
זיך
מיט לידער
באָרוועסע און קאַלטע
— — — — —
אין ערגעצדיקע ווייטן
אין וואלד פון בלויליכע וווהינען
זיך
און זיי באהאלטן (שפּ., ז. 29).

די נייע צעבונטעוועטע „באָרוועסע לידער" טרעטן ארויס דערוויַיל נאָך היפּש געפּענטעט אין דער נעץ פון בלויע" ליטעראַרישע קאנאָנען. די „מידע אויסוועגן", די „ערגעצדיקע ווייטן", די „בלוילעכע וווהינען"—דאָס איז אלץ א שטיק סטיל־נעכטן, וואָס שלעפּט זיך נאָך דעם יונגן סטיל־היינט און פּענטעט זיין טראָט און ציט צוריק צום רעזיניקישן „בלויען בעכער" (שפּ., ז. 31).

דיזעלבע דיאלעקטישע סטירעסדיקייט כאראקטעריזירט אויך פּעפּערס דעביוט מיט העראָישן שטאָף פון בירגער־קריג.

אכוץ די ביכלדיקע „באַרגישע טיפן“, ווו עס האָבן זיך „צעוואלגערט צוויי הונדערט גופים“ קומט די קיִעווער טראַדיציאָנעלע „פּאַרטיפּטע“ קלאַצקאַשע מיט פּרע־טענזיעס אַף „סוידעסדיקייט“.

„ווער האָט אונדז פאַרבעטן
ווער האָט אונדז אהערצו געצויגן?!“

דער סאָציאַלער אופּברויז פון בירגער־קריג ווערט אין די „שפּענער“ דורכגע־בראָכן דורך דער טראַדיציאָנעלער האָפשטיינישער „פאַרקלענער־גלאָז“ און פונעם בלוטיקן געפעכט בלײַבן עסטעטיזירטע „פּאַרבלוטיקטע פּערל“, וואָס „טריפן און טריפן“... דאָס „קלײנינקע שפּענדעלע“ האָט זיך געלאָזט פּילן אינעם בוך „שפּענער“ גאַנץ שטאַרק און גראָד אַפן סאַמע צענטראַלן דיכטערישן מאָטיוו בא פּעפערן — אַפן מאָטיוו פון בירגער־קריג.

די האָפּשטיינישע טראַדיציע האָט ניט געקאָנט זיך „אַראַפּלאָזן“ צו אַזאַ וואָכע־דיקן איניען ווי קאָנקרעטער בירגער־קריג, מיט קיטײַצעס, מיט לײַז, מיט „טויטע גויעס“. ד. האָפשטיין האָט אין זײַן פּאָרעדע צו א. שויכעטס ביכעלע „אָנגריף“ גאַנץ קלאָר ארויסגעזאָגט זײַן ביטל־באַציִונג צו די „אַלטעגן באַוווסטע שלאַכט־מאָמענטן און דאָס הערא‍ָישע מעסירעס נעפעש פון מאַסן“ — פאַר האָפשטיינען איז וויכטיקער, ווי ער שרײַבט אליין, די בילדערישקײַט פון אָפּגעשטאַנענעם שטייגער.

אַף פּעפערן האָט אויך, פאַרשטייט זיך, געמוזט היפּש אָנקוועטשן אָטאָ די האָפּ־שטיינישע טראַדיציע.

פּעפער, וועלכער איז געוואָרן אין אונדזער פּראָלעטאַרישער פּאָעזיע דער פּאָלקס־טימלעכער באַטאַליסט, דער באַזינגער פון בירגער־קריג, פון פראָנטן און נאָהאַנען, האָט נאָך אין זײַן צווייטן בוך „וועגן זיך און אַזויגע ווי איך“ ניט געקאָנט זיך באַ־פרײַען פון אידעאָלאָגיש־פרעמדע מילכאָמע־מאָטיוון. זײַן ליד „היי הינט, היי קלאָ־ווים“ (ז. 33) אָטעמט גאָר היפּש מיט שווארצמאַנס פּאָציפיזם:

„צעוואלגערטע אָן היימען און אָן היטער,
וואַרטן דאָרט לײַבער, הענט און קעפּ,
וועט טרעפן דען אהער א כאַוועד צי א מוטער,
אין פרעמדן לאַנד, אין רויכערדיקן סטעפּ“!

יעדן איינעם וועט זיך דערבײַ דערמאָנען שוואַרצמאַנס שורע: „וועט עמעץ קושן זײַ אַכוץ זײַן מוטער“...

פון אָטאָ די הומאַניסטיש־פּאַציפיסטישע שורעס ביז צום הערא‍ָיש־באַלאַדישן איבער שטעט און דערפער גייען שוואַרצע וואָלקנס“ איז א זיגזאַגאַרטיקער, שווע־רער, דיאַלעקטישער גאַנג.

אָבער דעמאָזיקן גאַנג איז היסטאָריש געווען געזיכערט דערפאָלג.

דער קלאַס, וועלכער האָט אַרויסגעשיקט איבער שטעט און דערפער זײַנע „בלאָנ־דע קאָמסאָמאָלקעס“; דער קלאַס, וועלכער האָט געזאָטלט די „קאָרענע פערד“ און צענדליקער טויזנטער פאַבריק־יאַטן געשטעלט באַם רודער פון א נײַ־לעבן — אָט

דערדאָזיקער קלאַס האָט געפאָדערט, אז „א קלאָרקייַט אף אלץ זאָל דאָ רעגנען", אז ס'זאָל א סאָך נעמען צו די „בלוילעכע וווהינען", צום דיכטערישן „גאָרניט פארשטיין", צו די ביכלדיקע ווינטן, וואָלקנס, שפיזן. דאָס דיכטערישע „גאָרניט פארשטיין", וואָס האָט אזא וויכטיקן פלאץ פארנומען אין דער אומבאשטימט־ראדיקאלער היספייַלעסדיקייַט פון דער ערשטער פלעיאדע קיִעווער פאָעטן, האָט אומפארמייַדלעך געמוזט ברענגען צו די אבסטראקט־אלעגאָרישע „בלוילעכע וווהינען" און צום גאנצן רומל אויסגעדראָשענער פייַערווערק־פאָעטיק: שיפן, ווינטן, וואָלקנס, שפאנענדיקע רייען, שפיזן א. א. וו.

די אבסטראקטע ראדיקאלע פראזעאָלאָגיע פון דער פעוראל־רעוואָליוציע האָט גענערט אָט דעם גאנצן פייַערווערק—דער הייסער אָטעם פון פראָלעטארישער דיקטאטור האָט דאָס אלץ אומפארמייַדלעך געמוזט פארסארכען אף קויל.

פעפערס וועג פון די „שפענער" צו „וועגן זיך און אזוינע ווי איך", „פראָסטע רייד", „א שטייך צו א שטיין", „געפונענע פונקען"—דאָס איז א וועג פון פארשארפטן קלאסן־קאמף, וואָס ווערט ליטעראריש פארקערפערט אין סטיל־שטרייַטן, אין טראנספאָרמאציע פון אידייען, מאָטיוון, געשטאלטן, זשאנרען, לעקסיק, ריטמיק.

דערמאָנט זיך, ווי ד. האָפשטיין האָט זיך אָנגעכאפט פאר פעפערס שורע פון די „שפענער": „מייַן ווינונג שליס איך ניט און ס'איז ניט אָפן"!

פאר ד. האָפשטיינען איז עס געווען אן עלעמענט פון א בלוט־נאָענטער סטיל־סיסטעם. ד. האָפשטיין האָט דאָ אייַנגעזען די בארימטע קיִעווער „פארטיפטקייַט". אָבער זעט, ווי אָט דער מאָטיוו ווערט שפעטער טראנספאָרמירט באם ווידערשפעניקן פעפערן, ווי עם פאלן אראָפ פון אים די „גאָלדענע ליסקעס" פון קיִעווער ביכלדיקייַט און אבסטראקטער „פארטיפטקייַט". אָנשטאָט דעם „פילאָזאָפישן", ביכלדיק־אבסטראקטן „מייַן וווינונג שליס איך ניט און ס'איז ניט אָפן" קומט אינעם צווייטן בוך—„וועגן זיך און אזוינע ווי איך" (ז. 13) א גאנץ נייַער, קאָנקרעט־ערדישער וואריאנט.

„מייַן היים מיט קייַן שלאָס ניט פארשלאָסן,
ניט פארדרייט מייַנע טירן מיט דראָט...

— — — — — — — — —

... נאָר מיר איז באשערט אין א גרויען שינעל
באהיטן שטעט און וואָקזאלן..."

דאָ איז דער מאָטיוו פון ניטגעשלאָסענער ווינונג אייַנגעוואָרצלט אין העראָיִק פון בירגער־קריג, פארוואָכעדיקט מיט דער גרויקייַט פון שינעל, מיט דער שטרענגקייַט פון וואָקזאלן. אוודע האָט עס א שייַכעס מיט די „אלעמען באוווסטע שלאכט־מאָמענטן", וואָס די אלטע סטיל־סיסטעם פלעגט איגנאָרירן אלס א פרימיטיוו און שטאמפ, אָבער קייַן גרויסער אומגליק האָט ניט געשטעקט אין דעם פאר פעפערן.

פארקערט, ערשט איצט האָט פעפער אָנגעהויבן ארויסגיין אף זייַן אייגענעם וועג, אף זייַן אייגענעם אידעאָלאָגישן ברייטן טראקט.

די ניטגעשלאָסענע ווירונג, ווערט אויך איצט, אינעם צווייטן וואַריאַנט, פאַר־וואַקסן מיט פילאָזאָפיע, מיט אידיי, אָבער גאָר מיט נ ײַ ע ר פילאָזאָפיע, אָבער גאָר מיט נ ײַ ע ר אידיי.

וויִ קען איך פאָדערן אַזאַ,
ווען יעדער איינער האָט אַביסל.
כ'האָב פײַנט אַ שטיבל מיט אַ דאַך,
כ'האָב פײַנט אַ מענטשן מיט אַ שליסל".

(געקל. ווערק, ז. 204).

די אַלטע סטיל־סיסטעם פונעם קיִעווער „אייגן געצעלט" ווערט דאָ ווי מיט דינאַ־מיט אופגעריסן: „כ'האָב פײַנט אַ מענטשן מיט אַ שליסל"!

דער נײַער מענטש, דער מענטש אָנעם שליסל, דער מענטש פון פעלד, פון טעפּלושקעס, מיט „ציגאַר אין ליפּן, אַף דער זײַט דאָס היטל"—אָט דער הערא‌ָיִשער מענטש ווערט די הויפּט־געשטאַלט אין פּעפּערס פּאָעזיע אָנשטאָט דעם פריִערדיקן סוידעסדיקן, שטומען, טויבן, היספּײַלעסדיקן זינגער פון „סקריפּנדיקע לעוואָנעס".

דערדאָזיקער נײַער מענטש האָט אַ באַשטימטן קלאַסן־פּאַספּאָרט אין בוזעם־קע־שענע פון זײַן פאַרבלוטיקטער שינעל. זײַן „היטל אַף דער זײַט", זײַן ציגאַר, זײַן נאַהאַן, זײַן פערד—דאָס איז אַלץ גענומען פונעם אַקטיאַבער־רעקוויזיט.

— אַך, פּעפּער—אַ פּאָעט פון רעקוויזיט, בלאָזן זיך ליטעראַרישע „סטיקראַטן".

— יאָ, אַ פּאָעט פון אַקטיאַבער־רעקוויזיט—ענטפערט אָפּ מיט שטאָלץ י. פּעפּער אָט די אַלע זינגער פון מ ע נ ד ע ל ע ס א ו ן פ ר ו ג ט ר ע ק ו ו י ז י ט.

ווײַל וואָס איז אַזוינס רעקוויזיט?

צי דען זײַנען רעקוויזיט־זאַכן ניט קיין סאָציאַלע, נאָר טעכנישע קאַטעגאָריעס?

די רויטאַרמעיִשע שינעל, די לעדערנע קורטקע, דאָס רויטע קאָמסאָמאָלישע טיכל, דאָס היטל אַף דער זײַט—זיי אַלע זײַנען דאָך ביז איבער די ברעגעס פאַרפלייצט מיט ק ל אַ ס, מיט ס אָ צ י אַ ל ן ז ײַ ן, מיט פּאַטאָס פון אומפאַרגעסלעכע שלאַכטן!

פאַרן קאַסרילעווקער „מוזשסקאָי אי דאַמסקי פּאָרטנאָי", איז שינעל אַ ה ו י ל ע, ט ע כ נ י ש ע ק אַ ט ע ג אָ ר י ע, וואָס קאָן בלויז פאַרסטריגעוועט ווערן, אָבער ניט ווערן באַזונגען. פאַר דער רעוואָלוציאָנערער און הערא‌ָיִשער פּאָעזיע פון אונדזערע ערשטע יאָרן פון בירגער־קריג איז אָבער די לעדערנע קורטקע אַ פּאָעטישער ס י נ־ ט ע ז פ ו ן אַ ט ק ו פ ע!

„זיבן יאָר" האָט פּעפּער אַפּצולאָכעס אַלע לירישע סאַמעטענע קאַפּאָטעס „באַ־זונגען שינעלן",—פּעטע 7 יאָר! אָבער אויך זײַן וועג צום שינעל, צו דער „היטל אַף דער זײַט" האָט פּעפּער דורכגעמאַכט דורך אינערלעכע שטרײַטן.

צום ערשטן מאָל באַגעגענען מיר אָט די שינעל־געשטאַלט אין אַ ליד פון 1922 יאָר, אָפּגעדרוקט אינעם בוך „פּראָסטע טריט".

„דאָרט, וווּ הימל איז טונקל און ווײַט,
פאַרוויכערן וואָלקנס ציגאַרן,
אויב ד ײַ ן ה י ט ל א י ז ו ו י פ ר י ע ר אַ ף אַ ז ײַ ט,
וועט מיר שוין גאָר ניט אַרן".

(ז. 61).

דאָ האָבן מיר שוין די באַרימטע „היטל אויפן זײַט“, אָבער ס'איז געגעבן געוואָרן אין א גאָר אנדערער בילדער־סוויווע: גלעזערנע טיר, ייִנגלעך מיט ציגארן, טראָטואַרן. דאָס „היטל אויף דער זײַט“ פארמאָגט נאָך ניט דאָ יענע סאָציאַלע אָנלאָדונג, וואָס עס האָט באקומען שפּעטער, אין דער סוויווע פון „בלאָנדע קאָמסאָמאָלקעס“, וואָס פּאָרן אויפן פראָנט.

„א ציגאר אין ליפּן, אויף דער זײַט דאָס היטל—
בלאָנדע קאָמסאָמאָלקעס פון דערפל און פון שטעטל
(א שטיין... ז. 69).

אָדער:

„ניט קיין הימל, קיין זון, ניט קיין ווײַט
האָט מײַן טראָט אויף די וועגן געצויגן,
נאָר דײַן היטל, דײַן גראָווס אויף דער זײַט
און די גראָווע פארגעסענע אויגן“.
(וועגן זיך... ז. 41).

אפילו די „נייטראלע“ ווינטן און וואָלקנס, וואָס די קיִעווער פּאָעזיע האָט זיי גענוצט אינדערלענג און אינדערברייט, מאכן דורך דעמזעלבן וועג פון טראנספּאָרמאציע.

פון דער האָפשטיינישער ראדיקאל־אבסטראקטער שורע „נאָר שטענדיק פארבלײַבן מיט ווינטן און רייען“ גייט איבער פעפער צו גאָר אנדערע ווינטן, וואָס טראָגן אן אנדער סאָציאַלע פונקציע, וואָס רופן ארויס גאָר אנדערע אסאָציאַציעס.

זײַנען טויערן מער ניט פארשלאָסן,
ווו גענעכטיקט אָ דאָרט ניט געטאָגט.
האָט אזוי דען מײַן זיידע געשאָסן,
האָט אזוי דען מײַן טאטע געיאָגט,
ערשט געווען דאָ און מאָרגן פארגעסן
און קיין סימען האָט דאָ ניט פארבליט;
איך האָב ליב, ווען ווינטעלעך טעסן
מײַנע שטענדיקע דאָרשטיקע טריט.
(וועגן זיך... ז. 18).

אָט דער וועג־פּייזאזש דערמאָנט אין א געוויסער מאָס דעם טראדיציאָנעלן וועג־מאָטיוו פון דער קיעווער פּאָעזיע: „א גאנצן טאָג אין רעשוס פון וועג זײַן“.

די גאנצע ראדיקאל־אינטעליגענטישע פּאָעזיע און פּראָזע פון אונדזערע ערשטע אָקטיאבער־יאָרן פלעגט דורכן וועג־מאָטיוו ארויסדאמפן איר דראנג צו באוועגונג ביכלאל.

„בא וועגן“ האָט געהייסן האָפשטיינס בוך; „טריט“—קוויטקאָס בוך; „שוועלן“—מארקישעס—אלע ביכער זײַנען געווען באטיטלט אלס וועג־מאָטיוון.

אין די אויבנציטירטע פעפערס שורעס איז אָבער דער וועג־מאָטיוו גאָר אן אנדערער און די ווינטן זײַנען גאָר אנדערע.

דער „לויפן מיר, יאָגן מיר“ פון דעם יונגן קוויטקאָ, אָדער דער „כ'לויף, ניטאָ אויף מיר קיין צוים“ פון מארקישן, אָדער דער סאָלידער „א גאנצן טאָג אין רעשוס

פון וועג זײַן" (מײַסע דאַטשניק) בא האָפּשטײַנען—דאָס אַלץ איז פּעוראַל־געלאַף, ווו די פּראָזעאַלאָגיע פון באַוועגונג איז אַלץ און דער ציל איז—גאָרניט.

פּעפּערס „יאָגן" איז גאָר אַן אַנדער מין יאָגן, פון גאָר אַן אַנדער קלאַסן־קוואַל, און דעריבער זײַנען זײַנע ווינטעלעך גאָר אַנדערע, ניט קײַן אַבסטראַקטע, ניט קײַן ראַדיקאַל־ביכלדיקע. „קוילן הוליען מיט ווינט"—דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר פּעפּערס ווינט־מאָטיוון.

אַזוי באַפרײַען זיך אויך פּעפּערס וואָלקנס פונעם היפּשן ליטעראַרישן שאָלעכץ, וואָס איז אויף זיי אָנגעוואַקסן.

בעשאַס פּעפּער שרײַבט אין זײַן ערשטן ביכל „שפּענער" „בלאָנדזשען וואָלקנס דורכגעבליצטע", בלאָנדזשען טאַקע אָט די וואָלקנס אין אַ פרעמדער בילדער־סוויווע פון „פלינקע איצטן בוימל גיסן" (שפּענער, ז. 11). דיזעלבע וואָלקנס, באַדײַטנדיק אָבער טראַנספאָרמירט, טרעפט איר שפּעטער זייער אָפט אין פּעפּערס פּייזאַזשן פון בירגער־קריג.

אין דעם באַרימטן ליד „איבער שטעט און דערפער גייען שוואַרצע וואָלקנס, פאָרן אויף די פראָנטן בלאָנדע קאָמסאָמאָלקעס", זײַנען שוין די וואָלקנס—עפּיש־העראָיִשע, יענע „שוואַרצע וואָלקנס", וואָס יאָגן איבערן הימל פונעם העראָיִשן עפּאָס אין דער גאַנצער וועלט־ליטעראַטור.

אַזוי האָט זיך פּעפּער געלײַטערט אין סטיל־ווייען, געריסן די פּענטעס פון דער ביכלדיקער קיעווער לעקסיק, פון די טראַדיציאָנעלע געשטאַלטן און מאָטיוון.

ער איז אַראָפּגעקומען אויף די טריקענישן פון דער עפּיגאָנישער „ווידערוווקס"־דיכטונג ווי אַ דערפרישנדיקער רעגן, טאַקע אײַנדערעמעסן ווי עפּעס אַ „פּראָסטער וונדער". שוין זײַן ערשטער דעביוט (אין די „שפּענער" נאָך!) מיט „בלינדע געשרייען" און „לידער באָרוועסע" איז געווען אָנצוואַרפן אַ פאַכאַד אויף אַלע ליטעראַרישע פּאַצעטן.

דער פאַכאַד האָט געמוזט אויסוואַקסן אין אַ בעהאָלע דענסטמאָל, ווען פּעפּער האָט אָנגעהויבן סאָציאַל דעשיפרירן זײַנע „באָרוועסע לידער".

די „באָרוועסע לידער", וואָס זײַנען אינעם ערשטן בוך „שפּענער" נאָך היפּש באַפלעקט מיט „בלוילעכע ווהינען", אַנטפּלעקן שפּעטער זייער „באָרוועסע" קלאַסן־באַזע.

אונטער די „באָרוועסע לידער" שטייען דאָך פּעפּערס „באָרוועסע פּראָסטע ברידער", יענע „באָרוועס־גרויע קינדער", וועלכע האָבן שוין אינעם צווייטן בוך אַ שפּאַר געטאָן פאַרויס פון „סיביר, אוראַל, קאַלוגע און טריפּאָליע"!

אָהאָ, דאָס איז דיר ניט קײַן עסטעטישער בונט!

נײַע קלאַסן רײַסן זיך אַרויף אויף דער ליטעראַרישער עסטראַדע!

מע קאָן ניט אָנשרײַבן אַפילע אַ שורע וועגן פּעפּערן, אויב מע פאַרזעט אָט די נײַע קלאַסן־קויכעס, וואָס האָבן דורך פּעפּערן אַ שפּאַר געטאָן אין דער ליטעראַטור.

## II

אָנשרײַבן וועגן פּעפערן, אַז ער איז איינער פון אונדזערע ערשטע נאָכאָקטיאַ־בערישע פּראָלעטאַרישע פּאָעטן—דאָס איז נאָך גאַנץ ווייניק אַף צו געבן אַ קאָנ־קרעטן אַנאַליז פון זײַן שאַפן, פון זײַן געשטאַלטן־וועלט, פון זײַן ספּעציפישן קינסטלערישן לשון.

ס'וואָלט, כ'לעבן, געוועזן אומעטיק צו באַשעפטיקן זיך מיט ליטעראַטור־קריטיק, ווען די גאַנצע פילפאַרביקײַט און אײַנערלעכע דיאַלעקטישע פילזײַטיקײַט פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור וואָלט אַרײַנגעקוועטשט געוואָרן אין דער סכעם פון פּראָלעטאַרישקײַט ביכלאַל.

לענין—דער גלענצנדיקסטער דיאַלעקטיקער פון אונדזער צײַט—פלעגט ניט איינמאָל טרײַבן שפּאַס פון אָטאָ דעם „ביכלאַל“, (לענין שרײַבט: „вобче“).

אוודאי איז פּעפער אַ גרויסער פּראָלעטאַרישער דיכטער, דערצו אָבער מוז מען צוגעבן, אַז ער איז אַ פּראָלעטאַרישער דיכטער, וועלכער איז געקומען פון באַ־שטימטע שיכטן, געשאַפן אין אַ באַשטימטער סוויווע, אין אַ באַשטימטער צײַט.

זײַן געשטאַלטן־וועלט, זײַן לעקסיק, זײַן ריטמיק, זײַן סטיליסטיק—אַלץ וואָרצלט אין אָט דער „ספּעציפישקײַט“, וואָס מוז אויפגעדעקט ווערן.

י. פּעפער גופא האָט אונדז געגעבן אַ שליסל צו אָט דער אויפגאַבע, אין איין אָרט שרײַבט ער:

„די וועלט האָט צעטיילט זיך אַף צווייען—
אַף אַ שטאָלענער און אַ ווייצענער...

(וועגן זיך... ז. 48).

אין אָט דעם אייגנאַרטיקן דיאַלעקטישן געפלעכט פון „שטאָלענער און ווייצענער וועלט“ ליגט דער סאָציאָלאָגישער עקוויוואַלענט פון פּעפערס שאַפן און דער סאָד פון זײַן קינסטלערישער פאָרם.

פּעפער איז געקומען אין דער ליטעראַטור, ווי אַן עכטער זינגער פונעם אַרבעטער־פּויערישן צוזאַמענשלוס, אַף יענער היסטאָרישע סטאַדיע, ווען דער צוזאַמענשלוס איז געווען אין דער ערשטער ריי אַ מין קריג־צוזאַמענשלוס, אַ צוזאַמענשלוס, וואָס איז פאַרזיגלט געוואָרן מיט בלוט פון רויטע פראָנטן.

יאַטן פון לעדער־זאַוואָדן און „קאַלוגער צעריסענע לאַפּטיעס“, „קאָרענע פערד“ און „בראָנזענע פערד“, שטעטלדיקע „בליענדיקע מיסטן“ און „אַלטער פּאָוויט“—דאָס אַלץ איז אַ דיאַלעקטישע גאַנצקײַט, איין געשטאַלטן־גאַלעריי, וואָס איז באַהויכט מיט איין און דעמזעלבן פּאַטאָס פון פּערעקאָפּ:—דאַיאָש, דאַיאָש!

וועגן זײַן אַרבעטער־העלד עלי (פון דער פּאָעמע „עלים טויט“) דערציילט פּעפער:

„האָט עלי אויך געאַרבעט לעדער,
ווי אַלע דאָ ביז טיפער נאַכט,

מיט יוגנט דאָרפּישער אין סעדער
האָט עלי זומער־נעכט פאַרבראַכט".

(געקל. ווערק, ז. 114).

די שטעטלדיקע, קליינבירגערלעך־האָרעפּאשנע יאַטן און באַלמעלאָכעס—אָט די אַלע עליס—די „טישלער און שוסטער און רימער און שמידן"—זיינען ניט אָפּגעטיילט מיט א סאָציאַלן אָפּגרונט פון זייערע שכיינים—די דאָרפישע „קאָרענע יונגען".

צוזאַמען מיט אָט די „קאַלוגער לאַפּטיעס" שלאָגן זיי דעם פּאָרעץ, דעם נאָגיד, דעם גענעראַל, צוזאַמען מיט זיי קעמפן זיי קעגן באַנדיטן און בויען די ערשטע קעמערלעך פון סאָוועטנמאַכט „אַף די ערטער".

אופגעהאָדעוועטע אַף איינע און דיזעלבע שטעטלדיק־דאָרפישע „ליילעכער פון ווייצן" האָבן אָט די אַלע „יאַטן" געקאָנט נאָכזאָגן נאָך עליען, אַז זיי האָבן זיך „פאַרליבט אין די פעלדער ווי אין זייער שטעטלדיקן טאָל".

„ווי קאָן איך ניט ליבן א לאַנד
א נאַקעטס מיט שנייען און ווייצן"

שרייט אויס דער דיכטער אין זיינע ערשטע שורעס פון ציקל „רוסלאַנד" (ווען זיך... ז. 73).

די טיפע אָרגאַנישע באַהעפטונג מיט די „ווייצענע ליילעכער", דער „ווייצענער פאַטאָס", אויב מע קאָן זיך אַזוי אויסדריקן—דאָס איז אָן שום סאָפעק א שטריך, וואָס וואַרפט זיך טייקעף אין די אויגן יעדן אופמערקזאַמען לייענער.

ער איז ניט קיין צופעליקער, אויסגעטראַכטער עפּיטעט—אָט דער „ווייצענער עפּיטעט", וואָס באַגלייט קימאַט יעדע זייטל פון פעפערס בוך—אונטער דעם „ווייצענעם עפּיטעט" שטייען „ווייצענע", „קאָרענע" סאָציאַלע קויכעס—אָט די אַלע „קאַלוגער לאַפּטיעס", אָט די אַלע „קאָרענע יאַטן", „פּויערישע פּאָלקן", „פּויערישע פּאָוויטן".

די „פּויערישע פּאָלקן" פאַרנעמען גאָר אַן אָנגעזעענעם אָרט אין די לעגענדאַריש־העראָישע שלאַכטן, וואָס ווערן באַזונגען אין פעפערס לידער:

„האָבן פּויערים יונגע געזאָטלט די קאָרענע פערד
און אוועק פאַר דער פרייהייט..."

(ווען זיך... ז. 88).

„האָט דער פּויערישער פּאָלק די האַרמאַטן
איבערנעם מיט סוינישע רייטער געפאַנגען..."

(געקליבענע ווערק, ז. 175).

„ניט אומזיסט האָבן דערפער געריוושט און געיאָגט
און געברענט פונעם דנעפּער ביז וואָלגע..."

(א שטיין... ז. 89).

אָט די אַלע שורעסריידן אייגנטלעך וועגן א „פּויערישער מילכאָמע", וואָס האָט זיך אָפן ערשטן עטאַפּ פון בירגער־קריג (1918—1919) צונויפגעגאָסן מיטן אופשטאַנד פון „שטאָלענע יאַטן".

די אידעישע אָנפירונג אין אָט דעם קריג־צוזאַמענשלוס געהערט, פאַרשטייט זיך, די באָלשעוויסטישע „ווייטע בודיאָנישע רייד", דעם שטאָטישן „גראָוון פרענטש", דעם קאָמסאָמאָל און דעם קאָמינטערן—דערוף איז דאָך פעפער א פראָלעטאַרישער

פּאָעט, דער פּאָעט פון פּראָלעטאַרישער העגעמאָניע,—אָבער דער אוקראַי־נישער פּויערישער קאָלאָריט פון בירגער־קריג (אין אוקראַינע האָט די פּויערישע מיל־כאָמע געבושעוועט אַמשטאַרקסטן) האָט געמוזט זיך אָפּרופן אויף דער בילדערישקייט, ריטמיק און סטיליסטיק פון פּעפּערס העראָישן געזאַנג.

נאָך מער פּעפּערן פּעלט אויס לאָשן, ווען ער שטויסט זיך אָן אָן דעם „נאַקעטן" זאַוואָד־פּייזאַזש.

„פון יענער זייַט שטעטל ליגן לעדערנע פאַבריקן,
דאָרט אַרבעטן מענטשן געלע און פּעסטע ווי פעל,
ליגן פאַבריקן פון יענער זייַט שטעטל ווי בריקן
צווישן שטעטל און פעלר".

(א שטיין... ז. 51).

„פון יענער זייַט שטעטל ליגן פאַבריקן—ליגן פאַבריקן פון יענער זייט שטעטל"— דאָס איז דאָך אייגנטלעך דער גאַנצער „אָרטיקער קאָלאָריט" פונעם זאַוואָד־פּייזאַזש...

די גרויסע שטאָט איז ווייַט, און אַזאַ אומבאַקאַנט־טומלדיקע און „דראַטענע" איז זי:

„גרעסער די שטאָט,
איז גרעסער דער טומל,
גרעסער די שטאָט
איז קלענער דער הימל.
פונויבן איז דראָט,
פונונטן איז דראָט,
פונויבן איז הימל
פונונטן איז שטאָט"...

(געקל. וו., ז. 46).

פּעפּער פילט, ווי עס שיינט, די שוואַכקייט פון זיין „דראַטענער" און „לעדער־נער" פּאָעטיק און ער פּרוּווט זיך קאָמפּענסירן מיט „שטאָלצער, שטאָלענער" פּאָעטיק.

פּעפּערס „שטאָלענע יונגען" מיט די „שטאָלצע נאַהאַנען" און „בראָנזענע פערד"— דאָס זיינען, אייגנטלעך אייגנאַרטיקע „רויטע ריטער" פון מיטלאַלטערלעכע ריטער־ראָמאַנען און באַלאַדעס.

דער שטאָלענער עלי (פון „עלים טויט") „האָט פון קינדווייז אָן געטראָגן א ווילדן קויעך אין זיין ברוסט", ער טראָגט זיך אויף ווילדע פערד, וואַרפט זיך אין שטורמישע כוואַליעס, און עס איז אַלץ פאַר אים קיין און שפּיי: „און עלי שפּרינגט פון שויס אַרויס". ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ „געהיימניספולן העלד", איז ער א שווייַגער, וואָס האָט ליב איינזאַמקייט „אין טונקלען וואַלד", ביז עס שאַלט ניט דער האָרן, און ער לאָזט זיך דענסטמאָל אויף זיין „בראָנזענעם פערד" קעגן די סאָנים...

די העלדיש־ראָמאַנטישע בראָנזע אָקופּירט קימאַט אומעטום דעם העראָישן אַרבע־טער־פּייזאַזש.

דאָ שאַפט זיך יענע בראָנזע־פאַנטאַסטיק, וואָס פעלט צוניף, ווי מיר ווען עס שפּעטער זען, מיט דער ווייצענער פאַנטאַסטיק, מיט דער פאָלקלאָר־ראָמאַנטיק פון אוקראַינישער קאָבזאַ.

אָבער אָט די ווייצענע פאנטאסטיק, זי איז אסאך ווייניקער אָנגעצויגן און ווייניקער פסעוודאָ־סטיליזירט איידער די בראָנזע־פאנטאסטיק.

די „ווייצענע ליַילעכער" פון אוקראַיִנער סטעפּעס זיַינען פּעפערן אסאך נעענטער, ניט ווייניקער נאָענט און אָרגאניש איידער די „ציצענע ציך", אף וועלכער ער איז געבוירן געוואָרן.

פון די ערשטע טעג פון זיַין לעבן ווערט דער דיכטער באגלייט פון די „ווערבעס בא קאנטן פון וועג", פון דעם „שטילן זומערדיקן רעגן".

פּעפערס קריג־פּייזאזשן זיַינען שטענדיק באשמעקט מיט אָט דעם „שטילן זומערדיקן רעגן", מיט „צעטראָטענע ווייצן", און, פארקערט, די „ווייצענע ליַילעכער", די פּויערישע גענדז זיַינען באטאליזירט („פארמיליטערישט") אין סטיל פון „גענדזענע ראָטעס".

דאָס שאפט דעם מאמעש אומפארגעסלעכן פּעפּערישן לירישן פּייזאזש פון בירגער־קריג אין אוקראַיִנע.

ס'איז קיינמאָל ניט אשס זיסינקער „וועג קיַין שעמינעך"—עס איז אויך ניט קיין אוקראַיִנישער „ווארעניקעס־פּאסטאָראל".

„וויַיל צווישן היים און וועג בין איך,
צווישן מיר און וועג—מיַין פערד,
און די פּיס זיַיען גרינג און גיך,
און גרייט איז מיַין זאק און שווערד".

(וועגן זיך... ז. 20).

אוואדע זיינען דאָס ניט „בלויע" הימלען, ביכלאל נאָר אונדזערע הימלען, וואָס ווערן צעלעכערט פון קוילן.

„מיט שווערע פּאסן בליַי באהאנגען,
מיט פרישן רויך אף הויכע קעפּ".

(וועגן זיך... ז. 41).

דער קויעך אָבער פון דער „ווייצענער וועלט" איז זייער גרויס, ניט איינמאָל ריַיסט זיך ארויס באם דיכטער א פארשטיקטער ווייגעשריי, ווען ער זעט די „צעטראָטענע ווייצן". די צוו י י ט ע, די „ווייצענע וועלט", וואָס איז אזוי נאָענט דעם דיכטער, ציט צו זיך דאן העפטיקער מיט „שטילן פארכאָלמטן בלוי":

„האָב איך ליב, ווען ווינטעלער שטעפּן
שטילע פארכאָלעמטע בלוי,
כ'וויקל זיך צונויף ווי אן עפּל
און דרימל זיך שטיל לעם א פלויט".

(וועגן זיך... ז. 21).

אָט דערדאָזיקער אוקראַיִניש־ראָמאנטישער עפּל־רייעך (איך דערמאָן זיך איצט דאָווזשענקאָס אוקראַיִנישע עפּל־נאטור־מאָרטן פון זיַין פילם „ערד") פּילט אָן פּעפערס דיכטערישע אטמאָספער מיט א באשטימטן ס אָ צ י א ל ן רייעך און פירט צום אוקראַיִנשן פאָלקלאָר, צו דער אוקראַיִנישער מיַיסעדיקיַיט פון „אלטן פּאָוויט", צו דער „ווייצענער פאנטאסטיק".

די אוקראַיִניש־מײַסעדיקע אָנלאָדונג פונעם „אלטן פּאָוויט" האָט ניט געקאָנט ניט ווירקן אף פעפערן אין זײַן דראנג צום העראָיִשן געזאנג פון בירגער־קריג, צו פאָלקלאָר, צו פאנטאסטיק.

אין דער הינזיכט דערמאָנט פעפער דעם רוסישן פּאָעט דעמיאן בעדני, וועלכער האָט אויך אין גאָר א גרויסער מאָס פאָלקלאָריזירט זײַן געזאנג וועגן אונדזער בירגער־קריג.

אָט דער דראנג צו פאנטאסטיק, צו העראָיק האָט אויך געבראכט פעפערן צו זײַנע עקזאָטישע „קיטײַצעס און טשערקעסן", צו זײַן אלי־בען פון „צארטן גורזוף" און צו עלין—דעם „שטאָלענעם העלד".

ניט דער קים, ניט דער קאָמינטערן איז ניט בעקויעך אופרײַסן אָטאָ די מײַסעדיקע באלאדישקײַט, וואָס שטראָמט פונעם „אלטן פּאָוויט". דער קאָנקרעטער שטאָטישער צוג „מיט רויטע אויגן", וואָס איז איינע פון די הויפּט־געשטאלטן פון פעפערס קריג־פייזאזשן, רײַסט אויך ניט אוף די מײַסעדיקײַט פון דער „ווייצענער וועלט", נאָר, פארקערט, ער ווערט אליין פארבאלאדישט, און זײַנע „פארלאָרענע רעלסן", און אָט די „וואָרטעניש אף ווינטערדיקע באנען" ווערט אליין א שטיק מײַסעדיקײַט.

פעפער איז אזוי ארום געקומען אין אונדזער פּאָעזיע אלס דער גלענצנדיקסטער מײַסטער פון דער העראָיִשער באלאדע, פון מײַסעדיקן העראָיִשן פאָלק־געזאנג וועגן בירגער־קריג.

„ווען דרויסן איז שנעיִק און ווינטערדיק,
איז הייסער און ווײַסער מײַן ליד,
דערצייל איך א מײַסע א מונטערע
פון א פויערישן אלטן פּאָוויט".

(פראָסטע טריט, ז. 23).

אפן זעלבן אויפן הויבט זיך אָן „עליס טויט":

„ווען שטילע שמייכלענדיקע שטערן
צעשיטן זיך אין אלטן טאָל,
איז גוט צו זיצן דאָ און הערן,
ווי גראָזן פלאפלען פון אמאָל;
איז גוט—אָט דאָ אמאָל דערמאָנען
אן אלטע ווינטערדיקע ליד..."

(געקל. ווערק, ז. 109)

דעמזעלבן טאָן פון „אלטער מײַסע" הערט איר אין די ערשטע שורעס פון „סנאָפּעס":

„יונגע כאלופּקעס מיט וועגטעלעך ווײַסע,
היימישע שטיבלעך אף ווערסטן אף קרימעו,
קומט און דערציילט אונדז א פרייליכע מײַסע,
וואָס קאָן זיך פארלויפן אין איינעם א זומער"...

(געקל. ווערק, ז. 259).

פעפערס רויטער פארטיזאַן טרעט ארויס קימאט שטענדיק א פארצײַטיקער, סלאַ-ווישער Бова Королевич מיט דערזועלבער געזאנג־אײַנשטעלונג, מיט דערזועלבער פּאָעטיק פון בילינעס:

וועז אלי־בענס פּאָלקן שאלן אין די טאָלן,
שאָקלען זיך די פעלזן שווער און אלט"...

(א שטיין, ז. 27).

„ווען מײַן שאָכן איז געגאנגען אפן שלאכט
האָבן אלע שכיינים אף א גרוס געוואָרט
אף א גרוס געוואָרט—
און קײַן גרוס האָט קיינער ניט געבראכט"...

(וועגן זיך... ז. 78).

„ניט דער יאם האָט גערוישט און געשטורעמט,—
ס'האָבן טאָטערן אין אופרוף געלייענט"...

(א שטיין, ז. 33)

„ניט קיין הימל, קײַן זון, ניט קיין ווינט
האָט מײַן טראָט אף די וועגן געצויגן"...

(וועגן זיך, ז. 41).

„נײַן טעג, נײַן נעכט איז מען געגאנגען
פון ווײַטע שטעט, פון אונטער בארג.
אף צענטן טאָג איז מען געקומען
מיט באָמבעס, צײַטונגען און קליי..."

(א שטיין... ז. 67).

אין אָט די עטלעכע אויסצוגן האָט איר קימאט די גרונט־פּאָרמעס פון דעם העראָיש־בילינישן עפּאָס: די פּאראלעל, די נעגאטיווע מעטאפאָרע, די קאנאָניזירטע איבערכאזערונג, די קאנאָניזירטע צאָל („זיבן טעג—אפן צענטן") דעם כאָר־רעפריין און אז. וו.

פיל באלאדעס בעטן זיך מאמעש אין כרעסטאָמאטיעס און אין פּאָעטיק־ביכער אלס גלענצנדיקע מוסטערן.

אָט איז א מוסטער פון א גלענצנדיקער באלאדע אין איר שטרענגן העראָישן קאָלאָריט, אין איר קאָנדענסירטער דינאמיק („голая скорость") אין איר געזאנג־אײַנשטעלונג:

איבער געסלעך, איבער שטיבלעך, איבער שליאך
שווימט אן אלטע שטערנדיקע נאכט.
אונטער הײַזלעך, אונטער שטעטל, אונטער באן
פירן יאטן שיסן אן אלטן קאפּיטאן.
גייט דער אלטער, הינקט דער אלטער, קוקט זיך אום,
זײַנען שטיבלעך פינצטער, זײַנען געסלעך שטום.
גייט דער אלטער, וויינט דער אלטער, וויינט און בעט.
זאָגן יאטן, שטרענגע יאטן: „ס'איז שוין שפּעט"!

ביזט געגאנגען, האָסט געהאנגען, האָסט געברענט,
זאָלן פוילן דײַנע ביינער אונטער ווענט.
איבער געסלעך, איבער שטיבלעך, איבער שליאך
שווימט אן אלטע שטערנדיקע נאכט".
(א שטיין, ז. 68).

די פּאָעטישע פּאראלעל, די איבערכאזערונג, די רינג־קאָמפּאָזיציע און אָט די שטרענג־באלאדישע „אלטע שטערנדיקע נאכט"—דאָס זײַנען פעפערס באלאדישע הויפּט־מיטלען פון שילדערונג.

פעפער פלעכט דורך זײַנע געזאנגען וועגן שלאכטן ניט זעלטן מיט רויטארמעיִשע „טשאסטושקעס", מיט הארציקן היימישן פאָלק־ליד (ניט בלויז אוקראַיִנישע, גאָר אויך יידישע).

„שפּאנען מיר, שפּאנען מיר
שפאנען מיר גיך
ענגלישע רעקלעך
אוסטרעיִשע שיך".
(וועגן זיך, ז. 62).

דאָ האָבן מיר אן איבערוף מיט דער רוסישער „טשאסטושקע" (ס'דערמאָנען זיך בלאָקס טשאסטושקעס פון „צוועלף").

און אָט גיט אן אָטעם מיט הארציקן פאָלק־ליד:

„איז א יאט געפאלן, ליגט א יאט אין וווּנדן
מיט א ווײַסן פּארטוך וווּנדן צוגעבונדן"
(א שטיין, ז. 70).

דער „ווײַסער פארטעך", ווי די „ציצענע ציך", ווי דער „זיסער טיי", מיט וועלכן מע האָט געפּויעט דעם קליינעם איציק—דאָס אלץ ליגט ארויף יענעם כיין פון „פראָסטן ווונדער", פון פאָלקסטימלעכער פּראָסטקייט, וואָס פלעכט דורך די העראָיִש־באלאדישע שטרענגקייט מיט פעדעמלעך פון הארציקער אינטימקייט.

אין דעם איבערפלעכט פון יאָנטעוודיקן, פײַערלעכן באלאדישן גאנג מיט אינטימער פאָלקסטימלעכער פּראָסטקייט ליגט דער סאָד פון פעפערס צויבער, פון פעפערס אזוי געראָטענע „פראָסטע רייד". פעפער האָט באשאפן א סטיל פון „פראָסטן ווונדער", א סטיל, וועלכער גיט די מעגלעכקייט מיט איין אָטעם דערמאָנען די „ציצענע ציך" און געפאלענע קאָמיוגיסטן „טויטע גויעס אין שינעלן" און „ווערבעס בא קאנטן פון וועג".

די דיכטערישע קראפט פון אָט דעם קאָנטראסטירנדיקן מעטאָד איז צײַטנווײַז סאמע איבערראשנדיק:

באזונדער שטארק ווערט פעפער, ווען ער קאָנטראסטירט דעם העראָיִש־פײַערלעכן גאנג מיט אויסערטראדיציאָנעלן, וואָכעדיקן מאטעריאל.

דער „פארקילטער טיי" אף וואָקזאלן, די „קלומקעס זעקלעך", די „שנירעלעך לײַז",. די „אָנעטשעס און פרענטשן פון רויטע פּאָרהאנגען"—דאָס איז אלץ „רעקוויר־

זיט”, אָבער אזא רעקוויזיט, וואָס איז אָנגעלאָדן מיט גרויסער קינסטלערישער אופ־רײַס־קראפט.

דערדאָזיקער רעקוויזיט איז בארופן קאָמפּענסירן דעם מאנגל פונעם „לעבעדיקן מענטשן” (פון דעם סאָציאַל־פּסיכאָלאָגיש דיפערענצירטן טיפּאזש) אזוי ווי דאָס האָט געטאָן די ערשטע צײַט אין דער רוסישער ליטעראטור די „לעדערנע קורטקע”.

פעפערס העראָישער סכעמאטיזם לייקנט אָפּ, אין אָט דער הינזיכט, די אָנגענומענע מיינונג וועגן זײַן קאָנקרעטקײַט. פעפערס קאָנקרעטקײַט איז א ליניִישע. ליניִיש־סילועטיש זײַנען זײַנע „יאטן”, זײַנע „בלאָנדע קאָמסאָמאָל־קעס”, זײַנע „קאלוגער לאפּטיעס”, זײַנע עליעס.

פעפער אליין כאראקטעריזירט גאנץ בוילעט אָטאָ דעם סכעמאטיזם, אָטאָ די סילועטישקײַט פון זײַנע געשטאלטן:

„צו וואָס זשע און צו וועו פארצייכענען באזונדער,
צי אויגן זײַנען בלוי, צי אייגן זײַנען שווארץ,
בא יעדערן פון זיי א טראָפּן פון מײַן וווּנדער
בא יעדערן פון זיי א שטיקל פון מײַן הארץ”.

(געפונענע פונקען, ז. 52).

דערווײַל איז וויִכטיק פאר פעפערן נאָר די ליניע, די נײַע קלאסן־ליניע, וואָס שנײַדט זיך אײַן אזוי טיף און שארף אין דער אלטער פּאָעזיע.

„דיוויזיעס, פּאָלקן, ארמייען
אוקראינע, בלוט, קויט”.

(פראָסטע טריט, ז. 32).

אָדער:

„ווערטער ווײַטע, קורצע, שווערע—
לאָיד־דזשאָרדזש, יודעניטש און קאָלטשאק”.

(פּ. ט., ז. 33).

בלויז ארײַנפירנדיק אין דער ייִדישער פּאָעזיע דאָס וואָרט „שינעל”, דאָס „קורצע” וואָרט „קאָלטשאק”, בלויז דערמיט האָט שוין פעפער אָנגעמערקט די נײַע ליניע אין אונדזער פּאָעזיע.

דאָס וועלן קיינמאָל ניט פארשטיין ליטעראַרישע גימנאזיסטן, וואָס האָבן אויסגעלערנט פון „טעאָריִא סלאָוועסנאָסטי”, אז שטענדיק און איבעראל מוז דער קינסטלער געבן „טיפּן” און דערבײַ געגוי פארצייכענען „צי אויגן זײַנען בלוי, צי אויגן זײַנען שווארץ”...

זיי פאלט גאָר ניט אײַן, אז ס׳זײַנען פאראן פעריאָדן אזוינע, ווען די געשיכטע זיצט אפן יאָגנדיקן לאָקאָמאָטיוו, וואָס הייסט רעוואָליוציע, און זי באַווײַזט ניט אפילע זיך צוקוקן צו דער פארב פון אויגן...

אָבער טאקע דערפאר גיבן זיך ניט אײַן פעפערן פּאָעמעס אלס צענטראליזירטע קאָמפּאָזיציעס—זיי זײַנען שטענדיק קאָלעקציאָנירט פון איינצלנע

לירישע לידער און באלאדעס — זיי פעלט דער העלד, וואָס זאָל זיי צעמענטירן, זיי פעלט צענטראליזירטע פּאָול.

פּעפּער בלייבט דער מייסטער פון לירישער מיניאַטור, פון דער באלאדע, פון דער פאָלק־ליד. זיין ציקל לידער „סנאַפּעס" גיט א ריי גלענצנדיקע מוסטערן פון לירישע מיניאַטורן.

## III

פאר אזא אויסגעשפּראָכענעם העראָיק־סטיל, ווי פּעפּערס „פּראָסטע רייד", האָט געמוזט זיך שטעלן גאנץ הארב די פּראָבלעם פון „רו", פון „בארויִקטע נאהאנען".

וווהין וועט זיך אהינטאָן פּעפּערס באלאדיש־ראָמאנטישע „מוזע", ווען די „בראָנ־זענע פערד" ווען ווערן פּאָשעטע פערד אין דער באלעבאטישקייט, ווען „שטאָלענע יאַטן" וועלן אָנהויבן זיצן איבער ביכער אין די ארבפּאקן, ווען יעדער בירגער וועט ווידעראמאָל באקומען א „שליסל צו א צימער"?

אָט לעמאָשל האָט א יונגער ארבעטער־פּאָעט י. זעלדין באגייסטערט זיך צעזונגען וועגן דעם, ווי אזוי ער האָט באקומען „א שליסל צו א טויער, צו א טיר" אין א נייער קאָאָפּעראטיווער דירע — ווי וועט אף דעם רעאגירן פּעפּערס „שטאָלענער יאַט", וואָס האָט ליב, אז „ווינטעלעך זאָלן טעסן זיינע טריט"?

ניט אזוי גרינג איז אָנגעקומען פּעפּערן ארייננוואקסן אין אָט די נייע „רו"־טעג — „טעג ווי טויבן"?

מיט א שטילער בענקשאפט שרייבט דער דיכטער:

„באהאלטן דרימלען שטיל בארויִקטע נאהאנען,
געוווינטע שוין צו איבערוף פון נאכט
אין ווינטערדיקע נעכט אף וויַיטע פרעמדע באנען
א ברויזנדיקער וויכער שלאָפט און ווארט".
(א שטיין... ז. 87).

פארשווונדן דער אומפארגעסלעכער קאָלאָריט פון די צוגן מיט קיטייצעס און טשערקעסן — ס'קומט עפּעס מאָדנע אויס דעם דיכטער קויפן איצט א באן־בילעט...

און אין שטאָט איז אויך „רו":

„אין רויכן פון שענקען, אין גלאנץ פון וויטרינען
קאָן דער ארמייער זיין היים ניט געפינען".
(א שטיין... ז. 74).

און באם דיכטער פון שינעלן און טעפּלושקעס רייסט זיך ארויס א „לינקער" אויסגעשריי:

„לעם מיין פענצטער ווייען טעג און ווייען,
אלע טאָג ווערט גרויער מיין אנטקעגנדיקער דאך.
ווען זשע, ווען זשע ווערט מען ווידער גייען
גיין וויַיט און זינגען אפן שליאך?
לויפן מענטשן בלייכער און שטילער

יעדערער צו אייגענעם געצעלט,
ווו זשע איז דער טאָג, דער רויכיקער און דולער
דער טאָג פון קוילן און פון פעלד?״
(געקל. וו., ז. 31).

דער האס צו אָט די אַלע נעפּמאַנישע באַלעבעסלעך, וואָס האָבן זיך אַ כאַפּ געטאָן „צום קערבל״ אין די ערשטע יאָרן פון נעפּ, פּ א ר ט ו מ ל ט דעם הערוֹאישן דיכטער.

„זיי לעבן שטיל, זיי לעבן פיין
און האָבן קיינמאָל ניט געשאָסן״
(געקל. וו., ז. 204).

אזוי קלאָגט זיך פעפער און דראָט „ארויס אינמיטן גאס און פאַקן עמיצן און שלאָגן אים און זידלען״ (דאָרטן, ז. 218).

די שער צווישן דער קריג־העראָיק און דער געזעצטקייט פון „רר־יאָרן״ הויבט שוין דאָ אָן דראָען מיט א י ד ע א ָ ל א ָ ג י ש ע ג ע פ א ר ן.

די „בליענדיקע מיסטן״, וואָס זיינען ווייטער פון ענג־שטייגערישע פארצייכענונגען ניט געגאנגען, וואָס האָבן קימאט ווי ניט אופגעדעקט דאָס נייע העראָישע, וואָס שטעקט אין די נייע בוי־שלאכטן, זיינען ניט געווען בעקויעך קאָמפּענסירן דאָס, וואָס איז פארשוווּנדן.

„גאַלאָסראַקאָוועקע״ האָט ניט געקאָנט פארבייטן „טריפּאָליע״.

דער איינציקער אויסוועג איז געווען באהעפטן זיך צו א נ י י ע ר ה ע ר א ָ י ק, וואָס זאָל קאָנען אויסהאַלטן די אָנלאָדונג פון פעפערס באַלאדיש־הערויִשן סטיל.

אזוי איז פעפער געקומען צום „דנעפּרבוי״ — דעם הערויִשן געזאנג פון אונדזער סאָציאליסטישן בויען.

פאר יעדן איינעם, וועלכער האָט נאָכגעשפּירט פעפערס דיכטערישן גאנג איז געווען קלאָר: שוועדער איידער ווען עס איז וועט די דנעפּרבוי־טעמע אָנקומען פעפערן.

דנעפּרבוי — ס׳איז דאָך טאקע יענע „שטאָלענע וועלט״, וואָס האָט זיך פעפערן ניט איינגעגעבן די גאנצע צייט, וואָס האָט פעפערן די גאנצע צייט געשלעפּט צו ריטאָריק, צו סכעמע, צו „דראָמטענער פּאָעטיק״.

וואָס פאר אן אויסזען וועלן באקומען בא פעפערן אָטאָ די „ליילעכער פון ווייצן״, ווען „הונדערטער זאוואָדן, הונדערטער פאבהיקן״ וועלן זיי צערייסן מיט סירענעס־פייפערייַ, פארשמירן מיט פאבריק־סאזשע?

ווי וועט פעפער זיך אן אייצע געבן מיט דער סטאטישער אוקראינישער־ראָמאנטישער טראדיציע, וואָס הענגט פון יאָרן לאנג איבערן דנעפּר, איבער דער „שטילער אוקראינישער נאכט״, איבער גאָגאָלס „כוטער־אָוונטן בא דיקאנקע״.

דער גורל פון דער „ווייצענער וועלט״ — ס׳איז געוואָרן דער גורל פון פעפערס פאָלקלאָריסטיש־באלאדישן גאנג.

פעפער גופא האָט עס גאנץ גוט פארשטאנען.

שוין אין איינע פון זײַנע ערשטע לידער פון „געפונענע פונקען“ („דנעפּרבוי“) רעדט פּעפּער וועגן דער רצחאַנטישער כּמעלניצקי־מאַזעפּע־טראַדיציע, וואָס הענגט איבער דער דנעפּר־טעמע. אין א צווייטן ליד—„רײַך זײַנען ברעגן“ וויקלט פאַנאַנ־דער פּעפּער פּעטע אוקראַיִנישע נאַטורמאָרטן „מיט קאַרשן ווי אויגן און פערשקלעך געלע“, אָבער טייקעף נאָך דעם גייט „פּעפּערס א פּאַראָדיע־איבערוף מיט גאַנ־גאַלס "Чуден Днепр“.

די פאַנטאַסטישע „גלאָז“ פון גאַגאָלס דנעפּרישער אידילישער ראַכוועס ווערט פאַרשוועכט מיט „כוואַליעכלעך רויטע“ פון קאָמיוגישן בלוט מיט אויפ־ברויז פון „טריפּאָליע“.

אָט דער אייגנאַרטיקער (קינאַאַרטיקער) טריפּאָליע־אָנשווום באַגלייט קימאַט ווי אומעטום דעם געזאַנג פון פּעפּערס „דנעפּרבוי“.

יעדער דעמב, יעדער בריק, יעדע כוואַליע איז אָנגעלאָדן מיט דער העראָיִק פון פאַרגאַנגענע שלאַכטן:

„אזוי האָט א דעמב, וואָס מע האָט געכטן געבראָכט,
דערציילט אינדערשטיל פון א וואַלדישער נאַכט
אין א פינצטערן וואַלד, אין א פינצטערער פרעמד
פון א מיידל א יונגס אין א בלוטיקן העמד“.
(געפ. פונקען, ז. 65).

דאָסדאָזיקע יונגע מיידל אין א בלוטיקן העמד רײַסט אויף די טראַדיציאָנעלע גאַלעריי פון די אידילישע אוקראַיִניש־עקזאָטישע אָקסאַנעס און האַנעס, אָבער דאָס איז בעפּיירעס וויניק.

מיר וואָלטן, פאַרשטייט זיך, אָן אָט דאָס פאַרבלוטיקט מיידל, אָן אָט די אַלע אומ־צאָליק געפאַלענע „בלאָנדע קאָמסאָמאָלקעס“ און „יאַטן“ ניט געקומען צו אונדזער סאָציאַליסטישן בויען—דער וועג צו קיטשקאַס פירט דורך טריפּאָליע,—אָבער די העלבעלעס פון קיטשקאַס פאַרמאָגן זייערע א העראָיִק, זייערע אַן, אומ־פאַרגעסלעכע געשיכטע.

דער דראַנג פון א שטרויענער ראַסיי צו אן אײַזנבעטאָנישער סאָציאַליסטישער פ.ס.ס.ר.; דער מעכטיקער טעכנישער פּאַטאָס, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט אונדזער קלאַס, אונדזערע הונדערטער, טויזנטער שלאָג־בריגאַדעס; דער גראַנדיעזער פּאַרמעסט: „דעריאָגן און איבעריאָגן“—אָט דידאָזיקע „שטאָלענע וועלט“ האָט געפּאָ־דערט איר נײַעם סטיל, איר נײַעם געזאַנג. ניט דער סטאַטיש אָרנאַמענטישער פּאָלקלאָר, וואָס איז אייגנטלעך אָנגעזאַפּט מיטן „אידיאָטיזם פון דאָרפישן לעבן“, ניט די אַלטע באַלאַדע־פּאָרמע, וואָס ווערט צעשמאָלצן אין די פלאַמען פון אונדזערע עלעקטרישע אויוונס, ניט דער לירישער פּייזאַזש און ניט דער אוקראַיִניש־זאַפטיקער נאַטורמאָרט—זיי אַלע קאָנען ניט געבן דעם געהעריקן דינאַמישן אויסדרוק פאַר די „הונדערטער זאַוואָדן, הונדערטער פאַבריקן“.

איבערדרוקנדיק זײַנע „געפונענע פונקען“ אינעם בוך „געקליבענע ווערק“, האָט פּעפּער, ווי עס שײַנט, באַוווּסטזיניק אויסגעמעקט פון זײַן פּאָעמע די גאַנצע באַלאַדע

„א מײַסע װעגן א מישפּאָכע", א רײי אוקראַיִנישע נאַטורמאָרטישע קאַפּיטלען, װאָס האָבן פאַרבאַלאַדעװעט און פאַרנאַטורמאָרטעװעט די אינדוסטריאַליזיר־פּראָצעסן, אָבער װײַטער פון אָט דעם „רעמאַנט" איז פעפער ניט געגאַנגען.

אפן דנעפּרבוי הענגט אין א גאַנץ גרויסער מאָס דער ראָמאַנטישער כײַן פון דער אוקראַ־יִניש־סטיליזירטער באַנדורע און פון דער פאָלקסטימלעכער „אַנטציקטער סאָרע־הינדע".

פאַרשטײט זיך, אז עס װאָלט געװען ניט ריכטיק, װען מיר זאָלן אינגאַנצן ניט דערשאַצן יענע היסטאָרישע באַדײַטונג, װאָס פעפערס „דנעפּרבוי" האָט פאַר אונדזער יונגער פּראָלעטאַרישער פּאָעזיע.

פעפער האָט דאָך דער ערשטער (װי שטענדיק!) געװאַגט אײַנשפּאַנען זיך אין אזא פאַראַנטװאָרטלעכער טעמע װי „סאָציאַליסטישע רעקאָנסטרוקציע". פעפער האָט, בא אלע כעסרוינעס פון אָט דער פּאָעמע, דאָך געגעבן א רײי גלענצנדיקע לי־דער, װאָס זײַנען אָנגעזאַפּט מיטן פּאַטאָס פון בויונג.

אָט, לעמאָשל, דער ליבגעזאַנג די כװאַליעס, װאָס װעלן „פאַרטרינקען א דרײַ טויזנט הויפן" (געקל. װערק, ז. 327), איז דאָך בעפּיירעש א דערהויבן פּאַטעטיש ליד װאָס רײַסט אויף די באַלאַדישע מײַסעדיקײַט פון דער סטיליזירט־ראָמאַנטישער אוקראַיִנע.

אָבער אפילע דאָס איז ניט בעקויעך פולשטענדיק צו פאַרהילכן דאָס קרעכצן פון די דעמבעס און קליאָנען, װאָס „גײען צום טויט":

צי האָט איר געהערט, װי סע שװײַגן די דעמבעס,
װען זײ ליגן אף װאָגנס געבונדן?"

(געקל. װ., ז. 320).

ס'איז א טיף־טראַגישע רעקװיעם־ליד דער „װײצענער װעלט" און עס דער־מאָנט יעסענינס בילד פון טװוע־שניט, װוּ די זאַנגען װערן געשניטן, „װי מע שנײַדט שװאַנען די העלדזער".

עס זײַנען פאַראַן, פאַרשטײט זיך, אין דער פּאָעמע לידער, װוּ פעפער גײט שוין צו דירעקט צו דער בויער־טעמע, צום טעכנישן פּאַטאָס פון דער „שטאָלע־נער װעלט", אָבער אָט די לידער זײַנען פאַרקװעטשט אונטער דער לאַסט פון שטעטלדיקער „אינדוסטריע"—„פון אײן זײַט א האַמער, פון צװײטער א זעג".

עס דערציילט זיך יאָ װעגן באַרזשעס „װאָס שלעפּן די פרעמדע מאַשינעס"— אָבער װוּ זײַנען זײ?

װוּ איז דער געזאַנג פון מאָדערנעם שטאָלענעם ריז—דער עקסקאַװאַטער, דעם עלעקטרישן האַמער, דעם טראַקטער? ניטאָ.

אין ציקל לידער „סנאָפּעס" װערט דערמאָנט א טראַקטער, אָבער אזא היימיש, שטעטלדיקער איז ער:

„ליגט דער טראַקטער היימיש, מעכטיק און צופרידן,
טראָגט מען אים אנטקעגן אײגן ברויט און זאַלץ,
טאַנצן קאָמיוגיסטן, פרייען זיך די ייִדן".

(געקל. װ., ז. 264).

אזוי פלעגט מען פארצײַטנס ארײַנפירן א נײַע טויפערטווירע אין שול...
און אז מיר לייענען אזעלכע שורעס:

„אָט ווארטן שוין ב ר ע ט ע ר, אָט פירט מען שוין ל י י ם,
אָט שטייט שוין א וואנט פון מײַן אלעמענס היים".
(געקל. וו., ז. 315).

דערמאָנען זיך אונדז ניט די בויער פון אונדזערע סאָציאַליסטישע שטעט, נאָר שאָלעם־אַלייכעמס „ארכיטעקטער"—„שוין איינמאָל־מוישע"...

מע קען ניט מיט אַלטע טעמפּן, מיט דער אַלטער לעקסיק, מיט אַלטע מעטאפאָרעס באזינגען די טעמע פון אונדזער סאָציאַליסטישן בויען.

די „אנטציקטע סאָרע־הינדע" (געפ. פונקען, ז. 67). קאָן ניט געבן אונדז א ביל־דערישן באגריף וועגן אונדזער עלעקטריפיקאציע.

פעפער האָט געמוזט מיט געזונטן דיכטערישן כוש דערפילן, אז זײַן „דנעפּרבוי" איז ניט דערשריבן, אז די רעקאָנסטרוקציע־טקופע פאָדערט אויך א נײַעם ר ע ק אָ נ־ס ט ר ו ק צ י ע־ס ט י ל.

ס'איז שווער פאָרויסזאָגן איצט, ווי וועט ער אויסקוקן געענוי—אָט דער סטיל.

איינס איז אָבער קלאָר: די ייִדישע פראָלעטארישע פּאָעזיע קאָן ניט בלײַבן בא דער שטעטלדיק־באגרענצטער פּאָעטיק פון נעכטן.

דער טראקטער פאָדערט ניט נאָר מע זאָל שרײַבן וועגן אים, אז ער איז א „מעכ־טיקער"—נאָר מע זאָל אים ו י ז ן!

מער איידער ווו עס איז און מער איידער ווען עס איז לעכצט איצטער אונדזער פּאָעזיע נאָך די בארימט־געוואָרענע, איגנאָרירטע „טראנסמיסיעס און שקיוון".

אָבער דאָס איז וויייניק. די רעקאָנסטרוקציע־טקופע האָט שוין באוויזן, אז דער יעסעניניסטער ר אָ מ א נ ס ן־ג א נ ג און ביכלאל די „אלמענטשלעכע" זינגעוודיקײַט איז אָפּגעשטאָרבן.

אין טאָגטעגלעכן קאמף פאר א שלאָג־בריגאדע, פאר געהעכערטע טעמפּן, פאר אראָפּגעזעצטן קערן־פרײַז וועט מוזן אונדזער פּאָעזיע געפינען יענע נײַע, ב א וו ע ג־ל ע כ ע, ש ל אָ ג־פ ע ר ט י ק ע ז ש א נ ר ע ן, וואָס פלעכטן זיך דורך מיט צײַטונג, מיט לאָזונג, מיט פּראָדוציר־ביולעטענען...

פ א ר ש ל אָ ג פ ע ר ט י ק ײַ ט! פ א ר פ ו ב ל י צ י ס ט י ק!

פעפער—איינער פון אונדזערע זאפטיקסטע און הײַנטיקסטע דיכטער—האָט גע־מוזט פילן אָט דעם רוף פון דער צײַט.

ער האָט אים דערפילט.

צוזאמען מיט א קליינער גרופּע רעוואָליוציאָנערע קרעפטיקע פּאָעטן אונדזערע רײַסט זיך איצט פעפער צו נײַעם וואָרט, צו נײַע זשאנרען.

מיר האָבן דאָ אין זינען פעפערס קער צו דער פּאָעטישער, הומאָריסטיש־פובלי־ציסטישער מיניאַטור, צו דער טאָג־סאטירע, צום זשאנר פון „פּאָטאָ־פערזן".

אָנהויבנדיק פון די „שפענער" און ענדיקנדיק מיט די לעצטע לידער, איז פעפער געווען איינער פון די געציילטע בא אונדז דיכטער, וואָס פלעגט „פארשוועכן" זײַן מוזע מיט פובליציסטיק, מיט פּאָעטיש־פובליציסטישער פּאָלעמיק.

שוין אין יענע ערשטע לידער, ווו פעפער האָט געפירט ליטעראַרישע פּאָלעמיק מיט רעזניקן, האָפּשטיינען, ניסטערן און מיט די אַלע „דיכטער געבונדענע, וואָס האנדלען מיט שרעק און געוויין". שוין דענסטמאָל ווערט רייף זײַן קער צום פובליציסטישן זשאנר.

זײַנע לעצטע לידער, זײַן גלענצנדיקער „בריוו שאָלעמאַלייכעמען", ווו פעפער אנטפּלעקט זײַן פײַנעם הומאָר, זײַן פעיִקײַט צו אָפּערירן מיט דער ליריש־פובליציסטישער אָפּווענדונג—דאָס אַלץ זאָגט איידעס וועגן אָנגעשטרענגטע שעפערישע זוכענישן בא פעפערן.

„ס'איז דאָ א ליד,
זי איז נאָך ניט געבאָרן".

(געקל. וו., ז. 352)

שרײַבט אין איין אָרט פעפער. אין א צווייטן אָרט (ז. 362) כאַזערט פעפער איבער דעמזעלבן געדאנק:

„כ'האָב נאָך מײַן ליד ניט פארענדיקט,
כ'האָב נאָך מײַן וואָרט ניט דערזאָגט".

מיר זײַנען אויך פעסט איבערגעצײַגט, אז פעפער האלט נאָך ווײַט, ווײַט צום סאָף פון זײַן ליד.

פעפער ווייסט, וואָס פאר א געפארן עס שטייען פאר אים אף אָט דעם וועג.

„נאָר עפּעס בונטעווען די גרינגע גראמען"—איז זיך מוידע אין איין אָרט פעפער. דאָס זײַנען די „גרינגע" שטאמפּן פון פעפערס שטעטלדיקער פּאָלקלאָריסטיש־ראָמאנטישער פארגאנגענהײַט, פון זײַן אמאָליקן סכעמאטיזם, וואָס האָט בעשײַטוי געשטויסן פאָרויס אונדזער יונגע פּראָלעטארישע ליטעראטור.

אָבער פעפער איז ניט יענער דיכטער, וואָס קאָן פארגליווערט ווערן. דער ברויז פון זײַן קלאסן־באַזע שטויסט אים פאָרויס צו נײַע וועגן, צו איבערבאַוואָפענונג פון זײַן סטיל, פון זײַנע זשאנרען [1]. ער וועט נאָך פיל ניצכוינעס האָבן אף זײַן וועג—דער קאָמוניסטישער זינגער—איציק פעפער.

[1]) ווען אָט דער ארטיקל איז געשריבן געוואָרן, איז שוין בוילעט געווען צו באמערקן פעפערס קער צו נײַע „פונקציאָנעלע", אזוי צוזאָגן, זשאנרען—צו דער אקטועלקײַט פון אונדזערע טעג.

פעפערס בוך, „געוועטן", וואָס איז איצט דערשינען, באשטעטיקט ווידעראמאָל, אז פעפער איז דער סאמע באוועגלעכסטער, טעמפּעראמענטפולער דיכטער אונדזערער, אז ער טאקע מאכט די ערשטע (אָפּטמאָל גלענצנדיקע) עקספּערימענטן מיט נײַע זשאנרען, אז זײַן קער צום פּאָעטישן פעליעטאָן, צו דער עפּיגראם, צום שלאָג־ליד גאראנטירט אים פון פארגליווערט ווערן אף דער אלטער ראָמאנטיש־באלאדישער באַזע.

זײַן בוך „געוועטן" פאָדערט אָבער גאָר א באַזונדערע אָפּהאנדלונג.

ווײַל זײַן וועג איז א ריכטיקער, ווײַל ער ווייסט דעם סאָד פֿון נײַעם געזאנג:

„אויב ניט זינגען העכער,
איז צו וואָס מײַן ליד”.

(ז. 364).

ווײַל ער האָט מוט געהאט קעגנשטעלן זיך אלע קאסרילעווקער פײַנשמעקער, וואָס באשולדיקן אים אין פרימיטיווקייט, אין אויסשרײַען:

„ווען מע זאָל כאָטש איצט
לייענען אונדז ווי שאָמערן”.

(ז. 369).

באזיגן דעם ברייטסטן מאסן־לייענער, (ווי דאָס האָט זיך אײַנגעגעבן שאָמערן): אף א נײַער, אף א ברייטערער און העכערער קולטור־באזע ווערן א מאסן־דיכטער,—צי איז עס ניט דער טרוים פון יעדן עכטן רעוואָליו־ציאָנערן, פראָלעטארישן דיכטער?

פעפער רײַסט זיך צו נײַעם וואָרט, צו נײַע זשאנרען, צו נײַעם בילד—מיר גלויבן—ער וועט זיך דורכרײַסן.

מײַ, 1930.

# היימלאָזיקייט.

(וועגן ל. רעזניקס לידער־בוך „היים").

„מייַן וואָרט איז אין וואָגל
איך פלאָנטע א ליד"...
(ל. רעזניק. „היים", זייַטל 131).

פאראן אין דער מארקסיסטישער ליטעראטור־קענטעניש א גאָלדענער קלאל: ניט גלויבן קיין שרייַבער אפן וואָרט, כ'מיין, אפן אויבנאויפיקן פובליציסטישן וואָרט זייַנעם, אף זייַנע בריוו אין רעדאקציע, אפן טיטל פון זייַנע ווערק.

די אינערלעכע, אָביעקטיווע קלאסן־פרוזשינעס פונעם קינסטלערישן שאפן ווילן צו מאָל גאנץ ווייניק וויסן פון אָט אָ די מעכאנישע, פובליציסטישע קאָ־רעקטיוון, ווי אופריכטיק דער קינסטלער זאָל זיי ניט מאכן [1]. ס'איז א קלאל, וואָס קאָן איליוסטרירט ווערן מיט אסאך ליטעראַרישע פאקטן, און ווילט איר דערוף גאר א פרישן, א צאפלדיקן בייַשפיל,—טאָ נעמט כאָטשבי ל. רעזניקס לעצטן לידער־בוך.

אפן שארבלאט שטייט אָנגעשריבן—„היים", מיט גרויסע אזוינע, קידעשלעוואָנע־דיקע, רויטע אויסיעס שטייט עס אָנגעשריבן!

נו, איז וואָס איז דערפון?

אוואדע איז עס א ווילער טיטל—„היים", ביז גאָר א ווילער טיטל! א קינסטלע־רישע פראָגראם קאָן מען זאָגן! ס'שמעקט דערפון מיט ערד, מיט טיפער פאר־וואָרצלטקייט, מיט לייַביקן מענטשלעכן אָטעם, מיט קער צו אונדזער הארטער ווירק־לעכקייט, און ווען נאָך איז עס אזוי נויטיק—אָטאָ די היים, אָט די ווירקלעכקייט—ווי אונדזער פארשפעטיקטן, היימלאָזן סימוואָליזם און טאקע אזא שרייַבער ווי ל. רעזניק?

ל. רעזניק וועט, פארשטייט זיך, ניט מאסקים זייַן, אז זייַן סימוואָליזם איז א היימלאָזער. ל. רעזניק וועט אייַך מינאסטאם באלד מאכן א כעשבן (א סימוואָלישן כעשבן!), אז בעכיין, ער „מאכט אָן איינהאָרע א לעבן" אינעם גאנידן פון סימוואָ־ליזם, און וווינט אין „גלעזערנע שלעסער" מיט מעלאָכים און מאלקעס, און „גייט

---

[1]) אָט די פובליציסטישע קאָרעקטיוון זאָגן איידעס ווען אידעאָלאָגישע אָנשטרענגונגען פונעם קינסטלער, און אין אזא זין דארפן זיי גענומען ווערן אין אכט, אָבער זיי קאָנען ניט פארבייַטן קינסטלערישע טעקסטן.

אויף אף גאָלדענע טרעפּ" צוזאמען מיטן גאנצן „פאָלק" און „רויכערט זיין ווײַרעך אף בעטאָן און אײַזן" און נאָך און נאָך, — מיר אָבער ווייסן דאָך, אז קײַן פּולס איז ניטאָ...

מיט קײַן שום געזאנגען וועגן „מירמלנע פּאלאצן" און פּארקישעפּטע מעלאָכים און „ווײַסע הארנטעס" און „ריטער פון סאָף־נאכט", מיט קײַן שום „הויכן גאנג" האָט ל. רעזניק, דער סימוואָליקער, קיינמאָל ניט געקענט פארזינגען זײַן אידעיִשן דאלעס, זײַן סאָציאלע היימלאָזיקײַט, זײַן היסטאָרישע פאריאָסעמטקײַט. וואָרעם גראָד אָט דער רעזניקישער „הויכער גאנג" גיט צו וויסן, אז זײַן סאָציאלע ספּעציפישע וואָג פאלט קאטאסטראָפיש. ווען א סאָציאלע גרופּע זינגט וועגן „מירמלנע פּאלאצן" און „שטערנישע וועגן", איז האָט איר א סימען, אז זי פארמאָגט ניט אין איר רעשוס אפילע דעם מינימום פון סאָציאלן „זשילפּלאָשטשאד" דאָ, אף דער ערד, און טאקע דעריבער שפּארט זי אָן אין די „מירמלנע פּאלאצן". דער „הויכער טשין" און דער סאמעט און פּורפּור פון רעזניקס פּאָעטישע געשטאלטן דארף קיינעם ניט איבעראשן.

נעמט אָט די אלע רעזניקישע פּארקישעפּטע און ניטפּארקישעפּטע מעלאָכים מיט די אָנגעצונדענע און מיט פארלאָשענע לאמטערנעס — צי איז דען ניט זייער פּאפּירענע קרוין לאנג שוין פארזעצט אין לאמבארד פון דער געשיכטע? און ווילט איר, איז דאָך יעדער פון אָט די „ריטער פון סאָף נאכט" גרייט אײַך אָפּצוגעבן זײַן „כאצי־מאלכוס" פאר א גמילעסכעסעד אף שאבעס! און רײַסט איר אראָפּ דעם סימוואָלישן סאמעט און פּורפּור פון אָט די אלע „הארנטעס ווײַסע" און סאמעראָדנע „קויהאנים גדוילים", — וועט איר דאָך דערזען שמאטעס פון סאמעראָדנע קאבצאנסקער פארשמײַעטע קרעמער, וואָס ציטערן איימעסמאָוועס פאר א פינינספּעקטאָר און פאר פּאָגראָמען אין פאר נײַע גזיירעס.

מעכאניש פארגלײַכן דעם פּערספּעקטיקטן סימוואָליזם פון אונדזערע „שטראָם"־סימוואָליקער מיטן יונגן סימוואָליזם פון אייראָפּע וואָלט געווען מער ווי נאיִוו. אונדזער נאָכאָקטיאבערדיקער „קיִעווער" סימוואָליזם האָט דאָך ניט אויסגעפּילט אפילע יענע שטיקל ראדיקאלע פונקציע, וואָס דער יונגער אייראָפּעיִשער סימוואָליזם האָט אויסגעפּילט בעשײַטוי אינעם קאמף קעגן דער בורזשואז־באלעבעסלדיקער באגרענעצטקײַט. אונדזער סימוואָליזם האָט אראָפּגעזעצט דעם ראדיקאלן סימוואָליזם צו דער מאדרייגע פון ייִדישלעכן אלעגאָריזם, ווו ניט דער קאָנקרעט ווערט דערהויבן צו א סימוואָל, נאָר אן אבסטראקטע סכעמע פיגורירט אלס אן אָנצוהערעניש, אלס א פּשעטל אף גוואלדאָוונע פּראָבלעמען. דער ייִדישער נאָכאָקטיאבערדיקער סימוואָליזם איז לעכאטכילע געקומען אינגאנצן אן אידייען־קאבצן. ער איז געבוירן געוואָרן אונטער יענער באלעבעסלדיקער קאָלדרע, וועגן וועלכער עס שרײַבט אין איינעם פון זײַנע לידער ל. רעזניק, און אזוי ארום האָט ער ניט געקאָנט אימפּאָנירן אפילע מיטן פיצל אינטעליגענטישע געהיימניספולקײַט, מיט וועלכער ס'האָבן בעשײַטוי אימפּאָנירט די „דרײַצן שלייערן" פונעם סימוואָליזם. ער איז אופגעקומען — אונדזער „שטראָם"־סימוואָליזם — אלס דער סטיל פונעם צערוויִנירטן און צעטומלטן קליינבירגער אין יאָרן פון גראנדיעזע סאָציאלע שלאכטן.

וועז אָט דידאַזיקע סאָציִאַלע אילויזאָרישקייט, היימלאָזיקייט און צעטומלטקייט פונעם קליינבירגער איז איבערגעזעצט געוואָרן אף דער שפּראַך פון ליטעראַרישע סטילן, האָבן מיר באַקומען דעם ייִדישלעכן אַלעגאָריזם פונעם „שטראָם״־פּעריִאָד.

די סאָציִאַלע אילוזאָרישקייט האָט אף דער שפּראַך פון אָט דעם אַלעגאָריזם באַטייט ליטעראַרישן איראַציִאָנאַליזם, מיסטיק, אידעיִשן דאַלעס, פּונקט אַזוי ווי די סאָציִאַלע צעטומלטקייט האָט באַטייט—קאָקעטירן מיט מיסטישן שרעק (עמיצער קומט... עפּעס וועט געשען...) און ווי דער סאָציִאַלער קאָנסערוואַטיזם האָט באַטייט—קאָנסער־וואַטיווע פּאָעטיק (אָט דעם גאַנצן פּורים־שפּיל מיט די אַלעגאָרישע מלאָכים און ריטער און קויהאַנים). דידאָזיקע כוואַליע האָט בעשייטאָ געשטעלט אין סאַקאָנע אונדזער גאַנצער יונגע נאָכאָקטיאַברישע ליטעראַטור—אי די פּאָעזיע, אי די פּראָזע. דעריבער טאַקע איז געווען אַזוי פריידיק צו הערן, אַז איינער פון אונדזערע סימ־וואָליסטן־דיכטער—ל. רעזניק באַטיטלט זײַנעם א נ ײַ ע ם בוך לידער אַזוי וואָכעדיק און וואָרהאַפטיק—„היים״.

צי איז עס ניט אַמאָל א קער צו אונדז, צו דער ערד, צו אונדזער וואָר?

ווײ, ווײ!

ווידעראַמאָל האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די שילד איז נאָך ניט די קלייט.

וועך מיט היים, וואָס מיר היים!

„דאָס פּאָלק (רעזניקס „פּאָלק״) גייט נאָך אַלץ אויף אין שטאָט און נידערט אין טאָל״; און אין „בלויליכע רויכן בענקען נאָך אַלץ טונקעלע דיכטער״; און „די טעכ־טער פון לאַנד טרעטן נאָך אַלץ אף די הויכן״; און „דרייען גליטשן זיך נאָך אַלץ אך זיבן שיפלעך צו צוועלף גלעזערנע טויערן״; און „שאָמרים אף די טורעמס״... ווייסט איין גאָט אין הימל, וואָס אָט די שאָמרים טוען אף די טורעמס... מינאַסטאַם לעפּיִרעך דאָסזעלבע, וואָס דער „קעניג מיט דער פאַרלאָשענער לאַמטערן״, וועלכער דרייט זיך אַרום אָן א שטאָך אַרבעט איבער פעלדישע אָנשנייען.

נו, איז וואָס זאָגט איר צו אונדזער „היים״ אין פּ ע ר י ִ אָ ד פ ו ן ס אָ צ י ִ אַ ל י ס־ ט י ש ע ר ר ע ק אָ נ ס ט ר ו ק צ י ִ ע?

זאָגן קאָן מען שוין גאָרניט—ס׳איז שוין שפּעט צו זאָגן, וואָרעם ל. רעזניק האָט אינעם בוך „היים״ (דערשינען אין מעלוכע־פאַרלאַג פון אוקראַיִנע אין 1929 יאָר!) איבערגעדרוקט קימאַט אַלע זײַנע א ל ט ע לידער פונעם „שטראָם״־פּעריִאָד! פון 80 לידער אין בוך „היים״ זײַנען אָן ערעך 60 אָנגעשריבן ביזן 1925 יאָר! ד אָ ס ה ײ ס ט—א ל ץ ל י ד ע ר, ו ו ע ל כ ע מ א נ י פ ע ס ט י ר ן ד י ס א מ ע ע ר ג ס ט ע ט ר א ד י צ י ע ס פ ו נ ע ם ש ט ר אָ מ י ש ן ע ס ט ע ט י ז ם א ו ן ס י מ ו ו אָ ל י ש ע ר ש ט א מ ל ע נ י ש! די איבעריקע עטלעכע און צוואַנציק לידער זײַנען אין אַלגעמיין א וו א ר י ִ א צ י ע פ ו ן ד י ז ע ל ב ע „ש ט ר אָ ם־ט ר ַ א ד י צ י ע ס.

ס׳איז פּאָשעט צו באַוווּנדערן!

אינעם „שטראָם״־פּעריִאָד פון אונדזער ליטעראַטור האָט די כוואַליע פון עסטעטיזם און סימוואָלישער שטאַמלעניש געהאַלטן אין געפענגעניש ניט איין ייִדישן שרײַבער. אָבער איצט איז דאָך שווער אָנצווײַזן אף א סאָוועטישן שרײַבער, וועל־

כער זאָל פאַר אָט די עטלעכע יאָר פון זיגרײַכן סאָציאַליסטישן בויען און מאסן־אופשטײַג ניט איבערלעבן ווייען פון אידעיִשער פאַרוואַנדלונג, פון קינסטלערישן ווידערגעבאָרן! נעמט אזעלכע אויסגעשפּראָכענע קרעפטיקע דיכטער פונעם „שטראָם“־פעריאָד, ווי פינינבערג, האַלקין. ביידע — מיט א היפשער אָנלאָדונג פון נאַציאָנאַל־מיסטיציזם — אָבער זעט ס'אַרא וועג זיי האָבן דורכגעמאכט:

„זײַ מוידע, זײַ מוידע און זאָג אָט די ווערטער:
ס'איז ווידערגעבאָרן פון אלעף באַשערט דיר.
פאַרנויג זיך פון טיפן און זאָג מיט די ליפּן:
געזעכט און געבענטשט זײַט איר אײַזערנע זיפּן,
פאַר אָפּקלײַב פאַר הארבן, פאַר שטרענגען פאַר קלאָרן,
פאַר אָפּגיין, פאַר אומקום, פאַר ווידערגעבאָרן“.
(ש. האַלקין).

אָטאָ די לײַדנשאַפטלעכע שורעס זאָגן איידעס וועגן א שווערן אָבער פרוכט־באַרן פּראָצעס פון פאַרוואַנדלונג פון ווידערגעבאָרן, וואָס פאַרכאַפּט די בעסטע עלעמענטן פון אונדזער אמאָליקער סימוואָלישער „שטראָם“־דיכטונג.

איין ל. רעזניק איז געבליבן ניט גערירט ווי א שטיין.

איך מיין, אז איך האָב די פולע רעכט צו זאָגן אזוי קאַטעגאָריש — ניט גערירט — ווײַל ניט די געציילטע מעכאַנישע קאָרעקטיוון, וואָס רעזניק האָט ארײַנגעטראָגן אין בוך „היים“ און ניט זײַנע איינצלנע שורעס וועגן אונדזערע סאָוועטישע מאַנעוורעס און פּיאָנערישע מאַניפעסטאַציעס, בײַטן ניט די לאַגע.

וואָרעם לאָמיר אפילו קאָנסטאַטירן, אז רעזניק, לעמאָשל, האָט ניט איינגעשלאָסן אין זײַנע „קאָלקיסווע שטראָם“ די באַרימטע לידער וועגן די „קויהאַנים און דאָס פאָלק, וואָס שטייען אין אזאָרע“, אָדער לאָמיר אפילו, לעמאָשל, מוידע זײַן, און אין ברען פון „סאָוועטיזירונג“ האָט ער ארויסגעוואָרפן אביסל אלטע לידער וועגן גאָט און אביסל פּסוקים פון טאַנאַך — נו, האָט זיך דען עפּעס דערפון געענדערט?

צי דען מיינט רעזניק, אָדער דעו' פאַרלאַג, וואָס האָט אים ארויסגעלאָזט, אז די, אָדער יענע מעכאַנישע קאָרעקטיוון קאָנען ענדערן ד אָ ס ג ע זי כ ט פון א דיכטער?

מיט וואָס פרעג איך זײַנען די ארויסגעוואָרפענע „קויהאַנים“ ערגער פון די איבערגעבליבענע „האַרנטעס ווײַסע“ און פון די „ריטער פון סאָף נאַכט“?

און צי דען האַנדלט זיך עס אינעם פּאָסעק פון טאַנאַך?

ס'האַנדלט זיך דאָך אין א גאַנצן סטיל, אין א גאַנצער דיכטערישער וועלט־עמפּינדונג, וועלכע איז פ ר ע מ ד אונדזער סאָוועטישער ווירקלעכקײַט, פרעמד אונדזער דאָר, פרעמד אונדזער קולטור־גאַנג.

און אָט האָט איר א סימען:

אינעם בוך זײַנען פאַראַן עטלעכע, אזוי צו זאָגן, „סאָוועטישע“ לידער. איז אָבער גראָד זיי — די „סאָוועטישע“ לידער — דערווײַזן, אז ס'האַנדלט זיך ניט בלויז אין דער ט ע מ ע, מאַכמעס באַקומען האָט זיך אזוי: דידאַקטיקע „סאָוועטישע“ לידער — אָדער זיי

זײַנען צײַטונגמעסיקע, געגראמטע שורעס וועגן מאנעוורעס, לעמאָשל („רויטע און בלויע"), אָדער זיי זײַנען שטאמפּאָווע, סימוואָלישע סטיליזאציעס.

איר לייענט, אשטייגער, א ליד וועגן „בראָנעוויק געוויטער". א ליד וועגן א באָלשעוויסטישן בראָנעוויק אין בירגער־קריג:

„אין גאסן צעברענען זיך זונען,
און טאָג איז געפאלן אף שטאָט און אף בערג, ווי געפאלענער שניי,
איז דער שעליעך דער יונגסטער געקומען
דערציילן כידושים פון טאָג און פון טײַך און פון רויטער ארמיי".

(ז. 105)

אָטאָ דער אבסטראקט־סימוואָלישער „יונגסטער שעליעך" און דער „נאקעטער טאָג אפן טײַך" און די גאנצע ביכלדיק־סימוואָלישע לעקסיק פונעם ליד פארוואנדלט דעם בראָנעוויק אין עפּעס א באָנבאָניערקע פון „בלוילעכע ווײַטן".

אָדער נעמט דאָס ליד, געווידמעט לענינס טויט. לייענט יענע אויסגעדראָשענע צענעורענעדיקע שורעס, וואו ס'רעדט זיך וועגן „זין און טעכטער", וואָס „וועלן אופגיין... פון אינדזלען און פון לענדער אין שטאָט, וואָס הייליקער פון אלע שטעט אין שטאָט פון רויטן לענין" (ס'פעלט נאָך צום רומל א קאָרבן מיט באגילדעטע הערנער!)—צי דען האָט עס א וועלכע ניט איז שײַכעס צו לענינען און צו דער רעוואָליוציע?

און וועלכע שײַכעס האָבן צו דער וואָלגע—צו דער לעבעדיקער, סאָוועטישער וואָלגע—די אויסגעדראָשענע עקזאָטישע „דובינושקע"—שטאמפּן וועגן „בלאָנדע יונגען, טרעגער אף די ברעגן" און וועגן א סקארבאָווער מיידל, וואָס זיצט בא דער „מאמע וואָלגע" און קאָן זיך ניט דערווארטן אף איר געליבטן?

און איז שוין אפילע באשערט געוועזן דער זעמאָ־אווטשאלער עלעקטרע־סטאנציע, הינטער טיפליס, צו „פארייביקט" ווערן אין רעזניקס א ליד, איז זעט וואָס ס'האָט זיך באקומען:

„קאזבעק איז אין זילבער און איבער די בערג,
קאזבעק איז אין זילבערנער גאדלעס—און וויסט
עלעקטרישע סרייפעס—גרויסשטאָטישע היים—
אין רויט און אין אוראלט—די הויפּטשטאָט טיפליס".

(ז. 122).

פון אָט דעם „זילבערנעם קאזבעק", פון די סימוואָלישע „עלעקטרישע סרייפעס" און פון דער „קעניגן טאמארע"—זײַט אזוי גוט און „טײַטשט אויס" אונדזער סאָציאַליסטישן בויען...

אוואדע איז עס ניט פון די גרינגע זאכן. ביפראט נאָך, אז דער דיכטער אליין איז, ווי ס'שײַנט, שטארק אין דעם מעסופּעק:

„מע זאָגט, אז אף כורבן
וועט אופשטיין דער בויער
און כורבן פארבויען
מיט רויכיקע שטאָקן".

(ז. 54).

עס, מאַלע וואָס מע זאָגט:

„דערוויַיל איז מיַין טרייסט, וואָס איך טרייסט זיך מיט גראַמען,
און איך מיין, אַז איך ווייס ניט, וואָס מיַין קינד איז באַשערט".
(ז. 134).

אָט, אָט! מ'קאָן עס אים גלויבן. זיַין גאַנצער בוך זאָגט אײדעס וועגן דעם, אַז ער האַלט גאַנץ שמאָל, דער דיכטער, אַז ער זוכט אַ טרייסט פון יענער גרויסער סאָציאַלער היימלאָזיקייַט, וואָס לויערט אויף אים:

„איך בלאָנדזשע און פּלאָנטע,
פארשפּעטיקטע ראָגן,
באַגעגן איך איינעם,
באַגעגן אַ צווייטן
און גיי זיי באַלייטן
און ביידע מיר זאָגן:
ס'איז פרעמד אונדזער אומגיין
מיר זיַינען געציילטע".
(ז. 53).

צי וועט ער געפינען די טרייסט?

נאַרישקייַטן! ווי קאָן ער זי געפינען, אַז די שורעס וועגן „טרייסט" און וועגן „טרויער" און וועגן „בלאָנדזשען"—דאָס זיַינען דאָס אַלץ ביכלדיקע אַלעגאָרישע שטאַמפּן, אָן קיין שום שייַכעס צו וועלכער ניט איז פּראָבלעמען־וועלט.

אומזיסט זיַינען אַלע סימוואָלישע קונצן און פּראָבלעמען־קוועטשענישן וועגן „נישטיקן זיַין און ניט זיַין" (ז. 93).

צי דען ווייסן מיר ניט אָט דעם סקאַרבאָוון קלאַפּער־געצייַג פון סימוואָלישער מעלאָכע?

קוידעמקאָל ווערט אָנגעוואָרפן אַ פּאַכעד אויפן טמימעסדיקן לייענער—זאָל ער—דער לייענער—צעטומלט ווערן, און זאָל ער ניט וויסן ווער ס'האָט אים פארשלייערט. דערנאָך וועט זיך שוין אָנהויבן די שפּיל.

די צענטראַלע געשטאַלט פון אַזאַ שפּיל איז געוויינטלעך אַן „עמעצער", וועלכער שטאַמט פון אַן „ערגעץ" און קלייַבט זיך „עפּעס" טאָן:

„איך בין הייַנט אין גאַסן
אומגעגאַן אַן עמעצער
אַ פרעמדער עמעצער...
און עפּשער בין איך גאָר אַן איינער
אַ פארקישעפטער פון וואַלד
פון ווילדן וואַלד
און אַהער געשיקט זיך היילן
אין שטאָט אַ קוואַל
אין טווילע־קוואַל".
(ז. 29).

עפשער... גיי זײַ א כאָכעם און טרעף. עפשער איז עס איינער פון די „זיבן קרעציקע" (איר קאָנט דאָך זײַ מינאסטאם — די זיבן קרעציקע, וואָס זיצן בא די צוועלף גלעזערנע טויערן!)?

עפשער איז עס דאָס מיידל מיט די „גאָלדענע האָר" אין „בלויע נעכט" פון דער דער „גרינער שטאָט"?

יאָ, אָף געוויס טאקע דאָס מיידל מיט די גאָלדענע האָר אין די בלויע נעכט פון דער גרינער שטאָט, מאכמעס, ערשטנס, „ניעט פעסני בלי דעווקי", און צווייטנס, אלעמײַ, לעמאָשל, בא בלאָקן איז אויך פאראן אזא רעטזלהאפטע „שיינע דאמע"?...

אָבער דערוויײַל, ווי ס'זאָל ניט זײַן, האלט עס מיט דערדאָזיקער דאמע גאָרניט פויגלדיק. קוידעמקאָל, איז זי ערגעץ „אין דער פרעמד" און אויסזוכן זי איז ניט פון די גרינגע זאכן. אכוץ די „גאָלדענע האָר" האָט זי בלויז נאָך צוויי „פרימעטעס": זי איז „אן ערדישע טאָכטער" און „קלינגט מיט גאָלדענע גלעקער".

ביינע לעביינע קערן זיך וועלטן, ארמייער שטייען אף דער וואך, אף די ראָגן לויערט שרעק, ערגעץ ברענט. נאָר פארן „טונקעלן דיכטער" איז עס אלץ קײַ און שפּײַ:

„גאס איז ערגעץ אינדערפינצטער,
ערגעץ ברענט,
לאָמיר גאָרנישט ניט געדענקען,
כ'האָב א מיידל אין דער פרעמד".

(ז. 42).

ס'רעדט זיך אזוי — ער האָט זי — ווו איז זי?

„נאר דו איינער, דאָס קאָן ניט וויסן קיינער" — אזוי זינגט מען אין אזא פאל אין „200 טויזנט". קלאָר איז דערווײַל איינס: אינעם שטעטל איז זי נ י ט אָ, ניעמא:

„און איך בין א פרעמדער אין שטעטל,
אינגאנצן א פרעמדער,
אזוי זיך געקומען א קוק טאָן
און גאָר.
מיך ארט ניט,
ווײַל איך בין א פרעמדער,
שטעטל און מארק איז געווען
און אין סריפעס פארברענט;
מיך פריידט ניט,
ווײַל איך בין א פרעמדער, —
אמאָל איז געווען
און איצט איז אין שטעטל ניטאָ שוין
מײַן מיידל מיט גאָלדענע האָר".

(ז. 72)

איך האָב געבראכט אָט דאָס גאנצע ליד, קעדיי איר זאָלט האָבן א האסאָגע, ווי א מענטש איז עס, ראכמאָנע ליצלאן, פארקאָכט! זאָל ברענען, זאָל כאָרעוו ווערן,

ס'איז אלץ א ציבעלע ווערט אין פארגלײַך מיטן מיידל מיט גאָלדענע האָר און מיט גאָלדענע גלעקער.

זי איז ניט קיין איינזאמע — אָט דאָס מיידל, זי איז ארומגערינגלט מיט „טעכטער פון לאנד", מיט „בלייכע וועכטער", מיט „ריטער פון סאָף נאכט", מיט בלינדע זינגער, מיט גייער — מיט איין וואָרט, — „ברייטע ליַוונטן"! עלע וואָס דען — אָט דער גאנצער אנסאמבל איז פארוואָרלאָזט ווי זייער באשעפער. מ'דרייט זיך ארום אָן קינסטלערישע פאספאָרטן, אָן סיוזשעטישער ביאָגראפיע. זייער סיוזשעטישע גרונט־פראָפעסיע איז: זיי האָבן עפעס א סאָד אויסצוזאָגן. מיט דעמדאָזיקן „עפעס" כיילן זיי אָן דאָס גאנצע בוך. האנדלען — האנדלט זיך וועגן עפעס א „פײַן" (א „זיל־בערנע פײַן", א „לויטערע פײַן") און עפעס א „פרייד" און עפעס א „טרייסט", אָבער די גאנצע כאָכמע באשטייט טאקע אין דעם, וואָס מ'גיט. איַיך בלויז אן אָנצוהער־רעניש, א רעמעז, זאָלן ליַיט צעפוקעט ווערן פאר נייַגעריקייַט און פאר מיסטישן שרעק...

צוליב דערזעלבער רעמאָזעמדיקייַט פארנעמט אזא גרויסן אָרט אין רעזניקס לידער די געהיימניספולע „קלאָצקאשעדיקע" קאָמפּאָזיציע, בא וועלכער דער גאנצער כוטאשעדרע פונעם ליד האלט זיך אף דער מיסטישער „קלאָצקאשע", „ווּ זאָל זיך ווינטער אהינטאָן", אָדער „זאָל איך זאָגן אלע גייער, וואָס איך ווייס" א. א. וו.

קעדיי איר זאָלט מיר ניט דארפן גלויבן אפן וואָרט, נאָט אייַך בלויז איין מוס־טער פון אזא קאָמפּאָזיציע:

„אין אלע פרימאָרגנס
באפרייַען פון גאָלדענע נעסטן די טויבן
זאָל איך ניט גלויבן?
זאָל איך ניט גלויבן?
און ווען מייַנע ג'סן
באהערשן באטאָגיקע שטויבן,
און גרויס זייַנען גאסן
אין שטויביקן שווינדל, —
זאָל איך נאָך גלויבן?
זאָל איך נאָך פייַער צינדן?"

(ז. 92).

כ'בין זיך מוידע און מיסוואדע: איך ווייס ניט. עפשער ווייסן די כאווײרים פונעם מעלוכע־פארלאג פון אוקראַינע. אלנפאלס, אויב אפילע זיי האָבן גראָד זיך יאָ אָנגעשטויסן „צי מ'דארף נאָך פייַער צינדן", בין איך אָבער שטארק מעסופעק, צי זיי וועלן ענטפערן, אשטייגער, אף דער פראגע, וואָס וועט דעם דיכטערס „אומעט געפינען אף געלעסטערטער ערד" (ז. 49).

5. רעזניק האָט געמוזט פילן, אז ווייַט פארפאָרן מיט זייַנע „בלינדע זינגער" און זייערע „סוידעס" וועט ער ניט. די אויסגעדראָשענע סימוואָלישע אפאראטור האָט

געמוזט ווי ניט איז באפוצט ווערן. ל. רעזניק האָט דעריבער געשטעלט די לעצטע קאָרט זײַנע אף דער פארבן־שפיל:

„און ערגעץ שפילט מײַן טרייסט א שפיל
פון רויט מיט גרין
און בלעטעריקן גאָלד״

דער לעבעדיקער און טויטער אינווענטאר פון ל. רעזניקס געשטאלטן־וועלט ווערט וואריִירט אין די פארשיידנסטע קאָליר־ניואנסן. דערבײַ שפּילט דער קאָליר גאָר א באזונדער ראָל—ער פירט אָן מיט דער דיכטערישער שורע, ער שאפט די שטימונג.

וואָס פאר א שטימונג?

קוידעמקאָל, פארשטייט זיך, די דרײַ־פינטלעך־שטימונג, די היפּנאָז־שטימונג פון „בלוילעכע רויכלעך״. דער טראדיציאָנעלער בלויער טאָן פארנעמט מאמעש א גרויזאמען אָרט אין רעזניקס געשטאלטן־וועלט.

וואָס איז בא אים ניט אָפּגעוואשן אף בלוי?

בלויע רויכן, בלויע נעכט, בלויע ווינטן, בלויע לענג, בלויער ווײַן, בלויע שאנד, בלויע דרויסנס, בלויע שײַן, בלויע וועלט, בלויע נידערן, בלויער אומעט, בלויע טעג, בלויע קוואלן, בלויע זונען, בלויע הויך.

צוגלײַך מיטן בלויען קאָליר פארנעמט גאָר אן אָנגעזעענעם אָרט דער גאָלד־קאָליר—דאָס סימוואָליש־מײַסעדיקע גאָלד (פון דער פאָלקסטימלעכער „גאָלדענער פּאווע״).

גאָלדענע קלויסטערס, גאָלדענע בעקנס, גאָלדענע קייט, גאָלדענע רינגען, גאָלדענע מאציִיוועס, גאָלדענע פּאָנען, גאָלדענע פונקען, גאָלדענע פּאסן, גאָלדענע קאנטן, גאָלדענע האָר, גאָלדענע לײַב, גאָלדענער בארג, גאָלדענע גלעקער, גאָלדענע גארטלען, גאָלדענע בײַדל—מיט איין וואָרט א מין גאָלד־אינפליאציע אין דער פּאָעזיע.

קעדיי צו שאפן דעם טראדיציאָנעלן פּאָן פון סימוואָלישער ווײַסקײַט און קאָנטראסטירן אים מיט דער שווארצקײַט פון וועלט־שמערץ, גייט א סעדרע פון: זילבערנע וועגן, זילבערנער שוים, זילבערנע רוט, ווײַסע פײַערן, ווײַסע שנייען, ווײַסער שרעק און אלס קאָנטראסט—טונקל לאנד, טונקעלע הויכן, טונקעלע הויפן, טונקעלער דיכטער, טונקעלע טירן, טונקעלע קאשטאנען א.א.וו.

כ׳וועל ברענגען א מוסטער פון רעזניקס אזא סימוואָלישער ווײַסקײַט, וועלכע איז אונדזער ייִדישן לייענער גאנץ גוט באקאנט פון לייוויקס „פײַערדיקער ווײַסקײַט״ און עפשער ניט וויניקער—פון בלאָקס סימוואָלישער זאווערוכע־ווײַסקײַט (פון בלאָקס „צוועלף״):

„לינקע, לינקע—
ווײַסע שרעק און ווײַסע פעלדער,
און אין דערפער הונגער
רויטארמייער
טרעטן אויס א וועג אין שניי
און זינגען״.

(ז. 71).

דער ווײַסער זאווערוכע־פּאַן איז פון בלאָקס „Черный вечер, белый снег“ אָבער מיט דעם זייער וויכטיקן אונטערשייד, וואָס בלאָק האָט געוווּסט דעם סאָד פון הארמאָניע צווישן דעם אבסטראקטן סימוואָל און דער וועלט פון קאָנקרעטקייט, וואָס בלאָק האָט געוווּסט ווי סאָציאַל רעאליזירן זײַנע סימוואָלישע געשטאלטן און זײַן „ווײַסע שרעק“, ל. רעזניקס אָבער סימוואָלישע רויטארמייער זײַנען פארבליבן אלעגאָרישע ביכלדיקע שטאמפּן.

פאראן בא ל. רעזניקן לידער, ווו די פארבן־שפּיל ווערט מאמעש די הויפּטטעמע. מענטשן און זאכן פארלירן אינגאנצן זייער סאָציאַלע און אינטעלעקטועלע וואָג—זיי שוועבן ווי גײַסטער אין פארביקן סימוואָלישן עטער.

אין איין קורץ ליד „אזוי ווי פארטאָג אין יאם“ (ז. 8) האָט איר פאָלגנדיקן שימער פון קאָלירן: ליכטיקע וואסער־שײַן, בלוי־צעהוידעטע שטרעקעס, גאָלדענע פאסן, בלויליכע רויכן, טונקעלע ברעג, גלעזערנע שײַן, זילבערנער שוים.

מיקויעך אָט דערדאָזיקער פארבן־שפּיל, בא אלע אירע רײַכע ניואנסן, דארף מען אָבער זאָגן, אז זײַן א מאָלער הייסט ניט—זײַן א פארבער.

און לאָמיר נאָך צוגעבן: און זײַן א זינגער הייסט ניט—זײַן א קלינגער!

דער סימוואָליזם האָט געלייגט א באזונדערע אכט אף דער מוזיק פון וואָרט. „קוידעמקאָל מוזיק“—דאָס איז דער לאָזונג פונעם סימוואָליזם. דער אבסטראקטער „סוידעסדיקער“ כאראקטער פון מוזיק האָט באזונדערס אימפּאָנירט דעם סימוואָליזם.

און מ׳מוז מוידע זײַן: אפן געביט פון וואָרט־מוזיק האָט דער סימוואָליזם פיל אופגעטאָן!

די רעוואָליוציאָנערע פּאָעזיע וועט אָן שום סאָפעק אויסנוצן אָטאָ די דערגרייכונגען, אָבער זי וועט אָפּווארפן די טעאָריע פון זעלבשטענדיקער, איראציאָנעלער וואָרט־מוזיק.

ל. רעזניק קאָקעטירט מאמעש מיט זײַן וואָרט־מוזיק. די מעלאָדיק איז דאָ בארופן צו טראָגן א זעלבשטענדיקע פונקציע. איר קאָנט בא אים געפינען זייער פיל לידער, וואָס לאָזן איבער נאָך זיך אָן שום סאָפעק א מין מוזיקאלן היפּנאָז, אָבער ניט מער ווי א היפּנאָז.

אָט דערדאָזיקער מוזיקאלער היפּנאָז גילט אויך ווי א מין מיסטישער רעטשיטאטיוו, וועלכער דארף אָפּרויבן באם וואָרט זײַן אינטעלעקטועל־סאָציאַלן כּיעס.

היפּנאָז וועט אָבער קיינמאָל ניט ווערן די אקס פון עכטער קונסט, ווײַל עכטע קונסט איז באוועגונג, טאט, קאמף.

ווו זײַנען די נײַע געשטאלטן, וואָס ל. רעזניק האָט אונדז געגעבן? ווו זײַנען די נײַע שטימונגען און פּראָבלעמען, וואָס ל. רעזניק האָט פארקערפּערט אין זײַנע לידער?

פאראן בא רעזניקן א הארציק אָוונט־ליד וועגן אן אָוונטדיקן וועג און סלופּעס, וואָס עמיצער האָט „אף וועגן צעשטעלט, האָט צעשטעלט און אוועק מיטן וועג און ניטאָ“.

דעזניקס בלוילעך־ווײַסע ליד שלאָגט זיך אָן עטלעכע מאָל אָן אָט די קינסטלע־רישע סלופּעס פון רעאַליזם (ס'איז די פּראָבלעם פונעם קעגנשטאַנד אין דער פּאָעזיע!) און קאָן זיי בעשום אופן ניט באַהערשן.

ס'האַנדלט זיך דאָ אין דעם, אַז אָט די וואָרהאַפטיקע, וואָכיקע סלו־פּעס זײַנען אָן אָן ערעך עלעגיש־לירישער און עמאָציאָנעלער, און פאַרביקער איי־דער אַלע אויסגעדראָשענע „בלוילעכע רויכלעך" און „גאָלדענע קלויסטערס". צי דען פילט עס ניט ל. רעזניק דער דיכטער? צי דען פילט ניט ל. רעזניק זײַן גאַנצע דיכטערישע פּאַריאָסעמטקייט צווישן די קאַלטע, מיסנאַגדישע „גלעזערנע זײַלן"?

און אַלע מאָל, ווען די גלעזערנע זײַלן באַזיגן די סלופּעס, באַקומען מיר אין ל. רעזניקס דיכטערישער שורע אומגעלומפּערטע קינסטלערישע ליאַפּסוסן. אין דער ליד „פרייד" (ז. 53) ווערט געגעבן אַ סקאַרבאָווער סימוואָלישער נאַכט־פּאָן מיט „שאָמרים אַף טורעמס"; און פּלוצלונג צעפינקלט זיך דאָרט „עלעקטרישער פינקל". ווי געפעלט אײַך אָט דער עלעקטרישער פינקל אַף סימוואָליש־מיטלאַלטער־לעכע טורעמס? אָדער אַשטייגער—אין ליד „מיט שטאָלענע שטאַנגען" (ז. 20) רוי־כערט מען ווײַרעך אַף בעטאָן און אַף אײַזן. רויכערן ווײַרעך אַף בעטאָן און אַף אײַזן אין יאָרן פון סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע — דאָס איז דאָסזעלבע, וואָס דאַוונען מינכע אַפן קאָנגרעס פון קאָמינטערן.

און ביכלאַל איז שוין צײַט, ל. רעזניק זאָל אָראָפּגיין פון קעסט באַם צענעורע־נעדיקן „פּאָלק, וואָס גייט אויף אַף די בערג". געונוג.

די וואָרהאַפטיקע סלופּעס פון אונדזערווירקלעכקײַט, די סלופּעס פונעם קינסט־לערישן רעאַליזם—זיי און ניט די סימוואָלישע „גלעזערנע זײַלן" זײַנען באַרופן אונ־טערצוהאַלטן דעם ביניען פון אונדזער יונגער ייִדישער פּאָעזיע אינעם ראַטנפאַרבאַנד. שוין צײַט, אַז ל. רעזניקס ליד זאָל אופהערן צו וואָגלען און צו פּלאָנטען, בעפּיי־רעש שוין צײַט!

יון, 1929 יאָר.

---

## III. פ ר אָ ז ע

# ש. גאָדינער.

I

„ס׳טרעפט זיך אמאָל, אז ס׳גייט א מאכנע און טראָגט
אף די פּלייצעס אירע ניט קעפּ, ניט פּענעמער, נאָר
ברעטלעך אזוינע...״

(גאָדינער—„טאָג אנטקעגן״).

פאראן א „סאָלדאטסקע פּראָבלעם״ אין דער ליטעראטור, וואָס מע וואָלט זי בע־פּיירעש באדארפט בא אונדז שטעלן.

א שייכעס האָט עס, אייגנטלעך, ניט בלויז צו אונדזער יידישער סאָוועטישער ליטעראטור, נאָר צו דער גאנצער ליטעראטור פון אונדזער פארבאנד: אונדזער גאנצע פארבאנדישע ליטעראטור איז אדייעם געבליבן א באלכויוו אָט דערדאָזיקער „סאָל־דאטסקער פּראָבלעם״.

ניט בעסער האלט עס אין דער גאנצער וועלט־ליטעראטור.

יאָ, אכוץ, קאָן מען זאָגן, בא דער פראנצויזישער בורזשואזיע—זי האָט זיך שוין „אן אייצע געגעבן״.

אין פראנקרייך, זאָגט מען, איז געשטעלט געוואָרן א מאָנומענט דעם געפאלענעם „אומבאקאנטן סאָלדאט״.

די פראנצויזישע בורזשואזיע, וועלכע איז מעשוגע־רייך געוואָרן אפן בלוט פונעם דאָזיקן „אומבאקאנטן סאָלדאט״, איז, אזוי ארום, איר „געזועלשאפטלעכן כויוו״ אָפּגע־קומען (ניט טייער, און באלעבאטיש!).

נו, און מיר? און אונדזער רעוואָליוציאָנערע ליטעראטור?

צי איז ניט וויכטיק פאר אונדז די פּראָבלעם, ווי צו פארקערפּערן אין דער ליטע־ראטור אָט דעם „אומבאקאנטן סאָלדאט״, פארקערפּערן אים אף א ו נ ד ז ע ר אויפן, פארקערפּערן אים אזוי, אז דער צוויעסדיקער בורזשואזער מאָנומענט פונעם „אומבא־קאנטן סאָלדאט״ זאָל אופגעריסן ווערן און אף שטיקלעך צעפליקט ווערן?

דער „אומבאקאנטער סאָלדאט״!

אין מיזרעך און אין מײַרעוו, אין צאָפן און אין דאָרעם, אין בלאָטיקע טאָלן און אין פעלזיקע שפאלטן פון בערג—אומעטום ליגט צעוואָרפן זײַן צעשאָסענער, צערי־סענער, צעשטאָכענער און פארגיפטעטער גוף.

אפן גאנצן שעטעך פון דער מענטשלעכער קלאסן־געזעלשאפט האָט מען אים גענארט, צוגעזאָגט „פּאַטערלענדישע גליקן" אף דער וועלט, „גאָטס גענאָד" אף יענער וועלט און ענדיקן פלעגט זיך עס שטענדיק מיט יעסוימים און אלמאָנעס, מיט הונגער און מיט טפיסעס.

יענע נאָמענלאָזיקע „גרויע סטאדע"!

דאָס ערשטע מאָל איז זי געלעסטערט געוואָרן אין די קאבינעטן פון דער דיפּלאָ־מאטיע, דאָס צווייטע מאָל—אין דער ליטעראטור פון די הערשנדיקע קלאסן.

ס'איז ניטאָ אין דער געשיכטע פון דער וועלט־ליטעראטור נאָך אזא העסלעכער און צינישער זשאנר, ווי דער זשאנר פון פאטריאָטישער „מילכאָמע־ליטעראטור".

דידאָזיקע מילכאָמע־ליטעראטור האָט געהאט אויסצופילן, אזוי צו זאָגן, א „מאָראַ־לישע" פונקציע בענויגייע צום „אומבאקאנטן סאָלדאט".

זי האָט אים געשענדעט „פאר דער שכיטע, בייס דער שכיטע און נאָך דער שכיטע".

ווער האָט ניט געלייענט אָט די עקלהאפטע „בילדער פונעם שלאכט־פעלד", אָט די צינישע געבאָטן פון „העלדישקײַט", אָט דעם צוויעסדיקן קולט פון ריטערײַ, שכיטעס און פאטריאָטיזם!

„אונדזערע בראווע סאָלדאטיקלעך", אונדזערע „ברידערלעך"—דאָס איז געווען דער „טיפּאזש". „ראדי סטאראטסא"—דאָס איז געווען די פסיכאָ־אידעאָלאָגיע.

די אימפּעריאליסטישע וועלט־מילכאָמע האָט נאָך טיפער אנטבלויזט דעם גאנצן ציניזם פון אָט דער קאזיאָנער מילכאָמע־ליטעראטור, און דער „אומבאקאנטער סאָל־דאט" האָט ניט אויסגעהאלטן מער. ער האָט א פארצווייפלטן קרעכץ געטאָן אין דער נײַער, פאציפיסטישער מילכאָמע־ליטעראטור, בעראָש פון וועלכער עס האָבן זיך גע־שטעלט די בעסטע און ראדיקאלסטע עלעמענטן פון דער מאָדערנער שרײַבערישער אינטעליגענץ אין אייראָפּע און אמעריקע.

דער נײַער שרײַבער—דער אינטעליגענטישער פאציפיסט האָט קוידעמקאָל אפּע־לירט צום דערשטיקטן מענטשלעכן געוויסן, צום „פינטעלע מענטש" ביכלאל. ניט דערגרונטעוועט זיך ביז צו די סאָציאלע ערוזשינעס פון דער אימפּעריאליסטישער שכיטע־טײַווע, האָט ער—דער שרײַבער־פאציפיסט—בלויז אָט די בלינדע כײַישע טײַווע געזען, אינגאנצן נאקעט פון אירע סאָציאלע קליידער.

דער קאָשמאר פון מילכאָמע איז אין די אויגן פון אָט דער פאציפיסטישער אינטעליגענץ אייגנטלעך ניט קײַן סאָציאלער קאָשמאר, נאָר, אויב מע קאָן אזוי זאָגן, א ביאָלאָגישער קאָשמאר.

די גרונט־פּראָבלעם ווערט דאָ—דאָס מענטשלעכע לעבן ביכלאל (אָט דער שיינער און אזוי צוועקמעסיק־געבויטער קעמפער, וועלכער ווערט צעשטאָכן, צעשאָסן, צע־ריסן און פארגיפטעט...), די גרונט־פּראָבלעם ווערט די „אייביקע" פּראָבלעם פון „טײַוול־שפּיל" פון „קײַן־הבל־מאָרד".

אָבער דאָרטן, ווו ס'איז פאראן ריינע בּיאָלאָגיע, ווו מע האָט צו טאָן מיט אבסט־ראקטער, „אייביקער" (און דעריבער אומבאדינגט סכעמאטישער!) פּראָבלעם, ווו אכוץ קאָשמאר פון מאָרד ווערט גאָרניט געזען — דאָרטן איז ניטאָ קיין אָרט פארן סאָציִאַלן דיפערענצירטן קאָנקרעט, פארן שטייגער־פּאָן.

„דער קאָשמאר האָט ניט ליב קיין דעטאלן" — דאָס איז שוין אן אלטער קלאל.

דאָרטן, ווו ס'איז פאראן בלויז דער קאָשמאר, דאָרטן איז פאראן בלויז נעפּל און ברייטצעפּנטע (אין שרעק און אין פּיין) אויגן, וועלכע זעען גאָרניט, אויסער אָט דעם בלוטיקן קאָשמאר־נעפּל, אויסער דעם מיסטישן „רויטן געלעכטער".

דער אלגעמיין־בּיאָלאָגישער, אזוי צו זאָגן, כאראקטער פון אָט דעם קאָשמאר פּאָרט זיך ניט מיט א רעאליסטישן שטייגער־פּאָן, מאכמעס דער שטייגער פאָדערט מער רויִקייט, מער אָנגעזעטיקטקייט מיט דעטאלן. צי האָט דען דער קאָשמאר ביכלאל א וועלכן ניט ס'איז שטייגער־פּאָן? זיין פּאָן איז שטענדיק א באדינגלעכער, ניט קיין רעאליסטישער, ער דינט בלויז אונטערצושטרייכן דעם קאָשמאר, אלס זיין סימוואָל.

צוליב דיזעלביקע טעמים איז דאָ ניטאָ צו ריידן וועגן א לעבעדיק־קאָנקרעט, סאָציִאַל־דיפערענצירטן טיפּאזש.

די קאזיאָנע „מילכאָמע־ליטעראטור" האָט פון קיין טיפּאזש־דיפערענצירונג ניט געוווסט, ווייל אין גרונט פון איר קינסטלערישן פּאטאָס איז געלעגן די סכעמע פון „גרויער סטאדע", וועלכע גייט צו דער שכיטע מיט „ראדי סטאראטסא" אף די ליפּן.

די פּאציפיסטישע ליטעראטור ווידער זעט בלויז דעם בּיאָלאָגישן, סאָציִאַל ניט־דיפערענצירטן מענטש, זיין בלוט־לעבן, אָבער ניט זיין סאָציִאַל לעבן.

אלס סאכאקל איז ארויסגעקומען סיי דאָרטן, סיי דאָ, אז „אלע יעוואָנים האָבן איין פּאָנעם". דער גרונט־שטריך פון אָט דער פּאציפיסטישער אידעאָלאָגיע איז איר אינטעליגענטישער אוניווערסאליזם, וועלכער זעט ניט אפן שלאכט־פעלד קיין קלאסן־דיפערענצירטן טיפּאזש, נאָר איין גרויע מאכנע מיט „גלאטע ברעטל־פּענעמער".

אָט דידאָזיקע אידעאָלאָגיע באשטימט די פאָרם פון א באשטימטן מין ראדיקאל־פּאציפיסטישער מילכאָמע־ליטעראטור (אנדרייעווס „רויטער געלעכטער" איז א קלא־סישער מוסטער דערפון). ס'איז ניט קיין עפּישע פּאנאנדערוויקלונג פון געשעענישן און מענטשן, נאָר א דעצענטראליזירטע נעץ פון ליִרישע אימפּרעסיעס.

ס'איז ניטאָ קיין דיפערענצירטע העלדן־גאלעריי (אפילע בארביוס, דער אווטאָר פון „אין פייער", פּארענטפערט זיך, אז זיינע העלדן האָבן קיין פּאָנעם ניט), נאָר שאָטנס, אף וועלכע עס פאלן פלעקן פון פייער און רויך. (דאָסזעלבע ניט־דיפע־רענצירטע בלוט־לעבן און בלינדן קאָשמאר גיט אונדז אויך רעמארק אין זיין פּאציפיסטישן בוך, האגאם ער שטויכט זיך אָן אָפּט אָן דאָס סאָציִאַל־דיפערענצירטע).

אָט די „שאָטנדיקייט" פארשטארקט דעם אלגעמיינעם קימאט סימוואָליש־פאנטאסטישן פּאָן פונעם שלאכט־לאנדשאפט.

קיין צענטראליזירטער און ביכלאל סיסטעמאטישער פאבול־גאנג איז ניטאָ. ס'זיי־נען פאראן קאָשמאר־סצענעס, צווישן זיך קימאט ווי ניטפארבונדענע.

פארבונדן ווערט אלץ דורכן פּאציפיסטישן פּאטאָס פונעם דערציילער — דעם אוו־

טאָר, וועלכער בלייבט די גרונט־פיגור אין דער דערציילונג, פארבינדנדיק די פאר־שיידענע סיוזשעטישע פלאכן מיט פאציפיסטישע סענטענצן.

גאָדינערס „טאָג אנטקעגן" וואָלט בוילעט, אף קאָנקרעטן ליטעראַרישן מאטעריאל, באשטעטיקט דידאָזיקע גרונט־שטריכטן (ס'האנדלט זיך, פארשטייט זיך, בלויז אין גרונט־שטריכן!).

ש. גאָדינער, וועלכער האָט אף זיינע אייגענע סאָלדאַטישע פלייצעס, אין מעשעך פון עטלעכע יאָר, געטראָגן די בלוטיקע לאַסט פון דער אימפּעריאליסטישער מיל־כאָמע, איז פונעם ערשטן טאָג אָן אריין אין דער יידישער סאָוועטישער פּראָזע מיטן רייעך פון פּולווער און בלוט.

יעדער שרייבער קומט אָן אין דער ליטעראַטור מיט זיין סאָציאַלער „שליכעס".

גאָדינער האָט געפּילט א אינערלעכע „סאָציאַלע באשטעלונג", אין נאָמען פון אלע זיינע כאַווײרים („ברידער—שטומע, מיט הילצערנע ברעטל־פּענעמער, וואָס שמייכ־לען קיינמאָל ניט") אָנצושפּייען אין פּאָנעם אריין דעם „איידעלן מין מענטש", די „מיסט־ווערעם, וואָס האָבן די ליכט פארכאַפּט", אָנשפּייען זיי מיט בלוט און מיט רויטן געלעכטער: „אין בויך... אין לעבער... אין די געדערים... אין מויל... אין גאָט דיינעם איוואַנגאָרָאדישן אריין!"...

און ער האָט עס געטאָן אין „רעגעס", אין „פיגורן", אין „ליד פון גרוב", אין „נאַקעט".

זיין פילאָזאָפיע איז—שאָלעם.

„מע טאָר ניט לעסטערן די ערד ווי א גאַסן־מויד"...

„קאַין, קאַין, ווו איז דיין ברודער?".

גאָדינערס גרונט־פאַטאָס איז דער אויבנדערמאָנטער פּאַטאָס פונעם „פּינטעלע־מענטש", וועלכע וויל זיך ניט לאָזן „פארפיגורעוען", געלעסטערט ווערן דורכן „ערד־וואַמפּיר".

גאָדינער זעט בלויז אָט דעם ביאָלאָגישן קאָשמאַר פון לעסטערונג און פאר־ניכטונג, אנטבלויזט פון יעדן סאָציאַלן שאָלעכץ, פון יעדער קאָנקרעטער דיפערענצירונג.

דער „שטייגער־פאָן" פון גאָדינערס מילכאָמע־קאָשמאַר איז אזא:

„איבער בארג און פעלד, איבער טאָל און פעלד, דורך וואלד און טייך, דורך שטאָט און דאָרף ציט זיך אויס א ניי־געבוירענע, פון ערדן־אש ארויסגעקראָכענע—כייע. אָן ערד־וואַמפּיר אזא. האָט דער וואַמפּיר א מיליאָן און מער קעפּ. האָט יעדער קאָפּ טויזנט מיילער. האָט יעדער מויל אָן צאָל שארפע, אויסגעדרייט־פארשפּיצטע ציינער. שפּייזט זיך ערד־וואַמפּיר מיט ערד און אייגן־פלייש".

(„טאָג אנטקעגן", ז. 10).

דערדאָזיקער קאָשמאַר פון ערד־וואַמפּיר איז אבסטראַקט און אלעגאָריש, ווי די אייביקע פּראָבלעם פון קאַין און העוול, ווי אבסטראַקט ביכלאל עס איז דער פּאַציפיזם.

אבסטראַקט און אלעגאָריש זיינען אויך די מענטשן, בעסער געזאָגט, די פיגורן. איינע פון די קאָשמאַרפולסטע דערציילונגען אינעם דאָזיקן בוך הייסט טאַקע אזוי—„פיגורן". מענטשן, וואָס טראָגן אף זייערע פלייצעס „ניט קעפּ, ניט פּענעמער, נאָר

ברעטלעך אזעלכע״—דאָס זײַנען ניט קיין לעבעדיקע מענטשן—דאָס זײַנען געשפּענסטער פון בלוט און קויט.

צי זײַנען זיי פאראנען, אָדער ניטאָ?

„דאכט זיך אים, אז עס וואקסן אויס פון דער שטילקייט, אים באזײַט דער שאָטן זײַנער.. דאכט זיך אים, אז דער שאָטן כוויעקט פון אים, שטעלט אים צינגער אויס און רייצט זיך מיט אים: ביזט פאראן אָדער ניטאָ...״

(דאָרטן, ז. 12).

אָדער אין א צווייטן אָרט:

„וואָס האָט געמיינט די גויע? איז זי טאקע אפדערעמעסן געווען דאָ, אָדער ס'האָט זיך עמיצנס אין דער מאכנע א מאמע געכאָלעמט? ווער קאָן דאָס וויסן...״

(דאָרטן, ז. 21).

די גרענעץ פון כאָלעם און וואָר ווערט דאָ אָפּגעווישט אין דעם קאַטאמאַרפּולן נעפּל פון פאנטאסטישקייט.

און אין דעמדאָזיקן נעפּל דרייט זיך ארום א „שוואַרצער״, א „הינקעדיקע צויג״. ווער זײַנען זיי? צו וואָס דארף זיי דער דערציילער?—ניט וויכטיק.

וויכטיק איז דאָ גאָדינערן ניט די ר ע א ל ע  ב א ש ט י מ ו נ ג, נאָר די א י ר ע־ א ל ע  ש ט י מ ו נ ג.

און ווען גאָדינער גיט אונדז, בא דער שײַן פון פאנטאסטישן פלעמל פון א כיי־ לעוו־ליכטל, אונטערן וואָיען פון א הינקעדיקער צויג, צוויי אויסגעהונגערטע, נאָך וואָרעמקײַט, נאָך ווײַב און נאָך צערטלעכקײַט, סאָלדאטן, וועלכע מיינען צו געפינען זינדערינס און געפונען קאלטע, וואקסענע פיגורן—האָט ער ז ײַ ן אופגאבע געלייזט: ער האָט א שפּײַ געטאָן מיט קאָשמאר און מיט „רויטן געלעכטער״ אין פּאָנעם אדײַ דעם „איידעלן מענטשן־מין״.

אפילע אין „איוואנגאָראָד״, ווו דאָס קאָנקרעטע שטייגער־בילד ווײַזט זיך אזוי שטארק ארויס (דערמיט איז „איוואגאָראָד״ אן אָ נ ה ו י ב פון א נײַעם וועג), אפילע דאָרט איז די גרונט־שײַן—דאָס פאנטאסטישע ליכט פונעם מיסטישן איוואנגאָראָד—די שטאָט פונעם מיסטישן „איוואן״, די שטאָט פונעם „פינצטערן כאָלעם״.

קאָשמאר האָט פײַנט דעטאלן.

דערצו קאָן מען נאָך צוגעבן: קאָשמאר האָט פײַנט אויך לאָשן, קאָשמאר האָט ניט קיין פארב, קאָשמאר ווייסט ניט פון קאָנסטרוקציע־פּלאַן (זײַן קאָנסטרוקציע איז— נעפּל, קאָנסטרוקציעלאָזיקײַט). דער דיכטער פונעם קאָשמאר שטייט, אזוי ארום, פאר דער גרויסער סאקאָנע, צי וועט ער ניט אומקומען אָ ן  ל אָ ש ן, אָ ן  פ א ר ב  און אָן קאָנסטרוקציע־פּלאַן—אָן די 3 ליוויאָסנס, אף וועלכע עס באזירט זיך די קונסט.

דער דיכטער פּרוווט זיך פארבינדן זײַנע „זעונגען״ מיט לירישע סענטענצן. אָבער דידאָזיקע לירישע סענטענצן האָבן א טעווע, אז אָפט גליטשן זיי זיך אראָפּ אין שויס פון רעזאָנערישקײַט, לעמאָשל, אף דער טעמע „צי וועלט האָט א הארץ״ און וועלכער איז „דער קירצסטער וועג צו דער גאולע״... (זע, „קינדער־טײַנע״, „דער וויקועך״ און „ליכט״).

פארלירנדיק דעם לעבעדיקן לאָשן, דעם דיאַלאָג (ווייל קיין לעבעדיקע מענטשן זײַנען ניטאָ), פּרוּווט זיך דער דיכטער פארבײַטן עס מיט א סטיליזירטן, ריטמיש־סינטאקסישן אָרנאמענט. דערפון נעמט זיך די „קורצע ריטמישע שורע, וועלכע האָט אזוי ניט אויסגענומען בא אונדזער מאסן־לייענער, דער אינערלעכער, קימאט לידערדיקער ריטם פון דעם זאץ, דער „נײַער" אויפן פון איבערשטעלן דעם זאץ א. אז. וו.

„יאמען פינצטערניש פאלן האסטיק פלאסטנווייז אף דער ערד און כײַע ארוף און שטיקן זי און פארשטאָפּן זיי מויל.

יאמען פון פינצטערניש טאנצן איבער ערד זייער טאנץ און גליווערן און שרעקן:

שטיל זאָל עס זײַן.
שווײַגן.
דער טויט קאָן אָן קאָל געפינען.
שווײַגט אלץ.

(דאָרט. ז. 11).

בײַשפּילן פון אזא פּראָזע קאָן מען ברענגען פיל פון דער סימוואָליסטישער פּראָזע פון אלע פעלקער.

די לעבעדיקע געשפּרעכלעכע אינטאָנאציע איז בארופן סאָציאַל צו באפארבן דאָס וואָרט, דער ריטמיש־סינטאקסישער אָרנאמענט—צו פארזיינגען אים, צו געבן אים די „לירישע מוזיקאלישקייט פון אומבאשטימקייט". דאָס שאפט אמאָל בא געוויסע גרופּן לייענער א געהעריקע „שטימונג"—עס קאָן אָבער קיינמאָל ניט פארנעמען דעם אָרט פונעם לעבעדיקן פילפארביקן דיאַלאָג, וועלכער איז אזוי נאָענט און צוגענגלעך דעם מאסן־לייענער.

אומזיסט האָבן די פאָרמאליסטישע כסידים אונדזערע געשעפּט נאכעס פון אָטאָ דער „וואָרט־מוזיק" אין פּראָזע. די טראדיציע פון דער לירִיק האָט בלויז טאָרמאָזירט דעם ווײַטערדיקן גאנג פון דער פּראָזע. דאָס וואָרט פון דער פּראָזע איז ניט קיין אבסטראקטע קאָמבינאציע פון קלאנגען, נאָר שטענדיק—שטייגערדיק, סאָציאַל (אגעוו איז דאָס לירישע וואָרט, בא זײַן גאנצער זינגעוודיקייט, אויך ניט קיין אבסטראקטע קלאנגען־קאָמבינאציע).

דעמזעלביקן כאראקטער פון א טאָרמאָז האָט געשפּילט דער לירישער, סטאטישער אָרנאמענט (דער באשרײַבערישער), וועלכער שפּילט אזא גרויסע ראָל אין גאָדינערס סיוזשעט־געבוי.

דאָסטאָיעווסקי—„דער מײַסטער פון באוועגונג"—פלעגט גאנץ אָפּט ליב האָבן אָפּצוכויזעקן פון יענע שרײַבעד, וועלכע צעשמירן אף צענדליקער זײַטלעך פארשיידענע סטאטישע מאָטיוון, וואָס האָבן קיין שײַכעס ניט צו דער האנדלונג, צו דער באוועגונג (לעמאָשל, נאטור־באשרײַבונגען, פּאָרטרעטן א. אז. וו.).

„זיי פארשטייען זיך גוט אין די פּיאָלעט־ניואנסן פון הימל"—פלעגט וועגן אזעלכע פּייזאזשיסטן וויצלען זיך דאָסטאָיעווסקי.

דידאָזיקע „פּיאָלעט־ניואנסן פון הימל", וואָס שפּילן אזא וויכטיקע ראָלע אין דער לירִיק, קוועטשן אָבער ווי א שווערע מאסע אפן כוטאשעדרע פונעם פּראָזע־

ווערק. דער סטאטישער מאָטיוו קאָן האָבן א ווערט אין דער פּראָזע בלויז אַף אזוי פיל, אַף וויפל ער שטרייכט אונטער די געשעענישן (אזוי דינט אָפּטמאָל דער פּייזאַש אַלס א פּסיכאָלאָגישע פּאראלעל אָדער קאָנטראַסט צו די געשעענישן בא טאָלסטאָיען און דאָסטאָיעווסקין).

אין דער יידישער סאָוועטישער פּראָזע אָבער איז א געוויסע צייַט געווען א סי־מען פון א ליטעראַרישער "עכטקייַט" צו פאַרפּלייצן די דערציילונג מיט סטאַטישע מאָטיוון, אין דער צייַט, ווען די עצעם האַנדלונג האָט זיך געשלעפּט ווי אַן אויסגע־הונגערטע שקאַפּע.

גאָדינער, אַלס ערשטער אָנזאָגער פון דער יידישער סאָוועטישער פּראָזע, האָט באַזונדערס שטאַרק געפּילט אַף זיך אָט די טראַדיציע אין זייַן "טאָג אַנטקעגן".

אַלע זייַנע דערציילונגען אינעם דאָזיקן בוך הויבט אָן גאָדינער מיט לאַנגאָנגע־דיקע לירישע פּייזאַזשן. זיי פירן בא אים די דערציילונג, זיי פאַרענדיקן בא אים די דערציילונג (אזא איז אויך די רוסישע פּאַרלירישטע פּראָזע—פּילניאַקס, לעמאָשל),

די "פיאָלעט־ניואַנסן פון הימל" (אז ס'איז ניטאָ וואָס צו דערציילן, דערציילט מען וועגן דער "פּאָגאָדע") האַרגעט אַוועק דעם טעמפּ.

ווי געזאָגט אָבער, איז דער אַלגעמיינער קורס פון אָט דער קאָשמאַר־ליטעראַטור אזא, אז דער טעמפּ איז גראָד ניט נויטיק.

"ס'שלעפּט זיך א מאַכנע"—דאָס איז איר טעמפּ.

אזוי האָט א מעטושטעשע וועלט־אָנשויונג פאַרורזאַכט א מעטושטעשע פאָרם, וואָס ווייסט ניט פון קיין לאָשן, פון קייַן קאָנקרעט און פון קיין טעמפּן.

א פאַלשע אידייע מאַכט שטענדיק קאַליע א קונסטווערק. דאָס קינסטלערישע אינעם קינסטלער בונטעוועט דעריבער קעגן אָט דער פאַלשער אידייע. דער קינסט־לער רייַסט זיך (פריער אומבאַוווּסטזיניק, דערנאָך באַוווּסטזיניק) צו נייַע וועגן.

גאָדינער הויבט אָן רייַסן די פּענטעס פון זייַן סימוואָליזם שוין אין זייַן ערשטן בוך "טאָג אַנטקעגן".

דאָס פּילט זיך שוין אין א געוויסער מאָס אין זייַן בעסטער דערציילונג "איוואַנ־גאָראָד" און אין זייַנע דערציילונגען פון בירגער־קריג ("קאָמיסאַרן", "רינגען").

דעם קינסטלערס אויג גאַרט נאָך ליכט און נאָך קעגנשטאַנד.

דעם קינסטלערס אויער גאַרט נאָך לעבעדיקן מענטשלעכן דיאַלאָג.

גאָדינער ווערט ערטערווייַז רויִקער. אָנשטאָט דער צעשויבערטער ליריש־אימ־פרעסיוועד שורע קומט די רויִקע פאַנאַנדערוויקלונג פון געשעענישן.

לאָמיר פאַרגלייַכן 2 אָנהויבן פון 2 זייַנע דערציילונגען.

"צו נאַכט צו ווערט דאָרט צייַטנווייַז שטילער, טרעפט זיך, ס'קומט אָן א לאַנגער, הייסער זומער־טאָג, איז באַגינען נאָך, ווען עס גרויט קוים־קוים דער מיזרעך אויף, זשומען שוין ערגעץ ווו אין די טיפענישן פון הימל פליגל..."

**א צווייטער אָנהויב:**

„מיר האָבן זיך אויסגעזעצט אין וואַלד, פּאַרוויַז—צווייען אף איין קעסעלע — און געזופּט די ברודיק־ברוינע לעבלעכע געקעכץ פון פערדישע פערלגרויפּן, געשוויגן און געוואַרט אף נאַכט...״ („איוואַנגאַראַד״).

ווי איר זעט, פונעם סטאַטישן לירישן פּייזאַזש רייַסט זיך גאַדינער צום שטייגער־פּייזאַזש, צום קאָנקרעטן „קעסעלע מיט פערלגרויפּן״.

די שורע ווערט עפּישער, די האַנדלונג—פאַרשטייַפטער. די מענטשן—קאָנקרעטער, ערדישער.

דער סיוזשעט ווערט א ו י ך ד אָ נ י ט פ א ר פ ו ל ק אָ מ ט, דאָס „ברעטל״ איז א ו י ך ד אָ נאָך ניט אינגאַנצן אראָפּגעשלעפּט פונעם סאָלדאַטישן פּאָנעם, דאָס מיס־טישע ליכט פון „איוואַנס שטאָט״ איז א ו י ך ד אָ ד אָ ס ג ר ו נ ט־ליכט—אָבער דער ק ע ג נ ש ט א נ ד, דער מאַטעריעלער כייפעץ רייַסט זיך שוין כוצפּעדיק אריין אין קעניגרייַך פון אילוזיע. עס שמעקט שוין מיט שווייסיקער און לייַזיקער שינעל.

מיטקע און דודעק באַקומען לאָשן: אין בויך... אין לעבער... אין די געדערים... („איוואַנגאַראַד״).

גאַדינער מאַכט שוין דאָ זייַנע ע ר ש ט ע געלונגענע פּרוּוון צו געבן קאָרענעם, סאָלדאַטסקן, זאַפּטיקן לאָשן. דאָס בריוועלע פונדערהיים, די מייַסע וועגן קאַטע־רינא—(אין „איוואַנגאַראַד״) ברעכן דורך דעם נעפּל פון מיסטישן שווייַגן. גאַדינער ווייַזט זיך ארויס פאַר א פעיִקן סטיליזאַטאָר פון דער רוסישער פויערישער שפּראַך, פון סאָלדאַטסקן זשאַרגאָן.

שפּעטער וועט אָט דידאָזיקע סטיליזיר־מאַניר נאָך מער פאַרשטאַרקט ווערן (אין „מענטש מיט דער ביקס״) און שענקען אונדז א ריי זאַפּטיקע, פּילפאַרביקע קאַפּיט־לעך. פאַרשטייט זיך, אז דאָ לויערט א באַשטימטע געפאַר, וואָס שטעקט אין יעדער סטיליזירונג: די געפאַר פון שטאַמפּ און פאַרליטעראַרישטקייַט, אָבער דערפאַר איז דער פאַרנעם מאַמעש א היסטאָרישער און עס פּאָדערט די קאָלאָסאַלסטע אָנשטרענ־גונג פון אונדזער ליטעראַטור.

ס'האַנדלט זיך דאָך אין דעם, אז די ייִדישע עטנאָגראַפיש־באַגרענעצטע ליטעראַ־טור זאָל אריינלאָזן צו זיך די „גויִשע גאַס״!

דער איינציקער „גוי״ אין דער אַלטער ייִדישער ליטעראַטור פלעגט זייַן דער שאַבעס־גוי—פלעגט ער אָבער מאַכן א בראָכע און ריידן ייִדיש. דער „גוי״ פלעגט „פאַרייִדישט״ ווערן אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

גאַדינערס „גוי״ איז „א גוי פון גויִם־לאַנד״. ער קומט אָן אָנגעזעטיקטער מיט זייַן פאָלקלאָר, מיט זייַן רייד־נוסעך, מיט זייַן אייגנאַרטיקער זשעסטיקוליאַציע—דאָס פילט זיך שוין ערטערווייַז אין „איוואַנגאַראַד״ און נאָך בוילעטער וואַרפט זיך עס אין די אויגן אין „מענטש מיט דער ביקס״.

דער ערשטער פּרוּוו צו געבן קאָנקרעטע סאָלדאַטן אָנשטאָט פאַנטאַסטישע פ י ־ ג ו ר ן, האָט געמוזט שטעלן פאַר גאַדינערן די פּראָבלעם פונעם „גויִשן לאָשן״ אין דער ייִדישער ליטעראַטור. און אזא טעווע האָט ער שוין, דער קאָנקרעט—ער פאַר־

פירט אלץ ווײַטער און ווײַטער אין די סאמע טיפעניש פונעם דיפערענצירטן סטירעספולן לעבן. ער אנטפלעקט איין פראָבלעם נאָך דער צווייטער:

די פּראָבלעם פון דיפערענצירטער מאכנע.

איינס נאָכן אנדערן פאלן אראָפּ די הילצערנע ברעטלעך פון די געזיכטער.

שוין אין דער דערציילונג „רינגען" ווערט צום ערשטן מאָל ארויסגערוקט דער מאָטיוו פון דעמאָביליזאציע, פון סטיכעישן שאָלעם־זוכן, ארום וועלכן עס קומט פאָר די ערשטע צעגלידערונג פון דער „גרויער סטאדע", די ערשטע סאָציאלע דיפערענצירונג.

פראָוו דער לאנגער, כאווער בערקין, טעמפּע פויערישע מאכנע, באוואָפנטע מיט גראבליעס, סאָלדאטישע מאכנע, וואָס רעוועט: קאיוק, אויס מילכאָמע!—דאָ האָט מען שוין, אין מיניאטור, א וויכטיקן באשטאנד־טייל פונעם טיפּאזש אין שפּעטערדיקן גאָדינערס בוך—„דער מענטש מיט דער ביקס".

דאָ פילט זיך נאָך א דויכעק אין לאָשן, ס'פעלט נאָך סאָציאלער רייעך, ס'הערשט נאָך דאָס ניטדערזאָגטע, ס'איז נאָך ניטאָ די געהעריקע רויִקייט אין פאנאנדערוויקלען געשעענישן—אָבער ס'איז שוין דאָ א פארמעסטעניש אף גאָר נײַע וועגן—צו דעם גרויסן סינטעטישן לײַוונט, צום דיפערענצירטן טיפּאזש.

אזוי ווי אין „רינגען" מאכט גאָדינער דעם ערשטן טראָט צו סאָציאל־דיפערענצירטע מאכנע, אזוי מאכט ער אין „קאָמיסארן" א פרווו אף אוואנטיור־שטאָף.

דער דויכעק אין טעמפּ, אין פאבול, אין געשעענישן, וועלכער האָט זיך געקאָנט האלטן ווי ניט איז אין מיסטישער שײַן פון „איוואנס שטאָט", שטערט דעם שרײַבער אינעם ווײַטערדיקן גאנג צום קאָנקרעט.

דאָס קאָנקרעטע לעבן איז פאבולרײַך, איז פול מיט פאסירונג, מיט טעמפּן, באזונדערס אונדזער לעבן.

די אלטע יידישע ליטעראטור־טראדיציע פון פאבולדיקן דאלעס, פון מאנגל אין פאסירונג־שטאָף וועט מוזן צעריסן ווערן, וואָס נעענטער אונדזער ליטעראטור וועט קומען צום קאָנקרעטן הײַנט.

לערנען זיך אף פאסירונג־שטאָף איז אויך אן איניען! פאר „שאָמעריזם" דארף מען זיך ניט שרעקן!

דער פאסירונג־מאָטיוו איז ניט אומבאדינגט פארבונדן מיט כאלטורע.

גאָדינערן קומט אָן שווערלעך די ערשטע באגעגעניש מיט „וואָכעדיקן" פאסירונג־שטאָף, ער ווייסט נאָך ניט ווי צו פארינטריגירן מיטן „סאָד". די פאבול איז נאָך גאנץ בלוטאָרעם—אָבער וויכטיק איז די אָריענטאציע.

דידאָזיקע אָריענטאציע, אפן גאנצן פראָנט פון גאָדינערס שאפן ביזן 1925 יאָר, דערווײַזט: גאָדינער נעמט פאמעלעך, אָבער זיכער, א נײַעם קורס: א קורס צום קינסטלערישן רעאליזם, צו סאָציאל־דיפערענצירטן קאָנקרעט, צום פאבולרײַכן, גרויסן, סינטעטישן ראָמאן.

# II

„זיי אליין זײַנען געריטן און געפאָרן אין א באשטימ־
טער ריכטונג, לויט א באשטימטן פּלאַן — לויט אַקונס פּלאַן,
וואָס איז באשטעטיקט געוואָרן דורכן דיוושטאב...״
(ש. גאָדינער — „דער מענטש מיט דער ביקס״).

וויל מען אופדעקן די אָביעקטיווע פּרוזשינעס פון גאָדינערס קער פון „טאָג אנט־קעגן״ צו „דער מענטש מיטן ביקס״ דארף מען שטודירן יענעם קאָלאָסאלן קער, וואָס אונדזער לאנד האָט דורכגעמאכט פאר די לעצטע יאָרן. אונדזער אינטעליגענץ האָט געמוזט דערפילן אף זיך דעם דרוק פון אָט דעם קער און זיך „איבערגרופּירן״.

צוגלײַך מיט די בעסטע טײלן פון אונדזער סאָוועטישער אינטעליגענץ האָט גאָדינער געפונען זײַן אידעאָלאָגישן טיקן אינעם פּראָצעס פון סאָוועטישן סאָציאַליסטישן בויען.

אף די רישטאָוואניעס פון אונדזער העראָישן הײַנט האָט גאָדינער דערזען נײַע ווײַטן אין גאָר א נײַעם ליכט, אין גאָר א נײַער פּערספּעקטיוו. פאר אים האָט זיך אנטפּלעקט יענער גרונט־רונג, אָן וועלכן די גאנצע קייט האָט קיין ציל־אָנגעוועגדטקײַט ניט געהאט — דער „באשטימטער פּלאַן״ — „אָקונס פּלאַן״ — דער מארש צום קאָמוניזם.

אין דער הינזיכט איז די סאָוועטישע אינטעליגענץ ביכלאל די גליקלעכסטע אינטעליגענץ אין דער וועלט, — וואָס פאר א סקעפּטיציזם און נעפּל קאָן זיך אײַנהאלטן אונטערן מעכטיקן דרוק פון די דערקוויקנדיקע רעוואָליוציאָנערע שטראָמען! גאָדינער באקומט זײַן אידעאָלאָגישע פאראנטווארטלעכקײַט אין טאָגטעגלעכן אקטיוון סאָוועטישן לעבן.

זײַן אויג ווערט פארשארפטער, זײַן מויעך ווערט באפרײַט פון די לעצטע שופּן פונעם נעכטן. לאנגזאם, אָבער זיכער הויבט אָן גאָדינער זײַן גרויסע „איבערשאצונג פון אלע ווערטן״ — א באוווסטזיניקע איבערשאצונג פון א מענטשן, וועלכער האָט דורכגעמאכט מילכאָמע, רעוואָליוציע און סאָציאליסטיש בויען. גאָדינער באהאלט ניט זײַנע דיכטערישע קוואָנעס פון איבערשאצונג. פאַרקערט, ער סטארעט זיך אונטערצושטרײַכן זײַן „נײַעם קורס״.

צי ניט דעריבער דען קערט ער זיך איצט ווידער אום צו זײַן פאנטאסטישער מאכנע, וואָס שלעפּט זיך ערגעץ הינטער די אָנצאָליקע איוואנגאָראָדס, אויב ניט קעדיי בולעטער אונטערצושטרײַכן זײַן נ ײַ ע באפאַרבונג פונעם א ל ט ן מאטעריאל? און צי איז ניט זײַן אנטבלויזטע פיזיאָלאָגישקײַט פון „מענטש מיט דער ביקס״ אַן ארויסרוף דעם פאנטאסטישן אָ נ ל ײַ ב י ק ן נעפּל פון זײַנע „פיגורן״?

א באוואָפנטער מיט דער אידעאָלאָגיע פונעם פּראָלעטאריאט, הויבט אָן גאָדינער גאָר אף אן אנדער אויפן צו באטראכטן זײַנע אלטע באקאנטע „מענטשן מיט ביקסן״

ער איז שוין ניט קיין אינטעליגענטיש־צעטומלטער צושויער פון מילכאָמע־קאָשמארן, ניט דער אבסטראקטער „ערד־וואמפּיר״ און ניט דער מיסטישער „איוואן־שווינדלען איצט פאר זײַנע אויגן. גאָדינער דערקלײַבט זיך צו די אינעווייניקסטע

סאָציאַלע פּרוזשינעס פון דער קאָנקרעטער (לײַזיקער, אויסגעמאטערטער און צעבײַזערטער) סאָלדאטישער מאסע.

אָ־אָ, דאָס איז אײַך ניט קיין פּאטריאָטישער לובאָק פון „אונדזערע סאָלדאטיקלעך“!

„די האָבן,—פריער, אין דעם רעכטן ברעג פון שלאכטן אין 1914, 1915, 1916—די ערשטע זיך געכאפּט אָפּגענארטע און־ זײַנען די לעצטע אין יעדער נײַער שלאכט געגאנגען...

דידאָזיקע האָבן שפּעטער איבער אלע וועגן אומעטיק זיך געצויגן מיט וועלפּישע בליקן אין די אויגן, מיט אָפּגעוואשענע שווארצע נעגל, מיט הויטן אף די לײַבער, וואָס זײַנען פון שמוץ און פון ווינטן ווי כײַעשע פעלן הארט און פארמעטדיק געוואָרן. בא דידאָזיקע מענטשן, איז פארנעם ערשטן שאָס אין 1914 שטערבלעך פארווונדעט געוואָרן דער גלויבן אין זיך ווי אין מענטשן און אין מענטשן ווי אין פרײַנט...“

(„דער מענטש מיט דער ביקס“, ז. 34).

דידאָזיקע וועלפּישע בליקן פון אָפּגענארטע ארבעטער און פּויערים,—איר וועט אין זיי זען דעם אָפּגלאנץ פונעם אָנוואקסנדיקן, גאָר נאָענטן צעשטערערישן עקסטאז, וועןן אָן אָפּיעצרן („האָט מען אביסל זייעריקע געלאָזט לויפן, דאָס איבעריקע ביסל האָט מען צעשאָסן“), מיטן לעצטן ביסל־„אָבאָז“, וועלן זיי זיך לאָזן א הוליע טאָן איבער דער פריצישער ערד:

— „קומט ארויס, ברידערלעך, דורכלופטערן וועלן מיר זיך אביסעלע!..“

פון אָט דעם „דורכלופטערן זיך“ וועט א ציטער טאָן די אַלטע וועלט פון מיזרעך ביז מײַרעוו. פּאכדאָנים און צוואקעס פון גאָר דער וועלט וועלן מיט שוים אף די ליפּן דערציילן וועגן דער „ווילדער סאָלדאטישער רעוואָליוציע“, אינטעליגענטישע גאָט־זוכערס וועלן זיך סוידען וועגן דער געהיימניספולער נעשאָמע פונעם רוסישן „מיסטישן איוואן“,—אָבער ניט פארן איצטיקן גאָדינערן איז עס אן ארבעט. מיטן זעלביקן ווילדן עקסטאז, מיט וועלכן אָט די „דרייסטע און פארצווייפלטע“ רײַסן די פארזשאווערטע שלעסער פון די ברויז־קעלערן און פארכאפּן די טעפּלושקעס מיטן לאָקאָמאָטיוו, וועלכער דארף זיי פירן אהיים, צו ערד, צו ווײַב און קינד,—מיטן זעלביקן עקסטאז שפּירט נאָך גאָדינער אָט די פלאמיקע „פרעזשעניצע“, אָט דעם גראנדיעזן אופרײַס פון א מאסע, וועלכע האָט זיך אופגעשטעלט אין איר גאנצער הויך און אָפּגעבריט די ערד מיט איר, באהאלטענעם פון יאָרהונדערטער, „ברוינעם גלי“.

— „וואָס זשע דען? ווינציק בלוט פויערישעס איז פארגאָסן געוואָרן? ווינציק פאר דערדאָזיקער באלעבאטישקײַט באצאָלט?

— א באלעבאטישקײַט זיך אײַנגעהאנדלט! א פײַנע באלעבאטישקײַט, מיט א גאנצן ברויז שנאפּס...“

ווײַל גאָדינער זעט די סאָציאַלע פּרוזשינעס פון אָט דעם מאסאָוון עקסטאז, קאָן ער אים באגרייפן אין זײַן סאָציאַלער שעפערישקײַט און דיפערענצירטקײַט.

דערדאָזיקער עקסטאז איז ניט קיין אײנהײַטלעכער, ווײַל ניט אײנהײַטלעך איז די מאסע גופע. די ערשטע קלאנגען וועגן שאָלעם און ערד דיפערענצירן טייקעף אָט די מאסע. אין איר רעכטער געדיכטעניש—דאָרטן, ווו ס'ליגן צעוואָרפן „די סטאוורָאפּאָלער, דאָנער, קאווקאזער, טאווריער, סימבירער, אויסגעפּוצטע אין זייערע נײַע, ווײַסע אונטערהעמדער, באלאָדענע מיט פארשיידענע שמאָכטעס—מאטאָנעס פאר ווײַב

און קינד״,—דאָרט, אינמיטן איז זי, די מאסע, טעמפּ און וויסט. דער שוידער פון אויסגעמאטערטקייט און אויסגעליידיקטקייט שוועבט איבער איר. „זיי זײַנען גלײַכגילטיק צו אלץ,—שטרײַכט אונטער גאָדינער—איינס ווילן זיי: אהיים״.

אָבער פאראן אויך ניט גלײַכגילטיקע, ניט אויסגעליידיקטע.

„די זײַנען צעשאָטן אף די ראנדן פון דער מאסע, די ווייסן שוין אויך, אָבער נאָר איינס: איצט א קלאפּ טאָן פאר זיך אליין, צוליב אייגענע צוועקן און צילן...״

(ז. 68).

פון אָט דער כאָפּטע פריילעכע „דעמעליזירטע״ פויערימלעך, וואָס פאָרן אהיים און פארקויפן, מיט באלעבאטישער אויסגעכעשבנטקייט, א הארמאט פאר 50 רובל, און טיילן אײַן זיך צו פערד לויט א גורל, און פאָדערן מע זאָל זיי באזאָרגן מיט איין נעקייווע אף יעדער העלפט פון וואגאָן, און באהאלטן פאָרזיכטיק אין בוזעם די צײַגעניש, „אז די מילכאָמע איז שוין געענדיקט״—פון אָט דער סאָציאלער גרופּע טיילט אויס גאָדינער, מיט איין צוויי שמירן פון קינסטלערישן פּענזל, די פארביקע פיגור פונעם פוילישן פויערל בזשאָזעק. בזשאָזעק קאָן זיך ניט דערוואַרטן אפילע אף דער טעפּלושקע און ער „פארענדיקט״ די מילכאָמע אף זײַן אייגענעם נוסעך. ער זעצט זיך אוף אפן קאנצעליארישן וואָגן, אײַנגעשפּאנט אין די בעסטע פּאָר פערד, באַזאָרגט זיך מיט „קאָנטריבוציע״ (דער קאנצעליארישער קופערט, פול מיט קאָסטבארע רעליקוויעס פונעם פּאָלק) און פאָרט אהיים... קיין לובלין, צו דער כאלופּע.

„.... בזשאָזעק איז שוין געוועזן ווײַטלעך הינטערן שטעטל. אפן שאָסיי, צווישן פעלדער און וועלדלעך האָט בזשאָזעק דערפילט זיך ווידער אויסערגעוויינטלעך פרײַ. די פויערישע רעגילעסן זײַנע זײַנען מאָמענטאל אים באפאלן, און ער איז געזעסן, האלב געדרימלט, גערויכערט דאָס ציגן־פיסעלע און אונטערגעברומט:

הוי, דאנא, דאנא—נא,
הוי, דאנא, דאנא—נא
ציסקאם צי מאָצנאָ,
מאָיא קאכאנא...

(ז. 60).

3 יאָר מילכאָמע האָבן ניט געקאָנט אָפּשוואכן די „אורקראפט פון ערד״, וועלכע האָט זיך באלד ארויסגעריסן און א שפּאר געטאָן „צו דער כאלופּע״.

נו, און די רעוואָליוציע?

„די ליוואָרוציע?.. מיר ווייסן ניט פון אזעלכער... ניקאָלאשקען אראָפּגעוואָרפן און... גענוג... בא די פּריצים אביסל ערד וועלן מיר נאָך א שאר טאָן, און... פונקט צו דער מאָס אונדז...

(ז. 163).

אזוי טײַנען דאָרפישע פויערים פון הינטער סטאַס, און אייגנטלעך דאָזעלביקע הילכט אָפּ אינעם באוווסטזײַן פון די בזשאָזעקס. ס'איז אָבער גיכער ניט דאָס פויערישע באוווסטזײַן, נאָר זײַן פארורטייל (לענין האָט געלערנט אָפּצוטיילן דעם פויערישן "рассудок" פונעם פויערישן "предрассудок").

„אף די ראנדן״, דאָרטן, ווו ס'ליגן צעוואָרפן יענע, וועלכע ווילן איצט „א קלאפּ טאָן פאר זיך אליין, צוליב אייגענע צוועקן און צילן״, גיט א שימער מיט געזונטער

וויסקייט פון ציין, מיט קאָרנבלימעלעך אין די פארשייטע פויעריש־שקאָצישע אויג־לעך—וואסיוטקע. ער איז אויך א פויער, אָבער ער פארקערפערט גראָד ניט דעם פויערישן פאָרורטייל, נאָר דאָס פויערישע רעוואָליוציאָנערע באוווסטזיין. זיין פויע־רישער אינסטינקט פון באלעבאטישקייט איז אסאך ברייטער און טיפער איידער בזשאָ־זעקס; ער ווייסט, אז דאָס ביסל געווער וועט צונוץ קומען, אז אָן דער „טייערער פאָליטיק" וועט ער צו זיין כאלופע ניט קומען און אָט די „טייערע פאָליטיק" קאָן מען געפינען בא די שטייפע באָלשעוויקעס, בא וועלכע אלע „שרויפן זיינען גוט פארשרויפט".

דעריבער איז ער אזוי רויק, וואסיוטקע, און שעלמיש פריילעך ברענען זיינע קאָרנבלימלדיקע אויגן, ווען די בזשאָזעקס קלייבן זיך אהיים:

„וואָס?.. ניטאָ קיין געדולד?.. צו די ווייבער אונטער די קליידלעך ווילט זיך. וואַרט אויס א ווייַלע, הייַנט פאָרט איר אַזעק און דאפקע, זייער אומבאדינגט הייַנט..."

(ז. 71)

דעריבער שלאָגט פון אָט דעמדאָזיקן יאט מיט אזא ווונדערבארן אומפארגעסלעכן עקסטאז, ווען ער טיינעט איין מיטן סטאנציע־שעף מיקויעך א „סאמאָווארל" („דער־שיסן, כאוועך שעף, דאָס איז גאָר א פאָשעט שטיקל ארבעט") און ווען ער פאָרט אף אויסשפיר אין שטאָט, און ווען ארום ברענט.

„וואסיוטקע האָט זיך א פארשמייעטער ארומגעטראָגן און מאָדנע רירעוודיק און ווונדערלעך פריילעך צו עמעצן אין דער אָוונטדיקער פינצטערניש געשריען:

— „ס'פרעגלט זיך, אז א פרעזשעניצע... אוך, מאמעלעך מיינע!.. אָט א כאסענע!.. און לעשן לוינט זיך ניט און ס'איז קיין צייט ניטאָ..."

אויב די בזשאָזעקעס שטעלן פאָר מיט זיך די פארגאנגענהייט פונעם רוסישן דאָרף, דעם „דאָרפישן אידיאָטיזם", שטעלן פאָר מיט זיך די וואסיוטקעס די שפעט־רישע רעוואָליוציאָנערע קויכעס פונעם רוסישן דאָרף, וואָס האָבן פארשטאנען דעם גרויסן קויעך פון דער „טייערער פאָליטיק".

ניט זיי אָבער, ניט די וואסיוטקעס זיינען די טרעגער און אידעאָלאָגן פון אָט דער „טייערער פאָליטיק". אף דיזעלביקע „ראנדן", ווו צעשאָטן זיינען די וואסיוט־קעס, שטייען און לויערן אף זייערס די וואנקע שלאָסערס. זיי זיינען עס די ערשטע. וואָס וועקן די דרייסטע און פארצווייפלטע, אָט די, וואָס האָבן ניט קיין כאלופע אינ־דערהיים און שטיקן זיך אפן פיצל אויסגעמאָגערטער ערד. זיי רופן די מאסע צו דער „טייערער פאָליטיק".

„אָט, טייערע כאוויירים, איר דארפט זיך עפעגען די מויכעס און ארייגלייגן אהין אָט וואָס פאר א געדאנק: מע וויל בא אונדז צונעמען די פאָליטיק. די טייערע פאָליטיק וויל מען בא אונדז אוועקרויבן. טאָ גיט זי ניט: אָן דער פאָליטיק זיינען מיר קנעכט..."

(ז. 100).

אָט זיי, די באשיידענע גרופע וואנקע שלאָסערס, רוקן ארויס די שטרענגע „לע־דערנע" פיגור פונעם סטודענט אָקון—דעם באָלשעוויסטישן קאָמיסאַר—דעם פירער פון דער מאסע.

ער איז א געוועזענער סטודענט פון פּעטראָגראַדער פּאָליטעכנישן אינסטיטוט. פּאַר פּאָליטישע מײַסים ווערט ער אוועקגעשיקט אפן פראָנט און דאָרטן וויקלט זיך פאַנאַנדער זײַן שווערער, אָבער רומפולער באָלשעוויסטישער וועג. די סאָלדאטן וויסן, אז ער איז געווען א סטודענט: „קימאט א בורזשוי, א וואָך געבליבן א בורזשוי צו ווערן". אָבער ער איז געוואָרן דער אויסדריקער פון די סאָלדאטישע אינטערעסן קעגן די פאבריקאנטן—די דעמידאָווס, וואָס רופן צו שלאָגן זיך „ביז א זיגרײַכן סאָף"—דעריבער שעצן אים אזוי די וואנקע שלאָסערס. „ער האָט געפונען די טײַערע פּאָליטיק און די בורזשויעס ניט אוועקגעגעבן"—אזוי דערציילט וועגן אים מיט היספּײַלעס וואנקע שלאָסער.

אָקונען זעט מען ניט קימאַט און קימאט ווי מע הערט אים ניט אינעם גאנצן ראָמאן. ער רעדט ביכלאל ווייניק, און אז ער רעדט, רעדט ער „שטיל און מעטאָדיש, קימאט אָן אינטאָנאציע". אָבער איר פילט, אז קיין באפעל גייט ניט ארויס אָן זײַן אונטערשריפט, אז קײַן פּלאן ווערט ניט אויסגעארבעט אָן זײַן פעסטער און אנטשיידענער האנט. אָקון ווייסט, אז קעדיי אָנפירן מיט א מאסע, דאַרף מען קאָנען, אין דער ערשטער ריי, ניט ריידן, נאָר גוט הערן—הערן דעם מינדסטן צאפל פון אָט דער מאסע, דעם שטילסטן געמורמל אירן, און אָקון שטודירט זײַן אודיטאָריע מעטאָדיש און סיסטעמאטיש.

„פון יענע טעג אָן האָט ער זיך דאָס געלערנט און אויסגעלערנט ווייניק ריידן, אסאך הערן און זיך צוקוקן און באנעמען דעם ווילן און געדראנג פון דער מאסע, וואָס האָט געשטראָמט פון הינטער א וואלד ווילדגראָז, פון הינטער א וואלד פארפלאָנטערטע, אומבאהאָלפענע, האלב־שטומע צעקאליעטשעטע ווערטער פון איינציקע פאָרשטייער אירע..."

(ז. 108).

אין אָקונען, וועלכער וויל ניט וויסן פון קיין שום „מעטאפיזיק", מאַכמעס שטענדיק האָט ער זײַן באשטימטע „קאָנקרעטע אופגאבע"—אין אָקונען ווערט פארקערפערט יענער, אביסל איבערגעטריבענער, דראנג נאָך סיסטעם און מאשיניזירטקײַט, וועלכער איז די ערשטע צײַט אזוי כאראקטעריסטיש געווען אלס אן עקסטרעמע רעאקציע קעגן דער „שטרויענער ראסייע", און וועלכער איז ארײַן אין אונדזער סאָוועטישער ליטעראטור אונטערן טיטל:

„לעדערנע קורטקעס, וואָס פוקצירן ענערגיש".

(לעדערנע קורטקעס, וואָס פונקציאָנירן ענערגיש).

(פילניאק).

צי איז דאָס א שרײַבערישע אויסטראכטעניש?

אף וויפל דער באוווסטער פלעכאנאָווישער געזעץ פון אנטיטעזע (דער געזעץ פון קעגנזאץ) איז ניט אויסגעזויגן פון פינגער, איז אויך ניט אויסגעזויגן פון פינגער אָט די עקסטרעמע רעאקציע קעגן דער טראדיציע פון „אָבלאָמאָווערײַ" אין דער רוסישער ליטעראטור. ס'איז ניט קיין „טאָעס" פון שרײַבער, נאָר אן אָביעקטיוו־פארורזאכטע דערשײַנונג. דורך דעם העראָישן סכעמאטיזם פון דער „לעדערנער קורטקע" האָבן מיר זיך געלערנט, די ערשטע צײַט, צו זען, כאָטש אין אלגעמיינע

קאָנטורן, דעם נײַעם מענטשן. דער ווײַטערדיקער, דיפערענצירטער עטאַפּ פון אונדזער שטײַגן ביכלאַל, און מעמיילע אויך פון אונדזער דיכטערישן שטײַגן, האָט שוין ניט געקאָנט, פארשטייט זיך, באנוגענען זיך בלויז מיט קאָנטורן, און דעריבער האָט דאָס פּאָעטיש בילד פון דעם מאשיניזירטן באָלשעוויק — די „לעדערנע קורטקע" — פארלאָרן טאקע זײַן פריִערדיקע אָנציִעוודיקײַט און פרישקײַט. דאָס לעבן, און, מע־מיילע, אויך די ליטעראטור, האָט געפאָדערט צו אינדיווידואליזירן אָט די רעטוזלהאפּטע לעדערנע קורטקע, וועלכע „קאָנסטאטירט", „קאָנטאקטירט", באפעלט און פילט אויס, — ביכלאַל, „פונקציאָנירט ענערגיש".

אין דער ייִדישער פּראָזע איז אָט דער טיפּ פון „מאשיניזירטן" מענטש צום ערשטן מאָל ארײַנגעבראכט געוואָרן דורך גאָדינערן — דאָס אליין ראטעוועט שוין אביסל די לאגע: דאָסדאָזיקע בילד האָט דאָך אין דער ייִדישער פּראָזע, אזוי ארום, פּאָשעט נאָך ניט באוויזן סאָציאַל אָפּגעריבן צו ווערן.

אָבער דאָך וואָלט אין אָקונס איבערגעטריבענער מאשיניזירטקײַט געשטעקט א געפאר פון פארשפּעטיקטן ליטערארישן שטאמפּ, ווען פּאראלעל וואָלט ניט „פונקציאָנירט" זײַן צווילינג־ברודער, דער קאָמאנדיר הערש. הערש ווערט אויך עטלעכע מאָל געגעבן אין אָט די שטרענגע און טרוקענע „לעדערנע טענער". ער אליין זאָגט וועגן זיך און אזוינע ווי ער, אז „דאָס לעבן איז איצט שוידערלעך דערפירט געוואָרן ביז איין פונקט... ביז צום שפּיץ פון א נאָדל... ביז צום שאָס... מיר זײַנען אלע... מענטשן מיט ביקסן... קימאט אָן הערצער... מענטשלעכע שיס־מאשינעס..." אזוי דעקלארירט זיך הערש, אָבער דאָס איז אלץ ניט מער ווי א צינג דער „דעקלאראציע".

אין פּראָצעס פון הערשס „פונקציאָנירן" ווײַזט זיך ארויס, אז דאָס לעבן איז גאָר ניט אזוי פּראָסט, מ׳זאָל עס קאָנען דערפירן ביז צו „איין פונקט", און מענטשן מיט ביקסן זײַנען ווײַט־ווײַט ניט קיין „מענטשלעכע שיסמאשינעס", און הערצער פארמאָגן זיי דאפקע ניט קיין קליינע... הערש איז ניט אזוי „רעטוזלהאפט" ווי אָקון, ער איז ווייניקער „הינטער די קוליסן" און דעריבער האָט ער געמוזט געגעבן ווערן קאָנקרעטער, סטירעספּולער און פילפּארביקער.

אליין איז הערש א געוועזענער ווארשעווער ארבעטער. אָבער נאָך אין די אמאָליקע ארבעטער־קרײַזן האָט מען געשפּאָט פון אים פאר זײַן... פילאָזאָפיע.

„מיר איז שטענדיק שווער געווען צו לעבן און ניט באטראכטן דאָס לעבן... און איינער אן אינטעליגענט האָט געזאָגט אף מיר: צוויי מענטשן אין איין הויט־זאק..."

(ז. 153).

אזוי איז זיך מוידע הערש. ער איז גאנץ ווײַט פון צו זײַן א „מענטשלעכע שיס־מאשין".

אכוץ זײַן געוויסער נעטיִע צו „פילאָזאָפישן" זעלבסטאנאליז, קומט ער נאָך מיט א גאנץ באדײַטנדיקער אָנלאָדונג פון ליריזם, וואָס אָקון האָט עס אזוי פּײַנט. ער האָט פון קינדווײַז אָן ליב מוזיק, ביז צום פארגיין זיך, ביז צום פארכלינען זיך. אכוץ דעם, פארמאָגט ער א הארץ גאָר ניט ווי א „מענטשלעכע שיס־מאשין", און

דער קאָנפליקט צווישן שטרענגן כוווו און דער „לייכטזיניקער" ליבע צו דער טשי־קאווער מיידל—דינע—ווערט איינער פון די אָנגעזעענסטע קאָנפליקטן אין זיין סיוזשעטישער ביאָגראַפיע.

גאָדינער, אלס קינסטלער, האָט ניט געקענט „פארלעדערן" אָט דעם פילפארביקן סיוזשעטישן שטאָף, און ניט אָקון, נאָר הערש ווערט די צענטראלע פיגור פונעם ראָמאן (אף וויפל מיר האָבן פאר זיך דערוויילן בלויז דאָס ערשטע בוך).

אין אונדזער יונגער יידישער פראָזע איז הערש—די ערשטע מאניפעסטאציע פונעם נייעם „לעבעדיקן מענטשן" [1], פון דעם לעבעדיקן באָלשעוויסטישן קאָמאנדיר, אין זיין פולער קאָנקרעטקייט, מיטן גאנצן אינגעווייט זיינעם, און אין זיין ווייטיקדיקן פראָצעס פון „ווערן". ער איז בארופן צו זיין אזא מערקצייכן אין אונדזער פראָזע, ווי דער קאָמאנדיר לעווינסאָן (פון פאדייעווס „ראזגראָם") אין דער רוסישער פראָלעטארישער פראָזע.

דאָס וויכטיקסטע דאָ—איז דער פראָצעס.

אזוי ווי לעווינסאָן, אזוי אויך הערש פאלן ניט אראָפּ פון הימל אלס אויסדער־ווײלטע פירער—זיי וואקסן אויס פאר אונדזערע אויגן אין פראָצעס פון ווייטיקדיקן זוכן און לערנען זיך.

הערש באקעמפט פאר אונדזערע אויגן „דעם צווייטן אין זיך", ער באקעמפט זיין יינגלשע היץ, ער שטודירט זיך און די מאסע ארום אים מיט דערזעלביקער סיסטעמאטישקייט, וואָס אָקון. נאָכן „היסטערישן" פאל מיט בזשאָזעקן ווערט באהערשן דער שפאן געלאסענער, אויסגערעכנטער. ניט אומזיסט זאָגט וועגן אים דער „סאָוועטישער פעטשאָרין"—מאטוויי, אז הערש „טראָגט שטענדיק מיט זיך די פראנצויזישע שליסלען: ווערט בא אים ערגעץ א שרויף אָפּגעשוואכט אביסעלע, צעשאָקלט זיך ווי א פולער צאָן—שרויפט ער אים צו, און ס'איז ווידער אלץ אין אָרדענונג...".

הערש גרייט זיך צו ווערן א פירער פון מאסן, און אָט די זייטלעך, ווו גאָדינער ווייזט אונדז הערשן אין אָט דעם גרייטן זיך, זיינען אזוי פול מיט לעבן־עמעס! אויב וואסיוטקע איז דער קאָרנבלימלדיקער פאָלק־עקסטאז פון דער רעוואָליוציע, אויב אָקון איז איר ראציאָנאליסטישע פאָרמול, איז הערש—ער שטייט צווישן זיי—דער, וועלכער, דורך שווערע סטירעס, דורך זיין ליריק, און שטורמישער לעבן־שול, ווערט דערהויבן צו זיין א פירער פון א רעוואָליוציאָנערער מאכנע.

בזשאָזעק, וואסיוטקע, אָקון און הערש—דאָס זיינען די סאָציאלע גרונט־קויכעס. זיי זיינען די טרייב־קרעפטן פון דער גרויסער „דעמיליזאציע", וועלכע דארף זיך פארענדיקן מיט אן „ערשטן געמישטן אָטריאד פון דער צחייטער רויטגווארדעישער דיוויזיע". אָבער די קינסטלערישע אידייע וואָלט ניט געווען גענוג „קאָנקרעט און

---

[1] כ'באנוץ דעם טערמין „לעבעדיקער מענטש", אף וויפל ער לייקנט אָפּ דעם סכעמאטיזם און ער איז באנוצט געוואָרן ניט איינמאָל שוין אין דער רוסישער ליטעראטור־קריטיק. אָט דער טערמין אָבער איז א גאנץ גליטשיקער. ער שמעקט מיט „אלמענטשלעכער פסיכאָלאָגיע" און ביאָלאָגיע און אנדערע ניטמארקסיסטישע זאכן. כ'באגרענעץ אים דעריבער מיט גענדזן־פיסלעך.

פויל", ווען דידאָזיקע גרונט־קויכעס וואָלטן געגעבן געוואָרן איזאָלירט אָן קיין שום באַרירונג מיט א גאַנצער נעץ ב ײַ ק ו י כ ע ס. גאָדינער, וועלכער האָט זיך צום ערשטן מאָל אין דער סאָוועטישער י י ד י ש ע ר ליטעראַטור פאַרמאָסטן אף א גרויסן סינטעטישן לײַוונט, האָט אײַנגעשלאָסן אין זײַן דיכטערישע ספער אויך אָט די בײַקויכעס.

אזעלכע זײַנען מאַטוויי, ראָזנפעלד און דינע.

מאַטוויי און ראָזענפעלד—ביידע זײַנען פאָרשטייער פון דער אינטעליגענץ, וועלכע איז אינערלעך צעריסן פון ספייקעס, אָבער דאָס זײַנען צוויי גאַנץ באַזונדערע פאַרשוינען. מאַטוויי האָט הינטער זיך א טראַדיציע פון פילצאָליקע דוירעס רוסישע פריצישע אינטעליגענטן, „איבעריקע מענטשן", וועלכע זײַנען פאַרגליווערט געוואָרן אין פערמאַנענטן טשוווע־טאָן. אזוי לײַכט האָט ער—מאַטוויי—פיזיש באַזיגט דעם סאַם פון „אבלאָמאָווערײַ" אין זײַן בלוט, ער שלאָגט זיך מוטיק אף די פּאָזיציעס (האַגאַם, אויסערגעוויינלעך פויל), ער טראָגט זײַן געזונטן קערפער אפן מיזבייעך פון דער רעוואָליוציע, אָבער... אינעווייניק איז ער אויסגעליידיקט אינגאַנצן.

„מאַטוויי איז אינערלעך נאָך אַלץ געווען אויסערגעוויינלעך פויל און קראַנק אף יענער געפערלעכער קרענק, וואָס רופט זיך „אָפּפערוויליקײַט אָן א ציל". ער האָט פּאָשעט אוועקגעשענקט דער רעוואָליוציע זײַן גרויסן גוף, ווי מע שענקט אוועק א וואָרטלאָזן גראָשן... אָבער אויך דעם טאָך פון דערדאָזיקער איבערקערעניש האָט ער נאָך ניט באַנומען..." (ז. 108).

דאָ האָט איר, האַגאַם בלויז אין סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע קאָנטורן, א פאַרביקע פיגור, וועלכע איז אפילע אין דער רוסישער ליטעראַטור פון אונדזער צײַט נאָך ניט פאַרקערפּערט.

די אָקונס און די הערשס ווען אָט די אויסגעליידיקטע נעשאָמעס שטאָפּן מיט „קאָנקרעטע אופגאַבן און טאַטן", שטענדיק אָבער געדענקענדיק, אז אזא איינער קען אמאָל א שפּיצל אָפּטאָן, מאַכמעס, ווי ער איז אליין זיך מוידע, „איז זײַן מאַשק נאָך אביסעלע צעשרויפט", און ניט אומזיסט באַמערקט אָקון, אז ער—מאַטוויי—„פאַרהאַלט זיך צום גאַנצן איניען צו... לײַכט". אין מאַטווייס „אָפּפערוויליקײַט אָן א ציל" ליגט יענע גרויסע אופרײַס־קראַפט פון אוואַנטיור און פאַרטיזאַנערײַ, וואָס ווייסט, אָן שום סאָפּעק, זיך נאָך לאָזן פילן שפּעטער (דערווײַל האָבן מיר דאָך פאַר זיך בלויז דעם ערשטן בוך פונעם ראָמאַן).

גאָר אַן אַנדערער איז ראָזנפעלד.

ער איז א קליינישקער. ער האָט אייגנטלעך גאָרניט וואָס צו שענקען דער רעוואָליוציע, אפילע אויב ער זאָל וועלן, אכוץ עפּשער א פּאָר אויסגעלייענטע ביכער־געדאַנקען וועגן מײַרעוו און מיזרעך, וועגן קולטור און וואַנדאַליזם. ער איז א טיפּישע „קאַנצעליאַרישע מויז". א געוועזענער בוכהאַלטער, א געוועזענער יידישער סאָציאַליסט—קלײַבט ער נאַכעס פון זײַן „געבילדעטן" סקעפּטיציזם, פון זײַן „נערוועסדיקן פּאָרויסזען". ס'טראָגט פון אים א שווערער גערוך ניט בלויז פון די אָפטמאָל „ברודיקע וועש", נאָר פון זײַן גאַנצן אײַנגעריכט וועזן, וואָס גאַרט אזוי נאָך אָן עלעגאַנטן אָנצוג און נאָך זויערמילך מיט יונגע קאַרטאָפל אין די אויאַזדאָוער אלייען.

אך, זויערמילך מיט קאַרטאָפל!

אָט דער ראָזנפעלד וואָלט אייגנטלעך זײַן גאַנצע מײַרעוו־ציוויליזאַציע און אפילע זײַנע בוכהאַלטערישע מאַכשירים אָפּגעגעבן פאַר זויערמילך מיט קאַרטאָפל. דעריבער טאַקע וויל ער ניט „פאַרטיפערן די רעוואָלוציע". דעריבער טאַקע באַטראַכט ער יעדע דערשײַנונג פונעם שטאַנדפונקט: „צי וועט מען ניט שלאָגן ייִדן"...

מ׳וועט שלאָגן, הער ראָזנפעלד, מ׳וועט שלאָגן!

פאַרשטייט זיך—אַזעלכע ווי אײַך!

גערעכט איז אָקון, ווען ער זאָגט, אַז ראָזנפעלד „וועט כאַפּן אין הינטן און אין פאָרנט".

מיט ראָזנפעלדן ווערט פאַרענדיקט, אין זײַן פולער קאָנקרעטקײַט, דאָס פּאָע־טישע געשטאַלט פון דעם „מענטש מיט דער ביקס". אָבער אין זײַן דראַנג נאָך פולער קאָנקרעטקײַט גייט גאָדינער ווײַטער און פאַרכאַפּט אויך א שטיק שיכט פונעם הינטערגרונט—פונעם „טיל". דער מאָמענט פון דעמאָביליזאַציע, יענער מאָמענט, ווען די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע הויבט אָן אַריבערצוּוואַקסן אין א בירגער־קריג, איז דאָך גלײַכצײַטיק דער מאָמענט, ווען ס׳ווערט אָפּגעווישט די גרענעץ צווישן פראָנט און „טיל", צווישן סאָלדאַטן און פרידלעכע בירגער. גאָדינער האָט געפונען פאַר זײַן קינסטלער־כּיוון צו ווײַזן, וועלכע פּראָצעסן ס׳קומען פאָר אין „טיל", ווען ס׳פאַלט אַף אים דער אָפּגלאַנץ פון דער „גרויסער סרייפע".

מיט אַן אייגנאַרטיקן גראָטעסקישן סאַרקאַזם פאַראָדירט גאָדינער דאָס טראַדי־ציאָנעלע אידילישע ייִדישע שטעטל. ס׳איז שאַבעס אין שטעטל: זיבן ליכט ברענען אין דער מעשענער מענוירע, דרײַ לאָמפּן שטייען אַפן טיש, א בליצלאָמפּ הענגט איבערן טיש אַראָפּ.

און אַזוי מאַיעסטעטיש־פאַנטאַסטיש קלינגט דער נאָמען טאָמאָר, און אַזוי אור־ייִדיש איז דאָס יאָנטעוודיקע קלייד אירס מיט די גרינע בינען, און דער ייִד דאָוויד איז ווי „א מעשונעדיקער פּאַזש אין א קײַלעכיק יאַרמעלקעלע און פאַרדרייטע פּייעס", און אַזוי עקסטאַזפול־מיסטיש ברומט די פידל איר שפּיל לעקאָווּעד „מאָשיעכס כײַעל", און ניט ווייניקער עקסטאַזפול־מיסטיש איז דער שטילער טאַנץ פון דער אַלטער טאָמאָר, אָבער...

אָבער אַפן הויף שטייט אַן אָנגעלאָדענער האַרמאַט; און אין די פענצטער פינקלט דער אָפּגלאַנץ פונעם אונטערגעצונדענעם ברויז; און טאָמאָר ליגט אין שמוץ, אין דומפּיקער לופט: און דאָוויד, „דער פּאַזש", קויפט אויס דעם האַרמאַט פאַר 50 ר.; און די פידל ווערט פאַרטויבט דורך וואַסיוטקעס האַרמאָשקעס „Выйду-ль я на реченьку"; און אָנשטאָט טאָמאָרס שטילן טאַנץ; גייט דער גרויסער טאַנץ פון „מענטשן מיט ביקסן": „טאַנץ, ס׳ווילט זיך ניט"; און דער, „כּאַוועד מאָשיעך" האָט, א סוואָרע, מוירע צו קומען, מאַכמעס די סאָלדאַטן סטראַשען, „אַז מ׳וואָלט אים באַדאַרפט א שאָ צוויי אונטער דער ביקס שטעלן".

אויסגעלאָזן האָט זיך, אַז „מאַשיִעכס כּיַעל״ האָט אופגעריסן (ווי מ׳רייסט אוף א בלאָטער) די שאבעסדיקייט און נעשאָמע־יעסיירעדיקייט פונעם ייִדישן שטעטל, פון דער ייִדישער טראדיציע. א וואָכעדיקע, א קערפּערדיקע, א באפרייטע פון שאבעס־עקסטאז איז ארויס פון צווישן די שטעטלדיקע כורוועס—דינע.

שוין באלד בא איר ערשטן אופטריט בריט אָפּ דאָסדאָזיקע 19־יאָריקע „טשיקאווע״ מיידל מיט „טרוקענעם פיַער״ פון באהאלטענעם „גרוילאַרטיקן״ עקסטאז אירן.

„די טאָכטער דעם ייִדנס איז געזעסן באם טיש אין איר וויַס, דין באַטיסט־קליידל מיט די קורצע ארבל, און די נאָזלעכער זיַינען בא איר דורכזיכטיק געווען און געהאלטן זיך אין איין באוועגן. פון די קורצע ארבל האָבן צוויי וויַסע דינע הענט ארויסגעשיַינט, ווי צוויי אײדעלע שטילע באשעפענישן, געהאָרכיאמע און רויִקע מיט באהאלטענעם ברען אין די שפּיצן פינגער, אונטער די נעגל...״

.(ז. 31)

ס׳איז פאראן עפּעס ליַידנשאפטלעך־קעציִשעס אין אָט דעם פלאטערדיקן סילועט. אָט־אָט וועט עס א שפּרונג טאָן, און די גרינע קעציִשע אויגן וועלן זיך צעשפּילן מיט טיַוועע און דראנג. גאָדינער באנוצט אָפּטמאָל אָט דעם פארגליַיך מיט א קאַץ, ווען ער רעדט וועגן דינען, און איר פילט, אז דערדאָזיקער פארגליַיך איז ניט קיַין אויסגעטראכטער. ס׳פּיבערט פון אָט דערדאָזיקער מיידל, ס׳זעצט פון איר מיט יענעם „ברוינעם גלי״, וועלכער איז דערפאר געפערלעכער, וויַיל ער איז א באהאלטענער, א טרוקענער.

פונוואנען קומט אָט דערדאָזיקער פיבער? ווהין פירט ער?

אין עטלעכע ערטער פונעם בוך זיַינען צעשאָטן איַיניקע גאָד נערס אָנווייַזונגען.

דאָ האָט איר אן אייגנארטיקן געמיש: פון מיידלשן יוגנט־פיבער (יענער אומבא־שטימטער פיבער פון רייַפן קערפּער, וועלכער טראָגט פולע אָדערן מיט בלוט—אָט־אָט צעפּלעסקעט זיך עס...) און פון אומדירעקטער ניט געקינצלטער היספּיַילעס פון א נאטור־קינד, און פון רעליגיעזער עקזאלטאציע.

„האָט זיך איר געדאכט, אז אלע אירע מעשונעדיקסטע און ווילדסטע יוגנטלעכע און קינ־דערשע פאנטאזיעס, דאָס אלץ, וואָס איז אנטשטאנען בא איר אונטער דער ווירקונג פון זון, פעלד, וואלד און טיַיך—די איינציקע און ליבסטע קינדער־כאווירים אירע—אונטער דעם שווערן דרוק פון הויכע הימלען, היגטער וועלכע עס טוען זיך אזעלכע וווּנדערלעכע מיַיסים אָפּ (לויט דער מאמעס מיַיסעס), אָט דאָס אלץ וועט באלד פארווירקלעכט ווערן...״

.(ז. 110)

אזוי ווי איר מאמע, וועלכע איז קראנק אף רעליגיעזער עקזאָלטאציע און ווארט יעדן פריַיטיק־צונאכט אף מאָשיִעכן, אזוי ווארט זי—דינע—אז עמעצער (עפּשער א פּרינץ, עפּשער א גוטער ייִד) זאָל קומען און זאָל זי צונעמען פוז אָט דעם דומ־פּיקן צימער, פון דער קראנקער מאמען, פונעם קעלבל מיטן האָן, פון די שטעטלדיקע קרעמער, און פירן אין דער גרויסער וועלט.

ווהין—ווייסט זי ניט, דאָס ווענדט זיך פון יענעם, וועלכער וועט קאָנען שטיל איר פיבערדיקן דאָרשט. אזא ווי ראָזנפעלד, פארשטייט זיך, וועט איר ניט אימפּאָ־

נירן. ער איז א „צעקראָכענע מויז״—אזוי אטעסטירט אים דינע. און זי—דינע—איז א קאַץ, וואָס גרייט זיך עמעצן די אויגן אויסדראפּען. הערש—דער שטיפּער קאָמאַנדיר, וואסיוטקע—דער פרישער פויערישער יונג—דער גאנצער הארטער באָלשעוויסטישער דאָר—דאָס איז די סוויווע, ווו איר פיבער וועט קאָנען אויסגעלאָדן ווערן, ווו די היסטערישע ענערגיע וועט אין היסטאָרישער ענערגיע פארוואנדלט ווערן.

אויב מאטוויס „אָפּפערוויליקייט אָן א ציל״ נעמט זיך פון אינערלעכער אויסגעליידיקטקייט, איז דינעס „אָפּפערוויליקייט אָן א ציל״, א רעזולטאט פון צו הויכן דרוק אין די בלוט־אָדערן. אָבער ביידע—סיי מאטוויי, סיי דינע—קאָנען זייער טיקן געפינען נאָר אינעם שטורמישן דראנג פון דער רעוואָליוציע.

צי וועלן זיי זייער טיקן געפינען—דאָס איז אומבאוווּסט. ס׳איז אָפּהענגיק פון פיל אינערלעכע און אויסערלעכע סיבעס, מאכמעס ביידע זיי זיינען בלויז מיטגערייסן מיט דער רעוואָליוציע, זיי זיינען אירע מיטלויפער.

בזשאָזעק, וואסיוטקע, אָקון, הערש, מאטוויי, ראָזנפעלד און דינע—דאָס איז דער גרונט־טיפּאזש פונעם ערשטן טייל פון גאָדינערס ראָמאן „דער מענטש מיט דער ביקס״. אין דער נייער יידישער סאָוועטישער פּראָזע איז דאָס ערשטע מאָל, ווען מיר האָבן די מעגלעכקייט צו ריידן וועגן א טיפּאזש אין ברייטן סאָציאלן זינען פון אָט דעם וואָרט.

* * *

ס׳איז פּאָשעט צו באוואונדערן די פּאראקשנטע דרייסטקייט, קימאט ארויסרופערישקייט, מיט וועלכער גאָדינער ענדערט זיין שרייב־מאניר פון „טאָג אנטקעגן״ ביז „דער מענטש מיט דער ביקס״.

פּאָרמאליסטן וואָלטן געוויינטלעך דאָס מאָטיווירט דערמיט, וואָס די אלטע שרייב־מאניר איז „דערעסן געוואָרן״, „אָפּגענוצט געוואָרן״, אָבער קיינמאָל וועלן זיי ניט קאָנען דערקלערן, פארוואָס איז גראָד איצט די אלטע שרייב־מאניר „דערעסן געוואָרן״. אינדערעמעסן האנדלט זיך עס אָבער אין דעם, וואָס דער נייער פּסיכאָאידעאָלאָגישער קער האָט געפאָדערט אומבאדינגט א נייע שרייב־מאניר.

צי האָט געקאָנט גאָדינער אויסקומען מיט זיין אלטן סימוואָלישן סכעמאטיזם איצט, ווען פאר זיינע אויגן האָט זיך אזוי פארביק און פול דיפערענצירט דער קאָנקרעט? צי האָט גאָדינער געקאָנט אָפּקומען מיט זיין לירישן שטום־לאָשן, בעשאס ס׳האָבן זיך א לאָז געטאָן די לעבעדיקע בזשאָזעקס, וואסיוטקעס, מאטוויס, דינעס, די הילצערנע ברעטלעך פון די פּענעמער אראָפּגעריסן? נאָר מיטן מעטאָד פון פּסיכאָלאָגישן אנאליז האָט גאָדינער געקאָנט זיך פאנאנדערקלייבן אין אָט דער פיל־פארביקער, סאָציאל־דיפערענצירטער מאסע.

אזוי ארום איז גאָדינער געקומען צום מאָדערנעם סאָציאל־פּסיכאָלאָגישן ראָמאן.

אָנגעהויבן פון בזשאָזעקן און געענדיקט מיט דינען, דעפּילירט פאר אונדז אָט דער גאנצער טיפּאזש פון „מענטש מיט דער ביקס״ מיט אן אנטבלויזטן אינגעוויייט.

דאָס גיט אונדז די מעגלעכקייט צו זען, ווי ס'רייפן מענטשלעכע טאטן און פסיכישע צושטאנדן, ווי זיי רייפן פאר אונדזערע אויגן אין פראָצעס פון פאנאנדערוויקלען געשעענישן. מיר זעען דידאָזיקע, אָפּט אומבאוווסטזיניקע, „אונטערערדישע ארבעט" פון דער קלאסן־פסיכיק בא בזשאָזעקן, ווען ער פאָרט „צו דער כאלופע"; בא הערשן, ווען ער לערנט זיך צאמען זיין „היסטעריק"; בא מאטווייען, ווען ער שלינגט „שטיקלעך קאָנקרעטע אופגאבן" א. א. וו. דאָט וויכטיקסטע אין דעם פסיכאָלאָגישן אנאליז איז דער אנאליז פון „ווערן", פון פראָצעס. פאָעטישע בילדער פאלן ניט אראָפּ קיין גרייטע פון הימל—זיי דארפן ווערן פאנאנדערגעוויקלט.

דער פסיכאָלאָגישער אנאליז גיט דעם וועג פון אָט די פאָעטישע בילדער און ניט בלויז די רעזולטאטן פונעם וועג.

ס'פארשטייט זיך, דאָס גיט זיך איין ניט אזוי גרינג, ווי אָפּערירן מיט פארטיקע לעבנשטאמפן.

גאָדינער פארבייט אָפּטמאָל דעם פסיכאָלאָגישן אנאליז פון געשעענישן מיט פסיכאָלאָגישע טענדענצן אָן געשעענישן. אין אזא פלאך ווערט געגעבן, לעמאָשל, דער פסיכאָלאָגישער קאָנטור פון מאטווייען, פון דאָווידן און, אין א גרויסער מאָס, פון ראָזנפעלדן. דער פסיכאָלאָגישער „יארליק" פארלויפט דאָ דעם וועג די פסיכישע צושטאנדן און געשעענישן.

די געפאר פון פארפסיכאָלאָגעוועט ווערן איז נאטירלעך בא יעדן ערשטן קער צום פסיכאָלאָגיזם, און ס'איז נאטירלעך אויך פאר גאָדינערן. בעשאס די קעגנער פונעם פסיכאָלאָגישן אנאליז האָבן באשולדיקט די „פסיכאָלאָגיסטן" אין פסיכאָמאניע, האָבן זיי געהאט רעכט נאָר אף אזוי פיל, אף וויפל זיי האָבן געוואָרנט פאר קליינבירגערלעכער פסיכאָלאָגיע־גריבלערייַ, וואָס זוכט אין יעדן מענטשן זיין צעצווייטקייט.

אָט די גריבלערייַ, וואָס מער זי פלעגט זיין פארפלאָנטערט און פארשארפט, אלץ מער פלעגט זי אויסנעמען באם אינטעליגענטישן לייענער, וועלכער דאָרשט „שארפע רעגונגען" און „אונטערבאוווסטזיניקע סענסאציעס" פון צעצווייטע אינטעליגענטן[1].

דער סאָוועטישער און פראָלעטארישער פסיכאָלאָגישער ראָמאן האָט קיינמאָל ניט געקאָנט זיך נעמען פאר א מוסטער אָט די פסיכאָלאָגיע־גריבלעניש אינעם „סולדעסוידעס" פון אויסדערווײלטע „מעדיומס".

דער רעוואָליוציאָנערער פסיכאָלאָגישער ראָמאן האָט צוטאָן מיט „געזונטער מאסן־פסיכאָלאָגיע (קלאסן־פסיכאָלאָגיע), ווי זי ברעכט זיך דורך אין דעם אָדער יענעם אינדיוויד, אפן פאָן פון אונדזער סטירעספולן לעבן.

---

[1]) דעם קער צום „לעבעדיקן מענטשן" האָבן טאקע אייניקע פארשטאנען אלס א קער צו אזא מין דעקאדענטישער גריבלעניש פון „צעצווייטע פערזענלעכקייטן"—ס'איז אָן שום סאָפעק א קרענקלעכע רעאקציע קעגן סכעמאטיזם. אייניקע, אפילע כאווײרים פון „ראפּפּ", זיינען טאקע ארייַנגעפאלן אין אָט די נעצן (יערמילאָוו, לעבעדינסקי א. א.)

בעשאס מיר פאָדערן פונעם קינסטלער ער זאָל געבן דעם קאָנקרעט אין זײַן פּולקײַט און דיפערענצירטקײַט, הייסט עס ניט, אז מיר פאָדערן פסיכאָלאָגישע פלאָנטערס.

גאָדינער טאקע געגעבן קימאט אלע זײַנע „העלדן" מיט א „באהאלטענעם ברוינעם גלי". דער פסיכאָלאָגישע אנאליז דארף אופדעקן אָט דעם באהאלטענעם פיבער, און ניט דערטרינקען אים אין סטיכיע פון אסאָציאציעס און רעפלעקסן.

גאָדינער אָבער באנוצט זיך צו אָפט מיטן אכזאָריעסדיקן „אסאָציאציע־אפאראט" און אָפטמאָל צו מעכאניש.

בא דאָווידן, בא ראָזנפעלדן, בא דינען און אפילע באם באָלשעוויק הערש דערגייט עס אָפטמאָל צו גריבלעניש, צו כקירעס (לעמאָשל, ראָזנפעלדס און דאָווידס „פילאָזאָפיעס").

„זײַנע געדאנקען האָבן זיך אלץ מער און מער פארפלאָנטערט, אלץ אומקלאָרער איז פאר אים געוואָרן זײַן זײַן דאָ..."

(ז. 160).

אָט דער פלאָנטער פון געדאנקען וועט קיינמאָל ניט פארבײַטן דעם פסיכאָלאָגישן אנאליז, ער ברענגט בלויז צו רעזאָנערישקײַט — א געפאר, וואָס דראָט גאנץ ערנסט גאָדינערן.

בא דינען ווערט אָט דער פסיכאָלאָגיזם אין א היפשער מאָס סעקסואליזירט, און דער גאנצער אויפן, ווי דינע מאכט קלאָר, וואָס הערש „וויל נאָך", ברענגט מיט זיך ניט קיין רײנעם גערוך פון פאטאָלאָגיע (דאָסזעלביקע מיט דער שטומער).

קעגן אָט דעם מין בורזשואזן פסיכאָלאָגיזם וועט גאָדינער מוזן גאנץ ענערגיש קעמפן.

די בארירונג מיטן קאָנקרעט האָט אויך געמוזט ענדערן גאָדינערס דיכטערישן לעקסיקאָן. מיט ריטמיש־סינטאקסישע קונצן וועסטו דאָ שוין ניט אָפּקומען.

פרײַען, לעבעדיקן, דאָס הייסט, סאָציאל־דיפערענצירטן געשפרעך — אָט וואָס עס פאָדערט דער ראָמאן.

פאר גאָדינערן איז דידאָזיקע פראָבלעם געשטאנען נאָך דערפאר שארפער, ווײַל ער האָט געהאט צו טאָן מיט נײַע מענטשן, וואָס זייער שפראך איז נאָך ניט אײַנגעבירגערט אין דער ייִדישער ליטעראטור.

דרייסט, און דעריבער עפשער, לײַכט, ניט געקינצלט האָט אָנגעהויבן צוריידן די מאכנע „שווײַגערס", יעדערער אף זײַן נוסעך; די בזשאָזעקס — פויל און באלעבאטיש („ברויט מיט קאָנסערוון אפן וועג און די האלעטן מיט צוקער, מיט זאלץ זאָל מען זיך אויך צעטיילן"), די וואסיוטקעס — פארשייט־שקאָציש („דערשיסן, כאווער שעף, דאָס איז גאָר א פאָשעט שטיקל ארבעט"), די הערשס — באפעלעריש־שטײַף („כאוויירים, איר גייט הײַנט אהיים") א.א.וו.

די סאָוועטישע ייִדישע פּראָזע האָט באַקומען לאָשן—דאָס איז גאָר אַ גרויסע דערגרייכונג. ס׳פאַרשטייט זיך, אויך דאָ איז נאָך פיל פאַראַן צו דערגרייכן. „איינשטעלן די שטים” איז ניט פון די לייכטע זאַכן, דער נייער לעקסיקאָן פון דער רעוואָליוציע דאַרף נאָך סיסטעמאַטיש באַאַרבעט ווערן, קעדיי פּאָטער צו ווערן פון יענע פאַרליטעראַרישטע, מעכאַניזירטע זאַצן, וועלכע טרעפן זיך נאָך אָפּט בא גאָדינערן און אין אונדזער גאַנצער פּראָזע [1].

אַ באַזונדער אָרט פאַרנעמט אינעם פּאָרמעלן אַנאַליז פון גאָדינערס שרייב־מאַניר די ספּעציפישע טעמפּעראַטור פון גאָדינערס קונסט־אויפאַסונג.

נאָך דער פּאַסיווער, סימוואָליסטישער שורע פון „טאָג אַנטקעגן” איז קימאַט ווי אַרויסרופעריש אָט די אָנגעגליטע אַטמאָספער פון אַנטבלויזטן גראָטעסקישן רעאַליזם, מיט וועלכן גאָדינער גיליאָטינירט אומבאַראַכמאָנעסדיק זיינע קעגנער.

אייניקע לייענער שאָקירט אַפילע אָט די קימאַט סאַדיסטישע אַנטבלויזטקייט. ס׳הערן זיך שוין אַפילע מורמלענישן מיקויעך גאָדינערס „פּאָרנאָגראַפיע”. אָבער ווי קאָן מען ריידן וועגן פּאָרנאָגראַפיע דאָרטן, וווּ ס׳איז פאַראַן אַזאַ סאָציאַל־אָנגעזויטיקטער סאַרקאַזם, ווי בא גאָדינערן, אין די סאַמע „אַנטבלויזטע” בילדער.

ניין, זאָל פאַרבלייבן דידאָזיקע אַנטבלויזטקייט!

זאָל ווערן אַראָפּגעריסן מיטן געשווילעכץ דער צודעק!

ליטעראַטור פון דער רעוואָליוציע ווערט ניט געמאַכט אין ווייסע הענטשקעס! ס׳וואָלט אָבער געווען ניט ריכטיק צו זאָגן, אַז אומעטום אָפּערירט גאָדינער מיט אָט דער „האַק” פון אַנטבלויזטן גראָטעסק. אָפּט אַרבעט גאָדינער מיט יענעם ראַפינירטן סטיליסטישן לאַנצעט, וואָס זיינע שניטן, האַגאַם זיי זיינען טיפע, קען מען זיי אָבער קוים מערקן.

דערביי באַנוצט זיך גאָדינער מיט אַ ריי מעטאָדן. דעם אויבנאָן פאַרנעמט בא אים דער קאָנטראַסטן־מעטאָד.

דעם ערשטן צוזאַמענשטויס צווישן קאַסרילעווקע און דער רעוואָליוציע שילדערט גאָדינער אַזוי:

„דער ייִד, וואָס האָט געהייסן דאָוויד, האָט געהאַט אַ טאָכטער אין שטוב, אַן אָנגעלאָדענעם האַרמאַט אויפן הויף (אין שאָפּע אונטערן דעכל); אַ האָן; אַ קראַנק געשוואָלן ווייב אין אַלקער... און אַ קעלבל אין הויז. און דער סאָלדאַט, וואָס איז איצט געקומען צו אים צו רייטן, האָט געהאַט אַ פערד און אַ ביקס”.

(ז. 7.)

אַזאַ סאַרקאַסטישע איראָניע שטעקט אין אָט דעם צעטומלטן געמיש פון האַרמאַט, קעלבל, האָן און אַ קראַנק ווייב אויפן פּאָן פונעם שטרענגן בילד: רייטער מיטן ביקס.

שפּעטער ווערט די איראָניע נאָך סאַרקאַסטישער. קאַסרילעווקע „מיטן שוואַרצן בערדל אַראָפּ און מיט דער אויבערשטער ליפּ אַרויף” ווערט אַזוי קאָמיש, ווען עס

---

[1]) פון דער צווייטער זייט, איז אָבער נויטיק באַקעמפן די אַלע לעקסיק־קאָנסערוואַטאָרן, וואָס ווילן אָפּקומען מיט שאָלעם־אַליכעמס לעקסיק, אַלס „זאַפּטיקע” שפּראַך „ביקלאַל”.

בעט זיך באם האָן: פּוטינקע... פּו־פּו־טינקע, ווײַל „דער האָן קאָן איבערשרעקן דאָס קעלבל, דאָס קעלבל קאָן אפּן הארמאט א שפּרונג טאָן, און דער הארמאט קאָן אויס־שיסן".

דער עצעם געבוי פון דעם זאץ איז בעקיוון אזא פּאראַדירטער, ווײַל ער דארף אונטערשטרײַכן דעם לײַכטן ביטל צו דער „יִדישער טראגעדיע".

דיזעלביקע קאָנטראסטן־שפּיל פּילט זיך, ווען אין דער אטמאָספער פון נעשאָמע־יעסוירעדיקער, רעליגיעזער עקזאַלטאציע בא דער אלטער טאָמאָר רײַסט זיך ארײַן דער שייגעץ וואסיוטקע מיט זײַן געלעכטער־שאָס און הערש מיט זײַן ביטל־שמײ־כעלע: „דומפּיק איז דאָ בא אײַך, מומעשי, גאָר דומפּיק". אייגנטלעך איז די גרונט־אקס פונעם סיוזשעט אָט די קאָנטראסטן־שפּיל. גאַדינער קאָנטראסטירט דעם עקסטאז פון „קנעסעס־יִסראָעל", פון די אָנגעצונדענע שאבעס־ליכט מיטן עקסטאז פון מאסן, וואָס „גייען ארויס זיך אביסעלע דורכלופטערן", מיטן עקסטאז פון די וואסיוטקעס, וואָס שעפּן נאכעס פון דער „גרויסער פּרעזשעניצע", מיטן עקסטאז פון די דינעס, וועלכע טראָגן אין דער רעוואָליוציע ארײַן זייער „טרוקענעם פײַער".

דער גאנצער ראָמאן איז, אזוי ארום, געבויט אלס ראָמאן פון ס אָ צ י א ל ע ע ק ס ט א ז ן אין זייער קאָנטראסטן־שפּיל. אין דערדאָזיקער קאָנטראסטן־שפּיל בא־נוצט זיך גאַדינער גאנץ אָפט מיטן סימוואָל, אָבער גאָר אף א נײַעם אופן. דער סימוואָל ווערט מער ערדישער און רעאלער. דער אָפּגלאנץ פונעם ברענענדיקן ברויז און די שטילע שײַן פון די שאבעס־ליכט; דאָס יאָנטעוודיקע קלייד מיט די גרינע בינען און דאָס קעסטל אלטע צארישע רעליקוויעס צופוסנס דער טויטער טאָמאָר; דער געפּלאצטער בלאָטער פון דער „הייליקער" טאָמאָר און וואסיוטקעס אויסגעשריי: „פארשטונקען געוואָרן די אלטע... אף דורך און דורך..."—דאָס אלץ איז א קאָנ־טראסטן־שפּיל מיט סימוואָלן. ס'איז גאָר ניט קיין שלעכטער קונסט־מעטאָד, ער איז אָבער א גאנץ געפערלעכער. אָט, לעמאָשל, פּאָנעם־על־פּאָנעם מיטן לעבעדיקן שטײ־גער־טיפּאזש, מיט וועלכן ס'איז ניט אָרעם גאַדינערס ראָמאן, איז אָבער די אלטע טאָמאָר אינגאנצן שטייגערלאָזיק, און זי פונקציאָנירט אינגאנצן ווי א הוילער סימוואָל. אָט דערדאָזיקער צוריקער צום הוילן סימוואָל דארף צווינגען גאַדינערן נאָך מער אכטונג געבן אף זיך. די פּארטיפּטע קאָנטראסטן־שפּיל איז פרוכטבאר, אויסבויען אָבער א בילד בלויז פון לופט לאָזט זיך ניט.

פּארסאמען דידאָזיקע לופט מיט אופגעריסענע בלאָטערס איז אויך נאָך גאנץ ווייניק.

אויסטראכטן אזעלכע „סימוואָלן", ווי א צעביסענע ברוסט פון אן אומשולדיק מיידל (זע, קאַפּיטל „נעם... באשמיר... פּארבינד...") און דערנאָך זיך לאָזן פילאָזאָ־פירן ארום דעם — איז אויך א צינז דער אלטער סימוואָליש־אלעגאָרישער יערושע. אוודע איז ניט גרינג אינגאנצן זיך באפרײַען פון אלטע טראדיציעס, אָבער דער אָנהויב איז שוין געמאכט געוואָרן, און דער קאמף פאר נײַע וועגן פון דער יִדישער פּראָזע מוז ווערן פּאָרגעזעצט.

נאָך פיל האָט אונדזער פּראָזע אופּצוטאָן אפן געביט פון סיוושעטישן געבוי. אדײַעם איז די שוואכסטע זײַט פון אונדזער יונגער פּראָזע אָט די אומפעיִקײַט צו קאָנצענטרירן איר סיוושעטישן מאטעריאל אין גענוי־באשטימטע פלאכן. נאָך זײַנען אָפט אונדזערע פּראָזאיִקער סיוזשעטישע לאטוטניקעס. גאָדינער, וועלכער האָט בעפיירעש געמאכט א באדייטנדיקן טראָט פאָרויס שוין מיטן עצעם פאקט, וואָס ער ארבעט איבער א גרויסן ראָמאן, גאָדינער קלעפּט נאָך אויך זײַנע סיוושעטישע מאָטיוון מיט דעם סקארבאָוון „ניכטערן שפּײַעכץ" פון „ער האָט זיך דערמאָנט", „קום, וועל איך עפּעס דערציילן" א. א. וו. דער גאנצער קאפּיטל, „דער סאָף פון דער מישפּאָכע מאנדל", איז אף אזא אויפן ארײַגעקלעפּט. ס'דרייט זיך ארום „אָן א שטאָך ארבעט" די שטומע (אויב ניט רעכענען די פּאָר „רעמאָזים" אף א פּאטאלאָגישער „פּראָבלעם", וואָס גאָדינער שענקט אונדז עטלעכע מאָל). דער יִד דאָוויד קאָן זיך אויך קיין סיוושעטיש אָרט ניט געפינען. ער איז אן אָפּגלאנץ פון טאָמאָרן, דאָס הייסט, דער שאָטן פון א שאָטן—ניט קיין באשטימטע סיוזשעטישע פּראָפּעסיע.

אינגאנצן ראפּטעמדיק און אומדערוואַרט איז אויך דער קער צו פּארפלאכ־טער אוואנטיור־שטאָף אינעם קאפּיטל „פירשט לאָרד קאפּארידזע לעבט".

גאָדינער וועט נאָך האָבן א היפּש שטיקל ארבעט, קעדיי אָט די לאטעס ווי ס'ניט איז צו פארדעקן.

איינגעבן וועט זיך עס אים אָן שום סאָפעק, ווײַל מיר האָבן דאָ פאר זיך א פארמעסטעניש אף א ווערק פון א גרויסן פארנעם. גאָדינער, ווי אונדזער גאנצע סאָוועטישע שרײַבער־מישפּאָכע, איז נאָך ליטעראריש גאָר יונג.

ער לאָזט זיך אף שווערע און נײַע וועגן, אף וועלכע ער וועט טרעפן אסאך שוועריקײַטן.

ער פארמאָגט אָבער א וויכטיקע גאראנטיע פאר דערפאָלג: ער איז באגײַסטערט פון א גרויסער און פרוכטבארער אידייע, די איינציקע וויכטיקע און אָביעקטיווע אידייע פון אונדזער צײַט, וועלכע שטייט אלס מאָטאָ צו זײַן ראָמאן „דער מענטש מיט דער ביקס":

„דו פרעג ניט,—

דו מאָן"!

דאָס איז דאָך די גרונט־אידייע פון אונדזער אקטיוויזם, פון אונדזער גרויסן קאמף, פון דעם קאמף פאר פּראָלעטארישער קולטור.

# אונטער דער לאסט פון יערושע.

(ד. בערגעלסאָן. מידאס־האדין).

בערגעלסאָנס דראנג צו אונדזער רעוואָליוציע, צו אונדזער אינטערנאציאָנאלער פראָלעטארישער קולטור דארף קוידעמקאָל, פארשטייט זיך, פארשריבן ווערן אף דער קאָנטע פון אונדזער זיגרייכן סאָציאליסטישן בויען.

די עמפינדלעכסטע פאַרשטייער פון אונדזער אינטעליגענץ האָבן סאָפקאָלסאָף געמוזט דערזען, אז ניט די נאלעוועקעס־יידן און ניט די געלע פאָרווערטס־לייט זיינען פעיִק אף א טיפן קולטור־רענעסאנס אין יידישן לעבן.

דאָס איינציק אָרט, ווו עס ווערט געבויט א גראנדיעזע נייע יידישע מאסן־קול־טור — איז דער סאָוועטן־פארבאנד, און אהער האָט בערגעלסאָן, ווי פיל פון זיינע באוויירים, געווענדעט זיינע בליקן.

ס'איז נאָך דערוויל פרי צו ריידן וועגן בערגעלסאָנס פולשטענדיקן איינבירגערן זיך אין אונדזער סאָציאליסטישן קולטור־בויען. די וועגן, וואָס פירן די ראדיקאלע אינטעליגענץ אונדזערע צו דער פראָלעטארישער קולטור, זיינען זיגזאגארטיקע. ניט זעלטן פארפירן זיי ניט אהין, ווו מע דארף; ניט זעלטן האקן זיי זיך פלוצלונג אָפּ גראָד אף יענע פאראנטוואָרטלעכסטע קנופּ־סטאנציעס, ווו דער באגריף יידישע קול־טור פארלירט זיין שעמען־זייעסדיקע צעקראָכנקייט און ווערט פארהארטעוועט אין קלאסאָווער צילגעווענדטקייט.

מע קאָן שוין אָבער און מע דארף ריידן וועגן בערגעלסאָנס פּאָליטישן קער צו אונדז, צו אונדזער העראָישער ווירקלעכקייט, צו דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע.

פאר בערגעלסאָנען — דעם קינסטלער איז אָבער געווען וויניק פּאָליטיש־פּובּ־ליציסטיש אופנעמען די אָקטיאבער־רעוואָליוציע און די פראָלעטארישע קולטור בערגעלסאָן — דער קינסטלער האָט זיך טייקעף פארמאָסטן אויך קינסטלעריש אופצונעמען די נייע אָקטיאבער־וועלט.

נאָך זיין בוך דערציילונגען „שטורעם־טעג" איז איצט געקומען זיין גרויסער ראָ־מאן פון בירגער־קריג — „מידאס־האדין".

סיי אין די „שטורעם־טעג", סיי אין „מידאס־האדין" איז דער קינסטלערישער טראָפּ געשטעלט אפן העראָיזם פון בירגער־קריג.

פאר דער מיטלויפערישער שרײַבערישער אינטעליגענץ אונדזוערער איז, אין אל־
געמיין, זייער נאטירלעך אָטאָ דער פארשארפטער אינטערעס גראָד צו אונדזער
בירגער־קריג.

אף וויפל די הערא̈יק פון רעוואָליוציע ביכלאל איז נאָענט יעדן ראדיקאלן
אינטעליגענט, אף וויפל דער רייץ פון העלדישע מײַסים און הערא̈ישן פײַערווערק
האָט שוין, אין אלגעמיין, זײַן באשטימטן ליטערארישן שטאמפּ, איז גראָד די טעמאַ־
טיק פון בירגער־קריג, פון טשעקאַ און אונטערערד דער לײַכטסטער וועג, אף
וועלכן ס׳לאָזן זיך שרײַבער־מיטלויפער אין זייער דראנג צו רעוואָליוציע.

ניט יעדער לײַכטסטער וועג איז אָבער אויך דער ריכטיקסטער.

העיויס ווי ס׳איז ניטאָ קיין אבסטראקטע רעוואָליוציע, רעוואָליוציע ביכלאל,
נאָר ס׳איז פאראן א רעוואָליוציע פון א באשטימטן קלאס אין באשטימטע
קאָנקרעטע היסטאָרישע באדינגונגען, איז דעריבער, נאטירלעך, ניטאָ אויך קיין רע־
וואָליוציאָנערע הערא̈יק ביכלאל, נאָר א באשטימטע, קאָנקרעטע הערא̈יק
פון א באשטימטער רעוואָליוציע אין באשטימטע היסטאָרישע באדינגונגען.

אָן אָט דעם כוש פאר קאָנקרעטקײַט קאָן קיין עכט קונסט־ווערק ניט באשאפן ווערן.

בערגעלסאָן האָט ווייניקער פון אנדערע באדארפט מוירע האָבן, ער זאָל ארײַנ־
פאלן אין די פאנג־גריבער פון סכעמאטישן הערא̈יזם, אין אָט די נעצן פון סקארבאָ־
ווע ראָמאנען וועגן לעדערנע קורטקעס, וואָס „פונקציאָנירן ענערגיש", וועגן רעטונג־
האפטע טשעקיסטן, מיט „שטאָלענעם בליק פון דורכדרינגנדיקע אויגן" און שווינד־
זיכטיקע פּאָדפּאָלשטשיקעס, וואָס שטארבן מיטן געזאנג פון „אינטערנאציאָנאל" אף
די ליפּן.

גראָד בערגעלסאָנס אימפּרעסיאָניסטישע ירושע, דער כוש פארן פּסיכאָלאָ־
גישן אנאליז, דער כוש פארן שטייגער־פּאָן, וועלכער איז א דאָם־סוינע יעדן
סכעמאטיזם—גראָד דער בערגעלסאָניזם האָט דאָ געקאָנט פארהיטן פון שטאמפּאָווע
„וואנטיורקעס".

אָבער דיזעלבע בערגעלסאָנישע ירושע פון „נאָך אלעמען" און „אָפּגאנג" האָט
געמוזט לעכאטכילע ארויסרוקן א כשאד, צי וועט בערגעלסאָן ניט „פארעפּלעקסעווען"
דעם באָלשעוויסטישן קאמף־דאָר, צי וועט ער ניט „פארקאָלאָריטעווען" די רעוואָ־
ליוציע, צי וועט ער ניט צעציען אין אימפּרעסיאָניסטישער נודנעקײַט דעם דינאמישן
טעמפּ פון אונדזער בירגער־קריג.

דערדאָזיקער כשאד איז געווען באגרינדעט אף אזויפיל, אף וויפל בערגעלסאָנס
טאלמידים פון אונדזער יונגער סאָוועטישער פּראָזע האָבן שוין ניט איינמאָל אנט־
בלויזט אָטאָ דעם אײַנרײַס צווישן בערגעלסאָנס סטיל און דעם ברויז פון אונדזערע
שטורעם־טעג.

ביפראט נאָך, אז בערגעלסאָן גופע האָט געקאָנט אָט דעם כשאד ארויסרופן מיט
א ריי זײַנע דערציילונגען אין „שטורעם טעג".

פאראן שטענדיק אין בערגעלסאָנס דערציילונגען עפּעס א קאָלאָריט אזא, אזא מין
שטימונגפולער פּאָן, וואָס ווירקט אף אײַך טייקעף, ווי נאָר איר דערפילט זײַן אָטעם.

ס'איז דער לײַכטער, אביסל פארנעפּלטער, אימפּרעסיאָניסטישער טול, וואָס פאר־הילט זאכן און מענטשן, פארווישט די קאנטן און אָטעמט אף אײַך מיט שטילער עלעגיע פון ניטדערזאָגטן.

צי דען זײַנען ניט אזוי אימפּרעסיאָניסטיש פארנעפּלט באָטשקאָ פון „שטורעמ־טעג"—דער פארטיזאן, וואָס „בענקט קיין דאָרעם" נאָך פּראָסיעס „טונקעלע לײַדנ־שאפטלעכע צײנדלעך" און „גייט אף צאָפן"?;

און דער אײנזאמער טעלעפאָניסט פיאָדאָר זאָזולי, וואָס האָט פארלאָרן זײַן פאר־בינדונג מיט זײַן טייל? (ז. 115); און דער געשפּענסט־ארטיקער באראק־דינער „מיטן נאקעט־געגאָלטן קאָפּ", וועלכער שפּאנט ארום אזוי בערגעלסאָניש שטום איבער דעם שפּיטאָל־באראק מיטן לייט־מאָטיוו: „פּעי, פּעי... באשקא־טאָ?.. טרעשטשיט?.. (ז. 271).

דעמזעלבן אימפּרעסיאָניסטישן הינטער־גרונט דערפילט איר אויך, ווען איר לייענט איבער די ערשטע שורעס פון דער דערציילונג „אײנעמס א וועג".

אפן טראדיציאָנעלן בערגעלסאָנישן קריטיק־גרויען פאָן „דרייט זיך ארום א ד ר ע מ ל־ד י ק ע ר א ו ן פ ו י ל ע ר"—אבע דער שמײַסער. ער פאָרט צו דער קאלע און... פאלט ארײַן אין דער רויטער ארמיי. געגנוי דערציילן וועגן דער רויטער ארמיי און וועגן זיך קאָן ער ניט. „אבע האָט ניט געקאָנט ריידן, איז ער דעריבער געשטאנען בייזלעך ווי אָנגעבלאָזן"—אזוי ענדיקט זיך די דערציילונג—א ד ע ר צ י י ל ו נ ג ו ו ע ג ן ב י ר ג ע ר־ק ר י ג.

א ו נ ד ז ע ר א ל ט ע ר ב א ק א נ ט ע ר ב ע ר ג ע ל ס אָ נ י ש ע ר „ש ט ו מ ע ר" מ י ט ז ײַ ן ד ר ע מ ל ד י ק ע ר פ ו י ל ק ײַ ט א ו ן ז ו י ע ר ע ר אָ נ ג ע ב ל אָ ז נ ק ײַ ט א י ז א ר ײַ נ ג ע פ א ל ן א י ן א ר ו י ט א ר מ ע י ש ע ר ש י נ ע ל!

און ניט בלויז דער סאָציאָלער טיפּאזש—גופע—דער פּ ל א צ ד א ר ם פון בירגער־קריג איז געוואָרן היפּש פארבערגעלסאָנעוועט. ער איז אריבערגעטראָגן געוואָרן אף יענער ס אָ צ י א ל ע ר ק ו ש ע ט ק ע, אף וועלכער ס'האָט זיך „געגנודיעט" מירעלע פון „נאָך אלעמען".

וועלכע גרויסע מאסן־קאָנפליקטן קאָנען זיך פאנאנדערוויקלען אין א פארוואָר־פענעם טעלעפאָן־פּאָסט אָדער אין א שפּיטאָל־באראק?..

ס'האָט זיך טייקעף געמוזט שטעלן די פראגע צי קאָן בערגעלסאָנס ראקיטנע און „ארום וואָקזאל" דינען אלס פּלאצדארם פון אונדזער בירגער־קריג.

ס'האָט זיך טייקעף געמוזט שטעלן די פראגע: צי איז די שטרענגע רויטארמעישע שינעל צוגעפּאסט פאר בערגעלסאָנס פארעוואָלוציאָנערע, שטומע, בייזלעך־אָנגעבלאָ־זענע פארשוינען, וואָס בלאָנקען ארום ווי אפן אוילעם־האטויהו און ווערן פארשוומען אין מישמאש פון „קיינען מאכשאָוועס"?

עפּעס איז דאָך אונדזער רויטארמעישע שינעל פונעם 1919 יאָר ניט קיין ז ע ק ל, וואָס ווערט ארופגעצויגן אף פּלייצעס, נאָר א באשטימטע א י ד ע אָ־פּ ס י כ אָ ל אָ־ג י ש ע קאטעגאָריע!

צי וועט טאקע בערגעלסאָנס דראנג צו אונדזער רעוואָליוציע ניט גיין ווײַטער פון דער אויסערלעכער רויטארמעישער א ו נ י פ אָ ר ם, פון דעם אָקטיאבער־גארדעראָב?

בערגעלסאָן גופע, מיט זײַן װוּנדערבארן כוש פאר הארמאָניע פון אינהאלט און פאָרם, פון מענטש און כייפעץ, האָט דאָך שוין איינמאָל געשריבן מיט אזא טיפער איראַניע וועגן „דעק אָן מענטשן".

איר געדענקט פון „אָפּגאנג":

„ער (כײַים מוישע—י. ב.) איז ארײַנגעקומען אין פעדער־צימער און דערזען הענגען א פּאָר רעק. גוט — האָט ער א טראכט געטאָן — רעמאָזים אף מענטשן. נאָר די מענטשן אליין זײַנען ניטאָ..."

צי וועט איצט בערגעלסאָן פארבלײַבן אין פעדער־צימער פון דער רע־וואָליוציע מיט אָט די הוילע רעוואָליוציאָנערע רעק, וועלכע קאָנען ניט בעש[illegible] אויפן פארדעקן זײַן אימפּרעסיאָניסטישע סטאטיק, זײַן פּאבול־דאכקעס, זײַן אינטע־ליגענטישע רעפלעקסן־שפּיל?

דער ראָמאן „מידאס־האדין" האָט נאָך מער פארשארפט אָט די פראגע.

לויטן פארנעם האָבן מיר, אייגנטלעך, אינעם „מידאס־האדין" דאָס איינציק־גרויסע ווערק וועגן בירגער־קריג. שוין דאָס אליין לייגט ארויף א גרויסע היסטאָרישע אכ־רײַעס אפן מעכאבער.

באזונדערס אכרײַעסדיק ווערט אָט דער גאנצער איניען גראָד פאר בערגעלסאָ־נען—דעם אימפּרעסיאָניסט.

בערגעלסאָן—דער מײַסטער פון דעם לירישן, פּסיכאָלאָגישן געמעל, בערגעלסאָן—דער גלענצנדיקער מאָלער פון דער קאָנצענטרירטער קינסטלערישער דעטאל—בער־געלסאָן האָט טעכניש געהאט די פולע רעכט צו נעמען זיך צו דער פּסיכאָלאָגיש־די־פערענצירטער צענטראל־געשטאלט פון אונדזער בירגער־קריג.

אָבער מיט הוילער טעכניק איז קיינמאָל ניט געשאפן געוואָרן קיין באדײַטנדיק קונסט־ווערק.

נאָר מיט א שארפער דיאלעקטיש־מאטעריאליסטישער ריִע קאָן מען זיך נעמען צו יענעם געפלעכט פון קלאסן־קאמף, וואָס הייסט בירגער־קריג אין רוסלאנד.

וואָס זשע האָט געטאָן בערגעלסאָן?

ניט פארלאָזנדיק זיך, ווײַזט אויס, אף זײַן דיאלעקטיש־מאטעריאליסטישער ריִע האָט בערגעלסאָן געפּרוווט קוידעמקאָל געאָגראפיש זיך צו באוואָרענען.

דער בירגער־קריג איז קינסטלעריש עוואקוירט געוואָרן קיין גאָליכאָווקע—קאמינע־באלקע (א מין נײַער סאָוועטישער פּסעוודאָנים פון ראקיטנע) צוריק צו בערגעלסאָנס קינסטלערישער היים.

אין אָט דער קינסטלערישער עוואקואציע האָט פונעם ערשטן טראָט אָן שוין געשטעקט א שטיק געקינצלטקײַט. אוודע האָט דער בירגער־קריג געפלא־קערט אין אלע, אין די סאמע פארוואָרפנסטע ווינקעלעך פון אונדזער לאנד — פאר יעדן איז אָבער קלאָר, אז פאר א קינסטלער, וואָס וויל געבן א באדײַטנדיק

ווערק וועגן בירגער־קריג, איז ניט גאַליכאָוועקע און קאַמינע־באַלקע אַן אויס־דערוויילטער געזיכט־פּונקט.

„גאַליכאָוועקע:

א שטעטעלע, וואָס פאַרברודיקט דעם בארג אראָפּ, א קאַרגע שאָ פּאָרן פון קאַמינע־באַלקע. באַנאַכט האַנדלט מען מיט שמוגל, באַטאָג אָבער גייט גאַליכאָוועקע ניט אַרום, און אַז זי גייט יאָ גייט זי זייער שטיל — זי גייט אין זאָקן.

באַטאָג דרעמלען פּאָרהאַנגלעך אַף די פענצטער...״

(מידאַס־האדין, ז. 17).

אָט די דרעמלענדיקע פּאָרהאַנגלעך, אָטאָ דער פאַרברודיקטער בארג אראָפּ — ס׳איז בערגעלסאָנס טראַדיציאָנעלער הינטערגרונט [1] — דער הינטערגרונט פונעם „אַרום וואַקזאַל״, ווו מענטשן „גייען אין זאָקן״. ס׳איז ניט קיין צופעליקער פּייזאַזש־אָרנאַמענט, גלאַט אַזוי, אבי „ריידן וועגן דער פּאָגאָדע״.

בערגעלסאָנס באַרימטע „טונקלקייט פון סאָפּעק טאָג און סאָפּעק נאַכט״ טראָגט שטענדיק אין זיך א קאַלאָסאַלן אידעאָ־פּסיכאָלאָגישן אָנלאָד.

„וואַטאָווע־גראָבער פּייכטער שניי האָט פּאַלנדיק געטוקט זיין קלאָרע ווייסקייט גלייך אין ברודיקער קאַלוזשע, געטוקט מיט א רעמעז, אַז אין לעבן איז אויך אַזוי״.

(מידאַס־האדין, ז. 238).

איז אָט, אָט דער רעמעז פון לעבן — ער טאַקע שטעקט אין דער קוויטיקער שלעפּערישקייט, וואָס שאַפט דעם קינסטלערישן גרונט־טאָן פון „מידאַס־האדין״, דעם טראַדיציאָנעלן בערגעלסאָנישן גרונט־טאָן.

נעמט אַף טשיקאַוועס פּאָלגנדיקע אויסצוגן פון ראָמאַן „מידאַס האדין״.

1) „געזעסן זיינען אין קיך שמועל וואַלצים, זיין ווייב און נאָך איינער א ק ו י ט י ק ל ע כ ע ר און ש ל ע פּ ע ר ד י ק ע ר י ו נ ג ע ר מ א ן״ (ז. 62).

2) „עס האָבן זיך פּאַמעלעך געצויגן ד י ק ו י ט י ק ע ש אָ ע ן״ (ז. 108).

3) „אַקעגן בא דער הייסער הרובע איז מיט א פ א ר ש ל אָ פ ן פּ אָ נ י ם ג ע ש ט א נ ע ן... (ז. 117).

4) „דער טאָג — א פ א ר ק א ט ע ר ט ע ר, א ג ל י ט ש י ק ־ ק ו י ט י ק ע ר, א פ א ר ז ש מ ו ־ ר ע ט ע ר ווי אַף א ניס צוגעבן. דער וועג א פ א ר ט אָ ג י ק — נ י ט ד ע ר ש ל אָ פ ע נ ע ר״ (ז. 141).

5) „דער גוף איז ק ו י ט י ק און פ א ר ט ר א כ ט״ (ז. 150).

6) „די אייביק־פ א ר ש ל אָ פ ע נ ע און אייביק געשוואָלענע יאַנעווער גאַלעכטעטע״ (ז. 190).

7) „זיין פּאָנעם (איגומענקעס — י. ב.), איז געבליבן ז ו י ע ר ל ע ך פ א ר ש ל אָ פ ן״ (ז. 224).

כ׳וואָלט געקענט ברענגען נאָך אומצאָליקע אַזעלכע אויסצוגן, ווו עס טרעט אַזוי בולעט אַרויס דער טראַדיציאָנעלער בערגעלסאָנישער קאָלאָריט.

סיי גאַליכאָוועקע, סיי דער פאַרוואָרפענער פּאָסט קאַמינע־באַלקע, מיט זיינע פ א ר ־ ש ט ו מ ט ע, פאַרשלאָפענע טפיסע־קאַמערן — ס׳איז דער נויטיקער פּלאַצדאַרם, ניט

[1] „הייזער מיט ס׳ראָוו פאַרמאַכטע דרויסן־לאָדן״ — ס׳איז פאַרבליבן אַראיעם בערגעלסאָנס טראַדיציאָנעלע געשטאַלט (זע, לעמאָשל „אין איינעם א זומער״ — א דערציילונג געדרוקט אין 1919 יאָר (!) און זאַמלבוך „אופגאַנג״, קיעוו.

פאר דינאמיש־פאנאנדערגעוויקלטע שטרײַטן, נאָר פאר בער־געלסאָנס אלטע פארשוינען.

בערגעלסאָן, וועלכער איז אזא מײַסטער פון הארמאָנישער צונויפגיסונג פון מענטש און קעגנשטאנד, האָט שוין אין אָט דעמדאָזיקן קויטיקלעך־פאר־שלאָפענעם גרונט־קאָלאָריט געגעבן די גרונט־אידייע פון זײַן ווערק.

דער טיפאזש איז ווי אָנגעמאָסטן פאר אָט דער קויטיקלעכער שלעפערישקײַט.

אי פיליפאָוו — אָט דער שטומער, שווער־ריזיקער רײַטער, וועלכער בלאָנקעט ארום א פארבאנדאזשירטער, א זויערלעך־פארשלאָפענער איבער פארשנייעטע פעלדער און וועלדער און טראכט וועגן זײַן „אייגענעם שטיקל גערעכט" און דעם „גרויסן גערעכט";

אי דער דאָקטער באביצקי, וואָס „גייט בא זײַט" און האלט פון שווײַגן „בא הײַנטיקע צײַטן";

אי זײַן טויב־שטומער שייגעץ, אי דער שווײַגער יוזי ספיוואק, און ביכלאל דאָס גאנצע פארשלאָפענע שטעטל, אפילע די רעוואָליוציאָנערע קאָמבעדן — אלץ איז אָר־גאניש אײַנגעוואקסן אין דער גרויער, פארשלאָפענער קויטיקײַט פון גאָליכאָווקע און קאמינע־באלקע.

די אָרגאנישע גאנצקײַט פונעם ווערק איז אזוי ארום גלענצנדיק אויסגעהאלטן ווי שטענדיק בא בערגעלסאָנען.

יאָ, אָבער דאָס ווערק הייסט דאָך ניט „אָפגאנג", נאָר „מידאס־האד־ן" און ס'איז א ראָמאן פון בירגער־קריג!

יאָ, אָבער פיליפאָוו איז דאָך ניט קײַן ראקיטנער שאָפּענהויער, נאָר א שאכטיאָר פון דאָנבאס, א באָלשעוויק, א שעף פון באזונדער־אָפּטייל אין בלוטיקע יאָרן פון בירגער־קריג!

יאָ, אָבער איז דער אומגעגנט פון קאמינע־באלקע פלאקערן דאָך באנדיטישע אופשטאנדן!

ווו זשע אין די פארטיי, וועלכע פירט אָן מיט אָט דעם גרויסן בלוטיקן געפעכט?

ווו זשע זײַנען די מאסן, וואָס טראָגן זייערע לײַבער, זייערע קלאסן־לײַדנשאפטן, זייער אומשטערבלעכן פאטאָס אין דער רעוואָליוציע ארײַן?

ווו זשע זײַנען יענע פויערימלעך פון די קאָמבעדן, וועגן וועלכע מע דערציילט אין שטאָט פארשיידענע מײַסעס?

די אלטע בערגעלסאָנישע מאניר אויסצומײַדן פאנאנדערוויקלען מאסן־קאָנפליקטן, נאָר געבן קלאנגען און „נאָכטראכטענישן" וועגן אָט די קאָנפליקטן, האָט דאָ מאמעש אף אן אכזאָריעסדיקן אופן ארויסגעריסן די צונג בא דער רעוואָליוציע[1].

[1]) „די ארבעטער האָבן זיך ווירער געשליאיעט אף די שמאָלע גאסן — אזוי קוקט אויס א פאבריק־שטרײַק בא בערגעלסאָנען אפילע אין 1919 יאָרו („אין איינעם א זומער").

ס׳איז זייער כאַראַקטעריסטיש, ווי בערגעלסאָן שילדערט א מיטינג אין יאָרן פון בירגער־קריג.

„נאָך איידער ער (פיליפּאָוו — י. ב.) איז אוועקגעפאָרן, האָט ער זיך פּלוצים אויסגעדרייט צו די וואַרטנדיקע מענטשן. ער האָט אָנגעהויבן צו ריידן.

דענסטמאָל האָט צווישן די באַלעגאָלישע פּלייצעס א קרעכץ געגעבן אן אַלטיטשקער באַל־אכסאַניע מיט קאַליע קלעפּיקע אויגן, א געלבלעכער זאָקן, וואָס הערט שלעכט און פאַרשטייט שלעכט. ער האָט זיך איינגעקלאַמערט אין עמעצנס אן אַרבל און זיך געהאַלטן אין איין דערפרעגן:

— וואָס זאָגט ער... אַ?

דעם אַלטיטשקן האָט מען געענטפערט:

— ער זאָגט: ער האָט פּאָלנאָמאָטש.

דער אַלטינקער האָט זיך געקרימט:

— וואָס הייסט עס, אַ?

— פון דער רעוואָליוציע... ער האָט, זאָגט ער, פּאָלנאָמאָטש פון דער רעוואָליוציע צו מאַכן אַש פון אַלע, וואָס שטייען דאָ און פון גאַנץ גאָליכאָוווקע.

(ז. 70).

דאָ האָט בערגעלסאָן אַף אַן „אָריגינעלן״ אויפן פאַרבערגעלסאָנעוועט די שטורמישע מיטינג־שפּראַך פון דער רעוואָליוציע.

דער מיטינג ווערט געגעבן א דורכגעבראָכענער דורך דער סאָציאַלער פּריזמע פון א האַלב־בלינדן און טויבלעכן באַל־אכסאַניע.

„ער האָט — זאָגט ער — פּאָלנאָמאָטש״ — דאָ האָט איר די כאַראַקטעריס־טישע פאָרמול פון בירגער־קריג אין גאָליכאָווקע.

דעריבער טאַקע דערוויסט איר זיך וועגן אַלץ — בעפייערעש וועגן אַלץ — נאָר אַף גאָליכאָווקער מאַרק. איר דערוויסט זיך שוין לעאַכער האַמייסע.

דעריבער איז טאַקע סאָפּקאָלסאָף קיין מייסע דאָ ניטאָ. ס׳גייען אַרום בלויז קלאַנגען וועגן מייסעס.

— מע זאָגט, פיליפּאָוו איז קראַנק.

— מע זאָגט, אַרמייער בונטעווען אין קאַמינע־באַלקע.

— מע שמועסט, מאַשנע האָבן אין דער נאַכט פון דאָנערשטיק אַף פרייטיק פאַר־זומען די עסערן.

מאַלע, וואָס מע שמועסט אין קאָלאָמייע, כ׳מיין, אין גאָליכאָווקע!

קיין קלאָרע דיבורים האָט איר ניט פון קיינעם, אפילע ניט פונעם „סאַמען״ כאַ־ווער פיליפּאָוו.

צי איז אמאָל פיליפּאָוו אויך ניט קיין אויסגעטראַכטע מייסע פון קאָלאָמייער־גאָליכאָווקער בעסמעדרעש־פּאָליטיקער?..

פיליפּאָוו, וועלכער רעפלעקסעוועט זויערלעך־פאַרשלאָפן וועגן גרויסן גערעכט און קליינעם גערעכט — צי דען שטאַמט ער פון דאָנבאַס און פירט אָן מיט א באַזונדער אָפּטייל?

רייסט אראָפּ פון אים די שינעל, שלעפּט אים אראָפּ פון פערד, און פאר אייערע אויגן בלייבט שטיין א כייִם־מוישע פון „אָפּגאנג", א מין „רעב גער נום. 4".

„פארוואָס ביזטו אזוי שטיל אוועק, מיילעך?.."

אייגנטלעך גייט פּיליפּאָוו אויך אף אזא שטילן אופן אוועק, מיט א מיילעכשן „שטומען פּראָטעסט".

ער ברענגט זיך א קאָרבן—אן אומניצלעכן קאָרבן נאָר דערפאר, וואָס אייניקע רויטארמייער האָבן א מורמל געטאָן אף אים.

לייענט אָקאָרשט איבער די שורעס, ווען פּיליפּאָוו גייט צו דער „טראדיציאָנעלער אינטעליגענטישער אקיידע „פארן ווילשטאנד פון פאָלק":

„... איז ער געזעסן אין זאָטל ווי געצווונגען, ניט אופהויבנדיק די אויגן, זיך צוגעהערט צו דער שטילקייט ארום וועלדל, וואָס דראָט אים מיט אומקומען. דער שלעפעריקער קאָפּ האָט זיך אלץ מער און מער אראָפּגעלאָזן...

מיט א טיפער דרעמלדיקער בענקשאפט האָט ער איצט בלויז געוואַרט אפן סאָף פון זיין דינען, פילנדיק, אז דאָס קאָן און מוז זיין אויך דער סאָף פון אים. אליין—פון פּיליפּאָוון..."

(ז. 246).

ניין, צו לעפיש און פאריאָסעמט הענגט די שינעל אף די צעקרימטע אינטעליגענטישע פּלייצעס פונעם כאווער פּיליפּאָוו—מע זעט ארויס דעם סטודענטישן מאנטל—דעם אלט אָפּגעטרעפּעטן סטודענטישן מאנטל זעט מען ארויס!..

עפּשער טאקע דערפאר אנטלויפט יוזי ספּיוואק פון זיין ברודערס אפּטייקל אין דער רעוואָליוציע אריין, האלבנאקעט, אין איין רעקל, איבערלאָזנדיק זיין „אלט אָפּגעטרעפּעטן סטודענטישן מאנטל" באם שניידער—פונעם „מאנטל" אנטלויפט ער?..

„דעם מאנטל פעלן קנעפּ—אסאך קנעפּ. און א הענגער פעלט אים אויך. דער אונטערשלאק איז שוין ערטערווייז נאָר פעדעם אף דער שווארצער וואטע, און דער שטאָף אליין—שוין אויך אָפּגעריבן—פעדעמדיק, און דערמאָנען דערמאָנט ער ווייטיקלעך און אָן אופהער אָן א נייעם ווייטן פאָרשטייענדיקן וועג—וועמענס וועג?

— דעם מאנטלס? דעם ברודערס?—אלציינס..."

(ז. 181).

בערגעלסאָן איז דאָ, ווי שטענדיק, גלענצנדיק אין זיין זאכן־שפּיל, א שפּיל, וואָס ווערט דערהויבן ביז צו א סאָציאלן סימוואָל — צי קאָן אָבער אזא רעקוויזיט־מאס־קאראד פארביַיטן דעם רעוואָליוציאָנערן אופברויז פון לעבעדיקע מענטשן?

דערמאָנט זיך, אז אין „באטשקאָ" זעען מיר אויך ניט דעם אָנפירער פון פארטיזאנישן קאמף, נאָר... נאָר זיין סטודענטישן פאלטאָ!.. דעמזעלבן פאלטאָ מיט „ברודיקער וואטע"!

„אנדרוק האָט אָנגעקוואָלן. ער האָט געהאלטן דאָס ליכט העכער זיין קאָפּ. געהאט אן אָפּן מויל, פול מיט וווּנדער, וואָס באטשקא און זיק זעען ניט דעם סאמע איקער.

אָט—אָ,—האָט ער געוווּנקען מיט די אויגן.

א—או

אינדערהויך, אף א צוואָק, אין ווינקל איז געהאנגען אן אלטער סטודענטישער פּאלטאָ, א פארדריפּעטער און אומריינער. פון צווישן דעם אָפּגעריבענעם, גרין־לאסטיקענעם אונטערשלאק האָט ארויסגעקוקט די אלטע ברודיקע וואטע—פּעטרונס סטודענטישע וואטע.

— ס׳האָט פּעטרון דאָ געארבעט, א? אנדרוק!

— פּעטרון, פּעטרון—ער מיט א כאווער זייַנעם א יידליק און איך האָב געהאָלפן״.

(שטורעם־טעג ז. 37).

פאר בערגעלסאָנען איז זייער כאראקטעריסטיש דער סימוואָלישער אופן, ווי אזוי ספיוואק אנטלויפט פון דער „ברודיקער אינטעליגענטישער וואטע", אָבער יוזי ספּי־וואק, שוין אָן סטודענטישן מאנטל, אין דער רויטארמעיִשער שינעל, און אפן פערד, ווארפט נאָך אלץ אָן אף דער רעוואָליוציע די מאָרע־שכוירע פון דער טראדיציִאָנעלער בערגעלסאָנישער „שווייַגערישער פּאָליטיק" („איך שווייַג, ווייַל כ׳האָב אסאך, אסאך צו ריידן, פיל מער, איידער יעדער דאָ אין אָטריאד"—אזוי קאָ־קעטירט אינטעליגענטיש דער „פּאָשעטער קראסנאָארמייעץ", יוזי ספיוואק, ווי בע־שייַטוי עטל קאדיס פון „אָפּגאנג" מיט איר אָפּשווייַגן מער פון צוויי כאדאָשים).

עס שמעקט פון אים מיט אפטייק און מיט עקסטערנישן שווייס—פון יוזי ספיוואקן.

דוכט זיך, אָט גליטש ער זיך אראָפּ פונעם פערד און לאָזט זיך צו דער „אקו־שערקעס צימער", ווו ער צוזאמען מיט מירעלען פון „נאָך אלעמען" דארפן „סאכאקל איינעם א פלאן געפינען".

אלנפאלס, אויב ניט געפינען יענעם וועלטבארימטן מירעלע־פלאן, איז לעכאָלע־פּאָכעס לייזן די גוואלדאָוונע „פּראָבלעם", פארוואָס „אים, יוזין, וועט דאן צעשיסן דיזעלבע (?) ארבעטער־באוועגונג, פאר וועלכער ער איז פון זעכצן יאָר אָן געווען גרייט אָפּצוגעבן זייַן לעבן" (ז. 138).

דער סאָציִאלער מעקעך פון אָט דערדאָזיקער „פּראָבלעם" איז דערזעלבער, וואָס פון פיליפּאָווס „פּראָבלעם" וועגן „גרויסן און קליינעם גערעכט", און דער סאָציִאלער מעקעך פון אָט די ביידע פּראָבלעמען איז ניט אף קיין סאך גרעסער איידער פון באביצקיס פּראָבלעם וועגן כאפּן א דר׳מל „אף צעלאָכעס דער רעוואָליוציע".

וואָרעם נעמט אפילע די אקטיווע טוער פון דער קאָנטר־רעוואָליוציע:

וואָס וויסן מיר פון סאָפּיען פּאָקראָווסקען—דער אָנפירערן פון עסערישן באנדי־טישע אופשטאנדן—אכוץ דעם, אז זי „הינקט אונטער ווי א ווייַבל אין קליין־טראָגן"?

וואָס וויסן מיר פון „דער בלאָנדער"—דער ווייַסגווארדעיִשער קורירשע, אכוץ דעם, אז זי איז „א שטיק זאָכערטע".

דאָרטן, ווו בערגעלסאָן הויבט אָן פאנאנדערשיפרירן דעם סאָציִאלן טאָך פון די קאָנטר־רעוואָליוציִאָנערע קויכעס, באקומט זיך פון פּאָקראָווסקען אן עסערישע גאָטס מוטער, וואָס „ציט זיך מיט דווייקעס" צו עפּעס אן אומבאקאנטן ארעס־טירטן פויער, ווי צו א קאָדעש „פון פאָלק" (ז. 252) און פון דער ווייַסגווארדעיִשער קורירשע—באקומט זיך א מאָנארכיסטישע גאָטס מוטער, וואָס בוקט זיך פארן זעלבן פּאָקראָווסקעס פויער, ווי פאר א „סוויאטוי".

ווען די בּיאָנדע גאנוועט די גרעוּעץ מיטן קינד אף די הענט, דערמאָנט זי דאָך מאמעש די הייליקע מוטער „אפן וועג קיין בייסלעכעם"!

איך ווייס ניט, צי בערגעלסאָן גופע וואָלט אונדז געקאָנט דערקלערן דעם כילעק צווישן אָט די 2 עקזעמפּלאַרן „הייליקע מוטערס" — ער וואָלט זיך אָן סאָפעק פאַרפלאָנטערט אין זיי, ווײַל סאָפקאָלסאָף זײַנען זיי ביידע ביכלדיקע שטאמפּן — טראַדיציאָנעלע שטאמפּן פון יענעם בלאָקישן „כריסטאָס", וועלכער גייט פאָרויס דעם רעוואָליוציאָנערן רוסלאנד.

מיר קאָנען אקטיווע עסערישע טעראָריסטקעס און ווײַסגווארדעיִשע קוריערשעס — זיי זײַנען גאָר אין א קנאפּער מאָס געווען נאציאָנאל־מיסטיש. אוואדע איז בערגעלסאָן זיך סאָפקאָלסאָף נויקעם אין אָט דעם נאציאָנאל־מיסטיציזם: דער „סוויאטוי" — דער ארעסטירטער פויער ווײַזט זיך גאָר ארויס פעדקע דער הארנער מעשוגענער, און דאָס „הייליקע קינד" פון דער „הייליקער מוטער" איז ארומגעוויקלט מיט... ווײַסגווארדעיִשע דאָקומענטן, — אָבער דאָס איז שוין בערגעלסאָנס א פּובליציסטישער שפּיצל, און ס'העלפט גאנץ ווייניק.

אפן זעלבן אויפן האנדלט בערגעלסאָן, ווען ער שילדערט די לעצטע מעלאווע־מאלקע פון א ספּעקוליאנט, וועלכער איז פארמישפּעט צום טויט.

דער מיסטיש־פײַערלעכער אָפּגלאנץ פון אָט דער מעלאווע־מאלקע אין טפיסע־קאמער קאָן בעשום אויפן ניט פארשוועכט ווערן דורך יענע געציילטע פּובליציסטישע שטראָף־שורעס, ווו עס ווערט שטראָפעריש אונטערגעשטראָכן, אז דער ספּעקוליאנט האָט פארן טויט אינזינען געהאט איבערגעגעבן זײַן באהאלטן געלט דעם מעשאָרעס.

דער לעדער־פאבריקאנט ארן לעמבערגער שטארבט אלקידעש האשעם, ניט ערגער ווי עס זײַנען געשטאָרבן זײַנע עלטער־זיידעס — רויִק און פול מיט ביטאָכן.

„בו, זײַ געזונט — האָט ער (ארן לעמבערגער — י. ב.) צום באָכער געזאָגט — אין קאנצעליאריע האָב איך, דאכט זיך, אָנגעגעבן דעם עמעס, דו ביזט מער ניט געווען ווי אן אָנגעשטעלטער, קיין פּראָצענטן האָסטו בא מיר ניט געהאט, ווייִן ניט, בעט גאָט, זײַט געזונט אלע".

(ז. 126).

ווי איר זעט, שוין אָט דערדאָזיקער, אפילע אויבנופיקער, אואליז פון די צענטראלע קינסטלערישע געשטאלטן אין „מידאס־האדין" זאָגט איידעס, אז בערגעלסאָן קרעבצט אונטער דער לאַסט פון זײַן יערושע — פון דער אימפּרעסיאָניסטישער יערושע.

פון בערגעלסאָנס גאָליכאָווקע שמעקט מיט ערעוו־שאבעסדיקן צימערינג, אזוי ווי פון קיפּנימעס טלאָוועשנע.

די רעוואָליוציע האָט נאָך דערווײַל ניט אָפּגעשאפט אָט דעם רייעך פון צימערינג, — אָבער אָט דערדאָזיקער רייעך שאפט בא אונדז בעשום אויפן ניט קיין אסאָציאציעס פונעם אומפארגעסלעכן נײַנצנטן יאָר!

די רעוואָליוציע האָט נאָך דערווײַל ניט אָפּגעשאפט אלע דרעמלענדיקע פאַרהאנגלעך, אָבער מיר קאָנען דורך זיי אין דער רעוואָליוציע ניט ארײַנקוקן.

די רעוואָליוציע האָט נאָך דערווײַל ניט אָפּגעשאַפט אַלע אָפּגאַנג־„גײַרים", וואָס שטודירן די ספרים בײַ ייִצכאָק בערן אפן בוידעם". מיר האָבן זיי אויך אין אונדזער ליטעראַטור, אָבער ניט זיי זײַנען די היסטאָרישע טרעגער פון אונ־דזער בירגער־קריג.

בערגעלסאָן האָט דורך כײַים־מוישעס שפּאַקטיוו באַקוקט אונדזער באַזונדער־אָפּ־טייל, אַזוי ווי באַבעל לעמאָשל האָט דורן די ברילן פונעם רוסישן אינטעליגענטישן очкастый באַקוקט אונדזער „קאָנאַרמיִע".

אָט דעם גרונט־פאַקט טאָר מען ניט פאַרשמירן, ווען מע רעדט וועגן „מידאַס־האַדין". בערגעלסאָן קרעכצט אונטער דער לאַסט פון זיין גרויסער ירושה.

צי פאַלט אָבער בערגעלסאָן אונטער דער לאַסט פון זײַן קינסטלערישער ירושה?

צי איז ער פאַרורטײַלט צו פאַלן?

כ'מיין, אַז ניט.

איך וועל שוין ניט ריידן פון יענעם גרויסן טעכניש־שרײַבערישן סטאַזש, מיט וועלכן בערגעלסאָן קומט צו אונדז, און וועלכער וועט אים גאַנץ שטאַרק צונוץ קו־מען אין זײַן ווײַטערדיקן שאַפן.

אין „מידאַס־האַדין" קאָנט איר טרעפן קימאַט אף יעדער זײַטל אָטאָ די אַלטע וווּנדערבאַרע בערגעלסאָנישע קאָנדענסירטקײַט, אָט דעם גלענצנדיקן פּסיכאָלאָגישן געמעל, אָט דעם עכט־קינסטלערישן כוש פאַר דעטאַלן (כ'מיין, אַז קיין „אַמעריקעס" וועל איך דאָ ניט עפענען).

היסטאָריש־וויכטיקער זײַנען אָבער בערגעלסאָנס ערשטע געלונגענע פּרוּוון אַרײַנצופירן דעם ייִדישן שטעטלדיקן אַרבעטער אין דער רעוואָליוציע. ס'איז וויכ־טיקער פאַר אַלץ — ווײַל דאָ ליגט דער גרונט־רינג פון דער צוזאַמענשלוס־קייט, פאַר וועלכער בערגעלסאָן דאַרף זיך אָנכאַפּן, קעדיי אַרויסצוקריכן פון אונטער זײַן ירושה. פאַר בערגעלסאָנען איז אָט דער רעוואָליוציאָנעלער אַרבעטער אַ נײַס. ווי דער פעטער יודל פון זײַן „אין איינעם אַ זומער" פלעגט בערגעלסאָן אַפילע אין די יאָרן פון אונדזער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע „קריכן אפן דאַך, קעדיי כאַפּן אַ קוק אף די שפּיצן פון פאַבריק־קוימנס" און דערמיט יויצע זײַן.

פינקע ווײַל און דאָס אַרבעטער־מיידל מיטן „רויטן טשיפּעק און כאַכאָמעדיקן נעזל" — דאָס זײַנען פּרעכטיקע קאָנטורן, וואָס וואַרטן אף בערגעלסאָנס ווײַטערדיקער קינסטלערישער געשטאַלטונג.

קינסטלעריש הויבט אָן פינקע צו אָקופּירן דעם גאַנצן ראָמאַן, אַרויסשטויסנ־דיק אף דער פעריפעריע די „צענטראַלע העלדן" — פיליפּאָוון, ספּיוואַקן פּאָקראָווסקע, די בלאָנדע א. אנד.

אַזוי פיל פּאַשטעס, אַזוי פיל פּאָלקסטימלעכן כיין פאַרמאָגט אָט דאָס פּאָרל, ווען זיי באַגעגענען זיך אין שמאָלן סיטקעלע!

„רעדט, רעדט, כאַוועער ספּיוואַק" — אַזוי בעט זיך פינקע, ווײַל באַם שווײַגער ספּי־וואַק, און עס דוכט זיך, אַז דאָס בעט ער זיך אַזוי בײַ בערגעלסאָנען, וועלכער שטייט איצט בײַ זײַן קינסטלערישן שייד־וועג.

און עס דוכט זיך, אז אין אָט דעם „רעדט, רעדט כאַווער ספּיוואַק" הערט זיך אָן איבערוף מיט כײַים-מוישעס „שווײַג, שווײַג, וועסט סאָפּקאָלסאָף אויסשווײַגן א שיין לעבן".

„אויסשווײַגן א שיין לעבן" — ס'איז אמאָל געווען דער קינסטלערישער קרעדאָ בערגעלסאָנס.

א ו י ס ש ר י י ע ן  א  ש י י ן  לעבן — דאָס איז דער קינסטלערישער קרעדאָ פונעם יוגנטלעכן רויטאַרמייער פּינקע ווייל.

פּינקעס „פּריילעכע, גליקלעך-שטראַלנדיקע אויגן" רײַסן אויף די „טונקלקײַט פון סאָפּעק טאָג און סאָפּעק נאַכט"; דאָס רויט טשיפּעקל און כאַכאָמעדיקע נעזל פון פּינקעס מיידל רײַסט אויף די נודנעקײַט פון מירעלעס „היפּשע אומעטיקע אויגן".

פּינקע ווייל באַווײַזט, אז בערגעלסאָן קאָן אָפּגיין פון זײַן טויב-שטומען געשטאַלט.

ע ר  מ ו ז  ע ס  ט א ָ ן, ווייל ווערן א בויער פון דער נײַער סאָוועטישער ליטעראַטור קאָן מען ניט, פאַרבלײַבנדיק אין געפענגשאַפט פון דער אַלטער סטיל-ירושע.

בערגעלסאָן שטרענגט אָן זײַנע קינסטלערישע קויכעס, קעדיי אראָפּקײַקלען פון זיך אָט די לאַסט פון ירושע.

דער ערשטער פּרווו זײַנער צו געבן ד י נ א מ י ש ן, פ א ב ו ל ד י ק ן  ש ט א ָ ף, א גאַנצע ריי פּרווון זײַנע צו דינאַמיזירן די שורע דורך קורצע אַנקעטעאַרטיקע זאַצן („זײַן כאַראַקטער: אָן אָפּגעלאָזענער, א פּוילער, נאָר א גרינגער און שפּילעוודיקער" (ז. 100); דער א י נ ט ע ר נ א צ י א ָ נ א ל ע ר  פ א ר נ ע ם  פון דער טעמע (די יידישע ליטעראַטור ווערט „פאַרגוייִשט")—דאָס אַלץ זאָגט אײדעס, אז בערגעלסאָן פילט די גרויסע אכרײַעס, וואָס ליגט אַף אים.

לאָמיר אים ווינטשן מער ענערגיע און מער פּראַקשנטקײַט אין זײַן דראַנג צו אונדז, צו דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע, צו דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַרישער קולטור.

.1929

What the hell does he

# ש. פערסאָוו.

פערסאָווס בוך „קאָרנברויט" עפנט זיך מיט א דערציילונג „שערבלעך", וועלכע איז דאטירט מיטן 1922 יאָר.

א באדײַטפולע דאטע! אָקאָרשט האָבן אָפּגעהילכט די לעצטע דונערן פונעם בירגער־קריג, מיט אימפּעטדיקן קער האָט דאָס לאנד זיך א לאָז געטאָן אף נײַע עקאָנאָמישע רעלסן, קעדיי אין שווערן, לאנגדויערנדיקן קאמף בויען סאָציאליזם אין א לאנד מיט א איבערוועגנדיקער קליין־פּויערישער פּריוואט־ווירטשאפט.

נאָכן פּיבערדיקן פּעריאָד פונעם „מיליטערישן קאָמוניזם" הויבן זיך אָן אָנצומערקן די ערשטע בלייכע קאָנטורן פון א נײַעם סאָוועטישן שטייגער. ס'קומען אָן די ערשטע נײַע שטייגערדיקע פּערסאָנאזשן: דער קאָמוניסט—דער ווירטשאפטלער, דער ספּעץ, דער נעפּמאַן, דער ארבעטער אין זײַן וואָכעדיקער טאָגטעגלעכקײַט, דער פּאראָרעמטער קוסטאר א.א.וו. דער איבערגאנג פון הערצָישן סכעמאטיזם צום נײַעם שטייגער האָט געפאָדערט א געוויסע צײַט אף איבערבאוואָפענונג.

אפילע אין דער רײַכער רוסישער ליטעראטור האָט מען צו אָט דער צײַט מער געלעבט מיט דער טעמאטיק פונעם פארגאנגענעם בירגער־קריג, איידער מיט דער קאָנקרעטער טעמע פונעם נײַעם „נעפּ"־שטייגער.

אין דער ייִדישער ליטעראטור האָט צו דער צײַט געהערשט די שטראָם־עסטעטיק. די ליריק האָט באזונגען „קאיאָרן" און די פּראָזע—די פּראָזע האָט ערשט נאָרוואָס אָנגעהויבן שטאמלען אף „ביסטער־לאָשן". וועגן קאָנקרעטן נײַעם שטייגער איז שוין אָפּגערעדט.

ס'איז אייגנטלעך אין יענע שטראָם־טעמפּלען געווען א שטיק „מאָווע־טאָן" צו דערמאָנען אפילע אָט דאָס וואָרט.

איז אָט אין אזא צײַט איז געקומען פּערסאָוו און גראָד מיט א שטארקער נעטיע צום שטייגערדיקן. ווען אָט דידאָזיקע נעטיע צום שטייגערדיקן וואָלט געווען פּערסאָווס א סוביעקטיווער גוסט, אן אייגענער „אײַנפאל", וואָלט עס אפן פּאָן פון שטראָם־עסטעטיזם, אָן שום סאָפעק, אינגאנצן פארלאָרן געגאנגען. דידאָזיקע נעטיע

צום שטייגערדיקן קאָנקרעט האָט אָבער געוואָרצלט אין אָ ב י עַ ק ט י וו ע באַדערפֿע־ נישן, אַרײַנצופֿירן אין דער ליטעראַטור דעם שטייגערדיקן פ אַ ק ט אָנשטאָט דעם אַבסטראַקטן אינטעליגענטישן ס י מ וו אָ ל, אָדער אָנשטאָט דער אַבסטראַקטער סכעם פֿון דער העראָיִק־ליטעראַטור. דער נײַער „וואָכעדיקער" קורס אינעם סאָציִאַל־עקאָ־ נאָמישן לעבן האָט געזוכט זײַן ערשטע פֿאַרקערפּערונג אין אַ מין „וואָכעדיקן" ליטע־ ראַרישן עמפּיריזם, אינעם פֿעטאָס פֿון וואָכעדיקן, שטייגערדיקן פֿאַקט.

אָט די קאָנקרעטע סיטואַציע דאַרפֿן האָבן אין אויג יענע סימוואָליקער־עסטעטן, וועלכע ריידן מיט ביטול וועגן שטייגער ב י כ ל א ל.

ניט שטענדיק איז דער שטייגער־עלעמענט אַ באַלאַסט אויף די „פֿליגלען" פֿון דער „מוזע". די רעוואָלוציִאָנערע פֿראַנצויזישע בורזשואַזיע, לעמאָשל, האָט מיט איר שטייגערדיקער „זשאַנער־קונסט" געשטורעמט דעם פֿעאָדאַליזם ניט ערגער, איידער מיט אירע קאַנאָנען. פֿלעכאַנאָוו האָט עס גאַנץ גענוי באַלויכטן.

אין די ערשטע יאָרן פֿון איבערגאַנג־פּעריאָד, ווען אין רעוואָלוציִאָנערן פֿלאַם שמעלצט זיך איבער דער שטייגער, איז יעדער נײַער שטייגער־פֿאַקט אַ שטיק מעציִע פֿאַר דער ליטעראַטור. דער שטייגער איז דאָך אין אַזאַ צײַט נאָך ניט באַנאַליזירט, נאָך ניט אויסגעדראָשן. די געפֿאַר פֿון זיסלעכער אידיליע שטייט נאָך דערווײַל ניט פֿאַרן שטייגעריסט.

פּערסאָוו איז מער פֿון אַנדערע מאָסקווער יידישע שרײַבער געווען צוגעפּאַסט אויפֿצונעמען אָט דעם נייעם שטייגער. אַן אַקטיווער סאָוועטישער ווירטשאַפֿט־טוער, אַ מענטש, וועלכער איז די גאַנצע צײַט פֿערזענלעך געקניפּט און געבונדן מיט דער פּראָווינץ, מיט די סאַמע געדיכטענישן פֿונעם נײַעם לעבן,—האָט פּערסאָוו געהאַט אַ ברייטע מעגלעכקײַט נאָענט צו באַקאָגען זיך מיטן נײַעם שטייגער. אָבער די קאָנ־ טורן פֿונעם נײַעם שטייגער־פֿאַקט זײַנען דערווײַל נאָך פֿאַרטושירט. די נײַע פּער־ סאָנאַזשן־גאַלעריי איז נאָך ניט גענוג אויסגעפּאָרמירט. פּערסאָוו וואָגט נאָך ניט דערווײַל צורירן זיך צו אָט דעם נײַעם שטאָף. זײַן שטייגערדיק־קאָנקרעטן זשאַנער ווענדט אָן דעריבער פּערסאָוו קוידעמקאָל צו אַזאַ פּערסאָנאַזשן־גאַלעריי, וועלכע האָט שוין באַשטימטע ט ר אַ ד י צ י ע ס אין דער ליטעראַטור—כ'מיין דאָ די יאָרדים־גאַלעריי.

ס'פֿאַרשטייט זיך, אַז פּערסאָווס יאָרדים—דאָס איז גאָר אַ נײַער מין יאָרדים יאָרדים פֿון נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע! דאָ האַנדלט זיך שוין ניט אין דעם, וואָס דער אָדער יענער „רעב גדליה הורוויץ" ווערט אַ יורד אין רעזולטאַט פֿון „שלעכטע געשעפֿטן". ס'האַנדלט זיך אין אַ גאַנצן קלאַס, וואָס האָט געמאַכט „שלעכטע געשעפֿטן" און איז געוואָרן אַ פּאָליטישער און עקאָנאָמישער יורד, געוואָרן „נאָך אַלעמען".

„שערבלעך"—שערבלעך פֿון ג ע וו ע ז ע נ ע פּאָלקאָווניקעס, שערבלעך פֿון ג ע וו ע־ ז ע נ ע גאַלאָכים, שערבלעך פֿון ג ע וו ע ז ע נ ע סאָכרים—דאָס איז דער קינסטלערי־ שער אָביעקט פֿון פּערסאָווס ערשטער דערציילונג—„שערבלעך". ווי שערבלעך וואַל־ גערן זיך אָט די אַלע „געוועזענע" אונטער טפּיסעדיקע גראַטעס, אין דער סאָוועטי־

שער קאמער נומ. 3. דאָס זײַנען ניט קײַן קעמפער, וואָס זײַנען געפאנגען געוואָרן אין שלאכט; דאָס זײַנען ניט קיין פּאָליטישע קעגנער, וואָס זײַנען ווערט צו פארעכנט ווערן אלס סאָנים פונעם פּראָלעטאריאַט—דאָס זײַנען נודנע, איבערגעשראָקענע ברוים־יאָרדים. אין שלאָפּלאָזיקע נעכט, אין נודנע טעג ליגט מען אף די נארעס, און „מע זוכט אונטערן שינעל פויזנדי ע ברוים", און מ'קוויקט זיך מיט זיכרוינעס וועגן דער אמאָליקער נעגידעס, און מע „קײַט מאכשאָוועס", אז בעכיין „דער גוי וועט ניט שווײַגן. א גוי איז ניט קיין ייד". און אז די האָפענונג אפן „גוי" פּלאצט (דער באלעגופישער אופשטאנד האָט זיך ניט אײַנגעגעבן), בלײַבט די איינציקע האָפענונג: „עפשער וועלן זיי אמניסטיע געבן פארן ניצאָכן".

פערסאָוו האָט ניט געהאט אין זײַן רעשוס קיין גרייטן, נײַעם סטיל פאר אָט דעם נײַעם מין „יאָרדים", דערפאר אָבער איז געווען א גרייטער בערגעלסאָנישער „נאָך־אלעמען־סטיל". פערסאָוו האָט געטאָן דאָס, וואָס אין יונגע ליטעראטורן טוט מען אָפט—ער האָט גענומען „אף באָרג" דעם בערגעלסאָנישן יאָרדים־סטיל. ער האָט עס געקאָנט טאָן, מאכמעס דער אלגעמיינער פּסיכאָלאָגישער טאָן האָט דאָ צוגעפּאסט. ס'האָט זיך געפאָדערט אָבער א שטיקל רעמאָנט".

פערסאָוו האָט אָפּגעוואָרפן אָן א זײַט דעם אימפּרעסיאָניסטישן ליריזם, וואָס שטראלט פון מירעלעס „היפּשע אומעטיקע אויגן" און פון רעב גדאליע־הורוויצעס געבראָכענעם אריסטאָקראטיזם—איז געבליבן ריינער „אימפּרעסיאָניזם פון נודנעקײַט", וווּ דאָס נודען זיך דערגרייכט מאמעש ביז צו פיזיאָלאָגישער כאלאָשעס (מירעלע נודעט זיך „אינטעליגענטנע"!). אינעם ארסענאל פון בערגעלסאָנס „נאָך־אלעמען־סטיל" האָט פערסאָוו גאנץ לײַכט געקאָנט געפינען יענע טעכנישע מיטלען, וואָס גיבן די מעגלעכקײַט בוילעטער אונטערצושטרײַכן אָט די נודנעקײַט פונעם ביסל סאָציאַלן בראָכווארג, וואָס ווערט פארשטיקט אין קאמער נומ. 3. בערגעלסאָנס רעפלעקסן־שפּיל ווערט דאָ גראָטעסקירט ביז צו כאלאָשעסדיקער זעלבסט־גריבלעניש. מענטשן זיצן אין איין קאמער, דאכט זיך, און יעדער איינער פון זיי איז ווי ארומגעצאמט מיט שטעכיקן דראָט. אָנשטאָט א לעבעדיקן שמועס, זעט איר בלויז עפּעס א שאָטן פון א צעשויבערטן ריידן פון היץ, פון „ריידן צו דער וואנט", פון, קײַען מאכשאָוועס".

דער ארעסטירטער גאלעך דערציילט וועגן זיך ניט אף א קלאָרן מענטשלעכן לאָשן: זײַנע „צונויפגעלייגטע פינגער ארויף און אראָפּ—צום שטערן און צום הארצן, גיבן צו פארשטיין: „ביזן סאָף פונעם בירגער־קריג האָט מען דאָך ארײַנגעהאקט"... (ז. 4). דער ארעסטירטער סויכער גינזבורג „פארקלײַבט זיך אף דער נארע, ציט זיך אויס אין דער גאנצער לענג, פארוואַרפט די הענט אונטערן קאָפּ, און ניט צו מיטלמאנען, נאָר צו די גראטעס רעדט ער גאָר..." (ז. 15). דער ארעסטירטער מיטלמאן איז אויך אָן לאָשן, ער „האָט בעדייע עפּעס ענטפערן, ווײַל ער עפנט פאנאנדער דאָס מויל און אנטפּלעקט זײַנע ארײַנגעשטעלטע גאָלדענע ציין, נאָר לאָזט אראָפּלעסאָף די אונטערשטע ליפּ, ווי א מיד פארהאָרעוועט פערד, און קיין ווערטער זײַנען ניטאָ" (ז. 16). די בארימטע „שווײַגערישע פּאָליטיק" פון „נאָך אלעמען" און

פון „אָפּגאַנג" איז דאָ די הערשנדיקע פּאָליטיק. ס'דאַכט זיך, אַז אַ גאַנצע וועלט איז געבליבן מיט אַ פאַנאַנדערגעעפנט מויל, און „קיין ווערטער זײַנען ניטאָ!"

„ש־ש־ש, ש־ש־ש, שרעקט ער די מויז און טוט אפילע אַ קלאַפּ מיט אַ הוילער פּיאַטע אָן דער האָלצערנער נאַרע, נאָר די מויז ווערט ניט ניספּאָקעל און טוט זיך אירס: רײַסט זיך צום עסן, צום לעבן. דאָס רעגט אים אינגאַנצן אויף: אַלע שווײַגן, דאַרף די מויז אויך שווײַגן".

(ז. 20).

אין דער טויטער שטילקייט באַקומען אָבער אַ שאַרפן כיטעך־האַדיבער זאַכן, קעגנשטאַנדן, ליכטפלעקן — מיט איין וואָרט, דער „טויטער אינוועטאַר", אַזוי צו זאָגן.

די אימפּרעסיאָניסטישע מאַניר פון פאַרפּסיכאָלאָגיזירן און באַלעבן דעם טויטן אינוועטאַר דאַרף אין אַזאַ פאַל אַזוי ווי קאָמפּענסירן דאָס „שטום־לאָשן" פון די לעבעדיקע מענטשן. מיר געדענקען גאַנץ גוט, ווי באַ בערגעלסאָנען, לעמאָשל, דער־ציילט דאָס נעגידישע הויז „אַ מייסע מיט אַן אמאָליקן גוויר", ווי עס „דערציילן" די בענקלעך, ווי עס „דערציילט" די פור — אַסאַך בוילעטער און אַרטיקולירטער דער־ציילן זיי איידער זייערע באַלעבאַטים — די מענטשן. דיזעלבע פונקציע פילט אויס דער קעגנשטאַנד, דער ליכטפלעק אין פּערסאָוווס „שערבלעך".

אָט ווי ס'הויבט זיך אָן די דערציילונג „שערבלעך".

„עפּשער אַ גאַנצע מינוט האָט זיך אַ גלאַנציקער שליסל געראַנגלט מיט דעם הייזעריקן און פאַראָסטעטן שלאָס, ביזוואַנען אַ שווערע און מיט אײַזן־באַקלעפּטע טיר האָט אַ גענעץ געטאָן מיט אַ צעעפנטער פינצטערקייט און אײַנגעשלונגען דעם שוואַרצקעפּיקן און שטאָטיש־ריידנדיקן כאַקי־פּרענטש".

(ז. 3).

פונעם דיכטערישן בילד איז דאָ אינגאַנצן עוואַקוירט דער מענטש אַלס לעבעדיקע סאָציאַל־ווירקנדיקע קראַפט, „אַ שליסל" ראַנגלט זיך מיט אַ שלאָס, אַ טיר גיט אַ געגעץ און שלינגט אײַן אַ „כאַקי־פרענטש" — אַזוי באַווײַזט זיך אַ נײַער פּער־סאָנאַזש אין קאַמער נום. 3! אים אַנטקעגן קומען אויך ניט קיין מענטשן, נאָר סי־לועטן, ליכט־פלעקן, וואָס לאָזן, דאַכט זיך, קיין שפּור אפילע ניט איבער אף דער ערד. אָט איז אַ מוסטער פון דער ערשטער באַגעגעניש:

„נאָר אַז דעם גאַלעכס שיטערע און געלבלעכע האָר האָבן זיך אַנטקעגן אַ שאָקל געטאָן און געשפּאַרט אַ האַרטע און באַאָדערטע האַנט, האָט מיטלמאַן פאַנאַנדערגעקנעפּלט זײַן כאַקי־פרענטש און אַרויסגעזאָגט צום אײַזן־אויוועלע:

— ס'דאַך גאָר ניט אַזוי קאַלט דאָ באַ אײַך, — און אַ שמייכל געטאָן מיט זײַנע אַרײַנגע־שטעלטע גאָלדענע ציין" (דאָרטן).

אייגנטלעך, האָבן מיר דאָ ניט קיין באַגעגעניש פון מענטשן, נאָר פון בונטע ליכט־פלעקן: אַ שיטער געלבלעך בערדל, אַ האַרטע באַאָדערטע האַנט, אַ כאַקי־פרענטש, גאָלדענע ציינער און אַן אײַזן־אויוועלע — האָבן זיך באַגעגנט און פאַרפירט אַ רעמאָזים־שמועס. די גאַנצע דערציילונג שוויבלט און גריבלט מאַמעש מיט זאַכן־דעטאַלן, מיט ליכט־פלעקן, וואָס פאַרשטעלן אינגאַנצן דעם מענטשן.

ס'דערגייט אָפּטמאָל אפילו ביז צו סטיליסטישע קוריאָזן, איך וועל ברענגען בלויז א פּאָר בייַשפּילן פון דער דערציילונג „שערבלעך":

„דעם גאלעכס שיטערע און געלבלעכע האָר האָבן זיך אנטקעגן א שאָקל געטאָן און גע־שפּארט א הארטע און באַאָדערטע האנט" (דעם גאלעכס באָרד, הייסט עס, האָט געשפּארט א האר־טע און באַאָדערטע האנט! י. ב.)

אָדער, לעמאָשל, אזא „שפּיצל" פון דערזעלביקער באָרד טאקע:

„דערויף האָבן דעם גאלעכס שיטערע און געלבלעכע האָר דאפקע גאָרנישט ניט געענטפערט, נאָר מיט האסמאָדע שייַטלעך האָלץ גענומען שפּארן אין אויוועלע אריַין" (דעם גאלעכס באָרד שפּארט שייַטלעך האָלץ אין אויוועלע אריַין! י. ב.).

דאָס אָבער זייַנען בלויז קוריאָזן פון עקסטרעמקייַט—אין אלגעמיין אָבער ווערט אף אזא אויפן געשאפן אן אייגנארטיקע אטמאָספער פון *מענטשן־שאָטנס*, פון מענטשן *געוועזענע*—אין פולן קימאט פיזישן זינען פון וואָרט.

אויב דידאָזיקע מענטשן־שאָטנס גופע האָבן פארלאָרן דעם לאָשן, ווערן מיר אָבער, ערטערווייַז, קאָמפּענסירט דורך דער פּסיכאָלאָגישער שפּיל פונעם טויטן אינ־ווענטאר.

גינזבורגס פארפּאקטער טשעמאָדאן, מיטן צוגעבונדענעם טשייַניק אפן ברעג נארע (דאָס גרייט זיך גינזבורג, אז די ווייַסע זאָלן אים באפרייַען), שפּילט ניט ערגער, ווי יעדער לאנגאָטנדיקער מאָנאָלאָג. בעשאס מיטלמאן שפּייַט אפן זודיקן אויוועלע און ווארט ביז דאָס שפּייַעכץ וועט אויסזידן, באקומט איר, אָן שום סאָפּעק, א געוויסן שוידער פון נודנעקייַט. בייַשפּילן אזעלכע וואָלט מען געקאָנט ברענגען גאנץ פיל. מ'דארף קענען דעם גרויען פארנעפּלטן פּאָן פונעם סימוואָליסטישן און העראָיִש־דיר־טאָרישן *סכעמאטיזם*, וועלכע האָט צו יענער צייַט געהערשט אין דער יונגער, נאָכאָקטיאבערדיקער יִדישער פּראָזע, קעדיי צו פארשטיין, ווי וויכטיק ס'איז גע־ווען פאר דער יונגער יִדישער פּראָזע אָט דער מאבל פון *קאָנקרעטע* ליכט־פלעקן און *זאכן*, אָט דער בערגעלסאָנישער פּיעטעט פארן *כייפעץ*. די רעוואָליו־ציע אונדזערע—צי דען איז זי ניט אייגנטלעך אויך א *רעוואָליוציִע* פון *זאכן*,—א רעוואָליוציע אינעם טויטן אינווענטאר פון אונדזער ארום? אין יאָרן פון גרויסע סאָציִאַלע איבערברוכן איז זייער נאטירלעך אָט דער „בונט פון זאכן", וועל־כער ווארפט זיך דעם דיכטער קוידעמקאָל אין די אויגן. דער רעקוויזיט פון דער רעוואָליוציע—די גרויע שינעל, דער כאקי־פרענטש, די טעפּלושקע—זיי אלע ווערן אָנגעלאָדן מיט א קאָלאָסאלער *אידעאָלאָגישער* קראפט אין די ערשטע איבער־קערעניש־יאָרן.

אין דערדאָזיקער ערשטער דערציילונג זייַנער האָט פּערסאָוו, טרייַ קאָפּירנדיק בערגלסאָנען, ארויסגערוקט אפן פאָדער־גרונט פון דער סאָוועטישער פּראָזע די קאָנ־קרעטע דעטאל, דעם קינסטלערישן אימפּרעסיע־פלעק.

אין קאמער נומ. 3, צווישן מענטשן־שערבלעך, מענטשן־שאָטנס, האָט דערדאָזיקער אימפּרעסיִאָניזם פון שווייַגעניש, דער אימפּרעסיִאָניזם פון נודנעקייַט, די מעמשאָלע פונעם ליכט־פלעק טרייַ, הערלעך געדינט. באם ערשטן צוזאמענשטויס אָבער מיט

מענטשן־קעמפער, מיט מאסן־גערא נגל, מיט אימפעטדיקן אומרו, האָט געמוזט פלאצן דאָס לײַכטע שפּינוועבס פונעם אימפּרעסיאָניזם. ווידעראמאָל האָט זיך ארויס־געוויזן, אז די פּראָבלעם פון סטיל־יערושע איז זייער א פארוויקלטע פּראָבלעם.

מיט בערגעלסאָנישער יוועליר־טעכניק, מיט שוואכער פאבולדיקער אָנלאָדונג, האָט פּערסאָוו זיך געלאָזט שילדערן אונדזער בירגער־קריג. דער ריס איז געוואָרן אומפארמײַדלעך.

אין דער צווייטער דערציילונג „אימפּעט", געשריבן אין 1923 יאָר, פילט זיך שוין אָט די „שער" צווישן דער אלטער סטיל־יערושע און דעם נײַעם אינהאלט. אין דער דריטער דערציילונג „העפקער", געשריבן אין 1924 יאָר—טרעט עס נאָך בולטער ארויס.

אימפּעט—דאָס איז דער גרונט־צייכן, אונטער וועלכן ס'גייט א קאמף—א שווערער פאראקשנטער קאמף—פאר ראטעווען סאָוועטישע וועלדער, וואָס באלעגופים האָבן אונטערגעצונדן.

מיטן קאמף פירט אָן טאלאלײַ—דער פאָרזיצער פון אויספירקאָם.

פארשטייט זיך, טאלאלײַ איינער אליין וועט דאָ ווייניק וואָס קאָנען אופטאָן. מאסן, מאסן—אָט דאָס איז דער הויפּט־פּערסאָנאזש פון אָט דעם קאמף.

ווײַזן דעם אופברויז פון דער מאסע, דיפערענצירן זי לויט דער קלאסן־ליניע, געבן דעם אימפעטדיקן טעמפּ פון געשעענישן,—אָט דאָס איז געווען די אופגאבע פונעם קינסטלער.

אָנשטאָט אימפעטדיקן טעמפּ איז אָבער געקומען די אלטע אימפּרעסיאָניסטישע סטאטיק פון צופיל־אָנגעוואלגערטע כפייצים און דעטאלן—פּערסאָוו האָט זיך פארכלינעט מיט בערגעלסאָנען.

דער „גראָבער קנייטש בא די ברייטע נאָזלעכער" (א יערושע פון דער מאמען), דאָס נעגידיש „אויערלעכל, אָן א אויער־רינג"; דער הונט, וואָס „טוט אָפּ א מיִעסע און א נויטיקע ארבעט"—דאָס זײַנען אלץ אזעלכע דעטאלן, וואָס טאַרמאָזירן בעפיירעש דעם טעמפּ פון דער דערציילונג (ניט פארטיפנדיק די פּערספּעקטיוו). דער אלטער אימפּרעסיאָניסטישער קלאל, אז דער קאָלאָריט פון דער דערציילונג דארף האָבן די אויבער־האנט איבער דער פאבול, טרײַבט ארײַן אין דער „סוכאַטע" (אין א פאבולדיקער סוכאָטע!) אזא דאנקבארן העראָישן מאטעריאל פאר פאבול, ווי דער מאטעריאל פון „אימפּעט".

זעט איר, דאָרט, ווו ס'רעדט זיך וועגן דעם שטאָטישן מארק און די קרעמער, פילט זיך פּערסאָווס אימפּרעסיאָניזם גאנץ היימיש. ער גיט איבער אין א ריי געלונגענע בילדער אָט די נודנע האשאָרעס פון בעסמעדרעש־פּאָליטיקער, וואָס זוכן פּיירושים „פארוואָס ברענען וועלדער".

„יידן, מ'דארף עפּעס אָנהויבן טראכטן",—דאָ האָט איר אייגנטלעך די פאָרמול פון דער אימפּרעסיאָניסטישער סטיכיע פון „קײַען מאכשאָוועס", אין דער סוויווע פון צעטומלטע מארק־יידן.

פּערסאָוו גיליאָנטירט דאָ קינסטלעריש אָט די מארק־יידן.

באנוצן זיך מיטן זעלבן מעטאָד באם שילדערן דעם אויספּירקאָם וואָלט געהייסן גיליאָנטירן אים. דערפאר איז דאָ וויכטיק צו געבן די עצעם דינאמיק פונעם טאט. איז אָבער דער טאט ניט קיין איניען פארן אימפּרעסיאָניזם! אלץ ווערט אָפּגעטאָן באם אימפּרעסיאָניסט ערגעץ הינטער די קוליסן און פאר די אימפּרעסיע־העלדן בלייבן נאָר די „אויספּירן".

„צאפּלט דער אָפּגעזונדערטער צימער — „פּאָרזיצער טאלאלײַ", — מיט אן אָנגעשטרענגטקײַט פון פארהארטעוועטע און שטײַפע פענעמער, שויבערן געדאנקען, צעפּאטלטע מויכעס פון ניט־אויס־גערוטע אויספּירקאָמניקעס אזוי ווי יענע נעכט, בעשאס מע האָט דורכגעלאָזט מאכנעס אפן פראָנט און דער היפּש־אָנגערויכערטער כיידער פון די פארזאמלטע אויספּירקאָמניקעס קומט צו א באַ־שטימטן אויספּיר:

— ס'קאָן ניט זײַן! שטרויענע דעכער פון דאָרפישע כאטעס האלטן ניט אזוי לאנג א רויט־לעכן אָפּגלאנץ איבער זיך".

.(26 .ז)

נו, און די פארזאמלונג ווו איז? די דינאמישע, פלאמיקע פארזאמלונג פון באָל־שעוויקעס, וואָס גרייטן זיך מיט אייגענע באגרענעצטע פּראָווינציעלע קויכעס אײַנצו־האלטן די מאכט? פּערסאָוו גיט אָנצוהערן, אז ס'איז געוועזן „א וויקועך מיט אן אמפּערײַ", אָבער מיר באקומען בלויז א ק א נ צ ע ל י א ר י ש ן א ו י ס צ ו ג פון פּראָ־טאָקאָל.

פאראן איין אָרט, ווו די האנדלונג שפּארט זיך אָן הארט אָן א מאסן־סצענע (פּויערים ווילן ניט גיין ראטעווען דעם ברענענדיקן וואלד), אָבער ס'ווערט געגעבן בלויז אפן שפּיץ מעסער.

ד ע ר ד י א ל אָ ג א י ז נ אָ ך נ י ט אָ.

ס'איז פאראן די מאָנאָטאָן־צעצויגענע ריטמיק פון דער פארליטעראַרישטער פּאָעזיע־שפּראך, ווו אָנשטאָט א לעבעדיקן ריטמישן געוואקל, באקומט איר עפּעס א מין רעטשיטאטיוו, וואָס פארוויגט (דער אימפּרעסיאָניסטישער שפּראך־ריטם).

„גייט טאלאלײַ, אפן הויכן גאניק ארויס..."
„טאנצן ערגעץ פערדישע טלאָען..."
„שפּאלטן די טריט דעם נאכטיקן שטילשווײַג..."
„שטייען זיי — די רײַטער..."
„קוקט מען".

א. א. וו., אָן א סאָף.

דאָסזעלביקע ווערט איבערגעכאזערט, אף א ברייטערער פלאך, אין דער דערציי־לונג „העפּקער", אויך א דערציילונג פון בירגער־קריג.

ווידעראמאָל דיזעלביקע פארפלייצונג פון זאכן אפן כעשבן פונעם לעבעדיק מענטשן, ווידעראמאָל באקומט דער קאָלאָריט די אויבערהאנט איבער דער פאבול.

פּערסאָוו פילט, ווי ס'שײַנט, אָט דעם „זאכן־אָפּנויג" זײַנעם, און ער מידט זיך דעריבער מיט אלע קויכעס אָנצולאָדן זײַן כפייצים־וועלט מיט סיוזשעטישער פונקציע. זײַנע זאכן שפּילן טאקע אָפּטמאָל אזוי בוילעט און לעבעדיק, אז אָן זיי קאָן דער סיוזשעט זיך ניט פאנאנדערוויקלען.

די „גלעזערנע וועראנדע, ווו אזא שאָק מיט יאָרן פלעגן די אסארקאנס א סוקע מאכן, און איצטער איז עס א **קאזארמע** פארן שטאב־פאטרול״—צי דען הענגט ניט איבער אָט דעם פערסאָווס בילד דער אָטעם פון אונדזער רעוואָליוציִע?

בא א געלונגענער פאראלעלן־שפּיל פון אָט אזעלכע „צעבונטעוועטע זאכן״ (סוקע־קאזארמע) באקומט דער קינסטלער גאנץ געלונגענע רעזולטאטן.

אָט:

דאָס קלאַפּן פונעם שטאב־רעמינגטאָן אינעם זעלביקן צימער, ווו אמאָליקע יאָרן פלעגט אסארקאן קלאַפּן אף די כעשבן־ביינדלעך; די יונקערשע שינעל, וואָס הענגט אף נעמטשיקס פּלייצעס, ווי אן אויסגעטרייסלטער זעקל־מאטראץ; דער מאדאמס שווארצע ריפסענע קלייד, וואָס איז פארקנעפּלט ביזן „סאמע גיידער״—דאָס זײַנען דאָך אלץ זאכן, וואָס טראָגן באשטימטע סיוזשעטישע פונקציעס!

פערסאָוו באנוצט זיי ניט אין פּלאן פון **סטאטישע** פּאָרטרעט־שילדערונגען—זיי דינען אים דאָ קימאט שטענדיק אלס שפּרינג־ברעט פאר סיוזשעטישער האנדלונג.

אָט איז א מער בולטער בײַשפּיל (פונעם בילד, ווען נעמטשיקס מאמע—די אלטע נעגידעסטע—קומט צום פּאָליטקאָם אסיע אסארקאן בעטן פאר איר זון):

„שטייט זי אָן א זײַט—א שטרענג־באלעבאטישע און א געוויריש־רויִקע און היט זיך אלץ אָפּ, אז א **כאקענע** פּלייצע זאָל כאלילע ניט אָנרירן איר **ריפסן** קלייד...

טאקע ניט מער ווי אף עטלעכע רעגעס האָט זיך דער פּאָליטקאָם פארהאלטן — קעדיי נאָר א שלײַך טאָן מיט די שווארצאפּלען איבער דער **ריפסענער** שטאדלענטע—פון קאָפּ ביז די פיס—און באלד צווישן דעם **כאקענעם** טומל נעלעם געוואָרן.

האָט בא דער יִדענע פון דער אינגאנצן אומדערווארטעטער באגעגעניש אזש דער **ריפּס** א שאָרך געטאָן איבערן גאנצן גוף, און פאר די אויגן האָט א טאנץ געטאָן איינוּויינציקער געדאנק:

„אייגנטלעך איז דאָ די אסיע אויך אָנגעטאָן אין **כאקי** מיט קליינינקע אָנגענייטע קעשענעס, ווי אין א מאנסבילישן פרענטש...״

.(ז. 78).

דאָ האָט איר ווידעראמאָל סיוזשעטישן שפּיל פון אָקטיאבער־רעקוויזיט. די הויפּט־העלדן: ריפּס און כאקי.

אזוי ארום, הויבט אָן פערסאָוו בעעמעס צו פארוואנדלען דאָס ליכט (דעם ליכט־פלעק) אין דעם הויפּט־פערסאָנאזש פון זײַנע ווערק.

ווי סיוזשעטיש אָנגעלאָדן אָט דידאָזיקע דעטאלן זאָלן ניט זײַן, קאָן מען אָבער בלויז אף זיי ניט ארויספאָרן.

דעם **מענטשן** פון אונדזער טקופע, דעם **לעבעדיקן מענטשן**, די מענטש־לעכע **מאסן** אין זייער קאָנקרעטער קאָנפליקטן־שפּיל וועט קיין שום שפּיל פון „באלעבעס״ כפייצים **ניט קאָנען פארבײַטן**!

„העפקער״ האָט עס פערסאָוון געמוזט דערווײַזן.

די טעמע פון „העפקער״ איז בירגער־קריג, דער פארנעם איז א גאנץ ברייטער, די פערסאָנאזשן־גאלעריי—א גאנץ צאָלרײַכע. דאָ האָט איר קאָמוניסטן, פארטיזאנער און קליינבירגער, מיט א געוויסן רעמעז אפילע אף סאָציִאל־פּסיכאָלאָגישער דיפער־

רענצירונג פון אָט דער פּערסאָנאַזשן־גאַלעריי, אָבער ווײַטער פון א רעמעז איז עס ניט געגאנגען.

זאָגן, אז „וואָלגער פּלאַקסענע קעפּ רייצן מיט א רויט טיכל אפן שפּיץ פון ביקס דעם סוינעס לײַטישע פּרענטשן״—דאָס הייסט „פּארקאָלאָריטעוועז״ די רעוואָליוציע, אָבער ניט געבן זי אין איר שטרענגער פּלאַמישער דינאַמישקײַט, אין איר געזעצמע־סיקער אָרגאַניזירטקײַט.

„באַמבלען זיך שטויביקע שטיוול״—אָט דאָס איז דאָך אייגנטלעך פּערסאָווס קינסטלערישע פּאָרמול פון בירגער־קריג!

די פּראָבלעם פונעם בירגער־קריג „באַמבלט זיך אין פּערסאָווס מויעך״.

ווידעראַמאָל ווי אין „אימפּעט״ באַקומען מיר גרייטע באַשלוסן פונעם שטאַב. מיר דערוויסן זיך דורכן טעלעפאָן, אז ס׳ווערט צונויפגערופן „א פארברייטערטע און דרינגענדיקע זיצונג״.—אָבער ס׳ווערט לאַכלוטן ניט געגעבן דער קעסל־גרוב פון דער רעוואָליוציע.

„ליגט צעשפּרייט א געלבלעכע מאַפּע, וואָס דערמאָנט גאָר א צעראַטענעם טישטעך בא א שויכעט אין עסצימער. שלענגלט זיך די בלײַפעדער מיט אן אָנגעשוואָלן בלאָ אָדערל—היפּש ניקער און בוילעט—און גיט צו פארשטיין, אז אף אָפּטרעטן איז פאר דער וואָלגער מאַכנע געבליבן נאָר איין וועג...״

(ז. 76).

„אן אָנגעשוואָלן בלאָ אָדערל, אף א געלבלעכער צעראַטע, וואָס גיט צו פאַרשטיין״—אזא אויסזען האָט דער אימפּרעסיאָניסטישער יוועליר, ווען ער שטויסט זיך אָן אף גרויסע מאַסן־קאָנפליקטן!

דערצו קומט נאָך צו די סטיליזירטע שפּראַך, מיט מעליצעדיקע „שאָען, וואָס לויפן איינע נאָך אײנע אָנגעשטרענגטע, ווי טײַוועדיקע הינט נאָך א צעלאָזענער צויג״, מיט אָפּגעהאַקטע שורעס, מיטן איבנדערמאָנטן ריטמישן רעטשיטאַטיוו, וואָס פארקינצלט יעדן לעבעדיקן לאָשן.

דער אַלטער שטאַמפּ פון „קײַען מאַכשאָוועס״, אָנשטאָט ריידן ווי ס׳דאַרף צו זײַן, ווערט שוין דאָ ניט פארבונדן מיט א באַשטימטן אינהאַלט—ס׳איז שוין פּאָשעט אַרײַן „אין דער שוסטער־גאַס״. ניט בלויז „באַלעבאַטישע מויכעס זײַנען פארנומען מיט אזעלכע מעשונעדיקע און מעווולוועלע געדאַנקען, אז לאָשן כאַלעשט מאַמעש אָפּ״, נאָר אַלץ אַרום „רעפלעקסעוועט״, ראַכמאָנע ליצלאַן, אַלעמען „פעלט ווערטער״. דער פּאַרטיזאַן טשוכרימע „קײַט קעסיידער איין מאַכשאָווע״, אַסיע „באַהאַלט אין זיך א געדאַנק״, „איבערן גאַנצן מויער פּלאָנטערט זיך אַרום איין מאַכשאָווע״—מיט איין וואָרט: „ייִדן, מ׳דאַרף עפּעס אָנהויבן טראַכטן״.

און ס׳איז בעעמעס א שאָד! אַסיע אַסערקאַן—אָט דאָס ייִדישע נעגידישע מיידל אָנגעטאָן אין כאַקי און אין לעדער, האָט באַדאַרפט און האָט געקאָנט אופרײַסן מירעלעס „שווײַגערישע פּאָליטיק״ פון „נאָך אַלעמען״.

די קורצע פּאָר שורעס, וואָס גיבן איבער אסיעס ביִאָגראַפיע און די מײַסע מיטן „שידעך, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט גאָרניט"—זײַנען אזוי ווי באוווסטזיניק געגעבן, קעדיי אסאָציִאַטיוו פארבינדן אסיען מיט בערגעלסאָנס מירל,—נו, וואָס איז אָבער ארויסגעקומען פון אָט דער אסאָציִאַציע?—גאָרניט!

בלויז מיטן אימפּרעסיִאָניסטישן רעמעז אף אסיעס „מישפּאָכע־שמייכעלע" און מיט די פּאָר קארגע „געדאנקען־ווערטער" וועט פּאָליטקאָם אסיע ניט גיוווער זײַן די באסיעכידע מירעלע.

„העפקער" האָט אליארמירט געפאר פאר פערסאָווס ווײַטערדיקן ליטעראַרישן גאנג. די יערושע האָט אָנגעהויבן אופּרעסן דעם יוירעש.

די דערציילונג „פּאָלעסיע" האָט די געפאר ניט באזײַטיקט, האגאם אין א גרויסער מאָס אָפּגעשוואכט. ווידעראמאָל „טײַנעט מען צו זיך אליין", ווידעראמאָל ווערט צופיל אופמערקזאמקײַט אָפּגעגעבן „דעם פארוואָקסענעם נאָגל פונעם גראָבן פינגער" און קרוגליאס „טשעסוטשא־רעקל", וואָס ווערט „סימוואָליש" באשפּריצט מיט פּערדישער האשטאָנע. די צענטראלע פיגור—דער טשעקיסט כאראָן, איז אויך א „ייִד א שווײַגער", א „שטומע נעשאָמע", וואָס רעדט ניט אזוי מיט דער צונג, ווי מיט דעם הילצערנעם פוס זײַנעם, וואָס הילכט אָפּ אין דער נאכט־שטילקײַט.

ווידעראמאָל ווערט די פאבול פארקוועטשט אונטער דער לאסט פון קאָלאָריט און דעטאל.

פערסאָוו, אלס קינסטלער, האָט געמוזט פילן אָט די „שער" צווישן דער פאָרם און אינהאלט. דער איִדעאָלאָגישער קער צום „כאקי־פרענטש" האָט געמוזט טרײַבן פערסאָוון אלץ ווײַטער פונעם „שטומען" און „טויבן" צום ריידנדיקן און הערנדיקן.

די זיצונג אין פארטקאָם ווערט אביסל לײַביקער און קאָנקרעטער. דער צוזאמענשטויס פונעם קאָמוניסט מאקסים מיט דער ארבעטער־מאסע פון דער זעגמיל רײַסט אוף די „שווײַגערישע פּאָליטיִק". די מײַסע מיטן רויטארמייער, וועלכער איז פארוווּנדערט געוואָרן „אין א ווייך אָרט"; די ערשטע קרעפּטיק־כיטרע רעפּליקעס פון דער פויעריש־ארבעטערישער מאסע אף מאקסימס „גוטן אָוונט"; דער אופברויז פון דער מאסע—דאָס אלץ הויבט אָן באקומען לאָשן, לעבעדיקן לאָשן און קרעפּטיקן טאַט. די ציגארקעס, די פלאקסענע בערד זײַנען שוין דאָ ניט די איינציקע שפּילערס—זיי שפּילן מיט, זיי אקאָמפּאנירן; בלויז דער לעבעדיקער מענטשלעכער האנדלונג.

דער מענטש הויבט אָן זיך רײַסן פונעם „גאָלעס־קינסטלערישע דעטאלן".

ס'פארשטייט זיך, אז דאָ האָבן מיר בלויז אן אָנהויב פון א נײַעם קורס, אָבער אָט דאָס פויערל מיט דער פלאקסענער באָרד, וואָס רעדט ארײַן מאקסימען אין פּאָנעם ארײַן:

„נו, און פיר אייער מוז איך פונדעסטוועגן צאָלן? מײַנע גאנצע אויפּעס זײַנען דאָך ניט מער ווי א האָן מיט א הינדל".

(ז. 97).

אָט דאָס פויערל איז שוין אַן אויסרוף דעם אייביקן „שטומען" פונעם אימפּרעסיאָניזם — ס'איז שוין דער איבערגאַנג צו פּערסאָנוס שטייגער־רעאַליזם, וואָס האָט באַקומען אַזאַ ווילע פאַרקערפּערונג אין זײַן דערציילונג „טאַכלעס".

ווילט איר אַ קאַלאַמבור, וואָלט איר געזאָגט: אין „טאַכלעס" איז ערשט פּערסאָנוו געקומען צו זײַן טאַכלעס — צו זײַן שרײַבערישן טאַכלעס.

אין אַ מעשעך פון עטלעכע יאָר האָט ער זיך געוואָרגן מיט דער בערגלסאָנישער ירושה, געפּרוווט אַרופּציִען דאָס שפּינוועבס פון אימפּרעסיאָניזם אַף מעגושעמדיקע „כאַקענע פּלייצעס" פון אופגעבערויזטע מאַסן, געלערנט זיך בא בערגעלסאָנען אָפּערירן מיט פאַרב, מיט פּסיכאָלאָגישער שפּיל, און ערשט אין „טאַכלעס" אָנגעהויבן אַרויסקריכן אַף אַ וועג.

דאָס 1927 יאָר — דאָס יאָר, ווען ס'איז אָנגעשריבן געוואָרן „טאַכלעס", איז אַ יאָר, וואָס האָט שוין הינטער זיך 6 יאָר „נעפּ".

יענער נײַער שטייגער, וועלכער האָט קוים־קוים געמיגעט פאַרן שרײַבערס אויג אין 1922־1923 יאָר, האָט שוין איצטער אַרופגעצויגן אַף זיך ביין און פלייש. דאָס אַרומיקע לעבן, ביכלאַל, און דאָס ייִדישע לעבן ביפראַט, האָט זיך איצט שוין אַנטפּלעקט אין זײַן פולער דיפערענצירטקייט.

בוילעט דיפערענצירט האָבן זיך אַנטפּלעקט די סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּראָצעסן אין שטעטל.

דער וווקס פון דער קאָאָפּעראַציע און פונעם מעלוכע־האַנדל, דער אינדוסטריאַליזירונג־פּראָצעס, די שטײַערן־פּאָליטיק פון דער אַרבעטער־מעלוכע — דאָס אַלץ האָט געמוזט אופרײַסן די אַלטע ווירטשאַפט־פאָרמעס, וואָס האָבן געהערשט אין שטעטל.

דאָס שטעטל הויבט אָן אַריבערגיין אַף נײַע סאָציאַל־עקאָנאָמישע רעלסן. עס ווערט כאָרעוו די קראָם, ס'ווערט דיפערענצירט די קוסטאַרן־מאַסע, נײַע פאַרשוינען באַווײַזן זיך אין „קאַסרילעווקע", און דערמיט, פאַרשטייט זיך, אויך אַ נײַער שטייגער.

דער קרעמער, וואָס דערזשיפּעט זײַנע לעצטע יאָרן; דער פינאַגענט, דער ייִד, וואָס וואַנדערט איבער אַף ערד; דער שטעטלדיקער קאָמוניסט, קאָמיוגיסט און פּיאָנער; דער שטעטלדיקער לערער און אַגראָנאָם — דאָס זײַנען גאָר נײַע פּערסאָנאַזשן אַפן פּאָן פון שטעטל.

פאַרן סאָוועטישן שרײַבער טרעטן אַרויס אָט די אַלע פּערסאָנאַזשן בוילעט און לעבעדיק. אין אונדזער סאָוועטישער און פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור הויבן זיי אָן פאַרנעמען אַ בעקאָוועדיק אָרט: אָרלאַנד, אַלבערטאָן, אַבטשוק, קאַהאַן, טײַטש, דאַלגאָפּאָלסקי, קיפּניס, לוריע, יאָפע און פיל, פיל אַנד. — אָט די אַלע נעמען זײַנען פאַרבונדן מיט אָט דעם נײַעם שטייגער.

אפילע אין דער פּאָעזיע רײַסט זיך אַרײַן אָט די נײַע שטייגערדיקע פּערסאָנאַזשן־גאַלעריי. געגנוג אָנצווײַזן אַף אי. כאַריקס — „מיט לײַב און לעבן" און אַף פּעפּערס „בלייענדיקע מיסטן".

פערסאָוו איז מאמעש אויסגעלייזט געוואָרן דורך אָט דעם אויסגעוואקסענעם שטייגער. פון דער אימפּרעסיאָניסטישער יערושע האָט ער באקומען א שטארקע נעטיִע צום שטייגערדיקן צום אָפּגעזעצטן, אָדער ווי בערגעלסאָן האָט עס אמאָל אָנגערופן — „עפּאָס־עלעמענטן“.

אין „אימפּעט“ און אין „העפקער“ פון בירגער־קריג האָט ער אָבער אָט דעם „עפּאָס־עלעמענט“ ניט געקאָנט געפינען, און דעריבער איז אזוי ווייטיקדיק געווען זיין באלאנסירן צווישן בערגעלסאָניזם און הערויִק פון בירגער־קריג.

איצט האָט פערסאָוו געקאָנט זיך אומקערן צום שטייגער — צו זיין שרייבערישן אורקוואל.

איצט זיינען אים שוין גראָד צונויף געקומען אסאך טעכנישע מעטאָדן, וואָס ער האָט געיארשנט בא בערגעלסאָנען: אי דער כוש פאר דער דעטאל, פארן כייפעץ, — אי די פעיִקייט געבן א „שטילן פּסיכאָלאָגישן ניגון“, וואָס פארבייט אלע „פילאָזאָפישע“ ניין מאָס רייד; אי דער ווייכער לירישער „פּאָרט געזונט“, — וואָס בערגעלסאָן האָט מיט אים אומפארגעסלעך באגלייט אין רו אריין א גאנצן דאָר פון „אָפּגאנג“.

בעשאס פערסאָוו האָט צום ערשטן מאָל, אין 1922 יאָר, זיך אָנגעשטויסן אף אָט דעם ליריזם, האָט ער אים געמוזט באזייטיקן.

פארלירישן די „שערבלעך“, פארלירישן דעם געוועזענעם סויכער, דעם געוועזענעם גאלעך, אָדער געוועזענעם פּאָלקאָווניק — האָט פערסאָוו ניט געקאָנט. צו פריש און געדיכט איז נאָך געהאנגען דער פּולווער־וואָלקן איבער אונדזער סאָוועטישער ערד. די „שערבלעך“ זיינען דאָך אָקאָרשט געווען באלעבאטים פון אונדזער לעבן, בלוטיקע באלעבאטים, און בלוט לאָזט זיך ניט פארלירישן! ניט רעב שלוימע נאָגיד, און ניט רעב גדאליע הורוויצן, און ניט זיין באסיעכידע — די נודנע עוסטעפּאסניצע מירעלע — האָבן מיר אין יענע גלייִקע יאָרן ניט געקאָנט גלייכגילטיק מעקאבל־פּאָנעם זיין. צוזאמען מיט אונדז אלעמען האָט אויך פערסאָוו ניט געהאט פאר אָט די יאָרדים אפילע א ליריש פארגעבונג־שמייכעלע. זיי זיינען געגעבן געוואָרן אין שיין פון „נודען זיך“, היפּש גראָטעסקירט מיט היפּשער פאראכטונג.

אָבער אנדערע „שערבלעך“ און גאָר אנדערע „יאָרדים“ האָט איצט דערזען פאר זיך פערסאָוו איִן סאָוועטישן שטעטל.

ווי א „פּוי־ניטמאן“ [1] אף אן איינזאמען קייוועך, ערגעץ באם פּלויט, האָט ער דערזען סטארטשען אויסיִעס:

Чайная Шрагьи Файвиша Шуба.

און אינעווייניק, אין א שטיקל יערושעדיקער כורווע, בא א פּאס הערינג, געפּרעגלטע שלייען און געבעקס, גויסעסט א ייִד — א קרעמער מיט א מישפּאָכע.

וואָס האָט ער, דערדאָזיקער קאבצאנסקער ייִד, געוווּסט פון קאפּיטאליזם, און וואָס ווייסט ער איצט פון סאָציִאליזם?

---

[1] פּה נטמן — דאָ ליגט באהאלטן — א העברעיִשער אופשריפט אף ייִדישע מאציייוועס.

זײַן גרעסטער טרױם פון סאָציאַל־עקאָנאָמישער „עקספּאַנסיע״ איז — כאַפּן א פּאָר בראָשן אף שאבעס; זײַן סאמע געװאגטער „פּאָליטישער אקט״ איז — פארקױפן א גלעזל בראנפן אָן א פּאטענט, און דער געפערלעכסטער, אומבאזיגבארער „סוינע״ זײַנער איז — דער פינאגענט.

און אפילע, װען ער פירט זײַן קאָנטררעװאָליוציאָנערע פּראָפּאגאנדע צװישן פּױערים, זײ זאָלן ניט אָפּשיטן זײער טװוע אין „ברױט־פּראָדוקט״, אפילע דענסטמאָל — צי איז עס א באװוסטזיניקע „קאמפּאניע״ לעטױװעס דעם „אינטערנאציאָנאלן קאפּיטאל״?

גיט אָקאָרשט א קוק אף זײַן פּיבערדיקן, אױסגעצױגענעם גוף, װען ער גיט זיך א װאָרף צום קעסל נאָך אָקרעפּ; גיט א קוק אף זײַן װײַב מיט אירע געדראָלענע פּיס, װען זי שטײט פאַנעם־עך־פאָנעם מיטן „מאלעכאמאָװעס״ — מיטן פינאגענט, האָז; גיט א קוק אפן באָכערל — דעם בעניאָכיד זײערן — דעם קלײניטשקן אָפּגעריסענעם יידעלע, מיטן שװערן אָל פון קרעמערישער פּארנאָסע אף קינדערשע פּלײצעס — ס'װעט פאר אײַך טײקעף קלאָר װערן מיט װעמען איר האָט דאָ צוטאָן.

„איר מײנט, אז א קאָמוניסט ליגט אין קאָפּ אײַערע יידעלעך פון דאָרטן?״ אזױ זאָגט מיט א כניפּעלע דער שטעטלדיקער סאָװעטישער טשינאָװניק — פּישקעס, מײנענ־דיק, אז דערמיט װעט ער אױסנעמען באם יעװסעק — דעם פינאגענט — כ' האָז.

אָבער האָז איז ניט קײן סאָװעטישער טשינאָװניק.

האָז איז א מיטגליד פון יענעם קלאַס, װעלכער איז געקומען צו באפרײַען ניט נאָר זיך אלײן, נאָר אלע אונטערדריקטע און פאראָרעמטע.

אפילע דער יונגער שטעטלדיקער קאָמיוגיסט, װען ער הערט, אז האָז רעדט װעגן אכרײַעס אױך פארן קלײנבירגער, װערט ער אָנגעצונדן: „פאר א קלײנבירגער אכרײַעס?... איך פארשטײ ניט, כאװערטע, גיב מיר א װאָרט!״

האָז אָבער פארשטײט עס גאַנץ גוט; ער װײסט, אז „פּאר שטעטלשע קאבצאָנים טראָגט דאָך אונדזער פּארטײ די אכרײַעס״.

— אװאדע טראָגט זי אן אכרײַעס פאר אלע אונטעריאָכטע און פאראָרעמטע!

אין לעניגס געדאנקען־סיסטעם װעגן דער פּראָלעטארישער דיקטאטור פארנעמט נאָר אן אָנגעזען אָרט דער געדאנק, אז דאָס האָרעפּאשנע און פאראָרעמטע קלײנביר־גערטום קען מען ניט דערשטיקן װי די בורזשואזיע. די האָרעפּאשנע, פארהאָרעװעטע און פאראָרעמטע קלײנבירגערלעכע מאסן דארף מען „איבערמאכן״. בױען סאָציאַליזם ניט בלױז אין אונדזער אָפּגעשטאנענער לאנד, נאָר אומעטום — הײסט, אין דער ערשטער רײ — געפינען די נױטיקע װעגן, װי אזױ „איבערמאכן״ דאָס קלײנבירגערטום, ארײַנציען אים בעהאדראָגעדיק אינם קאָמפּלעקס פון סאָציאַליסטישע באציִונגען.

דער טשװאָק פון פּערסאָװוס „טאכלעס״ שטעקט אין אָטאָ דער אידײע פון „אי־בערמאכן״ דאָס קלײנבירגערטום.

די אלגעמײנע מעטאפיזישע פראזע װעגן דעם, אז דאָס שטעטל איז פארורטײלט צום אונטערגאנג, איז שױן איצט, אין דער טקופע פון קאָנקרעטן סאָציאַליסטישן בױען, ניט גענוג. איצט איז װיכטיק דיאַלעקטיש אופדעקן די סטירעספולע „נעשאָמע״

פונם קליינבירגער, וואָס פון איין זײַט, האָט ער מוירע פארן גוויר, און פון דער צווייטער זײַט, ציטערט ער פארן סאָציאַליסטישן „פּינאגענט" (אין ברייטן היסטאָרישן זינען גענומען).

בייז גראָטעסקירן אָט דעם מין סאָציאַלן יוירעד, מאכן קוילעס וועגן זײַן „פּאר־ורטייל"—ניט דאָס איז איצט דער גרונטצייכן פון אונדזער באציִונג צום האָרעפּאשנעם, פאראָרעמטן באַלעבעסל.

פּערסאָוו האָט גלענצנדיק אופגעדעקט אָט דעם נײַעם עטאפּ אין אונדזער קאמף קעגן אלטן שטייגער.

מיט א באזונדער דערהויבענעם לירעיזם באהויכט פּערסאָוו אָט דעם שווערן קאמף פאר „איבערמאכן" טויזנטער מיליאָנען שובס.

ס'איז ניט דער קאנאָניזירטער, קליינשטעטלדיקער לירעיזם פאר „די שטילע פאר־כאַלעמטע געסלעך", ס'איז ניט די לירעק פון קאָנסערוואטיווער פארגע־בונג—ס'איז יענע „ווייכקײַט", וואָס שטרײַכט בלויז אונטער די הארטע באפעלן פון דער רעוואָליוציִע.

איר געדענקט קושניראָווס שורעס, געווידמעט זײַן שטעטלדיקער היים?

„הײַנט וועל איך ניט לייקענען,
ניט פאר זיך אליין און ניט פאר דיר:
מיר האָט ווי געטאָן אזוי דײַן נויגן זיך אין טונקל.
נאָר דו ווייסט קיינמאָל מיך ניט האָבן צווישן די,
וועלכע רופן ווייבען אף דײַן אומקום".

אויך דער באַלשעוויק האָז וועט קיין טרער ניט לאָזן, ווען ער וועט באקומען א באפעל אָפּצושרײַבן די אָדער יענע קרעמערשע כורווע, א מוסקול עפּשער וועט א ציטער טאָן אף זײַן באק און זײַן פוסטער אינוואליד־ארבל וועט א פאָכע טאָן...

צי דען איז האָז א „העלד מיט צאָרן אין בליק"?

„האָז האָט זיך דערמאָנט, אז אמאָל, בעשאס ער איז געווען אזא יאט ווי דאָוויד, האָט ער אויך געהאנדלט: געהאָלפן דער מאמען, דער אלמאָנע, שלעפּן קוישן מיט אויפּעס איבער באַלעבא־טישע הינטער־טירן און געווען איז זײַן מאנטעלע פארבונדן מיט א שטריקעלע, און געטראָגן האָט ער שטענדיק גרויסע, אויסגעטראָגענע שיך—דער מאמעס טראנטעס..."

(114).

האָז גופע שטאמט דאָך פון אָט דער דעקלאסירטער אָרעמקײַט, און עריבער שטעקט אזא פּסיכאָלאָגישער עמעס אין אָט די אָפּנויגן, אין אָט דעם לירעיזם...

אָטאָ די לירישע אפּווענדונג שאפט א מין קאָנפליקט צווישן האָזס באָלשע־וויסטישער הארטקײַט און דעם אלגעמיינעם לירישן פאָן, אף וועלכן ס'וויקלט זיך פאנאנדער דער ווייטיקדיקער פּראָצעס פון „איבערמאכן" דאָס האָרעפּאשנע קליינביר־גערטום.

סיוזשעטיש שפּילט דערדאָזיקער קאָנפליקט גאָר א וויכטיקע ראָלע פון א טארמאָז, וועלכער צאמט אײַן דעם גאנג פון דער פאבול, און פארטיפט די פּערספּעקטיוו.

פערסאָוו האָט אויסגענוצט א גאנצע ריי גלענצנדיקע אימפּרעסיאָניסטישע דעטאלן, וועלכע אקאָמפּאנירן דעם גאנג פון דער פּאבול מיט א „שטילן ניגן" פון לירישן פּסיכאָלאָגיזם. אונטערן דאָזיקן אקאָמפּאנימענט ווערט דערהויבן דער שטייגער, וו'ערן זאכן אויסגעוואָקסן קימאט צו דער הויך פון סימוואָלן.

דאָס זײַנען ניט פון הימלען אויסגעזויגענע סימוואָליסטישע „צייכנס"—דאָס זײַנען פּאָשעטע ערדישע זאכן, וואָס דער קינסטלער צווינגט אונדז גאָר אף א נײַעם אויפן זיי אופצונעמען.

צי דען איז ניט מער פון א שטייגערדיקן צופאל אָט דאָס בילד, ווען לייזערל—דאָס געוועזענע סארווערל אף נעגידישע סימכעס—גרייט צו די פארזאמלונג פון דער שטעטלז'יקער אָרעמקײַט „אין מענדל מאזארסקעס געוועזענעם זאל, ווו פון פייסעך ביז פייסעך איז געשטאנען ניט גערירט ווייכע מעבל, באדעקט מיט פארוסינענעם צודעק"?

צי דען איז ניט קימאט ווי סימוואָליש, ווען, לעמאָשל, דער פינאגענט האָז קומט אופמאָנען שטײַערן, און באסיע גיט א רײַס אוף דעם פּאָרהאנג פונעם אלקער און אפּעלירט צום לעצטן מאָל צו דער אלטער ייִדישער קסובע?

דער יעווסעק האָז רײַסט דאָך אוף דערבײַ ניט בלויז די רו פון דער קרעמערישער שטעל, נאָר אויך די רו פון דער „אלפרענקישער בעט" פון ייִדישלעכער טראדיציע, וואָס אף יענער זײַט פּאָרהאנג!

פאריאָסעמט קוקט איצט אראָפּ פון דער וואנט מוישע מאנטיפיאָרע; הילפלאָזיקע שטייען די שאבעסדיקע לײַכטער, מיט די אונטערגעבראָכענע פיסלעך, און אזוי אויוווערבאָטלדיק קלינגען די אלט־פרענקישע ווערטער פון דער קסובע, וועלכע איז געגעבן געוואָרן „דער בסולע באסיע באס דאָוויד".

האָזס טראנסקאווקאזיש היטעלע האָט געוויס געווען דעם דווירעסדיקן ייִדישן ספּאָדיק.

אין דער ייִדישער ליטעראטור וועט אף לאנגע צײַטן פארבלײַבן אָט דאָס ערשטע מערקווירדיקע געמעל פון א יעווסעק—א סאָוועטישן טוער, אן אומפארגעסלעכן באָלשעוויק—כ' האָז.

מיט וואָס פאר אן אויסדריקלעכע קאָנטורן גיט פּערסאָוו אָט דידאָזיקע, גאָר בײַע ייִדישע פיגור!

גיט א קוק אף האָזן, ווען ער בינדט פאנאנדער מיט די ציין דאָס צוקער־שטריקעלע פון זײַן צעקוועטשטן פּאָרטפעל און זײַן לינקע אָפּגעשאָסענע האנט פּאָכעט מיט א פאריאָסעמטן, פוסטן ארבל!

גיט א קוק אף האָזן, ווען בא „אויספילן מעלוכע־פליכטן" קריגט ער שיר ניט געשלאָגן פון דער ייִדענע באסיע, און זײַן לינקע האנט צייפּנט קאלטבלוטיק קרומע שורעס: א בעהיימע קאָסט... (קאלטבלוטיק איז די האנט, אָבער ס'ציטערט אזוי אין פארלעגנהײַט א מוסקול אף זײַן באק...).

„אפּאָנעם די שײַטלעך אָלכע שפּארן פון אונטערן קעסל א שווערן טשאד"—אזוי פּרווט דער „אויסגעהאלטענער" כ' האָז צו באהאלטן דעם שווערן אינערלעכן קאמף, וואָס ער פירט אין זיך.

אזא איז פערסאָווס גרונט־מעטאָד. פערסאָוו „פסיכאָלאָגעוועט״ ניט מיט לאַנגע „פילאָזאָפישע״ סוואָרעס. ער הויבט אוף שטענדיק בלויז איין עק פונעם פּאָרהאַנג, הינטער וועלכן ס׳גייט א קאָמפּליצירטע פסיכאָלאָגישע שפּיל.

דער לייענער דאַרף פּאָרזעצן דאָס ניטדערזאָגטע און ניט דערוווסטע. דער לייענער ווערט דורך דעם מיטגעריסן. אָט די רעמאָזים־שפּראַך (אינעם קינסטלעריש־רעאַליסטישן זינען פון וואָרט) האָט פערסאָוו וויל אויסגענוצט אין זײַן „טאַכלעס״.

פערסאָווס פערסאָנאַזשן־גאַלעריי האָט צום ערשטן מאָל אין „טאַכלעס״ באַקומען א פעסטן קינסטלערישן לאָשן. דאָ „קײַט מען שוין ניט קיין מאַכשאָוועס״ און מע רעדט שוין ניט אף שטום־לאָשן.

פערסאָוו האָט זיך אויסגעלערנט שפּילן דורך שפּראַך ניט ערגער ווי דורך ליכט־פלעקן.

ווי גלענצנדיק ס׳ווערט שפּראַכלעך אונטערגעשטראָכן דער אינעווייניקסטער קאַמף צווישן האָזן דעם „ניכטערן״ פינאַגענט און האָזן — דעם מענטשן, מיט „שוואַכקײַטן״.

האָז — דער „טרוקענער״ פינאַגענט רעדט דאַווקע אף רוסיש און מיט א באַסאָוועער שטימע, אז „טאַקע אין יאַריד־טאָג איז גוט אופצומאָנען דעם שטײַער״.

האָז — דער מאַסן־מענטש און באָלשעוויק, וואָס קומט ניט פילדערן, נאָר אָ נ פ י ר ן, לערנען און פירן פּאָרויס, וואָס טראָגט אַכרײַעס פאַר אלע פּאַראָרעמטע, רעדט אף פּראָסט מאַמע־לאָשן: וואָס וועט זײַן דער טאַכלעס?

דער אלטער געקינצלטער ריטמישער רעטשיטאַטיוו פון אונדזער אַמאָליקער פּראָזע איז פאַרשוווּנדן.

אין א לעבעדיקן ריטמישן געוואַקל פליסן די דעבאַטן אף דער פאַרזאַמלונג פונעם קאָמקעמערל.

צום ערשטן מאָל האָט פערסאָוו זיך ניט באַנוגנט בלויז מיטן פּראָטאָקאָל, ער האָט געגעבן א לעבעדיקע פאַרזאַמלונג פון שטעטלדיקן קאָמקעמערל, דינאַמיזירט, לײַדנשאַפטלעך.

אינגאַנצן ניט געגעבן געוואָרן איז די אלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די שטעטלדיקע ייִדן.

דאָס איז שוין שטאָף פאַר א גאַנץ נײַער דערציילונג, ווו ס׳דאַרף געגעבן ווערן די ק ל א ס ן ־ ד י פ ע ר ע נ צ י ר ו נ ג פון דער שטעטלדיקער מאַסע אין דער פראַגע וועגן טאַכלעס.

פאַר דער דערציילונג „טאַכלעס״ איז אָבער אָט די פאַרזאַמלונג גופע ניט אזוי וויכטיק.

האָזס קאָלאָריטפולע פיגור שליסט אָפּ מיט זיך, אין „טאַכלעס״, דעם ערשטן עטאַפּ פונעם קאַמף פאַר „איבערמאַכן״ דאָס קליינבירגערטום.

„האָז האָט זיך געענומען פאַרשרײַבן. זײַן לינקע האַנט האָט געצייכנט קרומע שורעס, איינע נאָך איינע, איינע נאָך איינע״.

אזוי ענדיקט פּערסאָוו זײַן בעסטע דערציילונג „טאכלעס״.

אָט די קרומע שורעס, געצייכנט דורך דער איינציקער לינקער האנט (די צווייטע איז אָפּגעשאָסן אין בירגער־קריג) פונעם באָלשעוויק און „יעווסעק״ כ׳ האָז—סארא גרויסער היסטאָרישער פּאטאָס ס׳שטעקט אין זיי!

פאר פּערסאָוון זײַנען דידאָזיקע „קרומע שורעס״ אן אָנהויב פון א גלײַכן קינסט־לערישן וועג.

דאָס וועט זײַן דער וועג פון אונדזער נײַעם קינסטלערישן רעאַליזם, דער וועג פונעם קאָנקרעטן שטייגער־בילד, וואָס ווערט דערהויבן צו א סינטעז.

אָן אָט דעם סינטעז וועט יעדער שטייגעריסט פארכלינעט ווערן אין שטייגער־דעטאלן און מעמיילע וועט ער סאָפּקאָלסאָף צוזאמען מיט זײַן אידעאָלאָגישער יערידע קומען צו זײַן קינסטלערישער יערידע.

נאָר דער העכסטער סינטעז פון אונדזער צײַט איז אימשטאנד פאָרמירן, סיסטע־מאטיזירן אָט דעם כאאָס פון שטייגערישע סטירעס. דאָס איז דער קאָמוניסטישער סינטעז—דאָס איז די דיאלעקטיש־מאטעריאליסטישע וועלט־אָנשויונג פונעם קינסטלער. פּערסאָוו האָט אין דער פּראָבלעם פון „אכרײַעס אויך פאר קליינבירגערטום״ דער־וויזן, אז ער קאָן אָנטאפּן די דיאלעקטיש־מאטעריאליסטישע פּרוזשינעס פון אונדזערע בויונג־פּראָצעסן.

נאָר אפן דאָזיקן וועג איז פּערסאָוון באשערט פאָרצוזעצן זײַן ווײַטערדיקן גאנג, איבערקאָכנדיק אין זיך דעם גאנץ היפשן אָנלאָד פון בערגעלסאָנישער סטיל־יערושע.

1928.

---

# קעגן דער ליימענער פּיפּקע, קעגן קראָן־קריגעלעך!

(וועגן אָרלאַנדס „הרעבלעס").

1

„וויש... ווזש...—האָט די בלאָטע געשיפּעט, ווען מע האָט אַהין, פון די קאַסטנס דעם האַלק־אָפּפאַל געשאָטן. אין א פּאָר טעג אַרום איז די בלאָטע ביז איבערן האַלדז אָנגעשטאָפּט געוואָרן מיטן דאָזיקן אָפּפאַל און מענטשלעכע פיס האָבן שוין געקאָנט שטיין דאָרטן און אײַנ־טרעטן דעם נײַ־אויסגעוואָקסענעם באָדן אין דער ברייט פון העכער א קלאַפטער.

— א, אַ!—האָבן די וואַלד־העקער געשריען, זאַפטיק און הויך־גאַרנדיק זיך געזידלט,— געקומען דײַן סאָף, פאַרשטונקענע לאָך! איצט וועסטו שוין ניט זינקע־ע־ען!"

(א. קאַראַוואַיעווא—„געהילץ־זאַוואָד").

„און אַמאָל, אַנדראָן, באַנאַכט, ווען מיר פאָרן און ניט אומיסטן איבערקערן א וואָגן קוילן אין קאַנאַל,—זאָל ער זיך פאַרהאַטען. איבערן קאַנאַל זײַנען אומגעקומען אַלע קראָן־קריגעלעך"...

(ה. אָרלאַנד—„הרעבלעס").

אָרלאַנדס „הרעבלעס" זײַנען מיט באַפרידיקונג פאַרצייכנט געוואָרן אין אונדזער ליטעראַטור־קריטיק (אַגעוו, אויך דורכן שרײַבער פון דידאָזיקע שורעס) נאָך מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווען אין דער „רוטער וועלט" זײַנען אָפּגעדרוקט געוואָרן די ערשטע קאַפּיטלען דערפון. שוין דענסטמאָל איז געווען קלאָר, אַז אַפן פּאָן פון אונדזער דעמלטיקער גאַנץ אָרעמער און ניט זעלטן סכעמאַטיש־שטייגערלאָזער פּראָזע איז אָרלאַנד אופגעקומען, ווי א פאַרביקער זאַפטיקער פלעק.

איצט, ווען אָרלאַנדס בוך ליגט שוין פאַר אונדז א פאַרענדיקטער—ווערט נאָך מער קלאָר, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט א ווערק פון א באַדײַטנדיקער קינסטלע־רישער אויסדריקלעכקײַט.

אין אונדזער קאַמף פאַר הויכער ליטעראַרישער קוואַליטעט, פאַר קינסטלערישער אויסדריקלעכקײַט, פאַר קוואַליפיצירטער ליטעראַטור־טעכניק, וועט אָט דאָסדאָזיקע ווערק אָן שום ספק זײַן א וויכטיקער מערקצייכן אַפן וועג צו ווײַטערדיקן קינ־סטלערישן וווקס.

אָבער די פּראָבלעם פון ליטעראַרישער טעכניק האָט קיינמאָל ניט אָפּגע־שאַפט די פּראָבלעם פון סטילן־קאַמף. פאַרקערט, פאַר דער קעמפערישער מאַרק־סיסטישער ליטעראַטור־קריטיק איז שטענדיק געווען קלאָר, אַז די פּראָבלעם פון ליטעראַרישער טעכניק, פון קינסטלערישער אויסדריקלעכקײַט איז ענג פאַרבונדן מיט

דער פראָבלעם פון סטיל, איז *אונטערגעוואָרפן* דעם קלאַסאָוון סטילן־קאמף

טאקע די געשיכטע פון אָט דעם סטילן־קאמף, וואָס איז די אקס, אף וועלכער ס'דרייט זיך די געשיכטע פון יעדער ליטעראטור, ברענגט אונדז אומצאָליקע אילוסטראציעס פאר אָט דער האנאָכע. צי דען איז ניט באשטעטיקט געוואָרן דורך דער געשיכטע פון סטילן־קאמף, אז צו ליטעראריש־טעכנישער קוואליפיקאציע, צו הויכער קינסטלערישער אויסדריקלעכקייט קומען זייער זעלטן גראָד... *יונגע, אָנגרייפעדישע סטילן*, וואָס געפינען זיך דערווייל נאָך, אזוי צו זאָגן, „אין גאנג". פארקערט, פולשטענדיק אויסגעפאָרמירטע סטילן, סטילן, וואָס נויגן זיך שוין צום אונטערגאנג (ווי ס'נויגן זיך צום אומקום זייערע קלאסן־טרעגער) וויקלען פאנאנדער גאָר גרויסע טעכנישע מעגלעכקייטן און גאָר א היפּשע קינסטלערישע אויסדריקלעכקייט. יונגע אָנגרייפערישע סטילן, ווי זייערע סאָציאלע טרעגער—די יונגע אָנגרייפערישע קלאסן—זיינען געוויינלעך אין א היפּשער מאָס נאָך „געלאטעטע" סטילן, זייערע „רעוואָליוציע־הויצאָעס" זיינען גאָר באדייטנדיקע, און די אָרעמע, היפּש צערויִנירטע טעכניק זייערע ווערט קאָמפּענסירט מער מיט ברויזיקן קלאסן־פּאטאָס, איידער מיט שרייבערישער געשולטקייט. פארקערט, סטילן, וואָס לעבן שוין אָפּ זייער לעצט ביסל יאָרן, סטילן רעאקציאָנערע אנטוויקלען ניט זעלטן א פּיבערהאפטיקע טעטיקייט אפן געביט פון ליטעראַרישער טעכניק, וועלכע איז, אין איר איבערגעטריבענער ראפינירטקייט, ניט זעלטן בארופן צו פארדעקן דעם אידעיִשן דאלעס פון א קלאס, וואָס גויסעסט. ג. וו. פּלעכאנאָוו האָט גאנץ בולעט אָנגעוויזן אפילע אף די ספּעציפישע קאָנקורענץ־באדינגונגען, אין וועלכע אָט דער דראנג צו טעכנישער פולקומענהייט באקומט זיין אויסדרוק אין אלע יערידע־ליטעראטורן [1]). נאָר אויב אזוי, איז דאָך גאנץ קלאָר, אז ניט דער קריטעריִ פון ליטעראריש־טעכנישער פארפולקאָמטקייט איז דער קריטעריִ פון היסטאָרישער פּראָגרעסיווקייט, פון רעוואָליוציאָנערקייט, מיט וועלכער מיר מעסטן סטילן.

*זען סטיל־צעפוילונג אינעם אופברויז פון ליטערארישער טעכניק און שרייבערישער געשולטקייט, און פארקערט, פארנעמען די „מוזיק פון דער צוקונפט" אין די ערשטע, טעכניש שוואכע, קוים אויסדריקלעכע טריט פון א נייער, א שעפערישרעוואָליוציאָנערער סטיל־סיסטעם*—אָט אין דעם *באשטייט דער סאָד פון סטילן־דיאלעקטיק*.

און טאקע דעריבער זיינען נאִיוו און מעטאפיזיש אלע היספּיילעסדיק־אבסטראקטע מעליצעס וועגן קינסטלערישקייט *ביכלאל*, שרייבערישער טעכניק *ביכלאל*, קינסט־

[1]) „דערזעלבער מאָקלער אנערקענט אָבער, אז בא די פראנצויזישע אימפּרעסיאָניסטן דערגרייכט ני! דער *אידעיִשער אינטערעס* צו יענער הויך, צו וועלכער עס דערגרייכט דער *טעכנישער* אינטערעס. מעקלער רעכנט עס צו צו די כעסרוינעס פונעם אימפּרעסיאָניזם. איך געפין, אז ער דריקט זיך אויס צו ווייך. די אידייענלאָזיקייט פונעם אימפּרעסיאָניזם שטעלט מיט זיך פאָר *יענע אורזינד*, אדאנק וועלכער ער גרענעצט אזוי נאָענט מיט קאריקאטור"... (פּלעכאנאָוו, ב. 14., ז. 80-79) (קורסיוו — אומעטום—פּלעכאנאָווס).

לערישע מיטלען ביכלאל. מיר מוזן קודעמקאָל קלאָר מאכן, מיט א וועלכער קלאסאָווער סטיל־סיסטעם מיר האָבן צו טאָן און א וועלכער איז דער היסטאָרישער געוויכט אירער בא דער איצטיקער, קאָנקרעטער ליטעראטור־סיטואציע. קומען מיר צו צום קאָנקרעטן אנאליז פון אָט דער „טעכניק" „קינסטלערישקייט" א.א.וו., ווערט פאר אונדז קלאָר, אז אין פארשיידענע סטיל־סיסטעמען באקומט איין און דיזעלבע, דוכט זיך, „קינסטלערישקייט", איין און דערזעלבער, דוכט זיך, קונסט־מעטאָד גאָר א באזונדערע באדייטונג.

ווי וויכטיק איז אָט דידאָזיקע האנאָכע, באזונדערס פאר אונדזער יונגער יידישער פראָלעטארישער ליטעראטור, ווו די פראָבלעם פון יארשענען ליטעראריש־טעכנישע פארכולקאָמטקייט שפילט אזא באדייטנדיקע ראָל!

נאָר באוואָפנט מיט אָט דער דיאַלעקטישער האנאָכע, איז מעגלעך זיך אָפּצוהיטן פון ביידע עקסטרעמען, וואָס לויערן דערביי אף דער ליטעראטור: פון אבסטראקטער היספּיילעס פאר קינסטלערישער אויסדריקלעכקייט ביכלאל און פון פראָלעטגייוועדיקער ביטל־באציונג צו פראגן פון ליטעראריש־טעכנישער געשולטקייט („ריידעלע יאק ריידעלע, אבי דאָברע מיינעלע").

אָט רעדט מען און שרייבט מען אָן א שיר וועגן אָרלאנדס בעעמעס גלענצנדיקע פּייזאזשן פון „הרעבליעס", וועגן דעם זאפטיקן פאָלקלאָד־עלעמענט אין זיין בוך, וועגן דער קינסטלערישער דעטאל, מיט וועלכער אָרלאנד אָפּערירט בעעמעס אויסגעצייכנט, וועגן זיין לעקסישער פארביקייט און א. וו.—מ׳רעדט און מ׳שרייבט מעלי־צעדיק־היספּיילעסדיק און מעליצעדיק־אבסטראקט, פארגעסנדיק איין „קלייניקייט"— יענע קלאסאָווע סטיל־סיסטעם, אף וועלכער ס׳גייט אוף, ווי אף הייוון, אָט די אָרלאנדס קינסטלערישע אויסדריקלעכקייט—אָט דער פּייזאזש, אָט די פאָלקלאָר־מייסע־דיקייט און די לעקסישע פילפארביקייט א.א.וו.

איז קינסטלערישע שפיל מיט פּייזאזש א היסטאָריש־פּראָגרעסיווע דערשיינונג ביכלאל, אומעטום און שטענדיק?

איז דער פאָלקלאָריסטישער אָרנאמענט, דער עקזאָטיש־מייסעדיקער נוסעך פאר אלע צייטן און פארי אלע קלאסן א קינסטלערישע דערגרייכונג?

צי קאָן מען ריידן וועגן לעקסישער פארביקייט ביכלאל, ניט אונטערשטרייכנדיק די קלאסאָווע סטיל־פונקציע, וואָס אָט די לעקסישע פארביקייט טראָגט?

לאָמיר זיך דערמאָנען, ווי די מארקסיסטישע קונסטקענטעניש האָט שוין ניט איינמאָל געגעבן גלענצנדיקע געשיכטלעכע איליוסטראציעס פון דער טראנספאָרמאציע, וואָס דער פּייזאזש־מאָטיוו, לעמאָשל, מאכט דורך אין פארשיידענע צייטן און בא פארשיידענע קלאסן. אלע אבסטראקטע, אלגעמיינע מעליצעס וועגן דעם, אז אן „עכטער" קינסטלער איז מעכויעוו „צונויפגיסן מענטש מיט נאטור", בלייבן מערניט, ווי אומבאוועגלעכע, ניט געשיכטלעכע, מעטאפיזישע קאטעגאָריעס. פּלעכאנאָוו, לעמאָשל, האָט אין זיין ארטיקל „טאָלסטאָי און די נאטור" (באנד 24, ז. 250) ניט צווויידייטיק גערעדט וועגן היסטאָרישן און קלאסאָוון כאראקטער פון אָט דער „איינהייט מיט דער נאטור".

איז טאקע דעריבער אומעגלעך אָנצושרײַבן אפילע איין ריכטיקע שורע וועגן דער ראָל פון פייזאזש־מאָטיוון אין דעם אָדער יענעם ווערק, אויב ס'ווערט ניט אופגעדעקט לעכאטכילע דער היסטאָרישער און קלאסן־כאראקטער פון אָט דעם פייזאזש־מאָטיוו.

דאָסזעלבע דארף מען זאָגן וועגן דער טראדיציִע פון פאָלקלאָריזם, וועגן „זאָגערישן" נוסעך, מײַסעדיקײַט א.א.וו.

אלע אבסטראקטע, אלגעמיינע מעליצעס וועגן „פאָלק־זאפטיקײַט" און „לאָקאל קאָלאָריט", אלס „אייביקע" נאָרמען פון קינסטלערישקײַט, זײַנען, ווידעראמאָל, מער ניט, ווי אומבאווּעגלעכע, ניטגעשיכטלעכע, מעטאפיזישע קאטעגאָריעס.

ניט אינעם „לאָקאלן" קאָלאָריט גייט דאָ, ניט אין דער געאָגראפיע!

די קלאסאָווע וועלט־אָנשויונג און ניט די סיוזשעטישע געאָגראפיע שטויסט דעם קינסטלער צום פאָלקלאָריסטישן אָרנאמענט אָדער, פארקערט, מאכט פון אים א שארפן קעגנער פונעם לאקרעך־זיסן פאָלקלאָר.

פאר אונדזערע אויגן איז דאָך דאָ ניט לאנג דורכגעגאנגען אָט דערדאָזיקער עקזאָטישער פאָלקלאָריזם מיט זײַן אנטבלויזטן קלאסאָוון (באלעגופישן!) איינגעווייד, אין די קינסטלערישע טעאָריעס פון אונדזערע רוסישע, אזויגערופענע, „פויערישע" (באלעגופישע) פאָעטן פון קלויעווס און אָרעשינס שניט. און צי איז ניט עכט־כאראקטעריסטיש דאָס, וואָס אונטערן דרוק פון יענע נײַע פראָצעסן, וואָס אנדערשן איבער אינגאנצן דעם פּאָנעם פון אונדזער סאָוועטישן דאָרף, האָט אפילע דער טיפּיש־באלעגופישער פאָעט אָרעשין—איינער פון די סאמע פארברענטסטע כסידים פון אָט דעם פאָלקלאָריזם און זאָגערישן נוסעך—זיך מוידע געווען לעצטנס, אז ער פילט די נויטיקײַט אָפּצוזאָגן זיך פון אָט דעם סטיליזירטן „Язык сивого мерина"?

נאָר אויב אזוי, איז דאָך קלאָר פאר יעדן איינציקן, אז אויך אין דערדאָזיקער פראגע איז קוידעמקאָל נויטיק אופצודעקן יענע קלאסאָווע סטיל־סיסטעם, אף וועלכער ס'גייט אוף, לעמאָשל, אָרלאנדס פאָלקלאָריזם, אָרלאנדס עקזאָטישע ראָמאנטיק, זײַן מײַסעדיקײַט א.א.וו.

אופנעמען אלע באשטאנד־טיילן פונעם סטיל אין זייער גאנצקײַט, אופדעקן זייער קלאסן־גענעזיס און שארף אָנמערקן די קלאסן־פונקציעס זייערע אין די איצטיקע קאָנקרעטע באדינגונגען—אָט דאָס איז די הויפּט־אופגאבע, וואָס שטייט פאר דער מארקסיסטישער קריטיק, ווען זי טרעט צו צו באטראכטן אָרלאנדס בוך „הרעבליעס"

2

ס'איז ניטאָ קיין לײַכטערע זאך, ווי אויסצולייענען דעם סיפּער־האמײַסע פון „הרעבלעס", לעמאָשל, און קאָנסטאטירן: „הרעבלעס" איז א בוך פון סאָציִאליסטישער רעקאָנסטרוקציִע.

שטעטלדיקע ײִדן—קרעמער און גלאט אָרעמקײַט—גייען איבער צו פּראָדוקטיווער ארבעט?

יאָ, גייען איבער.

מ׳בויט א קאנאל אין פּאָלעסיע און מ׳טריקנט בלאָטעס?

מ׳בויט א קאנאל און מ׳טריקנט בלאָטעס.

נו, איז וואָס דארף מען נאָך?

האָבן מיר פאר זיך א בוך פון סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע!..

ווער רעדט נאָך, אויב דערצו גיט מען נאָך צו א באַלעגוף, וועלכער טוט, וואָס א באַלעגוף דארף טאָן אין אזוינע פאלן, און א קאָמיוגיסט, וואָס טוט פון זיין זייט אויך דאָס, וואָס א קאָמיוגיסט דארף טאָן, איז דאָך שוין אוואדע און אוואדע קאָשער.

כ׳מיין אָבער, אז ניט אזוי פּאָשעט ווערט די שפּראַך פון קונסט איבערגעזעצט אף דער שפּראַך פון געזעלשאפטלעכע דערשיינונגען און, קעדיי באקומען דעם געהעריקן „סאָציאָלאָגישן עקוויוואַלענט״, ווי פּלעכאנאָוו זאָגט, דארף מען קאָנען לייענען די, ניט שטענדיק גאָר אָפענע, שפּראַך פון געשטאַלטן, ריטמיק, פארבן, לעקסיק, קאָמפּאָזיציע, מיט איין וואָרט, יענע ספּעציפישע שפּראַך, מיט וועלכער א קונסט־ווערק אונטערשיידט זיך פון א וויסנשאפטלעך־פּובליציסטיש ווערק.

אויב די גרונט־אידייע פון אָרלאַנדס „הערעבלעס״ איז בעעמעס די סאָציאַליסטישע רעקאָנסטרוקציע, דארף אָט דידאָזיקע אידייע פארקערפּערט ווערן אינעם גאנצן סטיל, אלס איינהייט פון פאָרם און אינהאלט, אין אלע זיינע באשטאנדטיילן.

אָבער וואָס איז אזוינס סאָציאַליסטישע רעקאָנסטרוקציע אין אונדזער טקופע, אין אונדזער לאנד, אין אונדזערע קאָנקרעטע באדינגונגען?

ס׳איז קוידעמקאָל א פארביטערטער, ניט בלויז עקאָנאָמישער, נאָר אויך פּאָליטישער (קלאסאָווער) קאמף פאר א נייער פּראָדוציר־פאָרם, פאר נייע קלאסן־מענטשן, פאר א נייער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג אין א לאנד פון אן איבערוועגנדיקער מערהייט פון קליינפּויערישער ווירטשאפט;

ס׳איז א קאמף קעגן דער צעקראָכענער אָבלאָמאָוועריי פון דער שטרויענער, אונטעראויוונדיקער ראסיי, מיט איר צעקראָכענער פּראָדוציר־דיסציפּלין, מיט איר צעפּאטלטער ווייכלייביקייט—פאר קאָמוניסטישן שלאָגלער־טיפּ, פארן מענטש פון טעמפּן;

א קאמף קעגן דער פּאָלקיסטישער מעליצע וועגן דער איינהייטלעכער פּאָלקנעשאָמע, מיט איר זיסינקן פּאָלקלאָר, מיט איר סטיליזירטער עקזאָטיק—פאר בילדונג, פאר פּראָלעטארישער קולטור;

א קאמף קעגן דעם „רויזנקוסט און די פארשיידענע מעלעכלייונדיעס״ (מאיאַקאָווסקי), קעגן דעם „שויס פון דער נאטור״, קעגן די „פּיאָלעטאָווע וואָלקנדלעך״ און ראָמאנטישע, בלאָטיקע, קראָן־קריגעלעך—פאר באזיגן די נאטור, פאר סאָיע, קענאף און פּעטע כאזיירים;

א קאמף קעגן דעם עלטערזיידנס סאָכע־טעכניק, קעגן דער ליימענער פּיפקע, קעגן דעם זיידנס דודע:—פאר קאָמביינען און טורבינעס;

א קאמף קעגן עקזאָטישער לירִיק מיט ליבע־לעכצעניִשן צווישן ראָמאַנטישע וואלד־מיידלעך אין סטעגנעס און קארעלן, און ס׳איליזירטע פאראָבקעס, אין יאַנטעווי־דיקע סוויטקעס—מיט איין וואָרט, א קאמף קעגן אלע די, וואָס „קוקן מיט ערפורכט אפן הינטער־כיילעק פון דער געשיכטע״—פאר אלע די, וואָס קומען „ענדערן די וועלט״!

אָט דערדאָזיקער סכום אידייען פון אונדזער סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציִע—צי ווערט ער פארקערפערט אין אָרלאנדס „הערבעלעס״?

קעדיי אָט דידאָזיקע פראגע זאָל באקומען א באזונדערס העלע באלויכטונג, וועל איך אָרלאנדס „הערבעלעס״ שטעלן אויג אף אויג מיט איינעם א ווערק פון דער יונגער רוסישער פראָלעטארישער פראָזע, א ווערק, וואָס איז דערשינען מיט עטלעכע יאָר צוריק און איז מערקווירדיק ענלעך אף אָרלאנדס „הערבעלעס״, ניט בלויז לויט דעם סיוזשעטישן סקעלעט, נאָר, אין א באדײַטנדיקער מאָס, אויך לויט דער גע־שטאלטן־גאלעריי.

איך וועל דאָס באזונדערס גערן טאָן, אגעוו, אויך דערפאר, ווײַל... כ׳ י. בערסאָן האָט אין זײַן ארטיקל וועגן „הערבעלעס״ („רויטע וועלט״ נומ. 2־1, 1930) אזוי פײַערלעך דערקלערט:

„ס׳איז אָן צווייפל, אז ווען אזא ווערק וואָלט דערשינען אין רוסיש, אָדער אין אוקראיִניש, וואָלט גאָר קיינעם ניט אײַנגעפאלן צו שטעלן אזא פראגע, ווי ס׳איז אופגעוועקט געוואָרן אין אונדזער קריטיק״—דאָס הייסט, קיינעם וואָלט ניט אײַנגעפאלן צו צווייפלען אין אָרלאנדס פראָלעטארישער קאשרעס...

אזא ענלעך, גאָר ענלעך ווערק, איז יאָ דערשינען אין רוסיש, כ׳ בערסאָן!

דער לייענער מוז זיך שוין מינאסטאם אָנשטויסן, אז איך האָב דאָ אין זינען דעם ראָמאַן פון דער רוסישער פראָלעטארישער שרײַבערקע אנא קאראוואיעווא — „דער געהילץ־זאוואָד״.

דאָ האָט איר דעמזעלבן סיוזשעטישן קנופּ, ווי אין אָרלאנדס „הערבעלעס״: אין א ווײַטן פארוואָרפענעם העק, צווישן וועלדער און בלאָטעס, אין דער אָפּגעשטאנענער סוויווע פון פויערים, הויבט זיך אָן א פּיבערהאפטע בויונג פון א זאוואָד. אזוי ווי אין אָרלאנדס „הערבעלעס״, וויקלט זיך דאָ פאנאנדער א קאמף פאר באהעפטן אָט דעמדאָזיקן פארוואָרפענעם העק צו שטאָטישער, סאָוועטיִשער קולטור און טעכניק. אזוי ווי אין „הערבעלעס״, האָט איר דאָ אן אינזשענער, וועלכער פארקערפערט אין זיך דעם רעקאָנסטרוקציע־דראנג, און א וואלד־מיידל—„א מויד מיט א כאראקטער״, וועלכע פארקערפערט דאָס העפקערדיקע, פארוואָרפענע, וואלדישע, וואָס דארף אי־בערגעמאכט ווערן אין פּראָצעס פון סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע. אזוי ווי אין „הערבעלעס״, ווערט אָט דער קאמף פאר איבערמאכן מענטשן און פראָדוציר־באציִונ־גען דורכגעפלאָכטן מיט א ליבע צווישן דעם שטאָטישן אינזשענער און דער וואלד־מיידל. א גאנצע ריי ענלעכע ביִמאָטיוון אפילע, ווי, לעמאָשל, די עפּידעמיע צווישן די ארבעטער, די שטאָטישע כּלה (בא אָרלאנדן—בוזי, בא קאראוואיעווא—יעלענע), וואָס שטייט צווישן דעם אינזשענער און דער וואלד־מיידל, שטרייכן אונ־

טער אָט דידאָזיקע, ביז גאָר נאָענטע, אויסערלעכע ענלעכקייַט צווישן אָט די צוויי ווערק. ס'איז אָבער גענוג נענטער זיך צוקוקן צו די ביידע ווערק, קעדיי זיך איבערצייַגן, אז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט צוויי באזונדערע קלאסן-איַינ-שטעלונגען.

וואָס פאר א היסטאָרישע אופגאבע (קינסטלערישע אופגאבע) איז געשטאנען פאר דער פראָלעטארישער שרייַבערקע אנא קאראוואיעווא, ווען זי האָט געוואָלט אין קינסטלערישע געשטאלטן פארקערפערן דעם צוזאמענשטויס צווישן צוויי וועלטן — צווישן דעם פ.ס.ס.ר., וועלכער האָט זיך געלאָזן מיט רעוואָלוציאָנערן אימפּעט טעכ־ניש צו דעריאָגן און אריבעריאָגן די סאמע פאָרגעשריטענע קאפּיטאליסטישע לענדער, און דער אלטער אונטעראויוונדיקער, שטרויענער „רוס", וואָס וויל ניט אָפּגעבן אָן קאמף איר אָבלאָמאָווערייַ, איר טעכנישע אמעראצעס, אירע בלינעס, פּילגאָרנדיקע היפּעס און טאראקאנעס?

קאראוואיעווא האָט גאנץ גוט געוווּסט, וואָס פאר אן איַינגעפונדעוועטע ליטעראַ־רישע טראדיציעס פון פאָלקיזם, זיסינקער פּייזאנערייַ[1]), מיט איין וואָרט, טאקע „אידיאָטיזם פון דאָרפישן לעבן", איר וועט אויסקומען אויסצוואָרצלען. אין דער רוסישער ליטעראטור פון פריצים-באלע-טשוועניקעס און קלייַנבירגערלעכע פאָלקיס־טישע פראזיאָרן זייַנען דאָך דידאָזיקע טראדיציעס אזוי לאנג קולטיווירט געוואָרן!

די „ברייטקייַט פון דער רוסישער נעשאָמע" (בלינעס, שיקרעס, הארמאָשקעס או אמעראצעס), די „פעסטע יעסוידעס פונעם פאָלק-לעבן" („ערד-קראפט", פּאטריארכאלע אידיליע, באלעגופישע עקספּלואטאציע), די „צונויפגיסונג פון מענטש מיט נאטור" (בערישע רוסלאנד, ווייַסע בעריאָזעלע, פּיאָלעטעווע וואָלקנדלעך) — אָט דאָס אלץ, וואָס די הערשנדיקע קלאסן האָבן אין מעשעך פון דורעס אָנגעוואלגערט אין דער ליטעראטור, קעדיי איַינצוהאלטן דאָס האָרעפּאשנע לאנד אין פינצטערניש, אין קנעכט־שאפט און אין „אידיאָטיזם פון דאָרפישן לעבן" — דאָס אלץ איז געקומען אנא קאַ־ראוואיעווא אופרייַסן דורך בילד, ריטם, קאָלאָריט.

באלד פון די ערשטע שורעס, מיט וועלכע עס הויבט זיך אָן דער ראָמאן „דער געהילץ-זאוואָד", פילט איר אָט די פארשארפטע קלאסאָווע ציל-געווענדטקייַט.

דער אינזשענער און דער קאָמוניסט אָגניעוו זייַנען נאָר-וואָס ארויסגעשפּרונגען פון וואגאָן און לאָזן זיך מיט א פורל פאָרן צו יענעם פארוואָרפענעם בלאָטיק-וואל־דישן העק, ווו עס דארף געבויט ווערן דער געהילץ-זאוואָד. דער שטאָטישער אינ־זשענער, ווי געוויינלעך, ווערט באַרושט פון דער פרישער וואלדישער לופט.

— „סארא לופט דאָ איז, כאוועט אָגניעוו,—האָט דער אינזשענער מיט דער נאָז א ציי גע־טאָן,—סארא וווּנדערלעכער רייעך.

— יאָ—אָ, מיט עמעסן וואלד שמעקט דאָ... און מענטשן ווערן דאָ גוט פארווילדעוועט".

(„געהילץ-זאוואָד"—ז. 5) [2]).

---

[1]) זיסלעך-סטיליזירטע פּויערים-בילדער.

[2]) אומעטום ציטירט פון דער יידישער איבערזעצונג, אין דער אויסגאבע פון „ראָמאן-ביבליאָטעק"— מאָסקווע.

דאָ פילט איר שוין פון דער ערשטער שורע אָן א נייַע, ניט טוריסטיש־געברוי־כערישע, נאָר קאָמוניסטישע פראָדוצירער־באַציִונג צו וואלד, צום „שויס פון דער נאַטור". עס שמעקט טאקע מיט עמעסן וואלד, אָבער אויך מיט עמעסער מענ־טשישער פארוויילדעוועטקייַט!

אפילע דער וואלד־שוימער, וואָס אלפי דער אלטער פייזאניש־עקזאָטישער טרא־דיציע וואָלט ער באדארפט זיך צעפייַפן אף א דודעלע, כאפנדיק היספּייַלעס פון זייַנע „בעריאָזקעס",—אפילע ער נעמט אוף אָט די וואלדישע ראכוועס גאנץ וואָכע־דיק און אוטיליטאָריש:

— „דו גיב נאָר א קוק אף די בוימער: סארא מינע סאָסנעס, הייַנט די צעדער־בוימער... בעריאָזעס... אָבער דאָס אלץ וואקסט, וואקסט, רייַסט זיך צום הימל אָן קיין שום נוצן,—האָט ער קימאט בייז א זאָג געטאָן".

(דאָרטן).

ניט בלויז פארן וואלד־שוימער. נאָר קימאט פאר דעם גאנצן אָרטיקן פארגרעבטן וואלדישן אוילעם איז אָט די „צונויפגעגאָסנקייַט פון מענטש און נאַטור" אן אָנ־שיקעניש:

„געקומען דייַן סאָף, פארשטונקענע לאָך! איצט ועסטו דאָ שוין ניט זינקען!"— אָט מיט אזא, ניט נאָר ראָמאנטישן קאבאָלעספּאָנים באגעגענען די וואלד־העקער די ברייטע וואלדיש־בלאָטיקע ראכוועס.

באזונדערס בוילעט טרעט ארויס דידאָזיקע אפיקאָרסישע באַציִונג צו דער „שויס פון דער נאַטור" אין דער געשטאלט פון דער וואלד־מיידל קסעניע. גראָד אָט דידאָ־זיקע וואלד־מיידל—„די מויד מיט א כאראקטער", וואָס איז אופגעהאָדעוועט געוואָרן אין אָט דער וואלדיש־בלאָטיקער ראכוועס, וואָס קאָן רייַטן אף א פערד און שיסן פון א ביקס, און ניט איין מאנסביל וואָלט זיך געוווּנטשן פארמאָגן איר מוסקולאַטור— גראָד אָט דידאָזיקע עקזאָטישע וואלד־מיידל רייַסט אוף די עקזאָטיק און די פייזאנערייַ.

— „אייַך איז ניט א שאָד דער וואלד, קסעניא איוואנאָוונא?
— פארוואָס עפּעס א שאָד?
זי האָט פארדראָסיק אופגעהויבן די אקסלען.
— איך בין דאָך ניט סאשע, די, וואָס אין דער ליד דאָרטן... זי האָט זיך אין אזא מין טויבן העק ווייַזט אויס ניט לאנג פארהאלטן, פאר איר איז עס א שפּילכל געוועזן, און איך... דאָס גאנצע לעבן...

זי האָט אנטשלאָסן א וואָרף געטאָן דעם צאָפּ אף דער פּלייצע און א בליק געטאָן ארום מיט פארטונקלטע אופמערקזאמע אויגן.

— זאָל מען אויסהאקן וואָס מער, אָט ווי ס'איז מיטאמאָל ליכטיקער געוואָרן".

(13 .ז.)

פון דער ערשטער שורע אָן ביזן סאָף פון ראָמאן פילט איר אָט דעם קינסטלע־רישן טראָפּ אף „אויסהאקן" די וואלדישע אידיליע פון דער „פארשטונקענער לאָך".

קאראוואיעווא ניצט אויס גלייַכצייַטיק יעדע מעגלעכקייַט, קעדיי מאכן א סאָף צו די אלטע טראדיציאָנעלע „פּיאָלעטאָווע וואָלקנדלעך". וועגן וועלכע דאָסטאָיעווסקי

נאָך—דער מײַסטער פון דינאַמיק—האָט באַמערקט, אַז זיי האַרגענען אַוועק דעם טעמפּ.

דער מענטש, דער נײַער באַפרײַטער מענטש—דער פּראָדוצירער, וועלכער הויבט אָן אין דער פולסטער מאָס פאַנאַנדערוויקלען זײַן מאַכט איבער דער נאַטור—אָט דער מענטש אין זײַן אַרבעט־פּייזאַזש פאַרדעקט דעם פּייזאַזש פון די סטאַטישע „פּיאָלעטעווע וואָלקנדלעך".

„איצט האָבן זיך שוין פעסט אַ רודער געטאָן די הויכן אַף האָריזאָנט־קאַמען. די גרויסע סאָסנעס, וואָס זײַנען גאַנץ געבליבן נאָכדעם, ווי די מענטשן זײַנען צום ערשטן מאָל אַהער געקומען, די גרויסע סאָסנעס, וואָס האָבן אין דרימל פאַרכאָלעמטע זיך איבערגעוואָרפן מיט זינגענדיקע לידער אַפן ווינט, זײַנען איצט ווי אַנטשוויגן געוואָרן, די פייגלשע רעדלעך זײַנען זיך צעפלויגן אין געפלי, פאַרוווּנדערטע זייער געשריי און געזאַנג איבערגעריסן. מענטשלעכע שטימען האָבן זיך געלאָזט הערן אַלץ העכער, אַלץ שטאַרקער. דער שטיין און דער זאַמד האָט אונטער די מענטשלעכע טריט געזונגען העכער פאַר די פויגל..."

(ז. 11).

די בלויע ראַכוועס פון הימלען מיט די באַרימטע „געקרײַזלטע וואָלקנדלעך" ווערט אויפגעריסן דורך אָט דעם נײַעם אַרבעט־פּייזאַזש:

„אַ רויכיקער, שוואַרצער עק האָט פאַרשעפּעט אַ ווײַס וואָלקנדל, אַ געקרײַזלטס, ווי אַ נאַריש שעפעל; איז געקראָכן אַף אים, ווי ער וואָלט אים פון הימל געטריבן. דער הימל איז געוועזן רייזיק, און בענילען האָט זיך געדוכט, אַז דער רויך קריכט אַהין, אין די בלויע פּאַלאַצן, ווי אַ פריילעכער דרייסטער גאַסט אין אַ פאַרומערטער שטוב".

(ז. 19).

„בלוי פאַרומערטע הימלישע שטוב", וואָס מוז אַרײַנלאָזן דעם „פריילעכן, דרייסטן גאַסט"—דעם פאַבריק־רויך,—דאָ האָט איר יענעם אַרויסרוף דער אַלטער טראַדיציע פון „מענטש צונויפגעגאָסענעם מיט נאַטור", קעגן וועלכער אַנאַ קאַראַוואיעווא טרעט אַרויס אַזוי שאַרף, ווי קעגן איינעם פון די באַשטאַנד־טיילן אינעם „אידיאָטיזם פון דאָרפישן לעבן".

מיט דערזעלבער קלאַסנבאַוווּסטזיניקער שאַרפקײַט רײַסט אויף קאַראַוואיעווא די טראַדיציאָנעלע פּאָלקיסטישע סטיליזירונג פונעם נאַטור־מענטש אין זײַן איינהײַט פון מענטשן־כײַע. גראָד דאָ, אין דער פאַרווילדעטער, וואַלדיש־בלאָטיקער געדיכטקײַט, האָט דאָך אַף קאַראַוואיעווען געלויערט דער קאַנאָניזירטער מאָטיוו פון פּילניאַקס אינטעליגענטיש־פּאָלקיסטישע ווייענדיקע וועלף און פון דער „בערישער רוס" (יענע באַרימטע „ווײַסע בערן, וואָס שפּאַצירן אַרום איבער די גאַסן פון לענינגראַד!"). קאַראַוואיעווא האָט אַראָפּגעריסן דעם שלייער, וואָס אין מעשעך פון דוירעס האָבן אין אים פאַרשיידענע ראָמאַנטישע סטיליזאַטאָרס פאַרוויקלט דעם „אידיאָטיזם פון דאָרפישן לעבן".

— „אַזאַ מין בערישער קוק,—האָט ער שטיל אַ זאָג געטאָן,—מיט דער אוראַלטער רוס שמעקט עס...

אָגניעוו האָט, ווי אין באַהאַלטענער סיבע, מיט די ציין אַ קריץ געטאָן און אויך טויב אַ ברום געטאָן!

— בערישע רוס... צעשויבערטע, הילצערנע, הינטעראויוונדיקע...

— איר ווייכט, פיאָטר וואסיליעוויטש, אין אזעלכע פאלן כאפט מיך עפעס א פאכעד אָן... אָט דערדאָזיקער בליק פון דער בערישער רוס, ווי איר זאָגט... וויפל דוירעסדיקער אומצוטרוי, פאכעד, אומפארשטענדיקייט ליגט אין אים... אז עס ווילט זיך אזש עפעס וואָס טאָן, די פאסמע אָפשערן, צעקעמען, די אויגן מיט עפעס א פייער אָנצינדן... אז דו גיסט א טראכט, ווי די רוס, די הילצערנע, ווי פאמעלעך זי איז געגאנגען... אך!"

(ז. 23).

דיזעלבע באציונג צו דער „בערישער רוס" מיט איר דוירעסדיקער „צעשויבער־טער, הילצערנער הינטעראויוונדיקייט" זעט איר אויך בא דער וואלד־מיידל קסעניע, וועלכע (מיר כאזערן דאָס איבער ווידעראמאָל) האָט לויט דער טראדיציע גראָד באדארפט פארקערפּערן אין זיך אָט די נאטור־הארמאָניע פון מענטש־כּייע. קסעניע, אָבער, רייסט אוף אָט דידאָזיקע קאנאָניזירטע ראָמאנטישע אידיליע מיט דערזעלבער ניכטערקייט, מיט וועלכער זי האָט אָקאָרשט דיסקרעדיטירט די סטיליזירטע וואלדישע ראכוועס.

... „איצט איז פריילעך בא אונדז. אנדערע ביזינקינער מוידן זאָגן: „עך׳ א שאָד דעם וואלד!" „וואָס איז דאָ, זאָג איך, צו זשאלעווען? ווינציק האָבן די בערן אייער פי געפרעסן? מיר זאָג איך, איז א טראָפּעלע אפילע קיין שאָד ניט..."

(2־טער טייל, ז. 5).

דער קאנאָניזירטער עקזאָטישער בער פארלירט דאָ אינגאנצן זיין סטיליזירטע ראָמאנטישקייט. ער פרעסט דאָך פי, ער פאטערט האָב און גוטס פון האָרעפּאשני־קעס! ער קאָן זיך אופהאלטן נאָר אין באדינגונגען פון ווילדקייט, ניט אָרגאניזירט־קייט און אָפגעשטאנענע לעבן־פאָרמען!

וועלן אופגעריסן ווערן די אלטע פראָדוציר־באציונגען, וועט זיך אפילע בלויז אן אייזנבאן־ליניע באוויזן,—וועט דעמלט נעמען א סאָף צו דער בעריש־וואָלפישער רוס, וועט דער טראדיציאָנעלער רוסישער „מישקא" מוזן זיך אָפּטראָגן וויטער.

— „וואָס פאר א ליניע? צו וואָס?

— וואָס פאר א א־א־א! או־או, סטויפ נארישער. אן אייזנבאן־ליניע! פארשטייסט? פריער פלעגן אום פרילינג בערן קריכן צו גאסט צום פאטלאטנס שטיבל, און אָט אינעם קומענדיקן פרילינג, גיב נאָר א פרווו, קרומפיסיקער. כא־כא! דאָרט וועט, גוטער ברודער, א מאשין אוועק אין וואלד...

(ז. 35).

דאָס טייטנעט אזוי איין מיטן „קרומפיסיקן" איינער פון קאראוואיעוואס העלדן— דער געוועזענער פארטיזאנער, דער פּראָגרעסיווער פויער—וואכירעוו. פאר די וואכי־רעווס—אָט די, וואָס שטעלן פאָר מיט זיך ניט דעם פאָרורטייל (предрассудок), נאָר דעם סייכל рассудок פונעם סאָוועטישן דאָרף—איז די „בערישע רוס"—א „פאר־שטונקענע לאָך", וואָס מוז אופגעריסן ווערן און וועט אופגעריסן ווערן, ווי נאָר עס וועט אופגעריסן ווערן סאָציאַל און טעכניש דער „אידיאָטיזם פון דאָרפישן לעבן".

קאראוואיעווא ווייסט, אז אינעם מאָדערנעם רוסישן לעבן זיינען נאָך פארבליבן קאָנסערוואטיווע קויכעס, פאר וועלכע די וואלדישע און בלאָטיקע „ראכוועס", די

„בערישע רוס“ איז די געגאַרטע סאָציאַלע באַזע פאַר באַלעגופּישער קאַפּיטאַל־אָנ־זאַמלונג, פאַר רעאַקציע, פאַר פינצטערניש. און אָט, קעדיי ענדגילטיק דערשלאָגן קינסטלעריש אָט דידיזיקע פינצטערע קויכעס, רוקט אַרויס קאַראַוואַיעוואַ, אין פאַרשאַרפטן גראָטעסקישן ליכט, די פיגורן פונעם נעוואָראַסטעניש־סענטימענטאַלן, אינטעליגענטיש־פּאָלקיסטישן טעכניק בוטשעלסקי און די צעשויבערטע „פּאָעטישע“ (ברייטע רוסישע נעשאָמע! סאַמאָהאָן! טשאַסטושקעס!) פיגור פונעם פויער יעווטישקע — דעם „לעצעוואַטן טענצער“, אַף קוימע הויקערדיקע פיס, אין פּאָסטעלעס. יעווטישקע אין זיין וויכערדיקן שיקערן „עכט רוסישן“ טאַנץ, האַנט בא האַנט מיט דער אַלטער „עכט רוסישער“ דאָרפישער זאָגערן ניליאָוונע — צי דען איז אָט דאָס פּאָרל ניט גע־ווען א לענגערע צייט די פאַרקערפּערונג פון דער „אַלטער רוס“?!

דער נעוואָראַסטעניש־אינטעליגענטישער טעכניק בוטשעלסקי זעצט טאַקע פאָר אָט דידאָזיקע טראַדיציע פון פאַרהייליקן „די ברייטע רוסישע נעשאָמע“. מיט נעוואָראַס־טענישער היספּייַלעס באַגעגנט ער יעווטישקעס שיקערן טאַנץ.

„יעווטישקע האָט שטיפעריש געוואָרפן די אָנגעפּאָסטלטע פיס איבערן סאַמע פייַער, און אַף זיין פּאָנעם האָבן געגלאַנצט די ווייַסע ציין, די ווילדע פרייד.

אַזוי האָבן געטאַנצט די כאַנען און טאָטערישע פירשטן אַף די הוליאַנקעס זייערע! — האָט מיט א פריידיקן שוידער געטראַכט בוטשעלסקי, און אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דאָס טאַנצט איצט איבער די שייַטערן די אוראַלטע פּאָסטעלעוואַטע און רויכיקע רוס.

— עפּשער ווערסטו זיך פאַנאַנדערקנעפּלען אַף א דרייַערל? האַ? — האָט עמיצער הויך אַרייַנ־געסקריפּעט אים אין אויער אַרייַן, — דאָס האָט יעווטישקע אינמיטן הייסן טאַנץ, א וואָרף טוענדיק אינדערלופטן מיט א פוס, שעלמיש און שטיפעריש מיט אן אויג א ווונק געטאָן צו אים.

— דו ביסט, ווייַזט אויס, א פּראָסטער פּאָרעץ, פאַרשטייסט אונדזערן א ברודער.

דער אוילעם אַרום האָט זיך צעברומט, צעלאַכט:

— א פּראָסטע־ער!

— מיעסט זיך ני־יט!

בוטשעלסקע האָט אַף גיך אַרייַנגערוקט יעווטישקען אין האַנט אַרייַן א פינף רובלדיקע.

— א נייַינקע — האָט יעווטישקע מיטן צונג א קנאַק געטאָן — א פינפערל, ברידע־ער — כאַ־ווייירימלעך, ס׳איז כייַ־געלעבט!“

(ז. 25).

אין אָט דער גראָטעסקיש־בייזער סצענע איז גלענצנדיק אויפגעריסן געוואָרן די קלאַסן־מאַסקע, אונטער וועלכער די פאַרשיידענע „פּראָסטע פּריצים“ פון דער רוסי־שער ליטעראַטור האָבן אין מעשעך פון דורות קולטיווירט די אידיליע פון דער „בערישער רוס“, מיט איר „געבענטשטער“ סקיפּיש־כאַנישער קולטור. דער אייגנאַר־טיקער קלאַסן־צוזאַמענשלוס צווישן דעם „עכט־רוסישן“ יעווטישקע און דעם אינטע־ליגענט בוטשעלסקי ענדיקט זיך, ווי געווייינטלעך, מיט א פינפערל, וואָס גיט די מעג־לעכקייַט דעם „פּראָסטן פּאָרעץ“ — דעם באַלעטשוועניק אָפּצורייניקן זיין „געוויסן“ און דעם פויער יעווטישקע — אַרייַנצוגיסן נאָך א פּאָר גלעזלעך מאַשקע.

אן ענלעכע סצענע אינעם זעלבן שאַרף גראָטעסקירטן ליכט גיט אונדז קאַראַוואַ־יעוואַ אין דער באַגעגעניש צווישן דעם אינטעליגענט בוטשעלסקי — דעם ליבהאָבער פון „עכטער ערדישער שאַפונג“ און דער דאָרפישער זאָגערן, מיטן „עמעסן געטלעכן

פונק״—נילאָווגע. דאָ רײַסט אראָפּ קאראוואיעווא די סאָציאַלע מאסקע פונעם סענטימענטאַל־פּאָלקיסטישן פּאָלקלאָריזם. פאר די בוטשעלקעס איז נילאָווגע, מיט איר זאָגערישן נוסעך, די פארקערפּערונג פון דער נאציאָנאַלער פאָרם אין דער רוסישער שאפונג, מאכמעס נאציאָנאַל זײַנען בא אָט די קולטור־נעוװראסטעניקער בלויז די שײַרײַם פון דער געשיכטע—די טאראקאנעס און די בלינעס,—אָבער ניט יענע טיילן פון דער נאציע, וועלכע פירן די געשיכטע פאָרויס, אין קאמף טאקע קעגן די בלינעס און טאראקאנעס, אין ברייטן היסטאָרישן זין גענומען.

„בוטשעלסקי האָט א רוף געטאָן דעם אינזשענער און מיט גיכע, גרויסע טריט געגאנגען אים אנטקעגן. ער האָט ברייט א שמייכל געטאָן צו אלעמען און אפילע אָגניעוון האָט ער ניט פּאָשעט די האנט דערלאנגט, נאָר הייס און פריידיק זי געטרייסלט...

— אך, ווען איר ווייסט, ווי שיין דאָס איז! איך האָב איצט געהערט אזא מיט אלטווארג, מיטן אורעלט האָט א דופּט געטאָן...

— און אײַך איז אָנגענעם דערדאָזיקער גערוך? — האָט זיך יעלענע א וויצל געטאָן.

בוטשעלסקי האָט פריילעך א מאך געטאָן מיט דער האנט, די אויגן האָבן בא אים מאָדנע געלויכטן און ער האָט זיך געאײַלט צו דערציילן.

— ווײַזט זיך ארויס, אז דאָ לעבט אן אלטינקע מיט אן עמעסן געטלעכן פונק אין דער נעשאָמע, אף מײַן וואָרט, לאכט ניט... דאָס איז די זאָגערן — נילאָווגע, אן אויסגעצייכנטע שפּראך בא איר, עכטע ערדישע שאפונג.

יעלענע האָט זיך אויסגעדרייט צום אינזשענער.

— קום טיי טרינקען, כאווער מעדיאיעוו. אָדער איר ווילט עפּשער די מײַסעס הערן?

— גייען זיי צום טײַוול, — האָט זיך דער אינזשענער אָפּגעשאָקלט — דאָס איז לעאָנידס ספּעציאַליטעט, און, אגעוו, איז שוין די אלטע צו שטארק פארשימלט״.

(ז. 38).

אין דער רוסישער קריטיק איז מיט רעכט אָנגעוויזן געוואָרן אף דער ניט נאטירלעכער, פארשארפטער נעוראסטעניקײַט פון אָט דעם „פאָלק־פרײַנט״—בוטשעלסקי וואָס איז „פארליבט אין רוס״. פאר אונדז אָבער איז איצט וויכטיק דער עצעם פאקט, וואָס קאראוואיעווא האָט געפונען פאר נויטיק גראָד אין יענעם בוך, ווו דער אָרטיקער קאָלאָריט האָט געקאָנט וועקן כיישעק צו אָט דער טראדיציאָנעלער פאָלקיסטישער מײַסע־עקזאָטיק,—אופרײַסן, גראָטעסקיש אויסלאכן די פארשימלטע זאָגערנס און „לעצעוואטע טענצער״, וואָס פלעגן פארקערפּערן די „נאציאָנאַלע פאָרם״ פון דער „מוטערל רוס״. די פּראקטיק פון אונדזער קאמף קעגן א גאנצער ריי אזוי גערופענע „פּויערישע״ שרײַבער, און באזונדערס, קעגן דער יעסעני־נשטשינע, באווײַזט, אז קיין שום סאָציאַליסטישע רעקאָנסטרוקציע איז ניט מעגלעך, קאָלזמאן עס וועלן ניט אנטקרוינט ווערן אָט די אלע יעוושיקעס, נילאָווגעס און זייערע פּאָלקיסטישע אידעאָלאָגן די בוטשעלקעס, וואָס כאפּן היספּײַלעס פונעם „נאציאָנאַלן זשעסט״, פון דער פּאָלקלאָריסטישער מײַסעדיקײַט, פון דעם „שויס פון דער נאטור״, פון די „פּיאָלעטעווע וואָלקנדלעך״ און האלב־אײַנגעפאלענע, שטרויענע (אזעלכע מאָלערישע!) שטיבעלעך.

„סארא ליב שטיבעלע בא דיר איז... פאטלאטער פרײַנט מײַנער.

— דערעסן האָט זי מיר, די שעדישע, איך ווייס אליין ניט וואָס. ווינטער ווערט זי אין איין רעגע אויסגעקילט.

עס האָט זיך געהערט, ווי דער פאטלאטער האָט מיט קאעס א שפּײַ געטאָן.

בוטשעלסקי האָט שולדיק הויך א לאך געטאָן און געזאָגט מיט א ווארעמער ציטערנדיקער שטים:

איך האָב היינט, פאטלאטער, לידער געהערט ביז די סאמע שטערן זיינען אופגעגאנגען... א־אך, ווי אונדזער פאָלק זינגט, סארא טי־יפער אומעט...

— דער בראָנפן מאכט דאָס אלץ — האָט דער פאטלאטער ווידער אויסגעשריגן. — שיקערע פויערים און גאָר, דעם וועג וועט איר געפינען? נעמט זיך אלץ לינקס, לינקס".

(ז. 25).

אָט דער שמועס, וואָס קומט פאָר צווישן האלבשיקערן „פאָלק־פריינט" בוטשעלסקי און דעם פאָרשטייער פונעם עמעסן, ניטדעקאָרירטן פאָלק — דעם וואלד־שוימער — איז אליין שוין בעקויעך צו געבן א טויט־קלאפ אלע פאָלקיסטישע סטיליזאטאָרן און ראָמאנטיקער פון אונדזער ליטעראטור:

„שיקערע פויערים, און גאָר!" — ס'ארא אפיקאָרסישע פאָר־פולירונג!

סיי דער קאָמוניסט אָגניעוו, סיי דער אינזשענער, ווי אויך די גאנצע פויערישע מאסע, וואָס איז גרייט, אונטער דער אָנפירונג פון די אָגניעווס, איבערצואנדערשן זייערע פראָדוציר־באציונגען און זיך אליין — פון זיי גופע — פון זיי אלעמען אָטעמט מיט יענעם גרויסן איבערבוי־ענטוזיאזם, וועלכער האָט ארומגעכאפט אונדזער לאנד. דערדאָזיקער איבערבוי באשטייט ניט בלויז אין דעם, וואָס אין א פארוואָרפענעם ווילדן עק קומט צו נאָך א געהילך־זאוואָד — עס האנדלט זיך אין פרינציפיעל־נייע געזעלשאפטלעכע באציונגען, אין נייע קולטור־געוווינהייטן, וואָס וואקסן אויס אין פראָצעס פון שווערן קלאסן־קאמף, פון קאמף פאר איבערמאכן די אלטע „בעריש־וואָלפישע רוס" אין אן אינדוסטריעל־אגראר לאנד. ס'איז א קאמף פאר אופרייסן די נאציאָנאל־עטנאָגראפישע באגרענעצטקייט פון דער קירכלעך־פויערישער זאָגערישער קולטור: פאר באזיגן מיט מאשין, מיט קאָלעקטיווער ארבעט די וואלדיש־בלאָטיקע געדיכטענישן; פאר איינשטעלן א נייע קלאסאָווע ארבעט־דיסציפלין. קאראוואיעוואס אינזשענער, וועלכער איז קעגנגעשטעלט דעם טעכניקער בוטשעלסקי, איז טאקע באַרופן, אונטער דער אָנפירונג פון דעם קאָמוניסט אָגניעוו, פירן צום סאָציאליסטיש־טעכנישן אָנגריף אָט די אלע וואכירעווס, וואָס ווילן מער ניט פארווילדעוועט ווערן צווישן געדיכטע וועלדער, בערן און וועלף, אף דער „געבענטשטער" שויס פון דער נאטור, אין „מאָלערישע" שטרויענע כאטקעס.

ניט דאָ איז דער אָרט גענוי זיך אָפּשטעלן אף די כעסרוינעס און מייַלעס פון קאראוואיעווס ראָמאן ביכלאל. פאר אונדז איז איצט קוידעמקאָל וויכטיק צו באווייזן, ווי אזוי א פראָלעטארישער קינסטלער האָט געלייזט א ריי אקטועלע פראָבלעמען אף א מאטעריאל, וואָס דערמאָנט זייער דעם מאטעריאל פון אָרלאנדס „הערבלעס".

3

אָרלאנדס ראָמאן הויבט זיך אָן מיט א סצענע, וואָס דערמאָנט זייער בוילעט די ערשטע זייטלעך פון קאראוואיעוואס „געהילך־זאוואָד". דער נאָרוואָס אָנגעקומענער אינזשענער — גאָרן לאָזט זיך אף א פורל אין א פארוואָרפענעם פארבלאָטיקטן העק,

אין פּאָלעסיע. קעדיי דאָרטן דורכפירן א באַדײַטנדיקע מעליִאָראַטיווע ארבעט. די אויפגאבע, וואָס שטייט פארן אינזשענער גאָרן, איז זייער ענלעך אף דער אויפגאבע, וואָס איז געשטאַנען פארן אינזשענער פון קאראוואיעווס געהילך־זאוואָד: מאכן א סאָף צו דער פארבלאָטיקטער, פארטעמפּטער ווילדקײַט, צו דער „פארשטונקענער לאָך" פון פּאָלעסיע, אָפּרויבן בא דער בלאָטע טויזנטער דעסיאטין לאָנקע, פארניכטן די בלאָטיקע קראָנקריגעלעך (אזוינע מאָלעריש־ראָמאנטישע!) און זיי פארבײַטן מיט ווייץ.

— „פון איין זומער ארבעט וועלן פינף טויזנט דעסיאטין לאָנקע צוקומען. פון דער לאָנקע וועט שפּעטער פעלד ווערן. ווייץ, גאָלדענע סאָרט־ווייץ, וועט זיך כוואליען דאָרטן, ווו איצטער שטעקן קראָנקריגעלעך זייערע קעפּלעך פון וואסער ארויס, ווו ווילדע גענדז דרייען זיך אין דער לופטן און קוקן אויס פרעש...".
(הערבלעס — ז. 62.)

ווידעראמאָל, ווי פאר קאָראוואיעווס אינזשענער, שטעלט זיך איצט אויך פאר אָרלאנדס אינזשענער גאָרן די גרויסע היסטאָרישע אויפגאבע — אויפצורײַסן דעם ראָמאנטיזם פון קראָנקריגעלעך און ווילדע גענדז; רעוואָליוציאָניזירן די אָפּגעשטאנענע, מײַסעדיק־פּאטריארכאלע פארהעלטענישן פון פּאָלעסיע; מאכן א סאָף צו דער סאָכע־טעכניק, צו די „בעבעסט־פּאקעלן", צו דער פּאָלישוקישער ליימענער פּיפּקע. די דאַזיקע אויפגאבע ווערט נאָך פארוויקלט דערמיט, וואָס גלײַכצײַטיק מיט איר, אזוי צו זאגן פארבײַגייענדיק, דארף געלייזט ווערן, אין גאנג פון סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע, א וויכטיקע אויפגאבע פון דער סאָוועטישער נאציאָנאלער פּאָליטיק — ליקווידירן די אלטע פּאראזיטיש־פּארמיטלערישע און דאלעסדיק־באלמעלאָכעסדיקע עקאָנאָמיק פונעם יידישן שטעטל — ארײַנציִען די יידישע האָרעפּאשנע און פארארעמטע מאסן אין די סאָציאַליסטישע בוי־פּראָצעסן.

שוין אָבער פון די ערשטע שורעס הויבן מיר אָן כוישעד צו זײַן, אז ניט גאָרן דער, וועלכער איז בארופן אָט די דאָזיקע דאָפּלט־שווערע אויפגאבע צו לייזן. די „צעגאָסענע פּיִאָלעטענע־וואָלקנס", דער ווײַטער „וואָלפישער הוילן", פּאָלעסיעס „באנאכטיקער ברום" — מיט איין וואָרט, דער „קישעף פון פּאָלעסיע" הויבט אָן, שוין פון דער ערשטער שורע, גאנץ ערנסט צו באדראָען אָט די אויבנדערמאָנטע אויפגאבן פון סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע.

„דאָס וועגעלע איז ארויסגעפאָרן אף א וואלד־לאָנקע און מיטאמאָל איז העלער געוואָרן. צעגאָסענע פּיִאָלעטענע וואָלקנס האָבן זיך געהויפנט בא כמורנע האָריזאָנטן. א בלאסער שטיק הימל איז געהאנגען אינאלאכסן און געהאלטן אין דער ליכטיק אָן עלנטע הויכע סאָסנע.

גאָרן איז געוואָרן וואכעדיק. ער האָט באטאפּט ארום זיך די לענגעכיקע אינסטרומענטן־קעסטלעך און א פּאָר העלע גראָווע אויגן, פרעמדע דעם אייגענעם טונקעלן פּאָנים, האָבן אָנגעהויבן נישטערן אין די זײַטן.

— ווײַט נאָך צום כוטער?

די שטים זײַנע איז געווען ווייך און זיך געכיינדלט מיט איר ווייכקײַט".
(ז. 7.)

דער היסטאָרישער קאָנפליקט צווישן די „לענגעכיקע איסטרומענטן־קעסטלעך" און די „צעגאָסענע פּיִאָלעטענע וואָלקנס" איז אומפארמײַדלעך. מיט וועמענס זיג וועט ער זיך פארענדיקן?

דער אינזשענער גאָרן—אָט דער, וואָס זיצט איצט „טיף אין וועגעלע, ווי עמע־צער וואָלט אים ניט אומיסטן אנידערגעזעצט", אָט דער האַלבדרימלענדיקער אינזשע־נער גאָרן, „מיט אראָפּגעלאָזטער אונטערשטער קאפּריזנער ליפּ", מיט דער שטים, וואָס „ציינדלט זיך מיט איר ווייכקייט",—צי וועט ער קאָנען אופרייסן מיט שטאָטישן גע־קלאנג פון טראַמווייען און אווטאָבוסן, מיט טעכנישן פּאַטאָס פון „לענגעכיקע אינ־סטרומענטן־קעסטלעך" דעם „פּאָלעסיער קישעף"? אָט די גרונט־פּראָבלעם ווערט גע־שטעלט פאר אונדז שוין פונעם ערשטן קאפּיטל. קימאט יעדע שורע פון אָט דעם ערשטן קאפּיטל, יעדער קוים אָנגעוואָרפענער שטריך וועקט מוירע פארן גורל פון אָט דער גרויסער היסטאָרישער אופגאבע, וועלכע איז ארופגעוואָרפן געוואָרן אפן אינזשענער גאָרן, „מיט אראָפּגעלאָזטער אונטערשטער קאפּריזנער ליפּ".

„א וואָלף הוילט ערגעץ. צי א געקוילעטער מענטש הינטער ביימלעך האָט באהאלטן אף בא־נאכט זיין לעצטן גרוילנדיקן יאָמער... גאָרן האָט זיך אופגעשטעלט אין וועגעלע, זיך געהאלטן בא א לושנע און אָנגעשטרענגט זיך אייַנגעהערט.

צי באוויינט פּאָלעסיע אירע וואסער־לאָנקעס, וואָס האלטן באם אומקום?.. שרעק האָט זיך געהערט אין דעם נאכטיקן וואלדישן ברום.

מיט ווילדקייט, מיט רויע צייטן האָט אן אָטעם געטאָן אפן הויכן צעפּאטלטן באָכער, וואָס איז געשטאנען אין וועגעלע, מיט אן אָפן מויל און מיט בויערנדיקע, נייגעריקע אויגן... פּאָלעסיע ברומט באנאכט.

דער רעכטער אויער האָט זיך אים צעפלאקערט. אין אויער האָבן זיך צעקלונגען טראַמווייען, אווטאָבוסן האָבן זיך צערעוועט אין רויש פון גאסן, און פערדן־טופען, און מענטשן־טראָט אף טראָטוארן,—דער גערודער פון היימישער ווייטער שטאָט.

און דער ווילדער מאָטיוו האקט זיך, פארציט זיך ווידער און מינעט זיך.

דער הויקער האָט א טרייב געטאָן דאָס פערדל און שארף פארקערעוועט אף לינקס. פונעם פלוצלמדיקן פאָר האָט גאָרן זיך א הוידע געטאָן און אנידערגעפאלן אף זיינע קעסטלעך. דאָס טויבע וואלדישע געזאנג האָט זיך אלץ געצויגן און געפלעפט מיט געליימטער קראפט און מיט טיפן אומפארשטענדלעכן אומעט".

(ז. 13-14)

איך האָב געבראכט אזא לענגערע ציטאט, קעדיי פארן לייענער זאָל קלאָר ווערן די גרויסע דיסטאנץ, וואָס ליגט צווישן דעם ערשטן אריינפאָר פון קראַוואיעוואס סאָציאַליסטישע בויער און אָט דער אָרלאנדס סצענע, ווען א „צעפּאטלטער באָכער", מיט „אראָפּגעלאָזטער אונטערשטער קאפּריזנער ליפּ", מיט „א ווייכער ציינדלדיקער שטים". מיט „אן אָפן מויל, מיט בויערנדיקע נייגעריקע אויגן" ווערט געפלעפט פונעם „אומפארשטענדלעכן" פּאָלעסיער קישעף. אָט דער „אומפארשטענדלעכער" פּאָלעסיער קישעף—ער ווערט עס דער כוטאשעדרע פונעם גאנצן ראָמאן. די „פּיאָלעטענע וואָלקנס" פארפאָלגן אָרלאנדן אף יעדן טראָט, זיי באראמען די געשעענישן, זיי זיינען ביז גאָר אָפט די שלוס־אקאָרדן:

„אף מיירעוו האָבן זיך געלאָשן טונקל־פּיאָלעטענע וואָלקנדלעך. שטערן אין צאָפן־זייט זיינען געוואָרן העלער און זיך צעפינקלט.

טיף אין וואלד האָט א פויגל ארויסגערופן. ס'פארגייט נאכט".

(ז. 138).

„בלייכע לעוואָנע־הערנער זײַנען געשווומען אף לוטשינקע און זיך אונטערגעטוקט אין גראָווער וואָל פון כמארעלעך".

.(ז. 89)

„ווען זיי האָבן זיך אופגעהויבן פונעם סטויג גיין קיין לוטשינקע, איז די זון שוין געהאַט פארגאנגען. באטאָגיקע רויטע סאָסנעס האָבן זיך גענומען לעשן אין ברוינעם".

(ז. 173)

אָט דאָס זײַנען אלץ סאָפן פון פארשיידענע קאפיטלען—בײַשפּילן פון אימפרעסיאָניסטיש־קאָלאָריסטישע שלוס־אקאָרדן, וואָס שאפן קימאט אומעטום די הערשנדיקע שטימונג. אָרלאנד האָט זיך בעעמעס ארויסגעוויזן אלס גלענצנדיקער קאָלאָריסט, פאר וועמען „דאָס ליכט איז דער הויפּט־העלד אינעם בילד". די בעסטע קימאט זײַטלעך פונעם בוך זײַנען יענע, ווו אָרלאנדס געשטאלטן באָדן זיך מאמעש אין אימפרעסיאָניסטישער ליכט־סימפאָניע. דו פילסט, ווי אָט דער „צעפּאטלטער באָכער" מיטן „אָפן מויל און בויערנדיקע נײַגעריקע אויגן" האָט פארגעסן אָן אלץ אין דער וועלט, אָן די פינף טויזנט דעסיאַטין ווייץ, אָן זײַנע קעסטלעך אינסטרומענטן—פּאָלעסיע פארקישעפט!

„א שפּיץ בוים איז גלאנציק געוואָרן און א פארב געגעבן א צווײַג אין ראָזאָווען. א גרינער שפּין האָט זיך א וואָרף געטאָן פון איין בוים אף א צווייטן און ארויסגעצויגן א בורשטינענעם פאָדעם. איינציקע שווערע טראָפּנס טוי האָבן גענומען אראָפּקאַפּען פון די בלעטער און זיך געמינעט מיט רעגנבויגן. א „שנײַדערל" האָט זיך ניט ארומגעקוקט, אז ס'איז נאָך נאס דאָס גראָז, און דערווײַל א טראסקנדיקן שטעפּ געטאָן".

.(ז. 125־126)

צי וועט דער „צעפּאטלטער באָכער" אימשטאנד זײַן מאקריוו צו זײַן די ראָמאנטיש־בלאָטיקע קראָנקריגעלעך און אָט דעם „שפּיץ בוים אין ראָזעוון", ווי דאָס טוען קאראוואיעוואס וואלד־העקער, דער קאָמוניסט אָגניעוו, דער אינזשענער, די וואלד־מיידל קסעניע, דער פּויער וואכירעוו און אנדערע? צי וועט אים ניט אין דער סאמע אנטשיידענער מינוט פארפלאָנטערן דער פּאָלעסיער קישעף, דאָס „אקאציע ביימל".

— „אָוורוצקי, פאל בא זיך ניט אראָפּ — עפּעס אן אייצע דארף זײַן. מע מוז זי נאָר צוטראכטן...

„אָוורוצקי האָט אופגעריסן דעם קאָפּ און זיך ארומגעקוקט אין די זײַטן. ווי ניט קיין הייגער. אן אקאציע־ביימל האָט מיט די פאָדערשטע ווײַס־צעבליטע צווײַגן אָנגעקלאפּט אין פענצטער. אָוורוצקי האָט א ציטער געטאָן און זיך ארומגעקוקט".

.(ז. 130)

ס'איז קימאט ווי סימבאָליש אָט דער אָנזאָגנדיקער קלאפּ אין פענצטער. דאָס אקאציע־ביימל פון אימפרעסיאָניסטישן קאָלאָריזם, פון סטאטישן פּייזאזש האָט זיך דאָ צעבליט און פארכאפּט ביז גאָר א באדײַטנדיקן סיוזשעטישן שטעך. די סאמע אָנגעשטרענגטסטע קאָנפליקטן פארלירן דורך דעם זייער טעמפּ, זייער אינטענסיוויקײַט. אין דער אָנגעגליטער אטמאָספער פון קלאסן־שטרײַטן, וואָס וויקלען זיך פאנאנדער אין אונדזערע פּאָלעסיעס, שפּילט באזונדערס א טאָרמאזירנדיקע ראָלע אָט דער סטאטישער פּייזאזש, אָט דער קאָלאָריסטישער יוועליר־שפּיל מיט „גרינעם שפּין" און „בורשטינענעם פאָדעם".

„די נאטור קאָן זיך ניט אהינטאָן אין איין בילד מיט פארטיזאנער", האָט איינער א פויער שטרענג פארורטיילט די פארביק־עקזאָטישע, סטאטישע פייזאזשן פון חס. איוואנאָווס „פּארטיזאנער" (ז. טאָפּאָראָוו—פויערים וועגן שרייבער, ז. 144).

ס'איז זייער א טרעפלעכע באמערקונג און זי האָט א נאָענטע שייכעס צו אונדזערע קלאסן־שטרייטן ביכלאל.

אָרלאנדס איבערגעטריבענע קינסטלערישע נעטיע צום אימפּרעסיאָניסטישן קאָלאָריזם, צום סטאטישן פייזאזש באקומט בעצייררעש א באשטימטן אידעאָלאָגישן פּאָנעם: אין דער לירישּ־אימפּרעסיאָניסטישער צוגויפגעגאָסנקייט פון מענטש און נאטור ווערן פארווייכט סאָציאלע קאנטן, ווערן פארוואלירט קאָנפליקטן, ווערט אוועקגעהארגעט דער טעמפּ: אומזיסט ווערט אָרלאנד און זיינע אָנהענגער זיך פארופן אף דעם, אז דער „מאטעריאל", דער „אָרטיקער קאָלאָריט" פון „פּאָלעסיער קישעף" האָט קינסטלעריש דיקטירט אָט די העגעמאָניע פון „פּיאָלעטענע וואָלקנדלעך און ווילדע געגנדז", ניט דער אָרטיקער קאָלאָריט, ניט די געאָגראפיע באשטימט דירעקט די באציונג פונעם קינסטלער צו דער נאטור, נאָר דער קלאסן־באוווּסטזיין פונעם קינסטלער—ער באשטימט עס די ראָלע פונעם פייזאזש אינעם קונסט־ווערק. צי דען איז עס ניט אילוסטרירט געוואָרן ניט איינמאָל אין אונדזער מארקסיסטישער ליטעראטור־קענטעניש?[1]; צי דען ווערט עס ניט קלאָר נאָכן פארגלייך, וואָס מיר האָבן אָקאָרשט געמאכט צווישן קאראוואיעוואס „געהילץ־זאוואָד" און אָרלאנדס „הרעבלעס"?

דאָסזעלבע ווערט אונדז אויסקומען צו קאָנסטאטירן, ווען מיר וועלן איבערגיין צו אָרלאנדס רעאגירן אפן קאנאָניזירטן, ליטעראַרישן מאָטיוו פון דער „ברעיש־וואָלפישער רוס". אונדזער קריטיק האָט שוין אָנגעוויזן אף א גאנצער ריי בעעמעס קאָלאָריט־פולע בילדער פון אָט דער „ברעישער רוס", וואָס טרעפן זיך אין אָרלאנדס „הרעבלעס". מע האָט היפש היספּיילעס געכאפּט פון זיי. פאר אונדז אָבער איז וויכטיק אופזודעקן די קלאסאָווע סיוזשעטישע פונקציע, וואָס אָט די פאונע־בילדער טראָגן מיט זיך אין „הרעבלעס". אינעם קאפּיטל 23 האָבן מיר א גאנץ באדייטנדיקן אָפּשניט, וועלכער איז געווידמעט דעם בער—„פּאָלעסיעס פארוואָגלטער בעניאָכיד" (וואָס וואָלט קסעניע געזאָגט צו אָט דעם „בעניאָכיד"!).

„אין טויבקייט פון וויסטע וועלדער האָט א סאָפּזומערדיקער געוויטער אוועקגעלייגט אין אלטן דעמב, אופגערודערט קלאפּטערדיקע וואָרצלען און איינגעוואלגערט א ברעישע היים. דער בער, פּאָלעסיעס פארוואָגלטער בעניאָכיד, איז געשטאנען באַם דעמב, אף די הינטערשטע לאפּעס און גערעוועט אף דער וויסטקייט און אף דער טויטער בין, וואָס איז געלעגן שוין א לאנגע צייט בא אים אין א וויַע".

(ז. 249).

---

[1] דוכט זיך, עס איז זייער נאטירלעך מעשייער צו זיין, אז די אנטוויקלונג פון דער לאנדשאפט־מאָלעריַ איז ענג פארבונדן מיט דער געאָגראפישער סוויווע. אינדערעמעסן אָבער איז אזא פארבינדונג אינגאנצן ניט קאָנטיק. די געשיכטע פון דער אויבנדערמאָנטער מאָלעריַ ווערט באשטימט דורך די ענדערונגען אין די געזעלשאפטלעכע שטימונגען, וואָס זיינען פון זייער זייט פארבונדן מיט די ענדערונגען אין די געזעלשאפטלעכע פארהעלטענישן" (פּלעכאנאָוו ב. X, ז. 297—296).

אָן ענלעך זייער קאָלאָריטפּול בילד איז געוויִדמעט דעם „וואָלף מיט דער צע־בראָכענער פוס“, דעם „גראָוון האָז, מיט רויטלעך־בורשטינענע אויגן“, דער „געבראָ־כענער ליניע ווילדע געגנט“ א. א. וו. די „בערגישע רוס“ הויבט אָן קינסט־לעריש צו אָקופּירן גאנץ באַדײַטנדיקע סיוזשעטישע שטעכן פון „הרעבלעס“. דער צעפּאטלטער באָכער“ האָט ניט געקאָנט בײַקומען די קאַ־ניזירטע אינטעליגענטישע טראדיציע פון די פּילניאקישע „וועלף“. זיי הוילן איבער דער גאנצער סיוזשעטישער ברייט פון „הרעבלעס“, זיי פארהילכן ניט זעלטן די שטים פון בויער מיט זייער ראָמאנטיש־העפקערדיקן ברומען.

אָט דערדאָזיקער דראנג צו ראָמאנטישער מיסטישקײַט, פון ווילדער באנאכטיקער פּאָלעסיע באשטימט אגעוו אויך אָרלאנדס קער צו פּאָלעסישער עקזאָטישער מײַסע־דיקײַט, צו דער פּאָלישוקישער „ליימענער פּיפּקע“.

„ס׳בלאָווט א ווינקעלע הימל און בלייכט אויס פּאָלעסישע מאָרעשכוירע. עס טלאָכקעט ערגעץ נאָענט א טײַכל, און א שטאנג, א הויכער בעריאָזעווער שטאנג מיט א רויט פענדעלע אפן שפּיץ ווײַזט דעם וועג צו דער הרעבלע.

אין א נידעריקן געפלאָכטענעם קורין זיצט אן אלטער פּאָלישוק, דער וועכטער פון די קאַ־נאלן. ער היט אינזשענערישע קעסטלעך אינסטרומענטן און פּיפּקעס זײַן ליימענע פּיפּקע“.
(ז. 55).

ווידעראמאָל גייט אוף פאר אונדז דער קאָנפליקט צווישן די „אינזשענערישע קעסטלעך אינסטרומענטן“ און דער פּאָלישוקישער אלטער „ליימענער פּיפּקע“. ווער פון זיי וועט זיגן?

די „ליימענע פּיפּקע“ האָט גאנץ באדײַטנדיקע שאַנסן אָף צו זיגן.

דער אלטער אדאם, וועלכער הוקעט אין יאר אף זײַן דודע, דער וועכטער מיט דער ליימענער פּיפּקע דער הויקער מיט זײַנע פּאָלעסיער מײַסעס, די וואלד־מיידל מארקאָ—זיי אלע פּילן אָן דאָס בוך מיט „עכטער ערדישער שאפונג“, מיט פּאָלעסיער עקזאָטישער מײַסעדיקײַט.

שוין פון די ערשטע קאפּיטלען זעען מיר ווי דער שטאָטישער „כאווער אינזשע־נער“ קאָן זיך ניט אָפּרײַסן פון אָט דער פּאָלעסיער מײַסעדיקײַט (ווי קאראוואיעוואס טעכניקער—בוטשעלסקי!). דער באלעגאָלע—דער הויקער ווייעט אָן אף אים, בא די ערשטע טריט שוין, אָט די פּאָלישוקישע „מײַסעדיקע וויִקײַט“ (ז. 29־28). דאָס וואלד־מיידל מארקאָ זעצט עס פאר אין דער געהעריקער ראָמאנטישער ארומרינגלונג, אין די לעגענדע וועגן אלטן יערעמיי ווארפט שוין בעפיירעש א ווײַטן ראָמאנטישן אָפּ־גלאנץ אף גאנץ „הרעבלעס“. קאראוואיעוואס זאָגערן—ניקאָוונע, דער פּאָלקלאָריסטיש־פּאָעטישער שיקערער יעווטישקע (איר געדענקט, ווי גראָטעסקיש זיי זײַנען דיסקרע־דיטירט אין „געהילך־זאוואָד“!)—זיי פּילן זיך דאָ, אין אָרלאנדס „הרעבלעס“, אסאַך באקוועמער, מע קאָן זאָגן, גאָר באקוועם—מײַסע העלדן!

די פּאָלקלאָריסטישע „בלינעס“—די בלינעס האָבן פּארקי־שעפּט אָרלאנדן!

א פארקישעפטער פון זיי האָט אָרלאַנד אויסגעשניצט פון בערעזע און בערעסט זײַן פארביקע „פּאָלעסיער קעניגן"—מארקאָ, אפן פאָן פון פּאָלעסיער הוליאנקעס. ס'איז קימאט צו באוווּנדערן, ווי קאראוואיעוואַ האָט געטראָפן אין פינטל מיט איר וואַלד־מיידל קסעניע! נאָכדעם, ווי דו זעסט קאראוואיעוואס וואַלד־מיידל קסעניע, מיט איר ניכטערן דראנג צו שטאָטישער קולטור, צו סאָוועטישער בויונג, מיט איר סינע צו די קאנאָניזירטע קארעלן און סטענגעס, צו דער „בערישער רוס", צו דער וואַלדישער ראכוועס,—דערפילסטו די גאנצע עקזאָטישע אָרנאמענטאַלישקייט פון אָרלאנדס מארקאָ. מארקאָ איז אינגאנצן אײַנגעוויקלט אין פּאָלעסיער קישעף. אין איר סטיכעישער אופרײַס־קראפט, אין איר ווילדער שיינקייט איז זי בארופן צו אָקורפירן סיוזשעטיש קימאט דאָס גאנצע בוך. דערמאָנט זיך דאָס בילד (א קאנאָניזירט־עקזאָטיש בילד!), ווען מארקאָ שיסט גאָרנען פון אן אלטן פארזשאווערטן ביקס (דער ביקס איז אויך א ראָמאנטישער, א „פּאָלעסיער" ביקס!) דערמאָנט זיך די באגעגעניש צווישן דער וואַלד־מיידל מארקאָ און דער שטאָטישער מיידל בוזיע, וואָס איז געקומען אלס א פארקערפּערונג פון דער טעכנישער, שטאָטישער קולטור, פון די „אין שײַן פארגאָסענע דינאמאָ־זאלן"! דאָס מיידל בוזיע קומט ארויס ווי עפּעס א נעבעכל ווי א קליינשטעטלדיקע גימנאזיסטקע, ווען זי כאפּט דעם ערשטן פליאסק פון מארקאָס ווילדער פויסט. (ז. 172). די שטאָט קאָן ניט באזיגן מארקאָן, פארוועמען די קראָנקריגעלעך זײַנען אין טאָך אסאך נעענטער איידער אָט די אלע טרוקענע כעשבוינעס וועגן פינף טויזנט דעסיאטין. ווען אין מארקאָס מויעך פלאָנטערט זיך א געדאנק איבערצוקערן א וואָגן קוילן אין קאנאל, קעדיי פארהאטיען אים און אזוי ארום ראטעווען די, אידילישע, בלאָטיקע קראָנקריגעלעך, קאָנט איר גלויבן, אז זי איז אף דעם פעיק. אלנפאלס ניט בוזיע—דאָס צעפּיעסטעטע מיידל־אינזשענער און ניט די שטעטלדיקע קאָראָסטענער יונגען, און ניט דער צעפּאטלטער באָכער גאָרן—קיינער פון זיי וועט ניט גויווער זײַן דעם פּאָלעסיער קישעף, וועלכער האָט געפאנגען מארקאָ.

„טראָגט דער ווינט א יעדיע די קאָראָסטענער יונגען, אז דאָס מיידל מיט די גרינע אויגן, וואָס האָט ביז האלבער נאכט געקאָלאָדעוועט מיט זיי און געשפרונגען איבער פלאקערנדיקע שײַטערן, דאָס מיידל האָט צוריק פארנארט פּאָליעסער קישעף—זי האָט נאָר וואָס אריבערגעטאנצט דאָס טײַכל און זיך געלאָזט טיפער אין וואלד, קײַן אָזעראן".

(ז. 262).

אזוי ענדיקט זיך אָרלאנדס ראָמאן „הרעבלעס".

דער וואַלד־מיידל—דער קעניגן פון פּאָלעסיע, האָט אָרלאנד געשענקט זײַנע רײַכסטע פארבן, פארוועבט זיי אין פארקישעפטער מײַסטערדיקייט און אזוי ארום גאראנטירט איר דעם פולשטענדיקן קינסטלערישן זיג. אין איר געשטאַלט אָבער האָט געזיגט די גרונט־אידיי פון „הרעבלעס"—ס'האָט געזיגט דער פּאָלעסיער קישעף—די בערישע רוס!

און ווי האָט דען אנדערש געקאָנט געשען?

יענער גרונט־קויעך, וועלכער איז באַרופן אויסצוואָרצלען די רעשטלעך פון אָט דעם פּאָלעסיער קישעף, פון אָט דעם „אידיאָטיזם פון דאָרפישן לעבן״—דער אַרבעטער־קלאַס אין זײַן בויונג־דראַנג, די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, דער סאָציאַל־סטישער אינזשענער איז דאָ ניטאָ.

מיט גאָרנען האָט אָרלאַנד אָן שום סאָפעק געקאָנט עפענען אַ נײַ בלעטל אין דער געשיכטע פון אונדזערע ליטעראַרישע געשטאַלטן. אַן אינזשענער, וואָס קומט באַוואָפנט מיט פּאַטאָס פון טעכניק, מיט ענטוזיאַזם פון שטרענגער אַרבעט־דיסציפּלין, זאַכלעכקײַט און טעמפּן,—צי איז עס ניט יענע געשטאַלט, נאָך וועלכע עס לעכצט אַזוי אונדזער גאַנצע פּאַרבאַנדישע ליטעראַטור און באַזונדערס אונדזער ייִדישע ליטעראַטור?

שאָלעם־אַלייכעמס קאַסרילעווקער „מעכאַניקער״, וועלכער וויל דערגיין דעם סאָד פון דער „ספּרוזשינקעלע״, האָט אין מעשעך פון דורעס אָקופּירט אונדזער שטעטלדיקע ליטעראַטור. דערנאָך האָט בערגעלסאָנס „אינזשענער״, וואָס שטייט אין שידוכים, פּאָרגעשטעלט אין אונדזער ייִדישע ליטעראַטור דעם „טעכנישן פּאַטאָס״, משטיינס געזאָגט. וואָס איז שײַעך אָרלאַנדן, פּאַרמאָגט ער צווישן זײַנע פּערסאָנאַזשן אַ ייִד, וועלכער „האָט אַ יעדיע אין בויען״, וויל זײַן שטוב, ניט איצט געדאַכט, האָט אָפּט געברענט. אָבער פּאַרשטייט זיך, ניט מיט דידאָזיקע „יעדיעס אין בויען״ קאָן אַרײַנגעטראָגן ווערן אין אונדזער ליטעראַטור יענער טעכנישער בוי־ערישער פּאַטאָס, וואָס האָט איצט אַרומגעכאַפּט אונדזער לאַנד.

ס׳איז ביכלאַל איינע פון די וויכטיקסטע פּראָבלעמען, וואָס שטייען איצט פאַר אונדזער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור. מיר מוזן אומבאַדינגט מאַכן אַ סאָף צו דער שאָלעם־אַלייכעמישער „ספּרוזשינקעלע״. אַלע אונדזערע רייד וועגן פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, אין פּעריאָד פון סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע, וועלן בלײַבן אַלגעמיינע אינטעליגענטישע מעליצעס, אויב מיר וועלן ניט קאָנען פּאַרקערפּערן אין אונדזער ליטעראַטור דעם טעכנישן פּאַטאָס, וואָס שטעקט אין אַ טראַקטאָר־זאַוואָד, דניעפּער־בוי א. א. וו. שוין איצט דאַרף מען אַלאַרמירן געפּאַר, ווען, לעמאָשל, אַ יונגער ערד־קאָמונאַר—דער דיכטער כ. ווײַנערמאַן, באַזינגט יעסעניניש־ציטאַריש דעם „ווײַסן בערעסט און דאָרשטיקע בעריאָזקעס״ און געפינט ניט קיין שטאַרקערע טענער פאַרן טראַקטאָר, ווי פּאָלקסטימלעך־זיסינקע שורעס:

„געדערימלעך, געפּאַנצערטע,
לאַפּקעלעך—טשוהון,
און דער קאַנט דער גאַנציקער
דערקענט אים אין זײַן ברום״.

(„אין באַהעפטונג״—ז. 97).

אויב איך האָב ניט קיין טאָעס, איז אַלבערטאָן דער איינציקער, וועלכער הויבט אָן ליקווידירן די טעכנישע אַמעראַצעס און אינטעליגענטישע סיוסיוקערײַ וועגן מאַשינעס אין אונדזער ליטעראַטור.

שוין איצט מוירע האָבן פאר א בורזשואַז־פּאָרדיסטישער געפאר אין אונדזער ליטעראטור איז, מיין איך, דערווײַל ניט די צײַט. יענע קוואליפיצירטע טעכנישע אינטעליגענץ, וואָס קאָן שאפן א באָדן פאר הוילן טעכניציזם, פאר אן אייגנארטיקן „אמפּיזם״ [1]) אין אונדזער ליטעראטור, איז נאָך דערווײַל זייער שוואך. אָט פארוואָס מיר דארפן קוידעמקאָל פארפירן א קאמף קעגן די אלע, וואָס ווילן שאָלעם־אלייכעמס „שוין איינמאָל־מוישע״ (דעם ייִדישלעכן סוקע־ארכיטעקטאָר) אוועקשטעלן אלס די צענטראלע פיגור פון אונדזער טעכנישן פאטאָס). דער אינזשענער גאָרן האָט געקאָנט און געדארפט ווערן א פאָן אין אָט דעם קאמף. אָרלאנד אָבער האָט פארבערגעלסאָנעוועט גאָרנען און אָנשטאָט א געשטאלט, פון וועלכער עס אָטעמט מיט שטרענגער אויסגעמאָסטנקייט פון מאָדערנער טעכניק, מיט זאכלעכקייט, מיט טעמפּן, האָבן מיר באקומען א טיפּישן בערגעלסאָניש־צעטראָגענעם, „צעפּאטלטן באָכער״ מיט אן „אראָפּגעלאָזטער אונטערשטער קאפּריזער ליפּ״. אָרלאנד גיט אָנצוהערן אין דעם דריטן קאפּיטל (ז. 25), אז דעם אינזשענער גאָרן האָט געצויגן קיין פּאָלעסיע, ווײַל ס׳האָט אים „געגארט (?) דער אומבאוווסטער קאנט און טויבע וועלדער״. שוין פון די ערשטע שורעס אָן זעען מיר גאָרנען אין זײַן צעפּאטלטער קאפּריזקייט, אין זײַן געכיינדלטער ווייכקייט.

פונוואנען האָט זיך גענומען צו אָט דעם פּאָרשטייער פון דער מאָדערנער טעכנישער קולטור אָט די איבערגעטריבענע עקזאָטישקייט און דראנג צו „פּאָלעסיע ברום״? אייגנטלעך קאָן זיך אויסדוכטן, אז דאָס פּאָרט ער ניט אף מעליאָראטיווע ארבעט, נאָר ער איז אָקאָרשט פון שולבאנק אנטלאָפן זוכן קופּערס עקזאָטיק.

„גאָרן האָט זיך געשטעלט אף דער קלאָץ און מיטן אויג ארומגעכאפּט די זיצנדיקע מענטשן. פונעם וואלד, וואָס האָט זיך געטונקלט בא פארנעפּלטע האָריזאָנטן, פונעם כוטאָר, וואָס האָט געפינטלט מיט פריילעכע פײַערלעך אפן בארג, פונעם אוילעם, וואָס האָט מיט אָפענע מײַלער געוואַרט אף זײַן וואָרט, האָט געאָטעמט אף אים ווילדע גוורע, מיט וועלכער מע קאָן בערג איבערקערן. א געדאנק האָט אים געווארעמט און אין לײַכטן גרויל ארײַנגעוואָרפן: בא אורצײַטישע בערעסט־פּאקעלן בויט ער מיט א באפרײַט פאָלק א ריז, א גרויסע, אומגעהויער גרויסע קולטור... דער ארום איז נאָך לעגענדאריש ווילד... וועלף הוילן נאָך דורך די נעכט אף דער ליניע, ווו ער שפּאנט איצט מיט זײַן ניוועליר...״

(ז. 61).

אָט די אורצײַטישע בערעסט־פּאקעלן און די הוילנדיקע וועלף — זיי האָבן עס פארנארט דעם צעפּאטלטן באָכער — דעם אינזשענער גאָרן — אין פּאָלעסיע. זעלבסטפארשטענדלעך, אז דאָס וועט מוזן ברענגען צו א גאנצער ריי פארוויקלונגען. גאָרן אין זײַן צעפּאטלטער צעטראָגנקייט, גאָרן אין פארלאָרנקייט, גאָרן אין פארפלאָנטערטקייט און מידקייט — דאָס זײַנען, געוויינלעך, די נאָרמאלע פּסיכישע צושטאנדן, אין וועלכע גאָרן אנטפּלעקט זיך פאר אונדז קימאט אפן גאנצן שטעך פונעם ראָמאן.

„וואָס קאָן אים גאָרן אייצענען, אָוורוצקין? אויב גאָרן וועט זיך ניט אָנכמורען און אים, אָפּזידלען, וועט ער די אונטערשטע ליפּ אונטערציען, א שנירעלע טאָן כויזעק־קנייטשעלעך ארום

---

[1]) פּיער אמפּ — דער שעפער פון מאָדערנעם בורזשואַזן פּראָדוציר־ראָמאן.

די ליפּן און וועט שווייַגן. און וואָס קאָן אים גאָרן, דער צעטראָגענער אינזשענער אייזענען״?

(ז. 126).

„גאָרנס פאַרלאָרנקייַט האָט דאָס לעצטע ביסל מוט אָפּגענומען בא אוורוצקען״.

(ז. 129).

„גאָרן האָט פאַרקנייטשט דעם שטערן, ווי ער דאַרף זיך דערמאָנען א שטאַרק געוויטיקס. ער האָט מאַריינען קימאַט ניט געהערט. געקוקט אפן האָנעכל, וואָס איז געזעסן אפן לוטשיגער פּורל מיט א מינע: „מייַן אייסיק״, און געבעטן זיך בא אים מיט די אויגן, ער זאָל אים דערמאָנען, וואָס ער, גאָרן, האָט פאַרגעסן״.

(ז. 133).

„— וויפל זאָגט איר, אַנדריי וויקענטעוויטש? אכט מאָל נייַן. — ער כאַפּט זיך, אז מע האָט אים שוין געזאָגט וויפל און אז ביכלאַל, וואָס איז ער אזוי צעטראָגן״.

(ז. 177).

„אָוורוצקי וואָלט געפאָרן אין צענטער, זיך דערשלאָגן, מע זאָל איבערקוקן די סמעטע און זי פאַרגרעסערן... נאָר גאָרן איז שוין מיד, ער האָט ניט קיין האָר ווילן און איז פויל. („דאַכט זיך, נאָר פויל... א קאָמבינאַטאָר... ער פּאַטערט דעם קאַנאַל״)... אָוורוצקי, דער פּראָסטינקער, קנאַפּ־איווערדיקער אָוורוצקי, איז העכער פון אים אף צען קעפּ״.

(ז. 198).

אָט די אַלע ציטאַטן (פאַראַן נאָך!) האָב איך געבראַכט, קעדיי עס זאָל קלאָר ווערן דער אינטעליגענטיש־בערגעלסאָנישער כאַראַקטער פונעם אינזשענער גאָרן. זייַן ליבע צו מאַרקאָן, דער צושטאַנד פון געפלעפטקייַט און צעטראָגנקייַט, וואָס איז קימאַט־דער נאָרמאַלער צושטאַנד זייַנער, זייַן ראָמאַנטיש־לירישע אָנלאָדונג — דאָס אַלק רויבט בא אים צו דאָס רעכט צו רעפּרעזענטירן דעם בויערישן, טעכנישן פּאַטאָס פון אונדזער לאַנד. זייַן סאָציאַלע קרויוועסדיקייַט מיט קאַראַטאַיעוואַס טעכניק בוטשעלסקי איז אָן שום סאָפעק.

דערמאָנט זיך אָבער, אין וועלכן סאַטיריש־גראָטעסקישן ליכט עס איז געגעבן די בוטשעלסקי־פיגור אין קאַראַוואַיעוואַס „געהילך־זאַוואַד״! דאָס, וואָס בא קאַראַוואַיעוואַן איז געשאַפן געוואָרן בלויז, קעדיי נעגאַטיוו קעגנגעשטעלט ווערן דעם עמעסן בויער, דעם אינזשענער פון אונדזער הייַנטצייַטיקייַט — דאָס ווערט דאָ די צענטראַלע פיגור, וואָס איז באַרופן צו פאַרקערפּערן די סאָציאַליסטישע רעקאָנסטרוקציע!

אָבער ניט בלויז אין דעם גייט עס. סאָציאַליסטישע רעקאָנסטרוקציע באַטייַט קוידעמקאָל פּאָליטישן קאַמף פאַר א נייַער, ניט בלויז ווירטשאַפטלעכער, נאָר אויך פּאָליטישער סיסטעם. אָן פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, אָן דער אָנפירנדיקער ראָל פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז אומעגלעך שאַפן דאָס בילד פון אונדזער סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע. אָרלאַנד אָבער האָט קימאַט אינגאַנצן פאַרזען דעמדאָזיקן פּרינציפּיעל־וויכטיקסטן פּונקט. אָוורוצקי, קריס און גיטליאַנסקי — זיי זייַנען קוים אָנגעצייכנטע פיגורן פון קאָמסאָמאָלצעס, וואָס דאַרפן אַרויסטראָגן אף זייערע פּלייצעס דעם קאַמף פאַר סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע. אוואַדע, איז דער „פּראָסטינקער, קנאַפּ איווער־

רעדיקער אָוורוצקי״ אַף צען קעפּ העכער פונעם קאַפּריזן, צעפּאַטלטן באָכער גאָרן, אָבער אויך ער, אָוורוצקי, ענדערט גאַנץ ווייניק די לאַגע. נאָך דער סענטימענטאַל־ראָמאַנטישער סצענע באַ דער כורווע פונעם אַלטן יערעמיי צעווייִנט זיך אָוורוצקי:

„איין אָוורוצקי איז געבליבן שטיין ביַים שטוב, הינטער אַ דעמב. ער האָט אַ ווייד־האַרץ און ניט געקאָנט איַינהאַלטן דעם שטראָם טרערן, וואָס האָט זיך אים געגאָסן פון די אויגן״.

(ז. 192).

סיַי ער (אויך מיט אַ „ווייך האַרץ״!) סיַי גיטליאַנסקי ווערן ניט באַוויזן אין זייער ראָל אַלס אָנפירער פין דער מאַסע, אַלס אירע פּאָליטישע פירער. גאָרן, קריס און אָוורוצקי ווערן קימאַט ווי צונויפגעגאָסן באַ אַ גלאָז בראָנפן (ז. 158־157), אין דער צייַט, ווען פון אָוורוצקי און קריסן פאָדערט זיך אַ גאַנץ וואַכזאַם אויג איבער אָט דעם אומפאַרטעיִשן פּלאָנטערניק. אין אייניקע ערטער ווערט אַפילע געגעבן אַן אָנצוהערעניש, אַז גיטליאַנסקי פירט אַ פּאָליטיש־אופקלערערישע אַרבעט צווישן די אַרבעטער (ז. 199, 209). אָבער דאָס ווערט געטאָן פאַרבייַגייענדיק, ניט אין אַ פאַנאַנדערגעוויקלטער מאַסן־סצענע (אַף וועלכע אָרלאַנד איז יאָ פעיִק), נאָר הינטן אַרום, פאַראָדירט, אַף יענעם אויפן, אַף וועלכן בערגעלסאָן, לעמאָשל, גיט איבער אין „מידאַס האַדין״ אַ באָלשעוויסטישן מיטינג.

„וואָס גיטליאַנסקי מאַכט?—געוואָרן גאָר אַ מעלאַמעד אַף דער עלטער! — גאָרן האָט זיך גע־זעצט אַפן טיש, געדריגעט לעבעדיק מיט די פיס און דערציילט די מיידלעך פון די קורסן, וואָס גיטלאַנסקי האָט געעפנט:

— צום אַלעם ערשטן—יאָסי הויקער. יאָסי הויקער קוועלט אָן פון דעם, ווי די באָלשעווי־קעס האָבן „אונטערגעדייַטשט״ די דייַטשן באַם שליסן דעם בריסקער שאָלעם; און מאַריינע גלעט מעיושעוודיק דעם פליך און נערט גאָר ניספּאָעל פון דער סאָוועטישער פינאַנץ־פּאָליטיק:

— ייִדן, הערט ווייַטער (גאָרן מאַכט נאָך מאַריינעם פעט קאָל)—וואָס מער מע לאָזט אַרויס פאַפירלעך, ווערן אַלץ וועלוועלער די פריערדיקע פאַצירלעך. נאָכדעם האָט מען סקאַסעוועט אַלע שמאַטעס, זיי אויסגעקויפט, ווייס איך, פאַר אַ שיבעש טשערוואָנצעס.

— יאַנקל ספּיוואַק אינטערעסירט גאָר די אַגראַר־רעפאָרמע:

— פש׳... פש׳... (גאָרן מאַכט אַזעלכע פיסקעס, אַז די מיידלעך פּלאַצן פאַר געלעכטער),— אינגאַנצן די ערד, ווי זי שטייט און גייט—די פּויערים! אָט אַן אייַנפאַל, ניט קיין טאַרגום־לאָשן, האַ״!

(ז. 209).

„גיטלאַנסקי, אַלס „מעלאַמעד״ פון פּאָליט־איוורע, און גאָרנ, וועלכער „מאַכט פיס־קעס״ וועגן אָט דער פּאָליט־איוורע,—אַזוי איז צעפּאַטערט געוואָרן אַ דיכטערישער מאָטיוו, וועלכער האָט באַדאַרפט פאַרנעמען דעם אויבנאָן אין אָט דעם בוך פון רעקאָנסטרוקציע. אַלנפאַלס, אַ מער אָנגעזעענעם אָרט, איידער די דאָרפישע הוליאַנקעס. אָן אָט דעם מאָטיוו פון פּאָליטישער איבערדערציִונג פון מאַסן באַקומט זיך ניט קיין סאָציאַליסטישע רעקאָנסטרוקציע, נאָר אַ געווייַנלעכע פילאַנטראָפישע „פאַרשפּרייטונג פון מעלאָכעס צווישן ייִדן״. אָרלאַנד האָט ניט געקאָנט ניט וויסן אָט די צווייטע גרונט־געפאַר, וואָס שטייט פאַר אַ ייִדישן

שרײַבער, ווען ער וויקלט פאַנאַנדער פּראָצעסן פון פּראָדוקטיוויזירן די ייִדישע מאַסן, אָן דער־אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אָן פאַרשאַרפטן קלאַסן־קאַמף, אָן פאַנאַנדערגעוויקלטער פּאָליטישער איבערדערציִונג פון די מאַסן, אָן פּאַטאָס פון סאָציאַליסטישער אינדוסטריאַליזירונג.

אָרלאַנד אָבער האָט בלויז אַפּן שפּיץ מעסער אַנגערירט יענע שאַרפע פּראָצעסן פון קלאַסן־קאַמף, אָן וועלכע ס'איז אוממעגלעך די סאָציאַליסטישע רעקאָנסטרוקציע פון דער ייִדישער סוויווע. פאַראַן דאָ, פאַרשטייט זיך, דער געהעריקער באַלעגוף, דער מילנער, ער פאַרנעמט אָבער א גאַנץ באַגרענעצטן פּיוּשעטישן שטעטל. די אַלגעמיינע לִיריש־ראָמאַנטישע אַטמאָספער פאַרטעמפּט אויך דאָ די שאַרפע קאַנטן. כאַראַקטעריסטיש איז דער אינצידענט מיטן געוועזענעם קאַצעוו וואָווע, וועלכן ס'האָט א צי געטאָן צו דער „אָקע פלייש" און ער האָט זיך געלאָזן צוריק אַהיים, צום האַנדל. דער פאַרבליבענער אוילעם נעמט אויף אָט דעמדאָזיקן אַקט, מיט פולער רעכט, ווי אָן אַקט פון דעזערטירערײַ. — א קאַצעווײַלע בלײַבט א קאַצעווײַלע — פּאַסקנט אָפּ דאָס פאַרבליבענע יונגוואַרג. דאָס „פּינטעלע ייִד" אָבער לאָזט ניט צורו:

„לייווי שלימעס איז געוואָרן אָנגעצונדן און זיך צעשריען אַפּן אוילעם:
— אין זייער האַרצן אַרײַן, גאַזלאָנים! ווי מעג מען עס א ייִדן לאָזן פאַלן, א מעטופּל.. דאָס יונגוואַרג האָט זיך געסוידעט א מינוט, און גיטליאַנסקי האָט זיך אָנגערופן?
— מיר לייגן פאַר מאַכן א „שאַבעסניק" — אָפּאַרבעטן א שאַבעס און דאָס געלט פאַר דער אַרבעט זאָל גיין אַף באַוואָרענען וואָווען, און ער זאָל זיך קאָנען אומקערן צוריק..."
(זז 188)

זעט איר, דאָס איז שוין גאָר אַן אייגנאַרטיקע אַנטפּלעקונג פון דעם קלאַסן־קאַמף: א „שאַבעסניק", קעדיי אַרויסהעלפן א ד ע ז ע ר ט י ר, ווי גיטליאַנסקי אַליין האָט אים אָנגערופן! (זע ז. 185).

עס דערמאָנט זיך יענע אַכזאָריעסדיקייט, מיט וועלכער ייִדישע פּויערים וואַרפן זיך אַף איינעם אַזא דעזערטיר אין ע. גאָרדאָנס „ווילדגראָז" — ס'איז גאַנץ ווײַט פון דער ייִדישלעכער אידיליע, וואָס ווערט פאַנאַנדערגעוויקלט אין אָרלאַנדס „הרעבּלעס"...

און אָרלאַנד באַזיצט דאָך בעפיירעש היפּשע פעיִקייטן פאַנאַנדערצוּוויקלען מאַסן־סצענעס! דער שטרײַק פון די ערד־גרעבער, די סצענעס פון מאַסן־אַרבעט, דער געוועט צווישן די קאָרעסטענער ייִדן און די טשערנאָבילער גרעבער־ספּעציאַליסטן — דאָס אַלץ זאָגט אײדעס, אַז ווען אָרלאַנד וואָלט געווען באַוואָפנט מיט דער געהעריקער קלאַסן־אידייע, וואָלט ער פיל דערפאָלגן געהאַט. איזאָלירט אָבער פון פאַרטעיִשער אָנפירונג, פון סאָציאַליסטישן טעכנישן פּאַטאָס, באַקומען אָט די בעסטע אַפילע סצענעס פון אַרבעט דעם כאַראַקטער פון פאָלקיסטיש־באַגרענעצטער „געבענטשט זאָלן זײַן די הענט מיט מאַזאָלעס".

„אײַ, גייט שוין, גייט! באַזאַר האָט אונדז אינדרײַען געשיקט. מיר האָבן געהערט, אַז דאָ האָט זיך געעפנט א ייִדישער פּאָדריאַד און מע צאָלט נישקאָשע.

— פּאָדריאַד—שמאָדריאַד,—וואָס הייסט, באַזאַר האָט איך געשיקט? — דער הוזקער האָט איבערגעלייגט די שטריק פון איין אַקסל אויף צווייטן. און וואָס פאַר א פּאָדריאַד איז דאָ? די אַרבעט אונדזערע? א מאָשל! ס'קאַזיאָנע אַרבעט".

(ז. 52).

א מאָשל! ס'קאַזיאָנע אַרבעט—דאָס איז געזאָגט געוואָרן מיט שטאָלץ. קאַזיאָנע אַרבעט איז פאַרן קליינשטעטלדיקן ייִדישן דעקלאַסירטן אָן שום סאָפעק א העכערע ווירטשאַפטלעכע שטופע, איידער דער היימישער פּאָדריאַד (פונעם מאַסשטאַב מאַצע-פּאָדריאַדן!). אָבער „קאַזיאָנע אַרבעט"—דאָס איז נאָך גאַנץ ווייניק!

אין קאַראַוואַיעוואַס „געהילך-זאַוואָד" איז פאַראַן אַן ענלעכער שמועס וועגן „קאַזיאָנע אַרבעט". ס'איז אינטערעסאַנט עס צו ברענגען דאָ.

„די פויערשע רוס האָט זיך ווידער צעהודזשעט מיט קאַרגע הילצערנע ווערטער·

— אוואַרע, יעדערער זאָרגט פאַר זיך...

— די גאַנצע וועלט וועסטו ניט באַזאָרגן...

— ניין!—האָט אָגניעוו פעסט ביז ווייטיק א זעץ געטאָן א האַנט אָן א האַנט, ווי מע גיט א זעץ מיט אַן אייזן אָן שטיין אויף אַרויסצוהאַקן א פונק.—איר מאַכט א שטיקל טאָעס... לויט דער אַלטער רעגילעס נאָך מיינט איר, אַז איר אַרבעט אויפן סויכער...

— איז אויף „קאַזנאַ"!—

„קאַזנאַ"!.. דאָס איז געווען דאָס צווייטע וואָרט, נאָכן הויף, וואָס איז זיי באַקאַנט, פאַרשטענדלעך פון אייביק אָן. דאָס איז דאָס, וואָס עס דריקט, ליגט אויף די פּלייצעס, שרייַט און ברילט, הילכיקער איידער א בער: „דערלאַנג אַהער, גיב מיר, איך בין—די קאַזנאַ!"...

— און ווידעראַמאָל דרייט זיך דער געדאַנק אייַערער, כּאַווײַרים פּרײַנט, ניט אין יענער זייַט, ווו מע באַדאַרף!—האָט אָגניעוו פריילעך געשריען, ווי ער וואָלט זיך אַליין געפרייט מיט דער רעטעניש, וואָס ער האָט נאָר וואָס פאַרגעבן.—די קאַזנאַ, טײַערינקע, זי איז דאָך א נײַע א נײַע. אונדזער אייגענע שאַך-קאַמער איז עס דאָך...

(„געהילך-זאַוואָד"—2-טער טייל, ז. 27).

אָט דאָ, בא קאַראַוואַיעוואַן, ווערט דער טראָפּ טייקעף געשטעלט, ווו מען בא דאַרף—אויף דער סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע. דער פּאָליטישער, דער קלאַסן-פּאָנים פון דער נײַער „קאַזיאָנער" אַרבעט טרעט דאָ אַרויס בולעט אַנטערגעשטראָכן.

אָרלאַנדס גרונט-פעלער באַשטייט טאַקע אין דעם, וואָס ער האָט זייער שוואַך אַנטבלויזט אָט די נײַע קלאַסן-נעשאָמע פון דער „קאַזיאָנער" אַרבעט, און רעדיבער באַוויזן ניט אַזוי די סאָציאַליסטישע רעקאָנסטרוקציע, ווי א דײַ, לאָמיר אַנערקענען—בעעמעס געלונגענע סצענעס, ווי קליינשטעטלדיקע ייִדן גייען אַריבער אויף אַרבעט,—„פּראָדוקטיוויזאַציע ביקלאַל".

אָט די דאָזיקע סצענעס פון „פּראָדוקטיוויזאַציע ביקלאַל", טראָגן אָבער זייער א מעטושטעשדיקן קלאַסן-כאַראַקטער. ניט בלויז אונדזער קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטיע, נאָר אויך דער בונדישער מאַסקל האָט דאָך „געהאַלטן" פון „פּראָדוקטיוויזאַציע ביקלאַל".

קלאָר, אַז אַן איזאָלירטע פון קאָנקרעטער סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוק ציע, פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, פון פּאָליטישער איבערדערציִונג פון

מאסן, איז יעדע סצענע אזא פון „פראָדוקטיוויזאציע ביקלאל״ מעסוגל זיך אראָפּצוגליטשן אין די אָרעמס פון אוטאָפּיזם און נאציאָנאַל־ראָמאַנטיזם. אף דערדאָזיקער געפאר ווייזן אָן, אגעוו, גאנץ שטארק יענע צוויי ערטער אין „הרעבלעס״, ווו דער סיוזשעטישער עקראן ווערט דורכגעשניטן מיט אן אָנשוווּם פון פּאָגראָם־אסאָציאַציעס (זע זײַטל 110, 217). דאָס מיידל, וואָס איז פונם פּאָגראָם פונם זינען אראָפּ; דאָס פארפייניקטע מיידל, מיטן לייב, וואָס איז „אזוי צארט און טונקל, ווי מאטער פארמעט פּגן א סויפער־טוירע״ (מײַן קורסיוו — י. ב.); די „מגילה״ וואָנט פון דעם בעסמעדריש״ — דאָס אלץ דראָט אָן שום ספק מיט נאציאָנאַלער היסטעריק און ווארפט א פּארדעכטיקן אָפּגלאנץ אף דער „רעקאָנסטרוקציע״.

דערביי איז כאראקטעריסטיש, אז די ייִדישלעכע קינעס־אסאָציאַציע פון צניעסדיקן ייִדישן לייב „ווי מאטער פארמעט פון א סויפער־טוירע״ געהערט דעם אינזשענער גאָרן...

פארשטייט זיך, אז אָרלאנד ווערט ניט אויסגעשעפּט מיט אָט דעם, בעעמעס פארדריסלעכן, „מאטן פארמעט״. אָרלאנד גיט א ריי סצענעס, וואָס פארקערפּערן דעם אָנהויב פון צוזאמענלעבן צווישן „גויים און ייִדן״, ווידעראמאָל אָבער דארף מען געדענקען, אז דער אינטערנאציאָנאַליזם פון סאָציאַליסטישער קאָנסטרוקציע איז אסאך מער איידער „צוזאמענשלוס צווישן ייִדן מיט גויים״ ביקלאל — ס׳איז צוזאמענשלוס פון ייִדישע ארבעטער און הארעפּאשניקעס מיט ניטייִדישע ארבעטער און הארעפּאשניקעס אין פּראָצעס פון געמיינזאמען קלאסן־קאמף און פּאָליטישער איבערדערציונג. אָרלאנד אָבער האָט ניט בלויז די ייִדישע מאסע געגעבן קימאט ווי ניט דיפערענצירט, נאָר אויך דעם פּאָלישוקישן כוטער זעען מיר ניט אין זײַן טאָגטעגלעכן שארפן קלאסן־קאמף.

איז וואָס־זשע בלייבט איבער? בלייבט ווידעראמאָל איבער דער פארדאכט, אז אָנשטאָט סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע האָבן מיר דאָ... ראדיקאל־פּאָלקיסטישע פּראָדוקטיוויזאציע.

ניט אומזיסט פארנעמען אין „הרעבלעס״ דעם סיוזשעטישן אויבנאָן די עלטערע ייִדן פון באזאר און סלאָוועשנע אין דער צײַט, ווען די יוגנט מערקט זיך קוים אָן.

פאר אָט די אלע באזארער און סלאָוועשנער יאסי הויקערס איז א גרויסער היסטאָרישער שפּרונג, ווען זיי זײַנען „מעכאלעל״ יאָמקיפּער און ווען זיי טײַטשן ויס אף א נײַעם אויפן דעם מעדרעש וועגן די 2 יערושאָלאַימער ברידער (ז. 244). די יוגנט האָט, פארשטייט זיך, שנעלערע טעמפּן, אָבער גראָד אָט די שנעלערע טעמפּן, וואָס דארפן פירן פון ראדיקאל־דעמאָקראטיזם צו פּראָלעטארישער דיקטאטור, פון סאָוועטיזירטע „יערושאָלאַימער ברידער״ צו קאָמוניסטישע שלעגלער — גראָד זיי מײַדט אויס אָרלאַנד.

דער פארדאכט ווערט ניט אָפּגעשוואכט, ווען מיר אנאַליזירן די לעקסיק פון „הרעבלעס״.

מ׳דארף מוידע זײַן, אָרלאנד האָט אָן שום סאָפעק גענעבן אין ראָמאן א גאנצע רײ זײַטלעך, ווו די קינסטלערישע שפּיל מיט לעקסיק איז זייער א געלונגענע. אין די באדינגונגען פון אונדזער יונגער סאָוועטישער און פּראָלעטארישער ליטעראטור, ווו די געפאר פון פארליטעראטעוועטער, סטיליזירטער־סכעמאטישער שפּראך איז נאָך גאנץ אקטועל, דארפן, פארשטייט זיך, אָרלאנדס דערפאָלגן אפן געביט פון זאפטיקער שפּראך (דיאלאָג, מאָנאָלאָג) ניט ניט דערשאצט ווערן. אָרלאנד ווייסט, אז דאָס וואָרט איז ניט בלויז „עטוואָס, וואָס קלינגט״, אז מיט דער געבענטשטער „וואָרט־מוזיק״ וועט דער קינסטלער ווײַט ניט אוועקגיין. דאָס וואָרט איז שטענדיק אָנגעזאפּט מיט געזעלשאפטלעכן לעבן, מיט קלאס. יעדער קנייטש זיינער, דער קאָלאָריט, דער ריטם—אלץ איז פונם קלאס! אין אלע צײַטן, דעריבער, באזונדערס אין איבערגאנג־צײַטן, עפנט זיך פארן קינסטלער א ברייט פעלד אופצודעקן דעם אָביעקטיוון קלאסן־זײַן דורכן ל ע ק ס י ש ן מ א ט ע ר י א ל ג ו פ ע. צו דען האָט אונדזער גרויסער שאָלעם־אליינעם ניט אופגעדעקט, אגעוו, אויך אפן לעקסישן מאטעריאל די סאָציאלע נאטור פון זײַן צעשויבערטער, „ספּילשליוּוער״ קאסרילעווקע, וואָס וויל, אז „מ׳זאָל זי אויסהערן״? אין אונדזער איבערגאנג־פּעריאָד איז באזונדערס אינטערעסאנט אופצודעקן יענע פּראָצעסן פונם „צעבונטעוועטן וואָרט״, וואָס שפּיגלען אָפּ אין זיך די „צעבונטעוועטע״ פּראָצעסן אינמ אָביעקטיוון מאטעריעלן לעבן.

מיליאָניקע מאסן, וואָס האָבן אין מעשעך פון דורעס געשוויגן, האָבן זיך זיגרײַך ארופגעריסן אף דער אוואנסצענע פון דער געשיכטע און אָנגעהויבן ר יי ד ן—אף מיטינגען, אף צוזאמענפאָרן, אף באראטונגען, אין סאָוועט, אין דער פּראָדוציר־קאָמיסיע, אין פּראָפאריין א. א. וו. סטיכעיש וואקסן אָן נײַע ווערטער, נײַע ריטמען, סטיכעיש ווערן, אף אן אייגנארטיקן אויפן, דעפאָרמירט אלטע ווערטער, אלטע ריטמען—די שפּראך גייט כאָדאָראָם!

„פּראָווינציאליזירט״, „זשארגאָניזירט״—שרײַען פארציטערט די כסידים פון „ריינער שפּראך״—אונדזערע היימישע „פּוריסטן״.

אָבער אָט, דידאָזיקע נײַע, צאפלדיקע „זשארגאָניזירטע״ און „פּראָווינציאליזירטע״ שפּראך—זי איז עס טאקע די שפּראך פון אונדזער דיאלעקטישערווירקלעכקײַט! ניט אומזיסט האָט אין אונדזער פארבאנדישער ליטעראטור (קוי׳עמקאָל, פארשטייט זיך, אין דער רוסישער) אזא בעקאָוועדיק אָרט פארנומען שוין אין די ערשטע יאָרן די קינסטלערישע שפּיל מיט לעקסיק (אינעם מאָנאָלאָג, אין דער „פּראָווינציעלער״ און סטיליזירטער שפּראך פון א באבעל[1]) ארטעם וועסאָלי, זאָשטשענקאָ, סייפולינא, שאָלאָכאָוו א.א.וו.).

איז אונדזער יידישער ליטעראטור פארבאנדישער האָט זיך לענגער איידער אין דער רוסישער ליטעראטור פארצויגן דער פּראָצעס פון ליטערארישן סכעמאטיזם און מעמיילע אויך די קרענק פון ל ע ק ס י ש ן ס כ ע מ א ט י ז ם. ווען אפן גרויען פּאָן

[1]) „זײַן בעשאָמע זעט זיך אין די ווערטער״—אזוי האָט זיך בילדעריש אויסגעדריקט איינער א פּויער־לייענער וועגן באבעלן (ציטירט לויט טאָפּאָראָווס בוך „פּויערים וועגן שרײַבער״ ז. 85).

פונעם לעקסישן סכעמאטיזם האָט זיך באוויזן אזא לעקסיש־זאפטיק בוך ווי קיפניסעס „כאדאָשים און טעג“ איז געווען נאטירלעך, אז, ניט געקוקט אף זיין אויסגעשפּראָכענער קאסריל־עווקע־אידעאָלאָגיע, האָט ער דאָך געצויגן צו זיך דעם מאסן־לייענער, מיט דער „הארציקער זאפטיקייט“ פון זיין לעקסיק. קעגן דערדאָזיקער „הארציקער זאפטיקייט“ פון קיפניסעס לעקסיק, האָט די פּראָלעטארישע קריטיק ניט ווייניק געקעמפט: ניט אף צוריק, צו דער קאסריל־עווקער לעקסיק ליגט דער וועג פון אונדזער ליטעראטור!

שאָלעם־אלייכעמס לעקסישע סטיכיע איז ניט קיין מעבל, וואָס מ׳קאָן עס, אָן אידעאָלאָגישן און קינסטלערישן שאָדן, אריבערטראָגן פון איין טקופע אין דער צווייטער. אין דער הינזיכט איז אָן שום סאָפעק באגרינדעט די וואָרענונג, מ׳זאָל זיך היטן פארן „לייכטן“ שאָלעם־אלייכעמישן שניט.

צי הייסט עס אָבער, אז מ׳ר דארפן זיך אָפּזאָגן פון שאָלעם־אלייכעמס קינסטלערישער מאניער אופצודעקן קלאסן דורך סאָציאַל־אקצענטירטן לעקסישן מאטעריאל?

ווען אבטשוק האָט דורכן מאָנאָלאָג, דאָס הייסט, דורך יענעם זשאנר, וועלכער דעקט אוף אין דער גרעסטער מאָס די סאָציאַל־דיפערענצירטע לעקסיק, גימאט צום ערשטן מאָל ארייַנגעפירט (אין „הערשל שאמיר“) דאָס פאבריק־לעבן אין אונדזער ליטעראטור — האָבן פיל „עסטעטן“ אופגעוואָרפן אים, אז ער „שאָלעם־אלייכעמט“. די „צעבונטעוועטע שפּראך“ — אָט די אלע „יאטשייקעס“, „אָכראנע טרודא“ א.א.וו. — איז אופגענומען געוואָרן פון אונדזערע שפּראך־גוווערנאנטקעס ווי א פארברעכן קעגן דער ריינקייט פון „יידיש־קוידעש“.

פארשטייט זיך, די מארקסיסטישע קריטיק וועט דארפן זען אכטונג געבן, אז אונטער דער מאסקע פון אָט דער ווירקלעך־רעוואָליוציאָנערער „צעבונטעוועטער שפּראך“ זאָל זיך ניט אויסבאהאלטן דאָס אינטעליגענטישע „מאכן פיסקעס“ (דער סאמע אָפּגעשטאנענסטער פויער זאָגט גאנץ שארף ארויס — רעוואָליוציע — דער אינטעליגענט זאָגט „פאר אים ארויס“ — לירוואָלוציע“!). דעם קאמף קעגן אינטעליגענטישער „לעקסיק־פייזאנעריי“ וועלן מיר אויך אף וויַיטער פירן, אָבער מיר וועלן גלייַכצייטיק פאָדערן פונם שרייַבער ער זאָל אופדעקן מיט קינסטלער־מעטאָדן יענעם לעקסישן אופּברויז, וועלכער שפּיגלט אָפּ דעם אופּברויז פון אונדזער אָביעקטיווער ווירקלעכקייט.

אָרלאנד, ווי אן עכטער קינסטלער, פארשטייט עס גאנץ גוט. שאָלעם־אלייכעם שרעקט אים ניט.

אָרלאנדן האָט זיך איינגעגעבן, ווי שוין געזאָגט, אין אייניקע ערטער גלענצנדיק איבערצוגעבן יענעם „באזארער לאָשן“, וועלכער דעקט אוף די גאנצע דיאלעקטישע קעגנזעצלעכקייט פון סאָציאַלע שיכטן, וואָס ווערן ארויסגעריסן פון זייער אלטן סאָציאַלן באָדן און געפינען זיך אין א צושטאנד פון איבערגאנג.

„די באזארער זיינען צוגעקומען צו די קאנאלן. אראָפּגעוואָרפן די קלומיקלעך פון די פּלייצעס און זיך ארומגעקוקט, ווי אריינגענארטע. אָנגעקומענער אוילעם האָט זיך צעשאָטן, זיך אָפּגעשטעלט בא די גרופּעס ארבעטער און זיך גענומען דערפרעגן:

— ס׳איז עפּעס שווער?
— די זון טשעפּעט אײַך ניט?
— און אז מע וויל א טרונק?
— און „לעצווירעך“, לויפט איר אזש אין וואלד?
איינער, א קאָסאָקער ייִדל, האָט גענומען א לאָפּעטע אין דער האנט, זי געשאָקלט אביסל.
— אלפי סייכל, איז א הילצערנע לאָפּעטע גרינגער...“

(ז. 86).

„אלפי סייכל, איז א הילצערנע לאָפּעטע גרינגער“... סארא גלענצנדיקע לעק־סישע פארקערפערונג פון באזארער ייִדן, וואָס פאָרן זיך פּראָדוקטיוויזירן!

„יאנקל ספּיוואק איז ארוף א הויפן היי, א גלעט געטאָן די גולע אפן נאקן און גענומען לערנען געמאָרע:

— ווען דער קרײַזאויספּירקאָם האָט אין זינען געהאט באם אויכטיילן מאָמען קוירעך פאר די קאנאלן — וויס איך ניט... אליבע־דעקולע אלמע אָבער, סײַ די בייס שאמײַ, דאָס מיינט מען די עלטערע ייִדן, סײַ די בייס הילעל, דאָס מיינט מען די ייִנגערע, האלטן... אז וואָס, אז וואָס?..“

(ז. 184).

פון אָט דער לעקסישער שכיינעס פון „קרײַזאויספּירקאָם“ און „בייס שאמײַ — בייס הילעל“ שרײַט ארויס יענע דיִאלעקטישע סטירעסדיקײַט, וואָס שטעקט אין דער פּראָדוקטיוויזירונג פון די ייִדישע מאסן אין אונדזערע באדינגונגען. ווער וועט ס ט י ל י ס ט י ש זיגן, דער „קרײַזאויספּירקאָם“ אָדער „בייס שאמײַ — בייס הילעל“?

דער „קרײַזאויספּירקאָם“ פירט פאָרויס פון קאסרילעווקע צו סאָציִאליסטישער רעקאָנסטרוקציע, ער רײַסט אוף אלטע קלאסן־געוווינהײַטן, ער צעשמעטערט און דעפאָרמירט די אלטע לעקסיק:

„בא די קאָראָסטענער אין דער גרויסער פּאלאטקע האָט קריס געלייענט אפן קאָל פאר די ארבעטער דאָס לייט־ארטיקל פון א יענער וואָכיקער צײַטונג. ער איז געשטאנען באם פארהויכקעטן פענצטערל, געהאלטן מיט ביידע הענט דעם צעפּיצלטן בלאט און פארהיקענדיק זיך ארויסגערעדט א לאנג וואָרט — „קאָנפּידענציאלנע“... אוילאָם האָט אים אונטערגעהאָלפן און געפּרוווט טראָפן די טײַטש. אין ווינקל איז לייווי שלימעס געזעסן אף א בינטל היי און געזאָגט אויסנווייניק טהילים ער האָט געהאלטן פארמאכט די אויגן און געזונגען מיט א געשמאקן ניגן א פּאָסעק נאָך א פּאָסעק“.

(ז. 105).

אין דער דיִאלעקטיש־סטירעסדיקער לעקסישער סטיכיי, ווו דאָס „לאנג וואָרט קאָנפּידענציאלנע“ איז צונויפגעפלאָכטן מיט א פּאָסעק פון טהילים, איז אָבער ניט „העפּקער פּעטרושקע“. ד י א ל ע ק ט י ק א י ז נ י ט ע ק ל ע ק ט י ק, ניט קיין פאָרמלאָזע כאאָטישקײַט, ניט קיין קאשע. דער דיִאלעקטיקער וועט אין דער לעקסישער סטיכיי אופדעקן יענעם עלעמענט, וועלכער ג ײ ט ב ע ר א ָ ש — „דעם גרונט־רינג“, ווי לענין זאָגט. אין יענע שפּראך־פּראָצעסן, וואָס כאראקטעריזירן אונדזער אופגעברויזטע ווירקלעכקײַט, גייט אויבן אָן ניט דער געמאָרע־ניגן, נאָר דער נייער ריטם פון לאָגונגען און זאכלעכער פארהארטעוועטקײַט („בא די קאָראָסטענער איז א פּאָרטראָג“!); ניט „באזארער לאָשן“, נאָר דאָס „לאנג וואָרט קאָנפּידענציאלנע“.

אָרלאנד, וועלכער האָט אזוי גלענצנדיק אופגעכאפּט די לעקסישע שיריַיִם פון זײַנע „הרעבלעס״־פּערסאָנאזשן, האָט אָבער זייער ווייניק אָנגעוויזן אף יענעם אופּברויז פון נײַער לעקסיק, וואָס רײַסט זיך שוין אריַין אין זײַן „הרעבלעס״־סוויווע. יעדער איינער, וועלכער האָט לעצטנס באזוכט א ייִדיש שטעטל, א ייִדישן דאָרף ווייס גאנץ גוט, ווי רעוואָליוציאָניזירט ס׳איז געוואָרן די אלטע קאסרילעווקער טעפּל־לעקסיק, באזונדערס בא דער יוגנט.

אָבער דאָס מיידל פון באזארער לייען־שטיבל—אָט דאָס איינציקע מיידל, וואָס האָט אזא אומפארגעסלעכן פּאטאָס פון לייען־שטיבל און פארלאָזט אף קיַין מינוט ניט איר לאָפּעטע—זי איז א שטומע!

פארוואָס האָט אָרלאנד בא איר די צונג ארויסגעריסן?

צי עפּשער ווײַל זי איז ניט אזוי „איטער־ר־עסאנט״ ווי די „וואלד־קעניגן״—מארקאָ?

איך האָב זי געזען—אָט דאָס מיידל פון באזארער לייען־שטיבל.

דאָ ניט לאנג, אין אן ייִדישן קאָלווירט אונטער אָדעס, האָב איך זי געזען. זי איז געשטאנען אינדערהויך, אף דער דרעש־מאשין, באם „באראבאן״, איַינגעהילט אין א וואָלקן פּאָלאָווע־שטויב, א צעפּאלעוועטע פון ארבעט!

איך האָב געהערט. דערנאָך איר ארויסטרעטונג אף דער בעראטונג וועגן די ברויט־פארגרייטונגען.

זי איז ניט קיַין שטומע!

זי וואָלט מיט איר שטים דעם גאנצן סיוזשעטישן שעטעך פון הרעבלעס״ פארשריִען!

זי וואָלט מארקאָס פּאָלעסיע־מײַסעס פארשריִען מיט נײַעם טאט־וואָרט, מיט ציפערן פון פארגרייטונג־פּלאן, מיט „יאטשייקע״־רעזאָליוציעס!

איז עפּשער דערפאר האָט מוירע געהאט אָרלאנד?..

אָרלאנד בליַיבט נאָך דערוויַיל טויב פאר דער לעקסישער סטיכיִי, וואָס שפּארט פון באזארער לייען־שטיבל.

ער קאָן אָט דידאָזיקע פּראָצעסן ניט באמערקן אין זייער פולער ברייט פּאָשעט צוליב דער פאלשער פּאָזיציע פון „פּראָדוקטיוויזאציע ביכלאָל״, וואָס ער פארנעמט. פארשטייט זיך, אז פארן שטעטלדיקן יאנקל ספּיוואק איז א באדײַטנדיקער טראָט פאָרויס, ווען ער טײַטשט שוין אף א נײַעם סאָוועטישן שניט דעם אלטן פּאָסעק פון כומעש „לוי סאסיג גוול רייעכאָ״ (ז. 202) — אָבער דאָס איז דאָך, גאנץ ווייניק אויב מ׳וויל אָנווײַזן אף יענע נײַע פּראָצעסן פון סאָציִאַליסטישער ויעקאָנסטרוקציע, וואָס רײַסן זיך אריַין אינעם ייִדישן לעבן. אסאך חאַגיקער איז יענער לעקסישער פּראָצעס, וועלכער דריקט זיך אויס אין דעם, וואָס לייווי שלימעס, לעמאָשל, זאָגט ארויס צום ערשטן מאָל אין לעבן דאָס וואָרט „באוויירים״ (ז. 243). אָרלאנד האָט אָט דעמדאָזיקן גרונט־פּראָצעס קאם באמערקט. ער האָט אים בעפּיירעש פארשטויסן אפן הינטער־גרונט. דער שטעטלדיק־ייִדישלעכער „כלו כטוב״ (א מאסקיליש־העברעיִזירטע טראנסקריפּציע פון „קאָלעק־

ציוו״) וואקסט ניט אויס אין קאָלעקטיוו. דער באזארער קלאסן־באוווסטזיין האָט געבראכט, נאטירלעך, צו דער העגעמאָניע פון באזארער קלאסן־לאָשן.

וואָס זשע באטײַט אָט דאָס אלץ, וואָס מיר האָבן ערשט קאָנסטאטירט אין אָר־לאנדס לעקסיק?

ס׳הייסט, אז ריידן וועגן גלענצנדיקע דערגרייכונגען פון אָרלאנדס „זאפטיקער״ שפראך ביכלאל — הייסט ווידער אמאָל אָפּערירן מיט דיזעלבע אומבאוועגלעכע, מעטאפיזישע קאטעגאָריעס, וועגן וועלכע מיר האָבן אויבן שוין עטלעכע מאָל גערעדט.

דער לעניניזם־מארקסיזם האָט פון שטענדיק אָן געפירט א קאמף קעגן דער מע־טאפיזיק — דעמזעלבן קאמף וועלן מיר פירן אויך אין דער ליטעראטור־קריטיק.

אָבער שטעלן זיך אף א דיאלעקטישן שטאנדפונקט אינם ליטעראריש־קריטישן אנאליז פון אָרלאנדס „הרעבלעס״ הייסט: — ניט פארגעסן אָן יענע באגרענעצטע קלאסן־רעלסן, אף וועלכע ס׳גליטשט זיך אָרלאנדס „אופבוי״ און אָרלאנדס „קינסטלערישקייט״.

אָרלאנד, אלס זייער נאָענטער צו אונדז מיטלויפער (פון אונדזערע דעמאָקראטיש־פּאָלקישע שיכטן), וועט אָן שום ספק זיך גאנץ שנעל איבערצייַגן, אז דער „פּאָלעסיער קישעף״ — אינם ברייטן היסטאָרישן זין פון וואָרט — מוז אופגעדיסן ווערן. אָבער אופרייַסן אים קאָן בלויז אן אידעאָלאָגישע איבערוואָפּע־נונג — א נייַע סטיל־איבערוואָפּענונג!

דער פּאטאָס פון סאָציאליסטישער רעקאָנסטרוקציע, דער פּאטאָס פון פּראָ־לעטארישער דיקטאטור — אָט דאָס דארף ווערן דער פירנדיקער פּאטאָס פון אונדזער ליטעראטור.

דענסטמאָל וועט נעמען א סאָף צו דער טעמאטישער און אידעאָלאָגישער הער־שאפט פונם „צעפּאטלטן באָכער״, פון „פּאָלעסיער קישעף״, פון די „הוילנדיקע וועלף״, פון די ראָמאנטיש־עקזאָטישע „קראָנקריגעלעך״, פונם „כלו כטוב״.

מ׳דארף צעברעכן די ראָמאנטישע ליימענע פּיפּקע״!

אין די טיפסטע געדיכטענישן פון אונדזערע יונגע קאָלווירטישע און ראטווירטישע מאסן רייפט שוין און וואקסט אָטאָ דער קינסטלערישער קויעך, וועלכער וועט מאכן א סאָף צו דוירעסדיקער מעלאָדעקלאמאציע וועגן „קאָרנשוועסטערלעך״ און „בע־ריאָזקעלעך״.

צי דען זייַנען ניט כאראקטעריסטיש אָט אזוינע שורעס, וואָס איינער א פּאָ־שעטער קאָלווירטניק — אן אָנפאנגער־שרייַבער האָט צוגעשיקט אין דער מאָסקווער געגנט־צײַטונג „За коллективизацию“.

„Что глядите так печально
Голубые васильки?
... Крестьянин с агрономом
Идут походом против вас
Для того чтоб истребить вас,
Как ненужный сорный класс“...

דערמיט זאָל אונדז זײַן דערלויבט צו ענדיקן.
ניין, נאָך ניט אינגאנצן.

איך ווייס, אז איך, בין ניט דער ערשטער, וועלכער האָט „געוואגט" ארויסצו־טרעטן קעגן אלגעמיינע מעליצעס וועגן אָרלאנדס „קינסטלערישקײַט ביכלאל". דאָס האָט געטאָן אויך דער כ' פעפער, וועלכער האָט (מ'זאָגט, צו שארף) אופגע־וואָרפן אָרלאנדן, אז ער האָט געגעבן „ראטן אָן קאָמוניסטן". דאָס האָט געטאָן אויך דער יונגער קריטיקער כ' האלדעס, וועלכער האָט טאקע דערמיט ארויסגערופן א־דורכויס פאלשן קעגנארטיקל פון י. בערסאָן. איך מיין אָבער, אז ס'שאדט ניט נאָך און נאָכאמאָל אופהויבן דיזעלבע פראגן. מיר פארמאָגן אין אונדזער סוויווע (אפילע אין די אָרגאניזאציעס פון די פראָלעטארישע שרײַבער!) אסאך אזעלכע כא־ווירים, וואָס פאלן ארײַן אין א מוירעדיקער היספּײַלעס, ווען אָנשטאָט מענדעלעס „סאָראָקע אין טאלעס", וואָס פאלט צו „טאכנון", קומט אָרלאנדס „מאָדערנער" פייזאזש, עפּשער האָט צוליב דעם טאקע כ' י. בערסאָן אזוי שנעל און אזוי קאטעגאָריש פראָקלאמירט „הרעבלעס" אלס פראָלעטאריש ווערק?....

אוואדע איז מענדעלעס „סאָראָקע אין טאלעס" ניט גאָר קיין עקוויוואלענטער געשטאלט פון אונדזער סאָציאליסטישער רעקאָנסטרוקציע, אָבער די ראָמאנטיש־עקזאָטישע ליימענע פיפקע איז איצט ניט אף קיין סאך א גרעסערער א ייכעס.

מ'דארף צעברעבן די ליימענע פיפקע!

מ'דארף פארניכטן די „קראָנקריגעלעך" פון פאָלקיסטישער עקזאָטיק,

„Как ненужный сорный класс!"

יול, 1930 יאָר.

# IV. פּאָלעמיק

## פּראָבלעמען פון מאַרקסיסטישער ליטעראַטור־קריטיק.

### I

### קריטיק, וואָס רעגיסטרירט, און קריטיק, וואָס רעוואָליוציאָניזירט.

„די פילאָזאָפן האָבן אַזוי אָדער אַנדערש דערקלערט די וועלט—ס'האַנדלט זיך אָבער וועגן אומענדערן זי“
(ק. מאַרקס).

מאָדערניזירטע יעשיוע־באָכערים פון „עסטעטישע“ קלויזן, וואָס מעסטן דעם קונסט־קריטיקער ניט נאָך דער ווּיסשאַפטלעכער טיף פון זײַנע פאָרשונג־מעטאָדן, נאָר לויטן גלאַנציקן פלאַך פון זײַן אַקאַדעמישן פליך—קומען נאָך אַדײַעם מיט אַלטע פאַרזויערטע טײַנעס צו דער יונגער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור־קריטיק:

— „אָט, פאָדערט איר מאַרקסיסטישן צוגאַנג צו ליטעראַרישע דערשײַנונגען—שטראָפן זיי אונדז מעיושעוודיק—ווו איז זי אָבער, אײַער מאַרקסיסטישע ליטעראַטור־קריטיק? דער מאַרקסיסטישער מעטאָד בענויגייע צו ליטעראַריש־קינסטלערישע דערשײַנונגען איז דאָך ביכלאַל זייער ווייניק באַאַרבעט געוואָרן, און וואָס פאַר א טאַם האָט א קריטיקער, וואָס ציט זײַן יעניקע בלויז פון עטלעכע פּלעכאַנאָווס אַרטיקלען?

קומט אונדז אָפן געדאַנק פּלעכאַנאָוו, וועלכער האָט אַמאָל אָף אַן ענלעכע קלאָץ־קאַשע מיצאַד דעם „קריטיש־דענקענדיקן“ פאָלקיסט—מיכײַלאָווסקי געענטפערט מיט א שמייכעלע:

— מיר האָבן קײַן צײַט ניט געהאַט, האַרעלע! מיר האָבן געקעמפט קעגן יענע פּראָדוציר־באַדינגונגען, וואָס ליגן ווי א שווערער יאָך אָף דער מאָדערנער מענטשהײַט. טאָ האָט ניט קײַן פאַריבל! און אַגעוו האָבן מיר פונדעסטוועגן עפּעס יאָ אופגעטאָן און וואַרט צו אביסל—וועלן מיר נאָכמער אופטאָן“.

איז אָט, מיר האָבן פּאָשעט קײַן צײַט ניט געהאַט, הויכגעשעצטע „עסטעטיקער!“ בעשאַס איר האָט געיאָגט זיך נאָך „אייך־סאָפן“, נאָך „באַגינעניס“, נאָך לירישער אײַ־

ערנעכטיקייט האָבן מיר באַדאַרפט אומענדערן די עקזיסטירנדיקע פּראָדוציר־באַציִונגען, קעדיי ניט נאָר איר זאָלט באַקומען די מעגלעכקייט צו דעקלאַמירן איצט וועגן אייער „געלייטערטן אַקטיאַבער־ווילן“, נאָר מיליאָנען אַרבעטער און פּויערים זאָלן אַרייַנגעצויגן ווערן אינעם גרויסן אָקטיאַבערישן קולטור־קאַמף.

מיר האָבן ערשט נעכטן אופגעהאַנגען אַפן וואַנט־טשוואַק די פאַרלייזיקטע, פאַרבליטיקטע רויטאַרמעיִשע שינעלן.

עפּשער מאָרגן, איבערמאָרגן וועלן מיר זיי ווידער אַרופציען אַף יאַטישע, קאַמיוּלישע פּלייצעס.

דערווייל — אין אַרבפּאַקן, אין פּאַרטיי־שולן, אין קאָמוניסטישע אוניווערסיטעטן בייסן מיר דעם פּעלדז פון וויסנשאַפט מיט יונגע פאַראַקשנטע ציינער.

געציילטע פּלעכאַנאָוו־אַרטיקלען, איינצלנע לענין־ווערטער — נישקאָשע! אונדז קלעקט עס, קעדיי צו כאַפּן דעם גרונט־מעטאָד — אונדזער מאַרקסיסטישן רעוואָליוציאָנערן מעטאָד — באַ אויספאָרשן ליטעראַרישע דערשיינונגען.

אוואַדע זיינען נאָך דערווייל צווישן אונדז קיין בעלינסקיס ניטאָ. עס האַנדלט זיך דאָך אָבער ניט אין דעם, צי האָט דער פּראָלעטאַריאַט שוין אַרויסגערוקט זיינע בעלינסקיס און טאָלסטאָיס, אָדער ער איז נאָך פאַרבליבן אַף דער מאַדרייגע פון א „פּאָשעטן באַסערוועדאָם“. עס האַנדלט זיך וועגן פּאָשעטע עלעמענטאַרע לעבן־פּראָבלעמען, וואָס אונדזער רעוואָליוציאָנערע אַקטיאַבער־ווירקלעכקייט האָט אוועקגעשטעלט פאַר דער מאָדערנער ליטעראַטור־קריטיק, ווי פאַר דעם וויכטיקסטן אָפּשניט פון אונדזער קאָמוניסטישן קולטור־פראָנט.

דידאָזיקע פּראָבלעמען ווערן אין אונדזער שלימאַזלדיקער, פאָרמאַליסטישער „קריטיק“ אָדער געלייזט אַף א רעאַקציאָנערן פאָרמאַליסטיש־אידעאַליסטישן אויפן אָדער לאַכלוטן באַגראָבן אונטער א געדיכטן שיכט פון אינטעליגענטישער קאָסמעטיק און צוגעפּוצטן „ווערטער־לעוווש“.

ווילן מיר ניט קיין קאָסמעטיק!

מיר ווייסן, אַז צוליב באַשטימטע היסטאָרישע סיבעס לויערט אַף אונדז דידאָזיקע פאָרמאַליסטישע סאַקאָנע פון יעדן ווינקל — אין טעאַטער, אַף דער קונסט־אויס־אויסשטעלונג, אין דער ליטעראַטור.

מיר ווייסן, ווי טיף עס איז דער טהאָם צווישן קינסטלער און קונסט־געברויכער „באַ אונדז ייִדן“ פאַר די לעצטע יאָרן — דעריבער מוזן מיר לעהייפעך אַרויסטרעטן אַלס פאַנאַטישע פּוריטאַנער, וואָס צעשמעטערן אַלערליי בורזשואַזע בלומען־טעפּלעך.

וועמען קומען מיר יאַרשענען?

מיר ציִען אונדזער „גאָלדענע קייט“ ניט פונעם יערידע־קריטיקער, ניט פונעם דעקאַדענטישן עסטעט אָסקאַר אואַלד, וואָס ווייסט, אַז „קלוגע מענטשן ווידערשפּרעכן זיך אַליין“, און ניט פונעם אינטעליגענטישן אינדיווידואַליסטישן ניטשע, וועמען אונדזערע עסטעטיקער אַ־לאַ אויסלענדער נעמען אַלס מאָטאָ, קעדיי צו געבן אַן אולטראַ־לינקן קוויטש וועגן „מענטשן, וואָס קומען צו דער טאַט“.

מיר ציִען אונדזער „גאָלדענע קייט" פון יענע **העראָישע טראַדיציעס** אין דער אַלוועלטלעכער רעוואָליוציאָנערער קריטיק, מיט וועלכע ס׳זייַנען פארבונדן די נעמען פון לעסינג, דידראָ, טען, בעלינסקי, דאָבראָליובאָוו, טשערנישעווסקי, פּלעכאַנאָוו א. א. וו.

אונדז איז לויטן מעטאָד נעענטער אפילו באַלמאכשאָוועס, בא זייַן גאנצער טענישער ציִאָניסטיש-קליינשטעטלדיקער, אָבער דאָך טעמפּעראַמענטפולער קלאַסנקריטיק (קלייַנבירגערלעכער, פארשטייט זיך!), איידער אַלע מאָדערנע פּארעווע אָלימפּיִש-רויִקע, קלוימערשט אקאדעמישע שרייַבעכצן וועגן „אויסגערעכנטער מאָס און וואָג פון דער שורע", „יִידישער עסטעטישער סטיל", „לאָגאָס" א. א. וו.

אין וואָס באשטייט דער הויפּטשטריך פון יענעם העראָישן פּעריאָד אין דער אַלוועלטלעכער קריטיק?

ער באשטייט, רייִשיסקאָל, אין **קאָלאָסאַלער צוזאַמענגעוואַקסנקייט, שעפערישער, רעוואָליוציאָנערער קלאסן-אַקטיוויטעט און טעמפּעראַמענטפולער אכרייַעסדיקער פּובליציסטיק** — מיט איין וואָרט, אין יענעם „אַנטי-ליטעראַריסטישן צוגאנג צו קונסט", וואָס די פאָרמעלע קריטיק קאָן אונדז ניט מוחל זייַן.

ליטעראַרישע קריטיק, ווי קריטיק ביכלאַל, געהערט דאָך צו די סאָציאַלסטע און אַקטיוויסטע וויסנשאַפט-צווייַגן!

לייענט די געשיכטע פון דער אַלוועלטלעכער קונסט-קריטיק, וועט איר זען ווי אָפט פלעגן אין אירע פּאָלוועכ-קעלערן געצונדן ווערן בונטאַרישע קנייטן, נאָך איידער דאָס פלעגט טאָן איר שוועסטער — די פּאָליטיק.

און ניט אומזיסט זאָגט פּלעכאַנאָוו:

„א בעעמעס פילאָזאָפישע קריטיק איז גלייַכצייַטיק א בעעמעס **פּובליציסטישע** קריטיק. אין אַלע איבערגאַנג-עפּאָכעס איז זי אָנגעזאַפּט מיטן גייַסט פון פּובליציסטיק און טיילווייַז ווערט זי פארוואַנדלט פּאָשעט אין פּובליציסטיק. צי איז עס גוט, צי שלעכט! — C'est selon און דעריקער, ס׳איז **אומפארמייַדלעך**".

און אַזוי ווי דער פּובליציסט, ווען ס׳קומט אויס צו שילדערן דעם קאַמף פון קעגנזעצלעכע קויכעס אין דער געזעלשאַפט, וועט, לויט פּלעכאַנאָווס מיינונג, בא זייַן גאַנצן טעמפּעראַמענט קאָנען דערבייַ פארבלייַבן וויסנשאַפטלעך — אָביעקטיוו, אַזוי קאָן און דאַרף די רעוואָליוציאָנערע קריטיק בא איר גאנצער סוביעקטיווער אַקטיוויקייַט ניט פארלירן איר אָביעקטיוו-וויסנשאַפטלעכן קריטעריִ.

ווי אַזוי אָבער פאַרייניקט מען אָט די ביידע „באַשיינפערלעך קעגנזעצלעכע „פּאָדערונגען פון וויסנשאַפטלעכער אָביעקטיווקייַט און טעמפּעראַמענטפולער סוביעקטיווקייַט?

קלייַנבירגערלעכע אידעאַליסטן מיט זייער מעכאַנישן „סייכל האיאָשער" האָבן קיינמאָל ניט געקאָנט פאַרשטיין בא מאַרקסן דעם מאַטעריאַליסטיש-דיאַלעקטישן „אָביעקט-סוביעקט", דעריבער האָבן אים זיסע אידעאַליסטישע סוביעקטיוויסטן (מיכייַלאָווסקי, לעמאָשל) באַשולדיקט אין גרויזאַמען קאַלטן **אָביעקטיוויזם**, און מעכאַ-

נישע, פּאַרעווע „אָביעקטיוויסטן״ (ווי לעמאָשל, סטרווע, בערנשטיין) האָבן אים באַשולדיקט אין היציקן „אוטיליטאַריסטישן״ סוביעקטיוויזם.

דיזעלבע מײַסע קומט פאָר אויך איצט, ווען „עסטעטישע״ יעשיווע־באָכערים באַשולדיקן די מאַרקסיסטישע קריטיק אין טענדענציעזער, סוביעקטיוויסטישער פּובליציסטיק, אין „פּיסאַרעוושטשינע״ און כיינדלען זיך ווי אַן אַלטע מויד מיט זייער אָביעקטיוו־אַקאַדעמישן אומשולד.

„די קריטיק איז אָביעקטיוו, ווי די פיזיק,—זאָגט פּלעכאַנאָוו,—זי פּראָקלאַמירט ניט די אייביקע קונסט־געזעצן, נאָר זי באַמיט זיך שטודירן יענע אייביקע געזעצן, וואָס ווירקן אױף דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון דער קונסט״.

דאָסדאָזיקע שטודירן איז אָבער ניט „לעשעם שטודירן״, ווי עס שטעלן זיך פאָר איינצלנע מאַרקסיסטישע „אַקאַדעמיקער״. די מאַרקסיסטישע קונסט־קריטיק, ווי די מאַרקסיסטישע פילאָסאָפיע, ביכלאַל, קומט ניט בלויז דערקלערן די וועלט, נאָר אויך אומצוענדערן זי.

שטודירנדיק די אָביעקטיווע געזעצן פון דער קונסט־קריטיק, האָט דער רעוואָליוציאָנער־מאַרקסיסטישער קונסט־קריטיקער שטענדיק אײַנזינען די פּאָשעטע, די לענינישע פּראַקטיק—פאַרוואַנדלען די ליטעראַרישע קריטיק אין אַ געווער פון אופקלערן, שטופן פאָרויס מיליאָנען!

אַריבערגייענדיק פון „אָביעקטיווער״ רעגיסטראַציע צו רעוואָליוציאָניזירנדיקער שעפערישקייט, דערגרייכט די קריטיק איר העכסטע מאַדרייגע.

אין אַלע עפּאָכעס האָבן דאָס גאַנץ גוט פאַרשטאַנען די הערשנדיקע קלאַסן.

די רעוואָליוציאָנערע פראַנצויזישע בורזשואַזיע האָט גאַנץ „מעגושעמדיק״ גיליאָטינירט די „פרײַע מוזע״ און געפאָדערט, אַז די טראַגעדיע, לעמאָשל, זאָל אַנטוויקלען ליבע צו פרײַהײַט און פאָטערלאַנד (בורזשואַזער פרײַהײַט און בורזשואַזן פאָטערלאַנד)

די פּראָלעטאַרישע, קאָמוניסטישע קריטיק איז אָביעקטיוו, ווײַל זי שטודירט די אָביעקטיווע געזעצן פונעם אַרומיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן, זי איז אָבער גלײַכצײַטיק סוביעקטיוו־קעמפעריש, ווען זי שטעלט אַרויס דער קונסט באַוווּסטזיניקע פאָדערונגען, ווען זי בויט זי איבער אין העסקעם מיט די אידעאַלן פונעם אַרבעטער־קלאַס.

דעריבער איז די פּראָלעטאַרישע קאָמוניסטישע קריטיק ניט קײַן וועגעטאַריאַנישע קריטיק, ניט קײַן עפּיש־גלײַכגילטיקע „עסטעטישע״ קריטיק—זי „לאַכט און זי וויינט״. זי צאָרנט און זי האַלדזט.

די פּראָלעטאַרישע קאָמוניסטישער קריטיק וויל ניט שטיין איבער ליטעראַרישע קרײַזן, זי קעמפט קעגן „ברייטע״ ליטעראַרישע קרײַזן, ווי לענין האָט אַמאָל געקעמפט קעגן אַ „ברייטער״ פּאַרטיי. זי זאָגט אָפן אַרויס אירע סימפּאַטיעס די פּראָלעטאַריש־קאָמוניסטישע קרײַזן און קעמפט אָפן און פאַרביסן קעגן אַלע קעגנער פונעם קאָמוניזם אין קונסט.

אָנערקענענדיק רעוואָליוציאָנער־פּראָלעטאַרישע טענדענצן אין דער אָדער יענער קונסט־ריכטונג, שלעפּט זיך ניט די קאָמוניסטישע קריטיק אינעם עק פון די געשעענישן, וואַרט זי ניט אַף פּראָלעטאַרישע טאַלטאָיס, נאָר שטעלט זיך בעראָש פונעם פּראָצעס, דערציט טאַלענטן, שאַפט די נויטיקע סאָציאַלע אַטמאָספער פאַר זיי, שאַפט די נויטיקע מאַטעריעלע און גײַסטיקע מעגלעכקײַטן פאַר א נאָרמאַלער אַנטוויקלונג, אין דער ערשטער ריי, פון דער פּראָלעטאַריש־קאָמוניסטישער ריכטונג.

די קאָמוניסטישע קריטיק קאָן און דאַרף אפילע „דעקרעטירן" איבער קונסט־עמעסן, וואָס באַציִען זיך אַפן יעסאָד פון אָביעקטיווער היסטאָרישער אויספאָרשונג. זי קאָן און דאַרף אַרויסשטעלן פאָדערונגען צו דער ליטעראַטור, ניט נאָר בענוגייע צו איר אינהאַלט, נאָר אויך בענוגייע צו איר פאָרם, וואָס איז דאָך ענג פאַרבונדן מיטן אינהאַלט.

זי קאָן צוזאַמען מיט פּלעכאַנאָוון פּראָקלאַמירן, לעמאָשל, אַז דער „מיסטיציזם" פאַרטרעט די אידייִ באַם אידייעלאָזן דאָר פון דער צעפאַלונג־טקופע" און דעריבער איז ניסטער, לעמאָשל, פרעמד און שעדלעך פאַר אונדזער קאָמוניסטישן אופשטײַג־דאָר, ניט געקוקט אַף דעם, וואָס די דאָברושינס געפינען באַ אים רעמאָזים אַף מוישע ראַביינוס קאָמוניזם.

זי קאָן צוזאַמען מיט פּלעכאַנאָוון, האַוזענשטיינען, לונאַטשאַרסקין א. א. וו. פּראָקלאַמירן, לעמאָשל, אַז דער אימפּרעסיאָניזם איז אין טאָך דער סטיל פונעם יע־רידעדיקן, פּאַסיוון נעוראַסטענישן בורזשואַ, און דעריבער איז ער פרעמד און שעדלעך פאַר אונדזער קאָמוניסטישן האַרטן דאָר, ניט געקוקט אַף די רעצעפּטן פון דיזעלבע דאָברושינס צו פאַרוואַנדלען בערגעלסאָנס אימפּרעסיאָניזם אין „עכט יידישע אייגנשאַפטן".

די קריטיק טאָר ניט וואַרטן ביז דיכטער וועלן אָנשרײַבן ציאָניסטישע דעקלאַראַציעס און מיִסעס קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע פאַסקווילן אַף סאָוועטנרוסלאַנד — זי דאַרף לעכאַטכילע דערטאַפּן זייער דויפעק, שלאָגן די סאָנים און פירן די מיט־לויפער אַפן ריכטיקן וועג.

פּלעכאַנאָוו האָט אַמאָל דערקלערט, אַז גאָרקין קאָן ראַטעווען נאָר דער מאַרקסיזם. די יונגע יידישע דיכטונג קאָן ראַטעווען פון קרומע וועגן א לעכאַטכילעדיקע ערנסטע קאָמוניסטישע קריטיק פון זייערע ווערק.

דעריבער, אָבער, דאַרף די קריטיק גופע זיך געפינען אין אַן ענגן קאָנטאַקט מיטן מאַסן־לייענער.

צוגלײַך מיט דער פּראָבלעם פון פאָרם און אינהאַלט שטייט איצטער פאַר דער קריטיק די פּראָבלעם פונעם אויפגעוואַכטן מיליאָניקן מאַסן־לייענער. אין די פאַבזאַוואָדישע קולטקאָמיסיעס, אין די אַרבעטער־קלובן, אין די ביבליאָטעקן, אין די דאָרפישע לייענשטיבלעך — אומעטום דאַרף זײַן דער מאָדערנער קונסט־קריטיקער.

זיַין אידעאַל איז: ווערן דער רופאָר פונעם מאסן־לייענער און אזוי ארום פארשיטן דעם טהאָם צווישן בוך און לייענער.

קומען מיר איצט און באשולדיקן:

די גאנצע „אָקטיאבערישע אקער־ארבעט“, וואָס די „שטראָם“־קריטיק האָט אָפּגעטאָן ביז איצט, איז געגאנגען איינגאנצן קעגן די אידעאַלן פון דער קאָמוניסטישער מארקסיסטישער קריטיק אין דער הויפּטפראגע וועגן באלויכטן די ייִדישע ליטעראטור אין א מארקסיסטישן קלאסן־שייַן און אָנפירן מיט איר.

מע האָט געשטאָפּט אונדזערע יונגע דיכטער מיט לויב־מעליצעס וועגן אָקטיאבער־קונסט, בעשאס קיַין שפּור פון אָקטיאבער איז ניט געווען.

נעמט אזא ארטיקל, ווי דאָברושינס אין „עמעס“, ווו ער פראָקלאמירט, אז די יונגע ייִדישע דיכטונג גייט מיט „פעסטע טריט“ צום „געלייַטערטן אָקטיאבער“, לייענט דורך דעם עסטעטישן „קוירעך“, וואָס ער מאכט פון דער ייִדישער דיכטונג: גאָדינער „שטיקט זיך אין די ענג טראדיציאָנעלע וואָרט און פאָרם־רוימען“, מייעראָוויטש „איז געקומען אן אָנגעזעטיקטער מיט ייִדישן „וואָרט־נוסעך“, קושנירעוו האָט געגעבן „דאָס בילדערישע וואָרט“,—נו, און אויסער דעם „וואָרט“ אינטערעסירט גאָרניט דעם ייִדישן לייענער־אוילעם?

אַף מער איז אָבער די דאָברושין־קריטיק ניט בארופן. זי איז א „סאָוועטישע באַרישניע“ פון א באשטימטער טאריף־קאטעגאָריע, וואָס רעגיסטרירט, זי איז פּוסט אינעווייניק (אָפּטמאָל צעפּוילט), און מיט צוגעפּוצטע שמאטקעס פון „ווערטער־לעחוש פּרוווט זי זיך צו פארדעקן איר אידעיִשע פּוסטקייַט.

II

## פאריקמאכערישע קאָסמעטיק, אָדער וויסנשאפטלעכע עסטעטיק.

דער באקאנטער, געפליגלטער דעקאדענטישער פאראדאָקס, אז „דאָס וויכטיקסטע, וואָס א דיכטער דארף קאָנען איז... א ווערטערבוך“ און דער לעצטער היסטערישער אויסגעשריי—פיניבערגס: „א בראָך צו אונדז, מיר זייַנען לײדיק“.—

דאָ האָט איר פאר זיך די גאנצע „היסטאָריע“ און „היסטעריע“ פונעם וועג, וואָס דער פאָרמאליזם האָט דורכגעמאכט אויך „בא אונדז ייִדן“.

אין וואָס באשטייט די עסטעטישע טוירע פון דער פאָרמאליסטישער שול אין דער קונסט־קריטיק?

זי—די פאָרמאליסטיִשע שול—וויל זייַן „וויסנשאפטלעך־אָביעקטיוו“ אין איר אָפּשאצונג פון קונסט,—דעריבער דערקלערט זי די אווטאָנאָמע הערשאפט פון דער פאָרם.

דידאָזיקע זעלבסטהערשאפט פון דער פאָרם באטייַט, אז קייַן שום „אויסער־עסטעטישע“ ווירקונגען טאָרן ניט „מעטאמע זייַן דעם קאָדשע־קאָדאָשים“ פון קונסט

מיט גראָב־אוטיליטאריסטישע, מעגושעמדיק־קאָנקרעטע סיוזשעטן. אינהאַלט דערנידעריקט די עמעסע פרײַע קונסט.

די קונסט מוז זײַן אבסטראקט, זאָגט דער אידעאָלאָג פון פאָרמעלער עסטעטיק— דער אידעאַליסט קאַנט:

„שיין איז דאָס, וואָס געפעלט אָן קיין שום באגריף".

דעריבער איז לויט קאנטס מיינונג די שיינקייט פון א מענטשלעכן געזיכט ניט קיין „פרײַע" נאָר „געבונדענע" שיינקייט. דעריבער איז לויט קאנטן די העכסטע מאדרייגע פון שיינהייט א פילפארביקע אראבעסקע־מאָלערײַ.

ארויסטרײַבנדיק פון דער קונסט־וועלט יעדן שפור פון באגריף, טרײַבט גלײַכצײַטיק ארויס די פאָרמאליסטישע שול פונעם אָלימפּישן קונסט־טעמפּל דעם פּאַשעטן האמון; וואָס וועט קיינמאָל ניט פארשטיין דעם „ראפינירטן" דיכטער.

„קונסט איז שטענדיק געווען פרײַ פון לעבן און אף זײַן קאָליר האָט זיך קיינמאָל ניט אָפּגעשפּיגלט דער קאָליר פון דער פאָן איבער דער שטאָט־פעסטונג".

(שקלאָווסקי).

אזוי בלײַבט די קונסט פרײַ און... איינזאם.

איין העלד און כאווער איז איר פארבליבן—דאָס וואָרט—אין ליטעראטור, די פארב און ליניע—אין מאָלערײַ.

קאָמבינירט זי קלאנגען און ריטמען, מאכמעס דאָס וואָרט פאסט זי אוף בלויז אלס סומע פון קלאנגען, און „בויט ווערטער" לויטן מוסטער פון „באָבע־אָבע". „טשין־דראך".

קאָמבינירט זי פארבן און ליניעס, מאכמעס איר אינטערעסירט ניט דער רעזולטאט פון דער ארבעט, נאָר די ארבעט גופע, די אבסטראקטע קאָנסטרוקציע.

די פאָרמאליסטישע קריטיק בענטשט דידאָזיקע „אָביעקטיווע מעלאָכע" און שטודירט דעם „ווערטער־לעוויש" מיט דער טעמפּער אקשאָנעס פון א סכאָלאסטיקער.

וואָס פריידיקט אונדז אונדזער שלימאזלדיקע קריטיק?

וואָרט בא וואָרט דאָסזעלבע.

„אי שאָלעם־אליייכעם, אי פערעץ אפילע, אי דער ניסטער האָבן פון זיך אליין דורך דער פאָרם באשאפן דעם אינהאלט".

(דאָברושין).

וואָס־זשע האָט געצווונגען „אי שאָלעם־אלייכעמען, אי פערעצן אפילע „דורך דער פאָרם באשאפן דעם אינהאלט", און דערצו נאָך „פון זיך אליין", און ניט פארקערט? אף דעם ענטפערט דאָברושין:

דעם מאנגל פון אידעיִשן אינהאלט האָט די ייִדישע ליטעראטור פארוואנדלט אין א פאָרם— דערגרייכונג".

וואָס פאר א מאנגל, וואָס פאר א לאָקשן?

איר זאָגט דאָך אליין, אז „די ייִדישע ליטעראטור האָט פארמאָגט א מאָראלישן, אזוי צו זאָגן, אכרײַעסדיקן ערנסט",—טאָ ווי איז מעגלעך אָטאָ דער ערנסט אָן אן אידעיִשן אינהאלט?

פארקערט, די ייִדישע קלאַסישע ליטעראַטור, ווי יעדע קלאַסישע ליטעראַטור, איז אָנגעזאַפּט ביז איבער די ברעגעס מיט אידייען־אינהאַלט, מיט דער אידעיִשער אַפּאָלאָגיע פונעם קליינבירגערטום.

ער דערגייט דאָך מאמעש ביז א קוריאָז פון אמעראַצעס בייס מע קאָן אָפּדרוקן שווארץ אף ווייַס, אז:

„די האַמוינישע ליטעראַטור איז אין אַלע (!) ליטעראַטורן. דער עמעסער אויסדריקער פון דעם אידייענלאָזן, אַזוי צו זאָגן, בייטראַלן (!!) פאָלק־געשמאַק.

(י. דאָברושין).

דאָברושין איז פּאָשעט מאַלעגיירע אינטעליגענטישע רעאַקציאָנערע פאָרמאַליסטישע פראַזן, ווען ער שרייַבט:

„די מאָראַלישע אופפאַסונג פּ א ר ט ו נ ק ל ט טאָמיד דעם ר יי ן ־ ק י נ ס ט ל ע ר י ש ן באַטייַט פון שעפערישן וו אָ ר ט און פארשטאַרקט די סענטימענטאַלע ווירקונג־קראַפט פונעם בוך אפן לייענער".

וואָס איז אזוינס מאָראַל?

ס'איז א סכום נאָרמעס, מיט וועלכע א קלאַס רעגולירט זייַן קאַמף־שטייגער. אָפּוואַרפן די מאָראַלישע אופפאַסונג פון א קונסטווערק, הייסט אָפּוואַרפן די קלאַסן־אופפאַסונג פון א קונסטווערק—דאָס הייסט, ארויסטרייַבן ביכלאַל דעם קונסט־געברויכער פונעם „קונסט־טעמפּל".

וואָס טאַלאַנטפולער, מעכטיקער עס איז דאָס קונסט־ווערק, אַלץ טעמפּעראַמענטפולער, מאָראַלישער ווערט עס אופגעפאַסט.

יענער אמעריקאַנישער, דאַכט זיך, צושויער, וואָס האָט נאָכן ספּעקטאַקל „אָטעלאָ" דערמאָרדעט דעם ארטיסט, וועלכער האָט געשפּילט דעם נידערטרעכטיקן יאגאָ—יענער צושויער האָט מ אָ ר א ל י ש אופגעפאַסט שעקספּירן!

און ווי טרעפלעך איז די אופשריפט, וואָס איז געמאַכט געוואָרן, ווי מע דערציילט, אפן געמיינזאַמען קייווער פונעם דאָזיקן מערדער און דעם דערמאָרדעטן: „דעם גרעסטן ארטיסט און דעם גרעסטן צושויער"!

און פארוואָס עפּעס נאָר פּאָשעטע באָסערוואָדאָמס?

גאַוזענשטיין ברענגט א פּאַל מיטן באַוווּסטן פראַנצויזישן ראָמאַניסט באַלזאַק, וועלכער האָט שטייענדיק פאַר אן „אַבסטראַקטן" לאַנדשאַפט, אויסגעשריען:

„ווי שיין איז עס!.. —
אָבער וואָס טוען זיי אין אָט אָ דעם הייַזל?
וועגן וואָס טראַכטן זיי?
וועלכע אומאָנגענעמלעכקייַטן האָבן זיי?
זיי דארפן אוודאי אייַנצאָלן שטייַערן..."

נו, און באַלזאַק האָט מיט זייַן „מאָראַלישן" אופפאַסן דעם לאַנדשאַפט אויך פאַרטונקלט דעם עסטעטישן באַטייַט?

„אינהאַלט, מייַסע, סיוזשעט—ס'איז דער מיטל ניט דער ציל"—שרייַבט דאָברושין. וואָס־זשע איז אָבער דער ציל?

איז דער טערעץ: מיר ווייסן ניט פון קיין ציל. מיר זינגען, ווי דער פויגל, פריי.
צי דען־זשע טאקע „ווי דער פויגל פריי"?

דערמאָנט זיך נאָר „פרייע" דיכטער און „פרייע" פאָרמאַליסטישע קריטיקער, וואָס א פראנצויזישער יעפיסקאָפּ האָט אמאָל אין XVIII יאָרהונדערט געזאָגט, אין צוזאַמענהאנג מיט דעם, וואָס פריצים האָבן געשלאָגן וואָלטערן:

„מיר וואָלטן געוועזן אומגליקלעך, ווען פּאָעטן וואָלטן ניט געהאט קיין רוקנס".

כ'מיין ניט, כאָלילע, אייך אָנשרעקן מיט „א שטעקן", פארוואָס זאָלט איר אָבער זיין אזוי טמימעסדיק אין דער פראגע וועגן קינסטלער־פרייהייט?

וואָס אזוינס איז וואָרט, וועגן וועלכן עס רעדט אזויפיל די מאָדערנע „אויסגעלינקטע" קריטיק?

איז עס פריער פון אלץ „מאָס און וואָג", קלאנג און ריטם?

ניין, ס'הויבט זיך ניט אָן!

„ליטעראטור — דאָס איז וואָרט — קונסט, און יעדער וואָרט דריקט אויס א וועלכן ס'איז ניט באגריף.

„דאָס וואָרט איז הויפּטזעכלעך די שפּראך פונעם אינטעלעקט פון דער אור־שפּראך — פון דער עמאָציעס־שפּראך — זיינען פארבליבן בלויז אויסרופן... די עמאָציאָנעלע זייט פון דער שפּראך זיך דריקט אויס אינעם וואָרט־ריטם, אינעם טראָפּ, אקאָמפּאנירנדיקער מימיק, זשעסטיקוליאציע א. א. וו."

(לונאטשארסקי).

דאָברושין הויבט דערביי אָן צו פּאָכן מיט זיין עסטעטישער נעשאָמע־יעסיירע: — נו, און די „מאָס און וואָג פון דער שורע"? — מיט אייער אוטיליטאריסטישן צוגאנג קוילעט איר דאָך זיי אוועק אָן א מעסער! —

— געדולד, הויכגעשעצטער קריטיקער!

מיר זיינען איינשטימיק מיט פּלעכאנאָוון, אז „דער „צווייטער אקט" פון דער מאטעריאליסטישער קריטיק דארף זיין די אָפּשאצונג פון די עסטעטישע מיילעס פונעם באהאנדלטן ווערק.

די מארקסיסטישע קריטיק שאצט אָפּ די געהעריקע דעוואַרייכונגען פון דער פאָרם, פאר איר אָבער שטייט די פּראָבלעמע פון פאָרם־אינהאלט ניט אפן קאָפּ, נאָר אף די פיס.

די מארקסיסטישע קריטיק באווייזט אפן גרונט פון אָן אָביעקטיוו־וויסנשאפטלעכן אנאליז, אז די פּראָבלעמע פון פאָרם־אינהאלט איז געלייזט געוואָרן שטענדיק אין העסקעם מיט באשטימטע סאָציאַל־עקאָנאָמישע באדינגונגען.

די, וואָס גייען פאָרויס קאמף־פעיקע און גלויבנפולע, אָנגעזאָפּטע מיט אידעישן אינהאלט, איינגעוואָרצלטע אינעם לעבן — זיי געפינען די געזונטע הארמאָנישע גאנצקייט פון פאָרם־אינהאלט. אין די ערשטע „היציקע" איבערגאנג־פעריאָדן ווירקט אפילע פּלעכאנאָווס „ווידערשפּרוך־געזעץ", לויט וועלכן די יונגע, די צעשטערער, פארמעסטן זיך מיט זייער האק אויך אף די „עסטעטישע קיילים", דאן — זאָגט

פלעכאנאָוו—שטייט אפילו אָפּ די פאָרם פונעם אופגעברויזטן אינהאלט, דאן הערן זיך פאָדערונגען „צעשמעטערן די עסטעטיק“.

פארקערט, די, וואָס זײַנען „באליידיקט“ געוואָרן דורך דער געשיכטע, די, וואָס זײַנען אויסגעוואָרצלט פונעם לעבן, די, וואָס האָבן ניט וואָס צו זאָגן, בויען זיי „ווערטער־מאָנומענטן“, „מעסטן זיי און וועגן זיי די שורע“, פריידיקן זיי צוזאמען מיט דאָברושינען, לעמאָשל, אז „קונסט איז די מאטעמאטיק פון דער נעשאָמע, ווי די מאטעמאטיק איז זי אבסטראקט“ און אזוי ווײַטער.

די ליטעראַרישע יערידע דריקט זיך אויס שטענדיק אגעוו אין דעם, וואָס מע האלט מער פון דער פאָרם איידער פונעם אינהאלט“. (פלעכאנאָוו).

אָט ווי די מארקסיסטישע קריטיק לייזט די פּראָבלעמע פון פאָרם און אינהאלט. אונדזער קריטיק האָט ביז איצט דידאַזיקע פּראָבלעמע אינגאנצן ניט געשטעלט. „א בראָך צו אונדז, מיר זײַנען ליידיק“.

— ליידיק?

ניין, ניט אלע!

ליידיק איז די אינטעליגענטישע מעליצע־קריטיק, וואָס „האקט וואָרט־ווערטן ווי די סקולפּטור“.

אונדזער כויוו איז צו ליקווידירן די „קערענשטשינע“ אין אונדזער ליטעראטור, ווי מיר האָבן זי ליקווידירט אין דער פּאָליטיק.

.1925

# יידישע קונסט, אָדער קינסטלעכע יידן.

## I

די יונגע מארקסיסטישע קונסט־קריטיק האָט דורכצומאכן קימאט דיזעלבע שטרייט־עטאפּן, וואָס בעשייטוי האָט דורכגעמאכט דער יונגער מארקסיזם אינגאנצן גענומען.

דיזעלבע פארביטערטע קאמפן קעגן אידעאליזם, סיי אין זיין אָביעקטיווער אנטפלעקונג—אין דער פאָרם פון פארשיידענע רעאקציאָנער־מיסטישע טעאָריעס, סיי אין זיין סוביעקטיווער אנטפלעקונג (אינטעליגענטישן סוביעקטיוויזם), דיזעלבע צוזאמענשטויסן מיטן אופגעבלאָזענעם, פוסטן, רעאקציאָנער־ראָמאנטישן נאציאָנאליזם (ראָמאנטישע טעאָריעס וועגן „נאציאָנאלער אייגנארטיקייט", וועגן אן „אייגענעם וועג" א. א. וו.).

פלעכאנאָוו, ווען ס׳געהערן די גלענצנדיקסטע מוסטערן פון מארקסיסטישער קונסט־קריטיק, האָט שוין בעשייטוי קאָנסטאטירט, אז דער קאמף צווישן מארקסיסטישער און ניטמארקסיסטישער קונסט־קריטיק איז דער אלטער קאמף צווישן מאטעריאליזם און אידעאליזם אין דער פילאָזאָפיע.

דער אידעאליזם, אלס וועלט־אופאסונג, איז ביכלאל ענג צונויפגעפלאָכטן מיט אלע מאָדערנע דעקאדענטישע, פאָרמאליסטישע טעאָריעס אין קונסט.

פלעכאנאָוו אָבער איז ניט אויסגעקומען צו בארירן דעם צווייטן שטרייט־עטאפּ, וואָס דער יונגער מארקסיסטישער קונסט־קריטיק קומט אויס דורכצומאכן אין איר קאמף מיט דער פאָרמאליסטישער קונסט־קריטיק—פלעכאנאָוו האָט זיך ווייניק אָפּגעשטעלט אף די פארשיידענע „אקאדעמישע" פלאפלערייען וועגן „נאציאָנאל־עסטעטישע סטילן", „נאציאָנאלע קונסט־פאָרם" און „נאציאָנאלע שיינקייט־גייסט".

דער קאמף קעגן דידאָזיקע רעאקציאָנער־ראָמאנטישע, נאציאָנאליסטישע קונסט־טעאָריעס איז איצט ניט ווייניקער אקטועל, איידער דער קאמף קעגן דעם פאָרמאליסטישן מעטאָד אין קונסט, און עפשער נאָך אקטועלער, נעמענדיק אין אכט די שוידערלעכע נעווייל־יערושע, וואָס דער נאציאָנאליזם האָט איבערגעלאָזן נאָך זיך.

דער מאָדערנער מארקסיסטישער קונסט־קריטיק קומט נאָך אויס אדייעם זיך צוזאמענשטויסן מיט דידאָזיקע נאציאָנאל־עסטעטישע פאָרורטיילן אינעם פראקטישן טאָג־טעגלעכן קאמף פאר פאריניקן די אינטערנאציאָנאלע פראָלעטארישע קונסט.

און, געוויינטלעך, ווי ס'קריסטלט זיך, אזוי יִדלט זיך—פארמאָגן מיר אויך אונדזער יִדישע „נאציִאָנאל־עסטעטישע טעאָריעס" און „יִדישע עסטעטִישע סטילן".

און, ווי געוויינטלעך, קומען אָן צו אונדז דידאָזיקע נאציִאָנאל־עסטעטישע כאָכמעס א היפּש ביסל פארשפּעטיקט אין א צווייטער אופלאגע, און דעריבער זיינען זיי לויטן אלטן קלאל, מער קאָמיש איידער טראגיש.

די יונגע יִדישע מארקסיסטישע קונסט־קריטיק קאָן אָבער ניט באם איצטיקן מאָמענט זיך דערלויבן א לוקסוס און געמיטלעך שמייכלען איבער דידאָזיקע נאציִאָנאל־עסטעטישע פלוידערייען—די יִדישע מארקסיסטישע קונסט־קריטיק דארף אופדעקן די גאנצע רעאקציִאָנערע שעדלעכקייט, די גאנצע צעפוילטקייט, וואָס ליגט באהאלטן אין די פאלדן פון דידאָזיקע עסטעטישע טעאָריעס, מאכמעס זיי האָבן די כוצפּע צו ריידן אין נאָמען פון „אָקטיאבער־קונסט".

## II

אין 1919 יאָר איז אין קיעוו, אין פארלאג פון דער „קולטור־ליגע" ארויסגעגאנגען א זאמלבוך „אופגאנג".

געווען איז דעמלט די גאָלדענע טקופע פון דער יִדישיסטישער „נאציִאָנאל־וועלטלעכער" קונסט—די „קיִעווער טקופע".

ווערט אָפּגעדרוקט אינעם דאָזיקן זאמלבוך אן ארטיקל פון די יִדישע מאָלער י. ריבאק און ב. אראָנסאָן.

דער ארטיקל טראָגט א גאנץ ערנסט קעפל: „די וועגן פון דער יִדישער מאָלערײַ", אָן קיין שום באמערקונג פון דער רעדאקציע.

איז אף וועלכע וועגן רופן די אויבנדערמאָנטע קינסטלער די יִדישע קונסט?

ארויסטרעטנדיק מיטן לאָזונג: „לעבן זאָל די אבסטראקטע (!) פאָרם—זי איז נאציִאָנאל", און לעכאטכילע דערקלערנדיק, אז „דער האמוין (!) איז ניט פעיִק אופצונעמען די נײַע פאָרם",—אנטוויקלען זיי א פארפלאָנטערטע טעאָריע וועגן דער נאציִאָנאלער ספּעציפישקייט פון דער „יִדישער קונסט".

די מעכאברים דארשענען וועגן דעם, אז פארשיידענע פעלקער און ראסן האָבן געשאפן זייערע ספּעציפישע עסטעטישע עמעסן, „די טרוקנקייט און פילאָזאָפישקייט פון די דײַטשן", „די אסקעטישקייט און פאנאטישקייט פון די שפּאניער", „די לעבנלוסטיקייט און פארביקייט פונעם פלאמאנדער"—דאָס אלץ דריקט זיך אויס אין די קונסט־ווערק פון די אנטשפּרעכנדיקע נאציִאָנאלע מאָלער.

פארענדיקנדיק מיט דידאָזיקע „אבסאָליוטע ראסן־טיפּן", גיבן זיך א נעם אונדזערע „פילאָזאָפן" צו די יִדישע מאָלער. ווײַזט זיך ארויס, אז אנטאָקאָלסקי, לעמאָשל, איז געווען א „ייִד" לויט זיינע לעבנס־אופאסונגען, נאָר ניט לויט זיינע פּלאסטישע אופאסונגען". בא לעוויטאנען האָט זיך די „סעמיטישע (!) אופאסונג ארויסגעוויזן אין קאָלאָריט און אינעם צאפלדיקן געפיל פון טאָן". לעוויטאנס

„אומעטיקע" הארבסט־מאָטיוון נעמען זיך... פון דער ספּעציפישער אופאסונג פון לעוויטאנען—דעם ייִדן". דער אימפּרעסיאָניזם האָט, לויט דער מיינונג פון דיזעלבע מעכאברים, ניט געקאָנט אנטפּלעקן „די אייגנטימלעכע ייִדישע שטריכן פון או־פאסונג".

טאָ ווי זשע זעט אויס די עמעסע, די „אטאָבעכארטאָנעדיקע „סעמיִטישע" קונסט־אופאסונג?

אף דעם ענטפערן די מעכאברים: דער גייַסט פון דער ייִדישער קונסט־אופא־סונג באקומט זייַן טיקן אין... דער אבסטראקטער מאָלערייַ, וואָס איז „פרייַ פון יעדן ליטעראַרישן צומיש", דאָס הייסט פון אינהאלט, און טאקע אינעם קוביזם (אין יעסאָד פון וועלכן ס'ליגט דער אינטעליגענטישער, רעאַקציאָנערער סוב־יעקטיוויזם און וועגן וועלכן פלעכאנאָוו האָט אמאָל געזאָגט: „Кубизм—чепуха в кубе".

קעדיי אָבער לעכאטכילע אויסמייַדן יעדן אָנגריף מיצאד „האמוינישע" סקעפּטיקער, ווערט דידאָזיקע טעאָריע באגרינדעט „וויסנשאפטלעך" אף אזא אויפן:

„פּיקאסא (דער קוביסט) איז אזוי נאָענט און טייַער אונדז, ייִדישע קינסטלער... ווער ווייס, עפשער האָבן זיך דאָ ארויסגעוויזן די געוויסע ייִדישע ראסע־שטריכן, וואָס געפינען זיך אין קרוי־וועשאפט מיט די שפּאנישע?"

(אופגאנג—זייַטל 119).

א קאשע אף א מייַסע! פארצייַטיקע שפּאנישע ריטער פלעגן ניט זעלטן „פאר־ברענגען" מיט טעכטער פון שפּאנישע ייִדישע סאָכרים—דידאָזיקע „ראסן־קרויווע־שאפט" האָט זיך אָפּגערופן אפן „ייִדישן עסטעטישן סטיל" פון ריבאקס „פינטעלע יודע"!

זייַענדיק באזאָרגט מיט אזא אָריגינעלן „וויסנשאפטלעכן" ארגומענט, פאלן אריַין די „עכט־ייִדישע" קוביסטישע טעאָרעטיקער אין א גרויסער היספּייַלעס און פארענ־דיקן זייער ארטיקל מיט אן אויסגעשריי: „די ייִדישע קינסטלער זייַנען אזיִאטיש פארשיקערט פון פאָרם".

ייִדישע שיקורים—מ'שטיינס געזאָגט! קייַן גרויסן פּאכאד, אייגנטלעך, ווארפן זיי אף קיינעם ניט ארוף, זייער טעאָריע אָבער, די טעאָריע וועגן „ייִדישער שיינקייַט", „היסטאָריש־ייִדישן" עסטעטישן סטיל איז ווערט ס'זאָל פארייביקט ווערן אף דער סצענע פונעם ייִדישן מעלוכע־טעאטער אלס דאָס 4־טע „פינטעלע יודע"!

וואָרעם וואָס קאָן נאָך קאָמישער זייַן פון דידאָזיקע אויסגעדראָשענע ראסן־מעלי־צעס וועגן טרוקנקייַט און פילאָזאָפישקייַט פון די דייַטשן (אָ, „טרוקענע" „פילאָזאָ־פישע" דייַטשישע ספּארטאקיסטן אין 1919 יאָר!) און „לעבנלוסטיקייַט פונעם עמעסן פלאמאנדער"? (אָך, גליקלעכע „לעבנלוסטיקע" פלאמאנדישע ארבעטער און פויערים!).

וואָרעם וואָס, אויב ניט באטלאָנעס, זייַנען דידאָזיקע אלע פלוידערייַען וועגן עכט ייִדישן אומעט באם מאָלער לעוויטאן און דעם קאָליר פון סאמע־טענע יארמלקעס און באגילדעטע טאלייסים—אלס גרונטקאָלאָריט פונעם עכט־ייִדישן געמאָל.

מיר זאָגן זיך אָפּ פון צו יאַרשענען אײַער עכט־ייִדישן אומעט; אײַער עכט־ייִדישן יאַרמאָלקע־קאָלזיִריט, אײַער ראסן קרויוועשאפט מיט די שפּאנישע קוביסטן!

בא אונדזערע „בראָנזענע יונגען" בליצן אויגן מיט קאָמסאָמאָלישער כוצפּעדיקער פרייד, און בלוטרויט זײַנען אונדזערע העמדלעך און האלדז־טיכלעך, און איין, אינטערנאציאָנאלע מישפּאָכע זײַנען מיר אלע: סײַ „טרוקן־פילאָזאָפישע" דײַטשישע סײַ „לעבנלוסטיקע"־פלאמאנדישע ארבעטער!

די טעאָריע וועגן אבסטראקטער, אינטעליגענטישער אינהאלטלאָזער, צוועקלאָזער קונצנמאכערײַ שטעמפּלען מיר אלס רעאקציאָנערע טעאָריע, וואָס דינט אונדזער קלאסן־סוינע אָן אונטערשייד פון „ראסן־כאראקטער".

פילן מיר ווי אונדזערע ארבעטער־לייענער ווערן אומגעדולדיק: ווען ארט אָבער דידאָזיקע באטלאָנעס? צו וואָס זיך גריבלען אין אלטע מיסטקאסטנס פון קיִעווער ייִדישיסטישער קולטור־ליגע?

דערויף ענטפערן מיר: דערדאָזיקער מיסטקאסטן שטייט נאָך אדײַ־עם אין צענטער פון אונדזער ייִדישער דאָברושין־קריטיק און פארפעסטעט די לופט פון אונדזער יונגער ליטעראטור און קונסט ביכלאל.

## III

אין 1923 יאָר איז אין „שטראָם" נומ. 4 אָפּגעדרוקט געוואָרן אויסלענדערס אר־טיקל „ערשטע טריט".

קאָן זיך ניט בארויִקן אויסלענדערס „אומרויִקער גײַסט", דרייען זיך אים אין קאָפּ שווערע רײַוינעס. פון איין זײַט איז א סאקאָנע איצט, אין „שײַן פון רעוואָליוציע־צײַט", בויען א נאציאָנאל־עסטעטישע טעאָריע אויסער צײַט און קלאס „אין דער ריכטונג פון די הילעל צייטלינס", פון דער צווייטער זײַט אָבער, פלאמען אים—אויס־לענדערן—מאמעש די אויגן פון כארפּע, אלעמײַ „אונדז פעלט איבערהויפּט יעטווידער אָנדענק וועגן אונדזער עסטעטיק".

אויסלענדער זוכט, נישטערט, ליגט צו דעם אויער, צי הערן זיך ניט ערגעץ די ערשטע מאָשיעך־טריט פון דער מאָדערנער „ייִדישער עסטעטיק", און ער דער־הערט!

אין דאָברושינס בוך „געדאנקען־גאנג" האָט ער געפונען די מאָדערנע ייִדישע עסטעטישע טעאָריע, „אין דער ריכטונג פונעם אינטערנאציאָנאלן עסטעטישן געדאנק".

אויסלענדער, אייגנטלעך, געפינט אפילע אייניקע כעסרוינעס אין דאָברושינס „ייִדיש־עסטעטישן סטיל". ער איז אים אָבער דאָס מויכל, מאכמעס דאָברושין אליין פראָקלאמירט: „זאָל מען אונדז ניט אופוואַרפן, אז בא אונדז פעלט אויס קלאָרקײַט— אונדזער פאך איז דאָך אזא!"

אויסלענדערס פאַך־סאָלידאַרישקייט מיט דאָבּרושינען פאַרשטייען מיר, מיר האַלטן אָבער גאַנץ ווייניק פון דערדאָזיקער דאָבּרושינישער אומקלאָרקייט — אונדזער פאַך איז גראָד ניט אזא, און דעריבער וועלן מיר זיך דערלויבן אויסטייטשן דאָבּרושינס מאָדערנע ייִדישע עסטעטיק.

דאָבּרושין האָט אינערגעץ זיך ניט אָפּגעשטעלט געווי און אויספירלעך אַף דער דאָזיקער פּראָבּלעם פון „ייִדיש־אָרגאַנישער שייַנקייַט" און „ייִדישער עסטעטיק". ער האָט בלויז געמאַכט קוואַלערישע אַליורן ארום און נעבן דערדאָזיקער פּראָבּלעם. ווי זאָגן אָבער אונדזערע ראַסן־פילאָזאָפן, קוואַלערישע ספּעציאַליטעט איז ניט קיין „ראַסן־אייגנשאַפט" פונעם „ייִד" און דעריבער טאַקע זייַנען דידאָזיקע דאָבּרושינס קוואַלערישע אַליורן גאַנץ קאָמיש.

דאָבּרושין כאַזערט איבער די אויסגעדראָשענע אידעאַליסטישע סכעמע, לויט וועלכער „דייַטשלאַנד מיט איר פילאָזאָפיש־מעטאַפיזישער קולטור" האָט לויט איר עצעם „נאַציאָנאַלן גייַסט" געמוזט שאַפן „אַן אומגעהויערע וועלט־גרויסע פּאָעזיע", וואָס זינגט „ווי דער פויגל זינגט", (דאָס הייסט „פרייַ") די „פּאָזיטיוו־דענקענדיקע פראַנקרייַך", פאַרקערט, האָט געמוזט געבן „די גרעסטע שעפער פון דער אייראָפּעיִשער פּראָזע" („געדאַנקענגאַנג", זייַטל 75).

אונדזער הויכגעשעצטער „אָקטיאַבער־קריטיקער" דאָבּרושין איז גאָרניט כוישעד, אַז אין דייַטשלאַנד, אין לאַנד פון דער „פילאָזאָפיש־מעטאַפיזישער קולטור" איז צום ערשטן מאָל די טעטאַפיזיק גראָד געניאַל טויט־געשלאָגן געוואָרן דורכן דייַטשישן מאַרקסיזם און, פאַרקערט, די „פּאָזיטיוו דענקענדיקע פראַנקרייַך" איז גאַנץ ווייַט אָפּגעשטאַנען פון דער מאָדערנער „פּאָזיטיווער קולטור".

אויב ווידער ס'האַנדלט זיך בלויז וועגן באַשטימטע היסטאָרישע פּעריאָדן, טאָר מען דאָך ניט פאַרוואַנדלען זיי אין אַבסאָליוטע היסטאָרישע ווערטן, דאַרף מען דאָך זייערע געזעלשאַפטלעך־מאַטעריעלע וואָרצלען אַנטבלויזן.

אַזוי פירט מען זיך בא עמעסע אָקטיאַבער־קריטיקער, אָן געגנדזן־פיסלעך, בא מאַרקסיסטן, וואָס באַקעמפן אַלע טעאָריעס וועגן „אַבסאָליוטע ווערטן", אויסער צייַט און קלאַס.

דאָבּרושין, פאַרקערט, רעדט אָפן וועגן „שייַן פון אַבסאָליוטער עסטעטישער אָפּשאַצונג".

אין נאָמען פון דערדאָזיקער „אַבסאָליוטער עסטעטישער אָפּשאַצונג" לייקנט אָפּ דאָבּרושין די געזעלשאַפטלעכע — די „מאָראַלישע" אָפּשאַצונג פון קונסט־ווערק („געדאַנקענגאַנג" זייַטל 9).

באַזירנדיק זיך אַף דערדאָזיקער „אַבסאָליוטער עסטעטישער אָפּשאַצונג", בויט דאָבּרושין די־זעלבע „היסטאָריש־ייִדישע" עסטעטישע טעאָריע, וואָס די אַמאָליקע באַטלאָנים פון „השלוח" און מאָדערנע אויסגעלינקטע קוביסטישע נעוויִים ווי, לעמאָשל, ריבאַק און אַראָנסאָן.

אין יעסאָד פון דער מאָדערנער ייִדישער קונסט דאַרף לויט דאָבּרושינס אופגעקלערטער מיינונג ליגן דער „אָרגאַניש־ייִדישער" קינסטלערישער פּרימיטיוו דער „לו־

באָק״, ווי, לעמאַשל: אויסגעקריצטע מאַציִוועס, פּאָרויכעסן, יאַרמעלקעס, האַגאָדעס א. א. וו. (זײַטל 116).

זייער גרונט־טאָן דער „ייִדישער אויסדערווײַלטער טאָן סאַמעט־שוואַרץ, אָן א שיר פּיִאָלעט, גרוי און באַגילדט״—דאָס דאַרף ווערן דער גרונט־קאָלאָריט פון דער מאָדערנער ייִדישער קונסט (זײַטל 118).

אין וואָס־זשע באַשטייט דער גרונט־שטריך פון דערדאָזיקער „ייִדישער שיינקײַט״ פונעם דאָזיקן „ייִדישן קאָלאָריט״?

אף דעם ענטפערט דאָברושין, איבערכאַזערנדיק די מעליצעס פון זײַנע גוטע פרײַנט—ריבאַק און אַראָנסאָן: ריישיס איז „דער ייִדישער טאָן פּאַרטיפּט, ניט פריילעך, ווי דער רוסישער״, און צווייטנס, וואַרפט זיך אין די אויגן דער אַבסטראַקטער, דער רוכניעסדיקער, אַזוי צו זאָגן, דער־הויבענער כאַראַקטער פונעם ייִדישן „לובאָק״ (זײַטל 117).

איז אָט, אויסדערווײַלטער „ראַסן־קריטיקער״! וועגן רוסישן „פּאַרטיפּטן ניט־פריילעכן טאָן״ זאָלן זאָגן רוסישע קאָמסאָמאָלצעס (דאַ־אַ־לאָי, דאַל־אָי מאָנאַכאָוו...) וואָס איז שײַעך דעם ייִדישן „טרויער״ און דעם סאַמעט־שוואַרצן יאַרמעלקע־קאָלאָריט און דער „רוכניעס״ פון דער האַגאָדע, דערלויבט אונדז אײַך צו דערקלערן: באַ אײַך איז בלויז נאַציִאָנאַל דער אָפּפאַל פון דער געשיכטע, ביטע נעמט זיך עס צו געזונטערהייט און קנעט פון דעם אויס אײַער ייִדישן עסטעטישן סטיל.

מיר וועלן זיך באַגיין אָן דעם.

וואָרעם וואָס איז אַזוינס „ייִדישער עסטעטישער סטיל״, וואָס לויט אײַער מיינונג איז עס דער הויפּט־פאַרדינסט פון פערעצעס שאַפן?

פערעץ אין זײַנע רעאַקציאָנערע, נאַציאָנאַל־ראָמאַנטישע זוכענישן האָט דאָך אייגנטלעך אויך אַנטוויקלט די אַלטע באַטלאָנישע פילאָזאָפיע פון די צייטלינס!

דער קאַמף צווישן דער „היסטאָריש־ייִדישער״ עסטעטיק און דער ניט־ייִדישער עסטעטיק ווערט באַ אים יעשיוועבאָכעריש פאָרמולירט אַלס קאַמף צווישן „ווענוס און שולאַמיס״.

פערעץ שטרײַכט אויך אונטער די רוכניעסדיקײַט פון דער „ייִדישער שיינקײַט״. „שיינקײַט, מיינט איר, האָט איר אויסגעטראַכט״ שרײַט אויס מיט היס־פּײַלעס איינער פון פערעצעס־כסידים, און דאָברושין כאַפּט זיך אָן פאַרן דאָזיקן באַטלאָניש־עסטעטישן קאַמף־געשריי, ער קניט פאַר פערעצעס ייִדיש־עסטעטישן סטיל. „שיינע אייביקײַט און אייביקע וועלט־שיינקײַט״, אָט צו וואָס דאָברושין ציט זיך פון „די ערדישע שטויבן״ (זײַטל 57).

דידאָזיקע „הויכע באַנאַליטעטן״ באַקומען א באַזונדערן טאַם, ווען דאָברושין מעסט מיט זיי קאָנקרעטע קונסט־דערשײַנונגען.

די פּראָבלעם פון א נײַעם מאַסאָוון פּראָלעטאַריש־רעוואָליוציאָנערן טעאַטער, וואָס איז איצט אַזוי שאַרף אוועקגעשטעלט געוואָרן ניט נאָר פאַר דער ייִדישער אַרבע־

טערשאפט, נאָר אויך פאר דער רוסישער פראָלעטארישער געזעלשאפטלעכקייט, לייזט אונדזער „נאציאָנאל־עסטעטיקער“ דאָברושין אף אזא „וויסנשאפטלעכן“ אויפן:

„די יידישע באלעבאטישקייט“, וואָס איז קיינמאָל ניט געווען היסטאָריש־יידיש (מיין קורסיוו. י. ב.) האָט געשאפן איר אייגענע טעאטער־בינע, וואָס איז אויך אין מעשעך פון דער גאנצער צייט געשטאנען אויסער יעדער ווירקונג פון „היסטאָריש־יידישן מאָדערנעם קולטור־געדאנק“ (זייטל 122).

קאָן ניט אונדזער „היסטאָריש־יידישער עסטעטיקער“, דאָברושין, פארלייַדן די אוולעס מיצאד דער יידישער באלעבאטישקייט, און ער שטעלט זיך אוועק שטראָפן דעם אלטן יידישן באלעבאטיש־סענטימענטאלן טעאטער, אזוי צו זאָגן:

„דער יעהופעצער מענאכעם־מענדל... זוכט ניט דעם אייביקייט־פּאָנעם (אר־וואו! י.ב.) פון דער נאציאָנאלער און וועלטישער געשיכטע. דער יידישער באלעבאָס איז דעריבער קיינמאָל ניט און אין ערגעץ ניט פארבונדן מיט קיין שום פראָבלעמען פון ריינעם שאפן. (מיין קורסיוו. י. ב.). (זייטל 122).

אוואדע, איז מענאכעם־מענדל ניט קיין סימפאטישער נעפעש, שטראָפן אים אָבער דערפאר, וואָס ער זוכט ניט דעם „אייביקייט־פּאָנעם“ פון דער געשיכטע און האלט ניט פון „ריינעם שאפן“ (אָן צומיש פון געזעלשאפטלעכקייט) איז אביסל... אמעראציש, מאכמעס באלעבאטיש איז גראָד יאָ זוכן דעם „אייביקייט־פּאָנעם“ פון דער געשיכטע, מאכמעס באלעבאטיש איז יאָ פריידיקן ריינעם שאפן.

די מעטאפיזישע, אידעאליסטישע טעאָריעס וועגן „אייביקייט־פּאָנעם“ פון דער געשיכטע און „ריינעם שאפן“—דאָס זיינען גראָד די גרונט־שטריכן פונעם מאָדערנעם יערידע־באלעבאָס, וואָס איז צעטומלט פונעם דיאלעקטישן פּאָנעם פון דער געשיכטע (ניט אייביק, נאָר דיאלעקטיש־פארענדערלעך) און זוכט צו געפינען א טרייסט אין די שטילע טעמפלען פון „ריינעם שאפן“.

דאָברושין, פארקערט, לייגט פאַר דעם רעוואָליוציאָנערן יידישן פראָלעטאריאט זוכן דעם „אייביקייט־פּאָנעם“ פון דער געשיכטע און זיך „פארבינדן מיט די פראָבלעמען פון ריינעם שאפן“.

צו וואָס דארפן ברענגען דידאָזיקע ארכיוו־זוכענישן אונטער דאָברושינס אָנפירונג?

צו אן אייגענער יידיש־נאציאָנאלער טעאטער־פאָרם — צום פּערעץ־טעאטער,—ענטפערט אָפּ דאָברושין.

„דער פּערעץ־טעאטער—און אזא טעאטער וועלן מיר זיכער האָבן—וועט זיין דער ערשטער פרוכטבארער אָנהויב פון אן אייגנארטיקער יידיש־נאציאָנאלער טעאט.ער־פאָרם, ווייל פּערעץ האָט דורך דראמאטורגישע מיטלען געלייטערט זיינע געדאנקען־סימוואָלן און דערהויבן זיי ביז צו יענע זונען־הויכן, ווו אלע ערדישע שטויבן באקומען דעם אָפּגלאנץ פון דער גרויסער שיין, וואָס גייט פון דער אייביקייט“.

(זייטל 128, מיין קורסיוו. י. ב.).

אָ, הייליקע טמימעס!

קומען צו אונדז, אינעם נעסט פונעם קעמפענדיקן מאטעריאליזם און לעניניזם, און ריידן וועגן „ערדישע שטויבן“, וואָס באקומען דעם „אָפּגלאנץ פון דער אייביקייט“

(פונעם ריבוינעשעלוילעם), פריידיקן דעם סימוואָלישן, רעאקציאָנער־ראָמאנטישן פערעך־טעאטער אלס פּראָלעטארישן טעאטער — ווי באטלאָניש דארף מען זײַן דערויף!

ס'איז אָבער מער ווי הייליקע טמימעס, ס'איז מער ווי באטלאָנעס.

ס'שטעקט אין ערנסטע געפאר, אז דידאָזיקע טעאָריע, לויט וועלכער פערעצעס „באנאכט אפן אלטן מארק" פארמאָגט אלע גרויסע אייגנשאפטן פון עכטער ייִדיש־אָרגאנישער „דראמאטורגיע", וועט פארפעסטן די לופט פון אונדזער רעוואָליוציאָנערן ייִדישן מעלוכע־טעאטער אין מאָסקווע. ס'איז אָן שום ספק פאראן א געפאר, אז אונדזער טעאטער זאָל פארוואנדלט ווערן אין א „ייִדישיסטישער האבימאָ", אויב דידאָזיקע טעאָריע פון פערעצישער „עכטער ייִדישער אָרגאנישער דראמאטורגיע" וועט באצײַטנס ניט אויסגעוואָרצלט ווערן.

ניט ווייניקער שעדלעך זײַנען די איבעריקע „נאציאָנאל־עסטעטישע" אויסטײַטשונגען, וואָס דאָברושין דארשנט.

דעם גרונט־שטריך פון ווייכלײַביקן, רעאקציאָנערן, אינטעליגענטישן אימפּרעסיאָניזם, די רעפלעקטאָרישע אייגנשאפט, דאָס באטלאָנישע גריבלען זיך און שמײַסן זיך, פראָקלאמירט דאָברושין אלס אן עכט־ייִדישע אייגנשאפט פון זעלבסט־אנאליז („שטראָם", נומ. 4 זײַטל 74), און דעריבער דערקלערט ער, אז מירל פון בערגעלסאָנס „נאָך אלעמען" איז אונדז „א נאָענטע, א בלוטאייגענע מיט אלע אירע כעסרוינעס און מײַלעס", אז דער ראָמאן „נאָך אלעמען" „גייט פון טיף מענטשלעכן צו טיף־ייִדישן" (זײַטל 64. „געדאנקענגאנג").

שרײַבנדיק וועגן האָפּשטיינס פּאָעזיע, לעמאָשל, דערקלערט אונדזער „נאציאָנאל־עסטעטיקער", אז דער שטרענג אויסגעהאלטענער, גלײַכשורעדיקער כאָריי און יאמב... זײַנען ניט מעסוגל אויסצובאהאלטן די אינעווייניקסטע שטימונג־קלאנגען פון האָפּשטיינס צניִעסדיקער, אגעוו, עכט־ייִדישער ווערסיפיקאציע (זײַטל 93).

אינטערעסאנט, אשטייגער, ווו זאָלן זיך איצט אהין טאָן לעמאָשל, קושניראָוו, פעפער און כאריק מיט זייער ניט „עכט־ייִדישער ווערסיפיקאציע", מיט זייערע פארהארטעוועטע און פארפעסטיקטע יאמבן און כאָרייען — עפשער אויך אָפּפאָרן קיין שפאניע, צו די קוביסטישע ראסן־קרויווים?..

דאָברושין כאפט היספּײַלעס פון יעדן שפור פון נאציאָנאלער „ספּעציפישקײַט", און ווען, לעמאָשל, בא האָפּשטיינען זײַנען נאָך פארבליבן אסאָציאציעס פון טאלמורדישן „שאָמײַ און הילעל", שרײַבט אויס דאָברושין: „מ'דארף בעפיירעש צוזאמען מיטן דיכטער דערוואקסן (!) צו אזא מאָדערנעם ייִדיש־וועלטלעכן באנעמען פון קולטור־עסטעטישע שטימונגען" (זײַטל 97).

דאָ ניט לאנג האָט דאָברושין אף אן עפנטלעכן דיספוט וועגן „באנאכט אפן אלט מארק" דערקלערט, אז ער האָט פולשטענדיק זיך אָפּגעזאָגט פונעם „צויבער" פון „אשרי יושבי ביתך" ערשט נאָכדעם, ווי ער האָט געהערט ווי מע האָט פארשוועכט דידאָזיקע הייליקע ווערטער אף דער סצענע פונעם ייִדישן מעלוכע־טעאטער.

אוודע, אויב דאָברושין וועט וואקסן מיט אזא „טעמפּ", מ'שטיינס געזאָגט, וועט ער נאָך לאנגע יאָרן כאפן היספּײַלעס פונעם „טיפן טרויער", וואָס ליגט באהאלטן

אין דער סאמעט־שווארצער יארמעלקע. מיר אָבער, כ׳ דאָברושין, וואקסן שנע־לער און מיר האָבן קײַן צײַט ניט צו ווארטן אף אײַך!

וואָלטן מיר אייגנטלעך זיך באגאנגען אָן דאָברושינס „עסטעטיק", פון וועלכער אויסלענדער איז אזוי אנטציקט, איז אָבער די מײַסע, וואָס דאָברושין וויל זיך ניט אָפּזאָגן פרײַווילּיק פון זײַן „אָקטיאבער־קריטיק" און רופט דעם יידישן פראָלעטא־ריאט צו שמידן „דעם באוווסטזײַן פון דער נײַער יידישער עסטעטיק" (זײַטל 122).

שטייען מיר פאר א געפאר, אז די „נאציאָנאל־עסטעטישע" מיסטקאסטנס זאָלן ניט פארפעסטן אויך אונדזער רעוואָלוציאָנערע לופט, און דעריבער דארפן מיר שארף און אײנמאָל פאר אלעמאָל אָפּשנײַדן!

די דאָברושינישע באטלאָנישע „יידישע עסטעטיק", וואָס באזירט זיך אף אידעא־ליסטישער אבסאָליוט־עסטעטישער אָפּשאצונג, איז רעאקציאָנער, אמעראציש און דע־ריבער שעדלעך.

ווי די מארקסיסטישע קריטיק זאָל ניט לייזן די פראָבלעם פון נאציאָנאלער קונסט [1], איינס איז קלאָר: די „יידישע" קונסט, וועגן וועלכער עס רעדט אונדזער יידישיס־טישע אינטעליגענץ, איז בלויז א סכוירע פאר קינסטלעכע יידן פון יידישיסטישע און ציאָניסטישע קלויזן.

דער יידישער ארבעטער וועט צוזאמען מיטן אינטערנאציאָנאלן פראָלעטאריאט קעמפן קעגן אלע, וואָס ווילן די פראָבלעם פון נאציאָנאלער פאָרם דערשטיקן אונטער דעם הויקער פון וואָמאנטיש־רעאקציאָנערן פאָלקלאָר און פּאָדאל־קירכלעכער עסטעטיק

.1925

באמערקונג:

דער קאמף קעגן דער יידישיסטיש־פאָרמאליסטישער קריטיק פון דאָברושין־אויסלענדער־שניט איז גע־ווען דער ערשטער אוואנגארד־צוזאמענשטויס צווישן דעם גאָר יונגן אויסשפיר־אָטריאד פון דער מארקסיסטישער ליטעראטור־וויסנשאפט און די אלטע זוברעס פונעם קולטור־ליגישן נאציאָנא־ליסטישן עסטעטיזם.

איצט, ווען דער היסטאָרישער געפעכט איז שוין אין א באדײַטנדיקער מאָס געלייזט לעטוי־וועס דער מארקסיסטישער ליטעראטור־וויסנשאפט (אין א באדײַטנדיקער מאָס. אָבער נאָך ניט ענדגילטיק, — שלאכטן שטייען נאָך פאָר!), איצט איז קעדײַ ברענגען איינעם אן אָפיציעלן דאָקומענט, וועלכער באווײַזט אין וועלכע שווערע באדינגונגען ס׳איז אויסגעקו־מען דער יונגער מארקסיסטישער קריטיק צו קעמפן פאר אירע סאמע עלעמענטארע עמעסן.

ניט בלויז יידישיסטן און באלעבעסלעך האָבן מיט קאסרילעווקער גאדלעס געפרווט מעוואטל מאכן אונדזערע ערשטע טריט, נאָר אויך גאנץ אָנגעזעענע, אזויגערופענע „מארקסיסטישע אווטאָריטעטן", כאר־טיי־כאווײרים און אָנגעזעענע קולטור־טוער.

אָט ווי דער כ׳ ליטוואקאָוו האָט, אין נאָמען פון דער רעדאקציע פון „עמעס", געלייזט אונדזער קלאסן־געפעכט מיט דער קולטור־ליגישער יידישיסטיש־עסטעטישער קריטיק, אין סאמען ברע־ון שלאכטן פאר דער פראָלעטארישער ליטעראטור, אין 1925 יאָר.

---

[1]) די מארקסיסטישע קריטיק וועט די פראָבלעם פון אינטערנאציאָנאלן אינהאלט און נאציאָנאלער פאָרם בעשומויפן ניט פארשמירן, — ניט אָבער אף די וועגן פון „נאציאָנאלער עסטעטיק" און ראסן־פילאָזאָפיע וועלן גיין די וזכענישן פון נאציאָנאלער פאָרם.

נאָך דער דיסקוסיע צווישן מיר און דאָברושינען האָט כ׳ ליטוואקאָוו אין נאָמען פון רעדאקציע פון „עמעס״ אזוי אָפּגעלערנט מיט מיר „באָלאָק״.

... „נאָר כאוועך דאָברושין שרײַבט דעריקער ליטעראַרישע ארטיקלען. אין דידאַזיקע אַרטיקלען ווענדעט כ׳ דאָברושין זײַן אופמערקזאמקײַט אף די פאָרמעלע אייגנשאפטן פון די באַהאנדלטע דורך אים ווערק, אין וועלכע אייגנשאפטן ער סטארעט זיך אויסצוזוכן דעם צוזאמענהאנג מיט אונזער קולטור־געזעלשאפטלעכער אנטוויקלונג. די פראגע קאָן דאָ שטיין נאָר אין דער פלאך, צי קלײַבט זיך כ׳ דאָברושין פאנאנדער אין די פאָרמעלע אייגנשאפטן פון די באהאנדלטע ווערק, צי געלינגט אים צו געפינען זייער צוזאמענהאנג מיט אונדזער סאָציאַל־קולטורעלן לעבן, צי טרעפט ער אין פינטל. דאָ קאָנען זײַן פארשיידענע מיינונגען (ווי איז אײַער מיינונג, כ׳ ליטוואקאָוו? — י. ב.), וועלכע האָבן ניט קײַן שײַכעס צו סמענאָוועכישע אידעאָלאָגיעס און דאָס גל. אן אויסשליסלעכער אינטערעס צו פאָרמעלע סימאָנים פון א ווערק איז פון מארקסיסטישן שטאנדפונקט לאכלוטן קיין כעט ניט. כאוועך טראָצקי, אף וועלכן כ׳ בראָנשטיין פארופט זיך, שרײַבט: „דער מאטעריאַליזם לייקנט ניט אָפּ די באדײַטונג פון פאָרמעלן מאָמענט, ניט אין דער לאָגיק, ניט אין דעם רעכט, ניט אין דער קונסט... די מעטאָדן פון פאָרמעלן אנאליז זײַנען נויטווענדיק, זיי זײַנען אָבער ניט גענוגנד״.

איז ווען כ׳ דאָברושין זאָל ארויסרוקן א שיטע פון פאָרמאליזם קעגן דעם מארקסיזם, וואָלט גאָר דאן צו כאוועך בראָנשטיינס ארויסטרעטונגען ניט דערגאנגען, ווײַל ס׳וואָלט זיך ניט געפונען קײַן איין מארקסיסטישע אויסגאבע, וואָס וואָלט אים געדרוקט, נאָר כאוועך דאָברושין באנוצט זיך מיטן פאָרמאליזם, ווי מיט א דערגאנצונג־מעטאָד (אונטערגעשטראָכן דורכן כ׳ ליטוואקאָוו גופע), אליין אים פארבינדנדיק מיט א געוויסן סאָציאַל־קולטורעלן אנאליז, אָבער זיך ניט האלטנדיק בארופן צו געבן א פולשטענדיקע מארקסיסטישע קריטיק (!?) לאָזט ער איבער ס׳איבעריקע (!?) פאר מער באַרופענע. די פראגע קאָן דאָ נאָר ווידער שטיין, צי געלינגט דעם כאוועך דאָברושין דאָס, וואָס ער טוט, די דערגאנצונג, אזוי צו זאָגן (ווי איז אײַער מיינונג, כ׳ ליטוואקאָוו? י. ב.). אָבער דאָס איז שוין א ריין־ליטעראַרישע פראָבלעם, צו וועלכער עס האָט ניט קײַן שײַכעס די פראגע פון רעאקציע, סמענאָוועכיזם, אמעראצעס א. ד. גל. און אויב די אלע שרעקווערטער ווערן דאָך יאָ באנוצט אָן ערנסטן גרונט קעגן כאוויירים, וועלכע ארבעטן מיט אונדז צוזאמען מיט פולער איבערגעגעבנהײַט די גאנצע צײַט, איז דאָס שעדלעך און אומדערלאָזבאר״. (אומעטום מײַן קורסיוו — י. ב.) („עמעס״ 34 № 11 פעווראל 1926 יאָר).

בא די באדינגונגען פון טעראָר בענויגייע צו דער יונגער יִדסעקציע מאפּפ, וואָס דער כ׳ ליטוואַקאָוו האָט געשאפן אין די ערשטע יאָרן, אין סאמען ברען פון קאמף קעגן דער דאָברושין־אָנפירונג, איז אזא אנטימארקסיסטישער, אָפּאָרטוניסטישער דאָקומענט געווען גאנץ נאטירלעך. אָבער ס׳איז דאָך ווערט צו פארצייכענען אין א וועלכע טעאָרעטישע בלאָטעס און פאָליטישע ווייכלײַביקײַט ס׳האָט געמוזט פאַרפירן אפילע אָנגעזעענע פארטיי־כאוויירים זייער קאמף קעגן דער יִדישער פראָלעטארישער ליטעראטור און מארקסיסטישער קריטיק.

דעם קלאסן־קאמף אפן פראָנט פון אונדזער ליטעראטור האָט כ׳ ליטוואקאָוו אויסגעביטן אף קליינגעלט פונעם אָפּאָרטוניסטישן קלאל! „דאָ קאָנען זײַן פארשיידענע מיינונגען?״

ווי קאָנען זײַן „פארשיידענע מיינונגען״? אין דער פראגע וועגן באציִונג צווישן פאָרם און אינהאלט? אין דער גרונט־פראָבלעם פון אונדזערע שטרײַטן קעגן פאָרמאליזם?

כ׳ ליטוואקאָוו כאפּט זיך אָן בא טראָצקין גראָד אין יענעם אָרט, ווו טראָצקי האָט געזינדיקט אף מעכאנישן צונויפפּאָרן די רעזולטאטן פון פאָרמאליסטישער „כעשבן־פירונג״ מיטן מארקסיסטישן מעטאָד, אזוי ווי דער מארקסיסטישער מעטאָד וואָלט געקאָנט אײַנגיין אף אזא אַר־

בעט־צעטיילונג: „פאָרמאַליסטן—אַנאַליזירט די פאָרם, און מיר—מאַרקסיסטן—װעלן האָבן צו טאָן מיטן אינהאַלט״.

ס׳איז דאָך 100־פּראָצענטיקער דואַליזם פון פאָרם און אינהאַלט, ס׳איז דאָך מעכאַניזם און ניט מאַרקסיזם!

כ׳ ליטוואַקאָוו „פּאַרטיפּערט״ טראַצקיס פעלער און בויט אויס אַ לעכערלעכע טעאָריע וועגן פאָרמאַ־ליזם אַלס „דערגאַנצונג־מעטאָד״, וואָס „דערוויַיל״ גיט ער „ניט קיין פולשטענדיקע מאַרקסיסטישע קריטיק״, וויַיל „דאָס איבעריקע לאָזט ער איבער פאַר מער באַרופענע״.

ס׳איז בעעמעס אַ גוואַלדאָוונע האַמצאָע, וואָס נעמט אַראָפּ אינגאַנצן די פּראָבלעם פון גייַסט און מאַטעריע, פאָרם און אינהאַלט א. א. וו.

דער אידעאַליסט לעמאַשל, וועט זיך פאָרקען מיט זיַין אידעאַליסטישן מעטאָד, באַנוצנדיק אים אַלס „דערגאַנצונג־מעטאָד״ (מיר לייקענען דאָך ניט אָפּ דאָס גייַסטיקע!) און „דאָס איבעריקע״ (וואָס נויגייע מאַטעריע, הייסט עס!) וועלן שוין אָפּטאָן די „מער באַרופענע״—די מאַרקסיסטן, הייסט עס...

דאָברושין אַלס „ניט פולשטענדיקער מאַרקסיסט״—ס׳איז בעפּיירעש „אַ קאַרטינע״!

אונדז איז פאַרשטענדלעך אָט די אָפּאָרטוניסטישע באַציִונג צו דאָברושינס פאָרמאַליזם מיצאַד דעם כ׳ ליטוואַקאָוו, ער גופע האָט דאָך אינעם זעלבן יאָר אַרויסגעלאָזן זיַין בוך „אין אומרו״ באַנד II, וווּ ער דרוקט איבער האַלב פאָרמאַליסטישע אַרטיקלען (זע „אין אומרו״ ב. II ז. 88 [1]).

טעאָרעטישע זאָרגלאָזיקייַט מוז ברענגען צו פּאָליטישע פעלערן. בעשאַס כ׳ ליטוואַקאָוו האָט פאַרשמירט דעם קאַמף קעגן דאָברושינס קליינבירגערלעך־נאַציאָנאַליסטישער עסטעטיק, אונטערן אויסרייד, אַז דאָס איז „אַ ריין־ליטעראַרישע פּראָבלעם, צו וועלכער עס האָט ניט קיין שייַכעס די פּראַגע פון רעאַקציע, סמענאָוועכיזם, אַמעראַצעס א.ד.גל.״,—איז ער באַגאַנגען אַ גראָבן פּאָליטישן כעט, ניט באַגרייַפנדיק דעם רעאַקציאָנערן טאָך פון יענעם סמע־נאָוועכישן נאַציאָנאַל־באָלשעוויזם און נאַציאָנאַל־סאָוועטיזם, וואָס איז בע־פּייַרעש סעלעגן אין גרונט פון אונדזערע הייַמישע קולטור־ליגיסטן אין די ערשטע נעפּ־יאָרן (זייַערע טעאָריעס וועגן „נאַציאָנאַלער עסטעטיק״ זייַער יידיש־פּאַטאָס, זייַער אָריענטאַציע „אַף פאָלק, וואָס איז נאָך ניט קלאַס״ א.א.וו.).

דעם קאַמף קעגן אונדזער הייַמישן אָפּאָרטוניזם האָט דער כ׳ ליטוואַקאָוו דערקלערט פאַר „שעדלעך און אומדערלאָזבאַר״—אונדזערע קעגנער אָבער זייַנען געקרוינט געוואָרן אַלס מענטשן „וועלכע אַרבעטן מיט אונדז צוזאַמען מיט פולער איבערגעגעבנהייַט״,—כ׳מיין, אַז פאַר דער געשיכטע פון אונדזער קאַמף פאַר דער העגעמאָניע פון דער יידישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור און מאַרקסיסטישער קריטיק איז עס קעדייַ צו פאַרצייכענען.

---

[1]) „שוין פון פאַרצייַטן האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף פון דער וואָרט־קונסט פאַר באַפרייַען זיך פון די פּרעטענזיעס פונעם בלויזן אינהאַלט צו ווערן דאָס אויסשליסלעכע אויסדרוק־מיטל, פאַרן איַינ־שטעלן דעם פּרימאַט, די אויבערהאַנט פון דער פאָרם״ (אין אומרו. ב. II, ז. 88).

# פון א קאסרילעווקער ווינקל.

(וועגן כ׳ נוסינאָווס „טעאָריעס״ און אי. קיפּניסעס „כאדאָשים און טעג״ [1]).

די פּראָבלעם פון אונדזערע נאָענטסטע ליטעראַרישע פּערספּעקטיוון—ס׳איז די גרונט־פּראָבלעם פון אונדזער ליטעראַטור אינעם איצטיקן היסטאָרישן איבערגאַנג־פּעריאָד.

געדוכט האָט זיך, אז סאָפקאָלסאָף איז אונדזער סאָוועטישע ליטעראַרישע געזעלשאַפטלעכקײַט יאָ געקומען צו א באַשטימטן באַשלוס וועגן די פּערספּעקטיוון פון אונדזער ליטעראַטור. געדוכט האָט זיך, אז די אידייע פון פּראָלעטאַרישער העגעמאָניע־פּערספּעקטיוו אין דער ליטעראַטור, וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דורכן צ.ק.אל.ק.פּ., האָט יאָ געזיגט אפן גאַנצן פראָנט פון אונדזער בעעמעס סאָוועטישער און בעעמעס רעוואָליוציאָנערער ליטעראַטור.

זײַנען מיר אָבער איצט ווידעראַמאָל געצוווּנגען אופצוהויבן דיזעלבע אַלטע פראַגע אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס מ׳פּרוּווט לעצטנס בא אונדז ווידעראַמאָל אופצולעבן דעם פאַרורטיילטן שטאַנדפּונקט פון קאַפּיטוליאַציע, פון פאַטאַליזם אין פראַגן פון אונדזערע ליטעראַרישע פּערספּעקטיוון.

## I. דער „גרויזאַמער שיקזאַל״ פון אונדזער ליטעראַטור.

אין זײַן אַרטיקל וועגן „די סאָציאַלע טרײַבקרעפטן פון אונדזער ליטעראַטור״ („רויטע וועלט״—יאַנוואַר 1926 יאָר) אַנטוויקלט כ׳ נוסינאָוו אזא פּערספּעקטיוו פאַר אונדזער ייִדישער נאָכאָקטיאַבערדיקער ליטעראַטור:

„דער הויפּט־קלאַס פון ייִדישן פאָלק פאַר די לעצטע 60 יאָר, זינט מענדעלע האָט זײַן ערשטע ווערק אָנגעשריבן, איז דאָס קלייַנבירגערטום, און די ייִדישע ליטעראַטור איז דאַרום געווען א ליטעראַטור דעריקער פון און וועגן קלייַנבירגערטום... און ווי מיר זאָלן איצט זיך אידעאָלאָגיש און פּסיכאָלאָגיש ניט האַלטן אין דערווײַטערן פון אַלעס קלייַנבירגערלעכעס, ווי אונדזער ציל־אײַנשטעלונג זאָל איצט ניט זײַן אף דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער ליקווידאַציע פון הענדלערישן קלייַנבירגערטום אין ייִדישן לעבן, דאָך בלײַבט אין א געוויסער מאָס דער גורל פון אונדזער ליטעראַטור דערזעלבער״.

---

[1]) אי. קיפּניס. „כאדאָשים און טעג״. א כראָניק, קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג „קולטור ליגע״, קיִעוו, 1926.

ווי איר זעט, באקומט זיך א גאנץ טרויעריק בילד. ס׳שטייט אונדזער כאָשעווער כאווער נוסינאָוו, באוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס מיט דער „ציל־אײַנשטעלונג אף דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער ליקווידאציע פון הענדלערישן קלײנבירגערטום אין ייִדישן לעבן״, ער האלט זיך אין איין „דערוויַטערן פון אלעס קלײנבירגערלעכעס״ סײַ אידעאָלאָגיש, סײַ פסיכאָלאָגיש — און ער קאָן זיך אלץ ניט ארויסרײַסן פונם „גרויזאמען שיקזאל״:

געוועזן איז די ייִדישע ליטעראטור פון מענדעלען אָן „פון און וועגן קלײנבירגערטום״ און עס „בלײַבט אין א געוויסער מאָס דער גורל פון אונדזער ליטעראטור דערזעלבער״.

וואָס הייסט — „דערזעלבער״?

ס׳הייסט, אז אונדזער נײַע נאָכאָקטיאבערישע ליטעראטור האָט פאר זיך די פערספעקטיוו צו פארבלײַבן, ווי מיט 60 יאָר צוריק, „א ליטעראטור דעריקער פון און וועגן קלײנבירגערטום״, א קלײנבירגערלעכע ליטעראטור! די היסטאָרישע העגעמאָניע פארבלײַבט בא דער קלײנבירגערלעכער ליטעראטור!

כ׳ נוסינאָוו פּרובירט אפילע דעמדאָזיקן גזארדין „וויסנשאפטלעך״ באגרינדן. ער שרײַבט:

„דאָס (די העגעמאָניע פון קלײנבירגערלעכקײַט אין אונדזער נײַער ליטעראטור. י. ב.) איז באדינגט סײַ דורך דער גרייס פון קלײנבירגערטום, סײַ דורך דער טעמאטיק, וואָסווארט אף איר קינסטלערישן אויסדרוק״.

אלזאָ, 2 פאקטאָרן פארורזאכן, לויט נוסינאָווס מיינונג, די היסטאָרישע נויטווענדיקײַט פון א קלײנבירגערלעכער העגעמאָניע אין אונדזער נײַער, נאָכאָקטיאבערדיקער סאָוועטישער ליטעראטור: דער ערשטער — א ריין סטאטיסטישער („די גרויס פונם קלײנבירגערטום״), דער צווייטער — א ליטערארישער („די טעמאטיק״).

מיר שטעלן זיך אָפּ פריִער אפן סטאטיסטישן פאקטאָר: בעכיין, אין „ייִדישן פאָלק״ איז דער ראָוו־מיניען און ראָוו־ביניען — דער קלײנבירגער.

עמעס, קיינער לייקנט עס ניט אָפּ. ווען אָבער האָבן מארקסיסטן־לענינצעס געבויט זייערע פערספעקטיוון אף אזא מעכאנישן־סטאטיסטישן אויפן?

אינעם „רוסישן פאָלק״ איז אויך דער ראָוו־מיניען און ראָוו־ביניען — דער קלײנבירגער — דער פויער. איז וואָס? מוז עס היסטאָריש־באדינגען די העגעמאָניע פון דער קלײנבירגערלעכער סטיכיִי אין יענער גרויסער קולטור־רעוואָלוציע, וואָס דאָס „רוסישע פאָלק״ מאכט איצט דורך?

נו, און סאָפּקאָלסאָף, איז דאָך דאָס קלײנבירגערטום די מערהײַט אין אלוועלטלעכן מאסשטאב (צוזאמען מיט די פויערישע קאָלאָניעס) וועט עפּשער, לויט נוסינאָווס מיינונג, דידאָזיקע אריפמעטישע מערהײַט באדינגען, אז דער גורל פון דער וועלט־קולטור זאָל פארבלײַבן „דערזעלבער״, וואָס פאר דעם ניצאָכן פונעם פּראָלעטאריאט?

ס'טויג ניט, ס'טויג לאכלוטן ניט אזא מעכאניש־סטאטיסטישער מעטאָד אין פראגן פון פערספעקטיוון!

ניט „די גרויס פון קלײנבירגערטום״, נאָר, אין דער ערשטער ריי, די היסטאָרישע פראָגרעסיוויקייט פונם ארבעטער־קלאס (כאָטש ער איז אין צאָל קלענער פארן קלײנבירגערטום)—אָט, וואָס ס'וועט האָבן צו זאָגן אפן כאראקטער פון דער נייַער ליטעראטור אינם נאָענטסטן היסטאָרישן פעריאָד.

מיט „דער גרייס פון קלײנבירגערטום״ האָבן דאָך אונדז שטענדיק געשראָקן די... מעכאנישע, פאטאליסטישע „מארקסיסטן״, בא וועלכע סטאטיסטישע ציפער־קאלאָנקעס פלעגן קיינמאָל ניט באהויכט ווערן מיטן אקטיוויזירנדיקן ווילן פונם פראָלעטאריאט.

איצט לאָמיר זען, עפשער וועט דער צווייטער נוסינאָווס ארגומענט, דער ליטעראַרישער (טעמאטיק) זיך ארויסווייַזן פאר שטארקער און בעעמעס באדינגען, אז דער גורל פון אונדזער ליטעראטור זאָלן פארבלייַבן דערזעלבער, וואָס פאר אָקטיאבער?

## II. מאטעמאטיק און טעמאטיק „אף דער יידישער גאס״.

מיר גייען איצט צו צו זייער א וויכטיקער פראגע, אף וועלכער ס'לוינט אביסל גענויער זיך אָפשטעלן. כ' נוסינאָוו האָט װעגן אָט דער פראגע זיך ארויסגעזאָגט ניט נאָר אינם ציטירטן ארטיקל פון „רויטע וועלט״, נאָר אויך אין דער פאָרעדע צו קיפּניסעס בוך „כאדאָשים און טעג״. אזוי ארום האָט כ' נוסינאָוו שוין געמאכט אפילע א פרווו אָנצווענדן זייַן טעאָריע אף א קאָנקרעטער ליטעראַרישער דערשייַנונג.

מיר וועלן זיך באלד פרווון דערווייַזן, אז די „טעאָריע״ פונם כ' נוסינאָוו איז קיין טעאָריע ניט און זייַנע קאָנקרעטע אויספירן איבער קיפּניסעס „כאדאָשים און טעג״ זייַנען, ער זאָל אונדז מויכל זייַן, קיין אויספירן ניט.

אָט וועל איך איבערכאזערן נוסינאָווס געדאנקענגאנג אין דערדאָזיקער פראגע: די טעמאטיק, וואָס ווארט אף איר קינסטלערישן אויסדריק—זאָגט כ' נוסינאָוו—די אליין באדינגט שוין, אז דער גורל פון אונדזער ליטעראטור זאָל פארבלייַבן דערזעלבער, וואָס אין מענדעלעס צייַטן, דאָס הייסט, אז אין אונדזער ליטעראטור זאָל פארבלייַבן די אידעישע העגעמאָניע פונם קלײנבירגערטום.

וואָס זשע פאר א טעמאטיק אזא איז עס, ראַכמאָנע־ליצלאָן?

אלס ענטפער דערוף ווייַזט אָן כ' נוסינאָוו, אפן גרונט־כאראקטער פון אָט דער „רעטזלהאפטער״ טעמאטיק: „צוויי גרונט־אופגאבן—שרייַבט ער אינעם אויבנדערמאָנטן ארטיקל פון „רויטע וועלט״—שטייען פארן קינסטלער: איינס—באווייַזן די אימפעריאַליסטישע און בירגער־מילכאָמע; צווייַ—באווייַזן די פראָצעסן, וואָס קומען פאָר אפן באָדן פון דער פארפעסטיקונג פון דער רעוואָליוציע. נעמען מיר די ערשטע אופגאבע—איז דאָס אין דער יידישער סוויווע א טעמע אף $^{9}/_{10}$ וועגן די איבערלעבונגען פונם בירגערטום״,

און פארשטייט זיך, אז אויב „אף 9/10 איז עס א טעמע וועגן די איבערלעבונ־גען פונעם בירגערטום", איז אלפי־כאָכמעס נוסינאָווס מאטעמאטיק די טעמע א קליינ־בירגערלעכע, און אלץ, וואָס ווערט געבויט אף דערדאָזיקער טעמע, איז אף 9/10 קליינבירגערלעך.

יאָ, זייער א ווילער כעשבן, אָבער... אָבער פארוואָס איז די אימפעריאליסטישע און בירגער־מילכאָמע אין דער יידישער סוויווע „א טעמע אף 9/10 וועגן די איבער־לעבונגען פונם בירגערטום"?

אויב כ׳ נוסינאָוו וויל עס אויסטײַטשן דערפון, וואָס די אימפעריאליסטישע און בירגער־מילכאָמע האָט געהאט אף 9/10 א שײַכעס נאָר צום יידישן בירגערטום און ניט צום יידישן ארבעטער, איז דאָך עס ניט גאָר קיין „וויסנשאפטלעכער" טײַטש, כ׳לעבן! יידישע ארבעטער האָבן אויך געהאט א „שטיקל" שײַכעס צו דער אימפע־ריאליסטישער און בירגער־מילכאָמע, נאָך א מין שײַכעס! מ׳דארף נאָר אָט די שײַ־כעס זען!

פארשטייט זיך, ווידערמאָל דאָסזעלבע, אויב כ׳ נוסינאָוו וועט וועלן „מיט מא־טעמאטיק" באווײַזן, אז אין דער „מײַסע" מיט דער אימפעריאליסטישער און בירגער־מילכאָמע איז געווען „פארמישט" דאָסראָוו קליינבירגער (ווײַל די מערהײַט פונם יידישן פאָלק איז דאָך קליינבירגער!) איז עס אויך א קנאפער ארגומענט, מאכמעס קימאט אין אלע אייראָפעישע לענדער איז דער קלייבירגערלעכער פויער אמערסטן געווען „פארמישט" אין דער אימפעריאליסטישער מילכאָמע. די מערהײַט פון דעם סאָלדאטן־מאטעריאל איז דאָך געווען א פוירישע!

איז וואָס איז דערפון געדרונגען?

אז שרײַבן וועגן אימפעריאליסטישער מילכאָמע, אָדער וועגן בירגער־קריג הייסט אומבאדינגט שרײַבן וועגן „איבערלעבונגען פון בירגערטום"?

כ׳ נוסינאָוו האָט נאָך אָבער א וועג אף אָפצוטרעטן, ער פארמאָגט נאָך אין רעזערוו א גאנץ פעקל זייער וויכטיקע טעמעס, וואָס ארבעטער האָבן צו זיי „אוואדע און אוואדע" קיין שײַכעס ניט, לעמאָשל, „די גרונט־קאטאסטראָפעס" פונם יידישן לעבן: „היימלאָזיקײַט, פאָגראָמען, עקאָנאָמישע צעבראָכנקײַט". און כ׳ נוסינאָוו צערעדט זיך נאָך דרייסטער:

„אָבער דער עצעם רוישטאָף, דער עצעם פאקט, וואָס דאָ האנדלט זיך אין קינסט־לערישן אויסדריקן א קאטאסטראָפע פון א שיכט, וואָס קומט דורך די צוואנגען פון דער גע־שיכטע צוצופאסן זיך צו דער רעוואָליוציע און ניט פון קלאס, וואָס זײַן היסטאָרישער באַרוף איז צו מאכן די רעוואָליוציע—אָט דער עצעם גרונט־פאקט באדינגט, אז אָט די ליטערא־טור קאָן ניט זײַן אזעלכע, ווי דאָס פארלאנגען פון איר די יידישע מאפּאָווצעס (די איצט שוין וואפּאָווצעס)"

וואָס „פארלאנגען" די יידישע מאפּאָווצעס, דאָס הייסט, די בויער פון דער יידי־שער פראָלעטארישער ליטעראטור?

זיי „פארלאנגען", אז דער מאָדערנער קינסטלער זאָל זיך שטעלן אפן שטאנד־פונקט פונעם פראָלעטארישן אוואנגארד און מעמיילע געבן ווערק אזעלכע, ווו דער

אידעאָלאָגישער גרונט־טאָן איז א פּראָלעטארישער, א קאָמוניסטישער. האלט אָבער כ׳ נוסינאָוו אז דאָס איז אומעגלעך, מאכמעס די טעמע אליין „יידישע קאטאסטראָפעס״ שליסט אויס א פּראָלעטארישע אידעאָלאָגיע. א ביישפּיל ברענגט כ׳ נוסינאָוו פון די יידישע פּאָגראָמען אין אוקראינע:

„ווען דער יידישער, אָדער אוקראינישער קינסטלער וועט געבן דעם קינסטלערישן אויסדרוק פון דער קאטאסטראָפע אין אוקריינע, אין 1919 יאָר, ווי אויך פון פּראָצעס פון דער נייער צוזאמענלעבונג פון דער יידישער און אוקראינישער באפעלקערונג נאָך אָט דער קאטאסטראָפע, וועט ער, ווי מיר האָבן שוין איינמאָל אָנגעוויזן, ווייט ניט קאָנען זיין אזוי אידעאָלאָגיש־גראָדליניק, ווי דער לאָזונג פון דער אינטערנאציאָנאלער ארבעטער־ברידערשאפט״ („נוסינאָוו, מאָרעדע צו קיפּניסעס בוך „כאדאָשים און טעג״).

דער קינסטלער יסיי דער יידישער, סיי דער אוקראינישער וועט, הייסט עס, זיין געצוווּנגען אין זיינע ווערק אָפּטרעטן פונעם „אידעאָלאָגיש־גראָדליניקן לאָזונג פון דער אינטערנאציאָנאלער ארבעטער־ברידערשאפט״ וווהין? צו וועלכן לאָזונג וועט ער מוזן אָפּטרעטן?

אלס ענטפער דארויף ציטירט כ׳ נוסינאָוו האָפּשטיינען, וועלכער האָט, לויט נוסינאָווס מיינונג, „דיכטעריש דאָס גאנצע לאנד (אוקראינע. י. ב.) צום שאנד־סלופּ צוגעקלאפּט״. כ׳ נוסינאָוו גיט צו דערביי:

„אזעלכע טענער און פארבן (צום שאנד־סלופּ צוקלאפּן גאנץ אוקראינע, גאנץ או.ס.ס.ר!—י. ב.) וועלן מוזן זיין, אויב מע וועט וועלן דיכטעריש ווייזן ווי בלוטיק דער ווייטיק פון צוויי פעלקער איז געווען, אנדערש וועט מען בלויז שלעכטע בעלעטריסטישע לייט־ארטיקלען געבן און, וואָס נאָך וויכטיקער, אנדערש וועט מע אויך דיכטעריש ניט געבן די שעפערישקייט פון דער רעוואָלוציאָנערער אופלעבונג פון די צוויי פעלקער נאָך דער קאטאסטראָפע״.

כ׳ האָפּשטיין האָט אפילע אין אן אָפענעם בריוו אין כארקאָווער „שטערן״ געמאָלדן, אז ער האָט לאכלוטן ניט געמיינט „דיכטעריש דאָס גאנצע לאנד צום שאנד־סלופּ צוקלאפּן״, ער, האָפּשטיין, איז גאָר ניט אזא „גאזלען״. כ׳ נוסינאָוו בלייבט אָבער בא זיין אומבעראכמאָנעסדיקן געזעץ: ווילסטו שרייבן גוטע לידער און ניט קיין „שלעכטע בעלעטריסטישע לייט־ארטיקלען״, ווילסטו געבן „די שעפערישקייט פון דער רעוואָלוציאָנערער אופלעבונג״, מוזטו „צוקלאפּן צום שאנדסלופּ גאנץ אוקראינע״, מוזטו זיך אָפּזאָגן פונעם „אידעאָלאָגישן גראָדליניקן לאָזונג פון אינטערנאציאָנאלער ארבעטער־ברידערשאפט״!

דו מוזט, מאכמעס די טעמאטיק, ראכמאָנע ליצלאָן, איז שוין אזא: „וועגן יידישע קאטאסטראָפעס״!

פארשטייט זיך, דער אוקראינישער קינסטלער, אויב ער וויל אויך זיין אן עכטער קינסטלער און ניט שרייבן „שלעכטע בעלעטריסטישע לייט־ארטיקלען״, ער וועט פון זיין זייט אויך מוזן, לויט נוסינאָווס נוסעך, זיך אָפּזאָגן פונעם „אידעאָלאָגיש־גראָדליניקן״ אינטערנאציאָנאליזם, און „צוקלאפּן צום שאנד־סלופּ״ דעם... זשידאָווסקן קאהאל!...

אָט דידאָזיקע טעאָריע ווערט באַשטעטיקט דורך אַ יִדישן שרײַבער, וועלכער האָט, לויט נוסינאָווס טעאָריע, געגעבן „דעם קינסטלערישן אויסדרוק פון דער קאַטאַסטראָפע אין אוקראַינע, אין 1919 יאָר",—כ'מיין דאָ קיפּניסן און זײַן בוך „כאַדאַשים און טעג".

דער הויפּט־העלד פון דער דערציילונג—אַ האָרעפּאַשניק אַ גאַרבער—לעבט איבער אַ פּאָגראָם אין זײַן שטעטל. ער קערט זיך אום אַהיים נאָכן פּאָגראָם, דערוויסט זיך וועגן דער שרעקלעכער שכיטע, און רעדט אַזעלכע דיבורים:

„אַזוי גיך האָט זיך עס אָפּגעטאָן און איך האָב ניט ווען אפילע אַ פרעג טאָן: איך ווען זשע וועט מען קוילן שיקסעס? אַזוי זיך, פּראָסטע און גרויסע שיקסעס? אָט אַזעלכע פּראָסטע, ווי נאַפּטאָלע יאָשקעס מיידל פון אונטערן טײַך, די שנײַדערקע, און ביכלאַל, וועלכע ס'וועלן נאָר קומען אונטערן האַנט—ווען וועט מען זי קוילן? („כאַדאָשים און טעג").

(זײַטל 127).

שפּעטער אַביסל ווערט זײַן צאָרן שטאַרקער און זײַן שפּראַך קימאַט ביאַליקיש־נעוויִיש!

„און איר, גוייִם, שכיינים מײַנע געטרײַע, איר האָט כאָטשבי אַרומגעווישט די קאָפּעס מיט די מעסערס, צי איר האָט זי פאַרטראָגן אינייִנעם מיט מײַן בלוט צו זיך אַהיים? גוייִם, שכיינים מײַנע געטרײַע, זאָלן פון אײַך פאַלן שטיקער! פון אײַך, פון אײַערע ווײַבער און קינדער, ווו איר וועט זיך ניט קערן און ווענדן".

(זײַטל 137).

מיר פילן זיך עפּעס ניט גאָר מיט אַלעמען נאָך אָט דידאָזיקע שורעס. מיר דערמאָנען זיך ענלעכע טענער פון „שפוך חמתך" אין דער יידישיסטישער שאָוויניסטישער קליינבירגערלעכער פּאָגראָם־ליטעראַטור (בא ל. שאַפּיראָ, לײַמאָשל) און מיר פּרוּוון עפּענען אַ מויל: „גוייִם"?!... „פאַלן שטיקער"?!... „קוילן שיקסעס"?!...

מיר כאַפּן אָבער באַלד אַ „מאַרקסיסטישן" אָפּשניט פונעם בויגעוורדיקן כ' נוסינאָוו, וועלכער ווייסט, אַז אין אַזעלכע פאַלן קאָן מען ניט זײַן „אידעאָלאָגיש־גראַדליניק", אויב מ'וויל בלײַבן אַ קינסטלער און ניט שרײַבן „שלעכטע בעלעטריסטישע לייט־אַרטיקלען". מ'מוז, הייסט עס, אַזוי...

אַך, די קונסט!

„צוויי זין מיט אַ טאָכטער האָט ער נאָך, קלים, ווען זיי וואָלטן געווען ניט דערלעבן אויסוואַקסן, וואָלט מינעסטאַם געווען בעסער..."

(ז. 49).

דאָס איז אויך קונסט?

אָטאָ דער זאָאָלאָגישער ריטש פון צעיושעטן שאָוויניסט—דאָס איז אויך „פּראָצעס פון צוזאַמענלעבונג"?

איצט איז אונדז געבליבן בלויז צו רעזומירן דעם אויבנדערמאָנטן נוסינאָווס געדאַנק וועגן דער טעמאַטיק, וואָס באַדינגט אומפאַרמײַדלעך, אַז אין אונדזער

ליטעראטור זאָל פארבלײַבן די העגעמאָניע פונם קלײנבירגערטום. אין קורצן הײסט עס אזוי: די גרונט־טעמעס, וואָס שטײען פארן יידישן קינסטלער—די טעמעס פון אימפּעריאַליסטישער און בירגער־מילכאָמע, די טעמעס פון „יידישע קאטאסטראָפעס" (הײמלאָזיקײַט, פּאָגראָמען, עקאָנאָמישער כורבן) האָבן צו טאָן מיט קלײנבירגער, און דעריבער וועט די ליטעראטור מעמײלע זײַן א קלײנבירגערלעכע אף צולאָכעס אלע יידישע און ניט־יידישע וואפּאָוצעס און בויער פון דער פּראָלע־טארישער ליטעראטור.

לאָמיר אָקאָרשט זען, צי ס'זײַנען פאראן ביכלאל אזעלכע טעמעס, וואָס מוזן אומבאדינגט ברענגען צו קלײנבירגערלעכער ליטע־ראטור לויט זײער עצעם רוי־שטאָף.

## III. „שיר האשירים" און קאָמינטערן.

אין זײַן פאָרעדע צו קיפּניסעס בוך „כאדאָשים און טעג" האָט כ' נוסינאָוו גע־פּרוווט אף א קאָנקרעטן ליטעראַרישן מאטעריאַל צו דערווײַזן די ריכטיקײַט פון זײַן טעאָריע, אז טעמעס, וואָס בארירן דאָס לעבן פון קלײנבירגער, מוזן אומבאדינגט ברענגען צו קלײנבירגערלעכער ליטעראטור (ליטעראטור מיט קלײנבירגערלעכער אידע־אָלאָגיע).

ווי האָט עס געטאָן כ' נוסינאָוו?

גאנץ פּאָשעט. ער האָט זיך באקאָנט מיטן סיפּער־האמײַסע פון קיפּניסעס דער־ציילונג „כאדאָשים און טעג". פון דערדאָזיקער באקאנטשאפט איז דעם כ' נוסינאָוו קלאָר געוואָרן, אז די האנדלונג פון דער דערציילונג קומט פאָר אין א פארוואָרפן יידיש שטעטל—סלאָוועשנע. דאָסדאָזיקע שטעטל סלאָוועשנע „האָט אין 1919־טן יאָר פארמאָגט דעם סאָציאַלן באוווסטזײַן פון קאסרילעווקע אין דרײפּוסעס צײַטן"—גיט צו פארשטײן כ' נוסינאָוו.

דאָס שטעטל ווײסט ניט פון קײַן שום רעוואָליוציעס. מ'ווײסט נאָר, אז „מע פּילט עפּעס יעשועס אף יידן". דערווײַל גײט זיך דאָס לעבן ווי געווען. „פּרײַטיק איז פרײטיק". ס'שמעקט „מיט קיכל און מיט צימרינג און מיט פארטיקע געפּרעגלטע קאשניקעס צום אָנבײַסן און דורכן קלײנעם קיך־פענצטערל. זעט מען, ווי ס'הײצט זיך די באָד"... (ז. 14).

דידאָזיקע ווינקל־אידיליע ווערט אף קײַן רעגע ניט איבערגעריסן דורך אינער־לעכע, סאָציאַלע פּארוויקלונגען, האגאם די סוויווע איז א גאנץ האָרעפּאשנע—א סוויווע פון גארבער־ארבעטער, מיט אײן וואָרט, א סוויווע, וואָס האָט געקאָנט אופרײַסן פון אינעווייניק די קאסרילעווקער־אידיליע אין אזא שטורמישן 1919 י. בלויז אײנמאָל ווערט דערמאָנט וועגן אײנעם מאָטל, וועלכער „האלט נאָך אלץ מיל־כאָמע. ער איז אין א באָלשעוויסטישן פּאָלק און שרײַבט אהײם פרײלעכע בריוו". יאָ, אכוץ דעם ווערט צום סאָף אין קלאמערן דערמאָנט, וועגן נאָך אן אויסנאם פון דער אידיליע—יִיצכאָק־בער העלפאנט, וועלכער גײט אוועק פרײַוויליק צו די באָלשע־

וויקעס און קומט אָן מיט זייער אָטריאַד קיין סלאָוועשנע. איז ער, העלפאַנט, אָבער ניט קיין סלאָוועשנער!

סלאָוועשנע פון 1919 יאָר ליגט „ווי א וואָרעם אין כריין", ווי אין די אלטע מענדעלעס צייטן. ווען ווערט סלאוועשנע אופגערודערט? ווען ס'קומט א פּאָגראָם.

„א ווינקל פון יאָר 1919"—האָט עס אָנגערופן כ' נוסינאָוו.

וואָס הייסט א ווינקל פון 1919? נו, אין 1909, וואָלט אזא ווינקל געהאט אן אנ־דער אויסזען? עפּעס איז דאָך דער 1919 צו עפּעס נייעס מעכייעוו!

און אז מ'רעדט שוין יאָ וועגן א ווינקל פון 1919 יאָר, מוז מען דאָך אין דער ערשטער ריי אונטערשטרייכן, וואָס פאר א ווינקל פון סטירעספּולן, פיל־פארביקן 1919 יאָר דער מעכאבער האָט געגעבן.

קיפּניסעס ווינקל פון 1919 יאָר איז גאָר אן אויסטערלישער. סלאָוועשנע איז דאָך אינגאנצן קימאט אויסער יעדער ווירקלעכקייט פון 1919 יאָר, אויב ניט רעכענען די פּאָגראָמען (פּאָגראָמען איז ניט דער כאראקטעריסטישער שטריך פון 1919 יאָר!) טאָ ווי קומט עס איצט ביכלאל אין אונדזער ליטעראטור?

כ' נוסינאָוו איז א מענטש א באָקי אין מיירעוו־אייראָפּעיִשער ליטעראטור ברענגט ער באלד א רייע פון די „גוייִם". אָט לעמאָשל, זאָגט ער, איז דאָסזעלבע געווען מיט אלפאָנס דאָדע, וועלכע איז געקומען מיט זיינע „בריוו פון מיל", נאָך דעם, ווי פראנקרייך האָט שוין איבערגעלעבט דריי רעוואָליוציִעס, און דאָס איז געווען „א צירונג־בלעטל אין דער פראנצויזישער ליטעראטור":

> „אן עלעגיע אין פּראָזע וועגן דעם הערלעכן גלויבן פון אלטן פּראָוואנסאלער מילנער, אז די דאמף־מילן מוזן באָטל ווערן און מע וועט זיך מוזן אומקערן צוריק צו אים און צו זיינע ווינט־מילן".

אזוי, הייסט עס, איז לויט נוסינאָוון גאנץ נאטירלעך, וואָס קיפּניסעס ווינקל פון 1919 יאָר האָט קיין שום שייכעס ניט צום 1919 יאָר און שלעפּט צוריק צו דער „אלטער מיל"...

א מאָשל ניט גאָר קיין געהויבענער.

כ' נוסינאָוו האָט דאָך ניט באדארפט צוליב דעם אזש אָנשפּארן צו די פראנצויזן. עלעהיי, לעמאָשל, יעסענין: ער איז געקומען נאָך דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע און געקעמפט קעגן „שטאָלענעם פערד"—דער מאשין, הייסט עס, אין נאָמען פון זיין פויערשן פערדל און פויעריש־שטרויענער „רוס"—נו איז וואָס? איז די מארקסיסטישע קריטיק אָפּגעקומען בלויז מיט זאָגן, אז יעסענין האָט געגעבן א „ווינקל פון 1919 י.? פארקערט, די מארקסיסטישע קריטיק האָט דערקלערט, אז יעסענין איז אומגעקומען דיכטעריש אומגעקומען!), טאקע ווייל ער האָט געגלויבט ווי יענער דאָדעס מילנער, [illegible] „די דאמף־מילן וועלן מוזן באָטל ווערן, און מ'וועט זיך מוזן אומקערן צוריק צו [illegible] און צו זיינע ווינט־מילן". ער איז אומגעקומען טאקע, ווייל זיין אויג איז גע־[illegible]דעט געווען אף אזא „ווינקל", וועלכער געהערט אָביעקטיוו־היסטאָריש צו די [illegible]ייִם פון אן אלטער טקופע. און אף שירייִם קאָן קיין עכטער רעוואָליוציאָ־[illegible] דיכטער קיין טראָפּ ניט שטעלן. דער רעוואָליוציאָנערער דיכטער זעט,

פארשטייט זיך אויך דידאַקטישע היסטאָרישע „שירייִם". אַף זיי ווערט אָבער ניט זײַן קינסטלערישער טראָפּ געשטעלט.

מונטערן קיפּניסן, אז בעכיין, דאָדעס מילנער האָט אויך געשלעפּט צוריק, ווי לעמאַשל קיפּניסעס סלאָוועשנע שלעפּט צוריק צו קאסרילעווקע—איז ניט מארקסיס־טיש, שעדלעך און גליטשט זיך אראָפּ אין די אָרעמס פון מעכאַנישן אָביעקטיוויזם.

אזוי האלט עס מיט דער פראגע וועגן אויסוואל פון „ווינקל". די פראגע פון קינסטלערישן אויסוואל איז ענג פארבונדן מיט דער פראגע וועגן דער אידעאָלאָגיע פונם קינסטלער. לויט זײַן אידעאָלאָגיע שטעלט דער קינסטלער זײַן קינסטלערישן טראָפּ אף דעם, אָדער אף יענעם ווינקל: איינער שטעלט דעם קינסטלערישן טראָפּ אף די כורוועס, דער צווייטער—אף די גראָזן, וואָס שפּראָצן אף די כורוועס.

אָבער לאָמיר איצט נעמען דיזעלבע פראגע פון „ווינקל" פון א צווייטער זײַט. נו, און אז דער קינסטלער האָט שוין, צוליב די אָדער יענע סיבעס, געגעבן דעם ווינקל פונם אלטן פּראָוואנסאלער מילנער, אָדער דעם ווינקל פון פארצײַטיקן סלאָ־וועשנע—צי הייסט עס, אז אָט די טעמע מוז שוין אומבאדינגט ברענגען צו קלײנבירגערלעכקייט. נו, און די אידעאָלאָגישע באפארבונג, וואָס דער שרײַבער גופא לייגט ארוף אפן מילנער און אף סלאָוועשנע? דער שרײַבער איז דאָך ניט קיין פאָטאָגראַף, אָדער א קאָפּיר־מאַשין. דער שרײַבער ליבט דאָך זײַנע פיגורן אָדער ער האסט זיי. אָטאָ די באפארבונג איז דאָך פאראן אין יעדן קונסט־ווערק.

אָטאָ די אידעאָלאָגישע באפארבונג און ניט די טעמע באשטימט די אידעאָלאָ־גיע פונם ווערק.

וועגן סלאָוועשנע קאָן מען שרײַבן אזוי, אז אן אידישער טמיִעסדיקער כיין זאָל ליגן אויסגעגאָסן אף איר—מ'קאָן אָבער אויך אזוי שרײַבן וועגן סלאָוועשנע, אז א ן עקל זאָל ארומכאפּן דעם לייענער פון אָטאָ דעם שטעטלדיקן פּרײַטיק מיט די קיכל מיט צימרינג און פון אָטאָ דער אידיליע פון האָניק־כוידעש בא דער יונגער פּאָר־פאָלק בוזי און אײַזיק (א באלעבאטישער האָניק־כוידעש אפן פאָן פון 1919 י.!) און פון אָטאָ דער איידע יידן, וואָס ווארטן אף „יעשועס" פון רוסלאַנד, און ספּע־קולירן מיט זאלץ, און פרעגלען „ווארעניע", און לויפן פון פּאָגראָמען.

כ׳ נוסינאָוו פארשוויַיגט אָבער אינגאנצן אָט די פראגע. אים איז אינטערעסאנט בלויז מארקסיסטיש צו דערווײַזן. אז קיפּניס האָט געמוזט געבן אָטאָ די קליינ־בירגערלעכע אידיליע מיט דער פילאָזאָפיע וועגן „קוילענען שיקסעס".

כ׳ נוסינאָוו ווייסט דאָך, אז „דער זײַן באשטימט דעם באוווסטזײַן" מאכט ער באלד דעם געהעריקן אויספיר: אויב ס'איז פאראן נאָך ערגעץ א שטיקל קאסרילעוו־קער „זײַן", דארף עס באדינגען א קאסרילעווקער „באוווסטזײַן". איז אָט, אין איינעם אזא „אָפּגעזוכטן" „ווינקל פון 1919 יאָר"—אין סלאָוועשנע—לעבט א גארבער אײַזיק, האָט ער ליב זײַן ווײַבל בוזי. וואָס שײַעך ליב? מאמעש אָנצוקוועלן, צוקוקן זיך ווי זיי פארברענגען זייער „פּערמאנענטן האָניק־כוידעש".

איַיזיק דער גארבער וואָלט א גאנצן טאָג ראַק געזעסן מיט זיַין יונג וויַיבל (זעט, זי רויטלט זיך!) און נאכעס געהאט פון אירע „ציצענע קליידלעך". נאָר, וויי, וויי! די פּארנאָסע טריַיבט אף ארבעט, און איַיזיק „דענקט":

„האָט איר שוין געזען אמאל אזא מאָדנע וועלט, דאכט זיך, מיַין בווזי? אלע וויסן? גאָר איצט איז קיינער ניט מיַינער, איצט דארף איך גיך לויפן אין זאוואָד אריַין. אזש טרערן ווארגן מיך אין האלדז פאר פארדראָס..."

(ז. 17)

פילאָזאָפיע אהער, פילאָזאָפיע אהין—אף ארבעט מוז מען אָבער גיין.

דערפאר, אז ס'קומט שאבעס־קוידעש, קאָן דער גארבער איַיזיק אויסדריקן זיַין גאנצע ליבע צו בווזין.

„בווזילע לייגט אוועק א שאל אפן ריינעם דיל, לייגט אוועק א קישן און שריַיט אף מיר אָן, אף צוקלוימערשט ווי א גרויסע".

(זיַיטל 22).

נו, פארשטייט זיך... א יונגע פּאָר פאָלק... אין 1919 יאָר! פּאָרט רעוואָליוציע! איז כארפּע—אָן דער זיַיט, האלדזט מען זיך און מ'קיכלט זיך. בעט זי, זאָל געזונט זיַין, בווזילע, הייסט עס, אז ער, איַיזיק, זאָל געזונט זיַין, זאָל איר דערציילן א מיַי־סעלע:

„דערצייל איך איר, אז אמאָל איז געווען, איז געווען, איז געווען בא א וויַיבל א קליין מיידעלע.
— ווי אזוי האָט זי געהייסן?
— בווזילע — — —
— אי, שוין, שוין, ער פארדרייט!
און זי כאפּט מיר דרייען פארן אויער, אויב ניט, זאָלן מיר אָפּמעסטן בא וועמען איז די נאָז א לענגערע!
פארשטייט זיך, אז מיַין נאָז איז דריַי מאָל אזוי די לענג ווי אירע..."

(זיַיטל 23).

דערנאָך, אז מ'מעסט זיך אָפּ די נעזער, קומט אריַין די מאמע און מ'זעצט זיך טרינקען, לעקאָוועד שאבעס, טיי מיט איַינגעמאכטס...

איז אָט, בא כ' נוסינאָוון, הייסט דאָס אלץ, אז קיפּניס האָט געגעבן דאָ א מין טמימעסדיקע קינדער־ליבע ווי אין שאָלעם־אלייכעמס „שיר־השירים" און **אנדערש האָט ניט געקענט זיַין:**

„דער ווינקלדיקער פארציַיטישער מאטעריאל — שריַיבט נוסינאָוו — האָט **נעפּאָדערט** (!) דעם **שריַיבערס אויג זאָל זיַין געווענדעט אף „א בלעטל שיר־האשי־רים" און ניט אף „גאלאָפּ"**, פונקט ווי דאָס, וואָס סלאָוועשנע לעבט מיט פאָרשטע־לונגען נעענטער צו מענדעלעס ציַיטן, ווי צום 1919, **האָט געפּאָדערט**, אז דער קעגנזיַיטי־קער קוק פון יידישן און „גויִישן" סלאָוועשנע זאָל זיַין נעענטער צום טאָן פון שאָלעם־אליי־כעמס „לאגבוימער" ווי צו דער שפּראך פון קאָמינטערן".

אוואדע איז דער מאטעריאל א ווינקלדיקער פארציַיטישער, אָבער צי דען איז אומעגלעך, אז צום זעלבן „ווינקלדיקן פארציַיטישן מאטעריאל" זאָל צוגיין א שריַי־בער מיט אזא אויג־איַינשטעלונג, אז דער האָניק־מאָנאט פון איַיזיקן און בווזין זאָל

זיך אנטפּלעקן אין זייער גאנצער באַלעבאַטישער זיסקייט און אױף סלאָ־װעשנע זאָל זיך פֿילן דער הויך פון 1919 יאָר, דער הויך פון קאָמינטערן?

ניט דער מאַטעריאַל באַשטימט דאָס אידעאָלאָגישע געזיכט פונם קונסט־װערק, ניט דער „קעגנזײַטיקער קוק פון ייִדישן און „גױיִשן״ סלאָװעשנע״ באַשטימט דעם טאָן פון װערק, נאָר דער קלאַסן־פּאָנים פונם קינסטלער.

באַזונדערס בולט טרעט אַרױס די שרײַבערישע פּערזאָן גראָד אין קיפּניסעס בוך.

די דערציילונג װערט דאָך געפירט אין ערשטער פּערזאָן. פונעם מעכאַבער, פון קיפּניסן גופא. ער דערציילט װעגן זײַנע איבערלעבענישן. ער „האָט זיך ניט אַװעקגעשטעלט דיכטעריש אין אַ זײַט״, װי ס׳װײַזט אָן אליין כ׳ נוסינאָװ — ער איז עס — אײַזיק דער גאַרבער. טאָ פאַרװאָס האָט זײַן קינסטלעריש אױג אין 1926 יאָר (!!) געמוזט זײַן געװענדעט אױף „שיר האשירים״ און ניט אױפן קאָמינטערן, טאַקע פאַרװאָס?

איז טאַקע די מײַסע אַזױ, אַז קיפּניס האָט מיט זײַן קורס אױף „שיר האשירים״ און סלאָװעשנער באַגרענעצטקייט זיך צונױפגעגאָסן מיט סלאָװעשנע און ניט באַהערשט זי.

קיפּניס האָט רעאַביליטירט סלאָװעשנע־קאַסרילעװקע אין 1926 יאָר!

## IV. װעגן אינערלעכן קונסט־עמעס.

קיפּניס האָט קינסטלעריש רעאַביליטירט סלאָװעשנע — קאַסרילעװקע, קיפּניס האָט רעאַביליטירט די סענטימענטאַלע און נאַציאָנאַליסטישע באַלעבאַטישקייט אױפן פאָן פונעם העראָישן 1919 יאָר!

אָבער קיפּניס װײסט, אַז אַ רעאַביליטירטע סלאָװעשנע װעט דער מאָדערנער לייענער ניט אױפנעמען, — מאַכט ער אײניקע קינסטלערישע סאַלטאָ־מאָרטאַלע, קאָקעטירט ער מיט „רעװאָליוציאָנערע״ אידייען און סאָפּקאָלסאָף פאַרשרײַבט ער זיך אַלס פרײַװיליקער אין דער רויטער אַרמיי — „אין דער לײַזיקער און זוניקער, אין דער רויטער!... אַרמיי״!...

מיט דידאַקטיקע װערטער ענדיקט קיפּניס זײַן דערציילונג.

אָט דערדאָזיקער „ר־רעװאָליוציאָנערער״ סאָף און אָט די פאַרשיידענע „אידייען״, מיט װעלכע קיפּניס באַשענקט זײַן פּאַשעטן סלאָװעשנער באַלעבעסל, שטעלן איצט פאַר אונדז אַ צװייטע פראַגע: שוין ניט װעגן דער „אידעאָלאָגיע״ פון קיפּניסעס „כאַדאָשים און טעג״, נאָר װעגן זייער קינסטלערישן װערט. עס שטעלט זיך די פראַגע, צי האָט קיפּניס אין זײַנע „כאַדאָשים און טעג״ געגעבן דעם אינערלעכן „קינסטלערישן עמעס״.

דערדאָזיקער קינסטלערישער עמעס באַשטייט אין יענער אינערלעכער געזעצמעסיקייט, אין יענער אינערלעכער קאָנסעקװענטקייט, װאָס כאַראַקטעריזירט יעדן בעעמעס גרױסן קונסטװערק. אין קונסט־װערק טאָרן ניט זײַן קײַן סיוזשעטישע צופעליקײַטן, עס טאָר ניט זײַן קיין ניטמאָטיװירטע האנד־

לונג, קיין מינדסטער ניטמאָטיווירטער זשעסט, קיין מינדסטער ראַץ אין דער גאַנצ־קייט פון דער סיוזשעטישער קאַנווע.

צי איז אזא אינערלעכע פּאָעטישע ווארהאפטיקייט פאראן אין קיפּניסעס „כאדאָ־שים און טעג״ — דאָס אינטערעסירט אונדז איצט, ווען מיר גייען אריבער צו דער פּאָרמעלער אָפּשאַצונג פון קיפּניסעס בוך.

ווי אזוי איז דאָסדאָזיקע בוך אָנגעשריבן, צי איז גאַנץ זיין סיוזשעט־קאַנווע? צי איז בעעמעס, ווי נוסינאָוו זאָגט, אָרגאַניש זיין סטיל און געזעצמעסיק דער אי־נער לעכער גאַנג פון דער האַנדלונג?

כ׳ נוסינאָוו האָט אף דידאָזיקע פראגן געגעבן א ריי ענטפערן, וואָס דערמאָנען אינעם ווערטל: „וואָס פאר א נארישקייט דו זאָלסט ניט אָפּטאָן — זיי זיכער, אז עס וועט זיך אָפּזוכן א פּראָפעסער, וועלכער וועט עס וויסנשאפטלעך באגרינדן״.

אלעמען איז באקאַנט די אָנגעוויטיקטקייט פון דער סיוזשעט־פּראָבלעם, ניט נאָר אין דער ייִדישער, נאָר אויך אין דער מאָדערנער רוסישער ליטעראטור. אונדזער ליטעראטור ליידט אף סיוזשעט־אָרעמקייט, סיוזשעט־פלאכקייט. אונדזערע פּראָזאיקער גיט זיך נאָך אדאיאָם זייער שווער איין די ארכיטעקטאָניק, דער געבוי פון ווערק. ניט דאָ איז דער אָרט וועגן דעם גענויער צו ריידן, אָבער קלאָר איז עס פאר יעדן, וועלכער ארבעט אפן געביט פון ליטעראטור.

פון דער אומפעיִקייט צו בויען א פארגאנצטן קאָמפּליצירטן און שפּאנענדיק־פארוויקלטן סיוזשעט נעמען זיך די פארשיידענע טעאָריעס וועגן „צעמישן די פלאכן״ „ברעכן די קאָנסטרוקציע״ און געבן „מאטעריאלן צו א ראָמאן״ אָנשטאָט א ראָמאן (לעמאָשל פּילניאק אין דער רוסישער ליטעראטור און א גרויסער טייל פון אונדזער גאנצער נייער ייִדיש־סאָוועטישער פּראָזע).

קיפּניס איז אין זיין „כאדאָשים און טעג״ אויך ניט בעקויעך געווען אויסצובויען א שלאנקן סוזשעט און אָנשטאָט דעם געגעבן א ריי איינצלנע בילדלעך, וועלכע זיינען פארבונדן בלויז דורכן דערציילער — אייזיק דער גארבער. קיפּניס, האָט ווי עס שיינט, דעמדאָזיקן כעסאָרן געפילט און דעריבער אָנגערופן זיין דערציילונג — „א כראָניק״, וואָס הייסט „מאטעריאלן צו א ראָמאן״.

זעט אָבער ווי כ׳ נוסינאָוו סטארעט זיך פון אָט דעם כעסאָרן ארויסקוועטשן א גאנצע וויסנשאפטלעכע טעאָריע!

ער שרייבט:

„האָט די קינסטלערישע פארקערפּערונג פון סלאָוועשנער באגעגעניש מיט דעם בירגער־קריג ניט געקאָנט און ניט געטאָרט דיכטעריש פאראלגעמיינערט ווערן זי האָט געמוזט געגעבן ווערן בלויז ווי א כראָניק״.

אונדז פאריִנטריגירט באלד אָט דערדאָזיקער נייער הארבער גזארדין פונעם כ׳ נוסינאָוו: פארוואָס זאָל עפּעס סלאָוועשנער באגעגעניש מיטן קריג מוזן געגעבן ווערן בלויז ווי א כראָניק?

מיט וואָס האָט עס סלאָוועשנע, נעבעך, פארזינדיקט, אז איר באגעגעניש מיטן בירגער־קריג, „טאָר ניט דיכטעריש פאראלגעמיינערט ווערן״?

בא כ׳ נוסינאָוון, ווי געוויינטלעך, ווערט אַלץ מאָטיווירט מיט „אָביעקטיוווער נויטווענדיקייַט״, וואָס דרינגט ארויס פונעם „עצעם רוי־שטאָף״, כונעם „פארצייַטישן מאטעריאל״. כ׳ נוסינאָוו פרוווט זיך דערווייַזן, אז דער דערוואַקסענער גאר־בער אייַזיק דארף דערציילן וועגן זייַן האָניק־כוידעש מיט בוזין אפן פאָן פון 1919 יאָר, אפן זעלביקן נוסעך, ווי שאָלעם־אליכעמס 10־יאָריק קינד דערציילט וועגן זייַן „ליבע״ צו דער מיידעלע בוזי אפן פאָן פון ערעוו־פייסעכ־דיקער שטעטל־אידיליע. כ׳ נוסינאָוו רופט עס אָן—„פרימיטיוו פון אייַזיקס און בוזיס ליבע־באוווסטזייַן״. לויט כ׳ נוסינאָווס מיינונג, האָט עס געמוזט אזוי זייַן, קעדיי עס זאָל צונויפאלן מיטן „פרימיטיוו פון דעם סלאָוועשנער רעוואָליוציע־באוווסטזייַן״.

א גאנץ פייַנע טעאָריע, נאָר... „אביסעלע״ ניט ריכטיק.

קוידעמקאָל, וואָס איז דער גרונט־שטריך פון שאָלעם־אלייכעמס „שיר־האשירים״־סטיל. ס׳איז ערשטנס, די טמימעס פון א קינדערשער פרייַנטשאפט, וואָס אייגנטלעך קאָן עס אפילע ניט אָנגערופן ווערן ליבע. דידאָזיקע קינדישקייַט ליגט אין גרונט פונעם אייגנארטיקן געבוי פון דער פראזע, פונעם קינדישן שמועס:

איר נעמט לעמאָשל אזא שמועס:

„פאראן בא אונדז אין שטעטל אסאך אמעריקאנקעס.
מיר זייַנען אויך אמעריקאנקעס.
וואָס דאָס הייסט?
אזוי הייסן בא אונדז די מישפאָכעס, וועמענס טאטע און מאמע זייַנען אין אמעריקע״.

איר מיינט. אז דערדאָזיקער שמועס—אָט דער אייגנארטיקער קינדערישער שמועס פון קורצע פראזן מיט אָפטע פראגן, געווענדעט צום מיטשמועסער, מיט דער קינדערישער בארייַדעוודיקייַט איבער דעטאלן, מיטן אָפטן קינדערישן אריבער־שפרינגען פון איין זאך צו דער צווייטער [1])—איר מיינט, מינעסטאם, אז עס איז פון מאָטל פייסי דעם כאזנס,—האָט איר, מעכילע, א טאָעס. דאָס איז פון קיפניסן און ס׳איז דער דערציילערישער נוסעך פון גאנץ קיפניסעס „כאדאָשים און טעג״.

„אָבער דעם דזשעגעכץ מעג ער אויסקרענקען!
ס׳מאכט ניט אויס!

---

[1]) אָט דידאָזיקע כאָטישע באריידעוודיקייַט איז כאראקטעריסטיש אויך פאר שאָלעם־אלייכעמס „ספילסשלעוון״־פארשוין, אָבער דאָס איז שוין גאָר א טעמע פאר זיך.

אונדז אינטערעסירט דאָ קיפניסעס קער צו מאָטל פייסי דעם כאזנס שפראך־קאָנסטרוקציע.

נעמט לעמאָשל די ערשטע בעכטע שורעס פון מאָטל פייסי דעם כאזנס:

„מענדל דעם שויכעטס קענט איר, צו ניין?
קענט איר דאָך מענדל דעם שויכעטס דירע אוואדע נישט. זי איז די אנדערע פון מענאשע דעם רויפעס און קוקט גלייַך צו אים גאָרטן ארייַן. בא מענדל דעם שויכעטס, אז מע זיצט אפן דאך, קאָן מען זען אלצדינג, וואָס בא מענאשע דעם רויפע אין גאָרטן טוט זיך. דער גאנצער קונץ איז ווי אזוי קלעטערט מען ארויף... מיר איז דאָס גאָרנישט. ווייסט איר פארוואָס?...״

דיזעלבע „אינטימקייַט״ פון שפראך־קאָנסטרוקציע כאראקטעריזירט קיפניסן.

פארוואָס?—ווילט איר פרעגן.
זייער און זייער פאַר אסאך זאכן:
ניט איין הון איז פארפאַלן געוואָרן פון הויף פאר די יאָרן...״

(זײַטל 48).

אָדער לעמאָשל אזא מאָטל פּייסיס א שפּראַך־קאָנסטרוקציע, מיט דעם מאבל פון אסאָציִאַציעס, וואָס פארלויפן דעם גרונט־געדאנק.

„אין שטוב איז גאָר אן אנדער געמיט. פיר־פינף צימערן (אָ, איך קען זיי גוט, אונדזערע צימערן, ניט איין קלאָץ און ניט איין ברעט האָב איך געהאָלפן דעם טאַטן שלעפן. מײַן טאַטע האָט זייער ליב בויען. אליין ארבעט ער מיט דער האק, מיט הובל, מיטן עקבער, און באַם זעגן העלף איך אים צו. שוין בא גאָר אן ערנסטער אונטערנעמונג רופט מײַן טאַטע א ספּעציעלן מײַסטער, און אזוי איז אומעטום אליין, שטענדיק האלט ער אין איין בויען, צובויען, איבערוואַרפן און איבעראנײַס בויען), יאָ, איך קען זיי אונדזערע צימערן״. (זײַטל 37).

ווער ס׳האָט זיך ארײַנגעטראַכט אין דער קאָנסטרוקציע פון שאָלעם־אַלייכעמס קינדער־שפּראַך, דער וועט גלײַך באמערקן, אז די געבראַכטע ציטאַטן גיבן בוך־שטעבלעך דיזעלבע שמועס־קאָנסטרוקציע.

בא קיפּניסן אָבער ווערט אָט אזא שמועס ארײַנגעלייגט אין מויל פון א יונגן באַלאַבעסל—איז וואָס קומט ארויס דערפון?

עס קומט ארויס דאָס, וואָס עס קומט ארויס, געוויינטלעך, ווען דערוואקסענע מאכן נאָך קינדער: די דערוואַקסענע פאַלן אַרײַן אין קינדישקײַט און אָנשטאָט טמימעס קינדערשער, צעגיסט זיך איבער די ברעגעס דער באַנאַלער, סענטימענטאַלער „סיוסיוקען״: „בוזי־יע, וואָס וויסטו? עסיע״?...

ביפראַט נאָך, אז דאָס בילד ווערט געגעבן אפן פּאָן פונעם האַרטן און הערצאָישן 1919 יאָר! מע קען דאך ניט סאָפּקאָלסאָף „סיוסיוקען״ וועגן 1919 יאָר!

און סאָפּקאָלסאָף קאָן מען אויך ניט פארגלייכן אײַזיקס סענטימענטאַל־באַלעבאַטישע היספּײַלעס פונעם האַניק־כוידעש צום פּרימיטיוו פון דער „קינדער־ליבע״ אין „שאָלעם־אַלייכעמס״ „שיר־האשירים״. יעדער שורע וועגן דער „ליבע״ צווישן דעם קליינשטעטלדיקן גאַרבער און דער קליינשטעטלדיקער באַלעבאַטישער „פּרײַלין״, וואָס שרײַבט צו אים בריוועלעך אף לאָשן־קוידעש וועגן זייער „פּרעסעריאָזנע״ ליבע,—יעדער שורע מאַמעש איז פארפלייצט מיט באַנאַליטעט און באַלעבאַטישקײַט, לייענט אָקאָרשט אײַזיקס „פיליסופיע״.

„וואָס זאָגט איר? א גרויסע איידעע איז איצט אין גאָלעס, אן איידעע, אן אָפּגעגאַנגענע מיט בלוט, מיר איז עפּעס ניט שיין, און טאַקע ניין, איך וועל זיך עפּשער איצטער מיט בוזין ניט קושן...״ (זײַט 55).

אוואדע, זיך ניט קושן! דער „טויוועס האקלאַל״ פּאָדערט עס, און אײַזיק איז גרייט אף „קאָרבאָנעס״...

אָ, די קאָרבאָנעס פונעם סלאָוועשנער באַלעבעסל!

עפשער האָט אין דעם כ׳ נוסינאָוו געזען דעם „שיר־השירים״־נוסעך?

ניין, ניט אָרגאַניש איז דער שאָלעם־אַלייכעם־נוסעך פאַר דער דערציילונג „כאַדאָשים און טעג״—ס׳איז ניט קיין סטיל, נאָר אַ פּסעוודאָ־סטיל, אַ מין סטיליזירונג.

אוואַדע קאָן מען ניט לייקענען, אַז אָט דער קער צו שאָלעם־אַלייכעמען האָט אין אַ היפּשער מאָס געהאָלפן קיפּניסן אַרויסצורײַסן זיך פון יענע טרוקענע סכעמעס וואָס לויערן אַזוי שטאַרק אַף אונדזער איצטיקער פּראָזע. שאָלעם־אַלייכעמס לירישע אינטימקייט, שאָלעם־אַלייכעמס עטנאָגראַפישע אָנגעזעטיקטקײַט, זײַן גלענצנדיקע שפּיל מיט לעקסיק האָט אין אַ געוויסער מאָס באַפרוכפּערט קיפּניסן און דערוואָרבן פאַר אים אַ באַשטימטן קאַדר פאַרערער, אָבער ווי טײַער האָט עס געקאָסט קיפּניסן!

אין סאַמע ברען פון אונדזערע ליטעראַרישע שטרײַטן קומט ער און קליינשטעטלדיק־פאַרכלינעט באַזינגט ער זײַנע און בוזיס „געוועקסלטע בעטן״.

— ווער ביזטו, מיט וועמען ביזטו—האָבן מיר זיך אַרופגעוואָרפן אַף אים.

— אַנטשולדיקט כ׳בין ניט קיין היגער, כ׳בין אַ סלאָוועשנער—דאָס איז געווען זײַן ענטפער.

פאַר יידישיסטישע באַלעבעסלעך איז עס געווען אַ געווינס.

ס׳אַרא „אומיטלבאַרקײַט״!

ס׳אַרא אײַנגעוואַקסנקײַט אין שטייגער!

נאַרישקײַטן! מיט אַזאַ אומיטלבאַרקײַט פון סלאָוועשנער סטיכיי וועט קיינמאָל קיין עכטע קונסט פון אונדזערע צײַט ניט באַשאַפן ווערן!

יאָ, אָבער עפשער קאָנען מיר כאָטש זאָגן, אַז אײַזיק און די געשיכטע פון זײַן באַלעבאַטישן האָניק־כוידעש איז אַ פאַראַלגעמיינערטע און קינסטלעריש־פאַרגאַנצטע פאַרקערפּערונג פון באַלעבאַטישן סענטימענטאַליזם? וואָלטן מיר דאָס געקאָנט קאָנסטאַטירן, וואָלטן מיר געקאָנט ריידן וועגן אַן אינערלעכן קונסט־עמעס פון „כאַדאָשים און טעג״, פון אינערלעכער געזעצמעסיקײַט. איז אָבער דידאָזיקע אינערלעכע געזעצמעסיקײַט ניטאָ. ניטאָ דער אינערלעכער קונסט־עמעס אין דער גרונט־פיגור פון דער דערציילונג—אינעם גאַרבער אײַזיק.

דער גאַרבער אײַזיק איז דאָך ניט קיין פאַרקערפּערונג פון אַ קליינשטעטלדיקן באַלעבעסל. אַף זײַן געלן פיליסטערישן קלייד האָט דאָך קיפּניס אַרופגעלייגט... רויטע לאַטעס. צו וואָס אָטאָ די רויטע לאַטעס?

אײַזיק שפּאַנט אַרום איבער סלאָוועשנער געסלעך מיט „אידייען״, ער איז אַ „ראַבאָטשע״ און, ווי ס׳ווײַזט אויס, ניט קיין פּאָשעטער כײַוועקײַעם. ער איז קימאַט ווי אַ „קאָמוניסטישער״ אַגיטאַטער. ער „אַגיטירט״ שוין אַפילע זײַן בוזי:

... „אַז זי וועט זיך דערטראַכטן צו דעם, וועט זי אָבער אַליין זען, אַז ס׳איז שוין אַסאַך בעסער אַרבעטן בא יענעם—אַפילע גאַנצע האַלבע מעסלעסן ניט האָבן אַף זיך צו שאַפן—ווי זײַ אַ גוויר און זויגן פרעמדע בלוט״ (זײַטל 68).

פונוואַנען איז ער געקומען אײַזיק, הייסט עס, צו אָט די געפערלעכע „אידייען״?

פון די ביכלעך, ווי דען־זשע?

ער לייענט יידישע און אפילע ניט־יידישע שרייבער. ער לייענט פע־רעצן און אין איין אָרט (זייטל 40) ציטירט ער (א פּאָשעטער גארבער) אין זיין שמועס אפילע האַפּשטיינען („אויסוועגן פון אלע פיר זייטן").

דערביי איז ביכלאך נויטיק אָנצווייזן ווי צופעליק און געלאטעט עס איז די לעקסיק פון אָט דעם גארבער־יונג אייזיק.

דוכט זיך אָן אָפּגעשטאנענער גארבער־יונג, אָבער הערט זיין שפּראך:

„די שקורניקעס, זעט איר, האָבן אלע געהאט א טראָפּנדל פרייד אין די קע־שענעס. (ז. 59).

„די גאסן זיינען בא אונדז אלע איבערגעקרייצט מיט פעדעמלעך פון שרעק" (ז. 103).

„טעג, ווי מעשענע, אויסגעריבענע טאצן אנטקעגן דער זון און נעכט ווי הירשן צוגעשטילטע אין שאָען פון זעט..." (ז. 14).

כ'לעבן, עפּעס ניט קיין סלאָוועשנער יונגערמאנטשיק, נאָר א דיכטער פון אי־מאזשיניסטן־קאפּע!...

פונוואנען זשע קומט צו אזא הויך־קולטורעלן ארבעטער אזא מוירעדיק באלע־באטישע האָניק־כוידעש־פּסיכאָלאָגיע?

אָט פּאָדערט ער, מע זאָל „אויסקוילענען אלע שיקסעס".

נו, און זיינע „אידייען" וואָס וועלן זאָגן דערויף?

און פונוואנען האָט זיך דאָ פּלוצלונג גענומען די רויטע ארמיי? און ווי קומט אייזיק אין דער רויטער ארמיי?

און וואָס וועט בוזילע זאָגן? זי איז דאָך „אף דער צייט" און טאָר ניט וויינען"? און מיט וועמען וועט זי טרינקען ציקאָריע מיט קיכל? און מיט וועמען וועט זי מעסטן די נעזער?

צעריסן די סוזשעט־קאנווע—אף שטיקער צעריסן!

קעדיי צו פארענדיקן אינגאנצן מיט דער פראגע וועגן פּסעוודא־סטיל בא קיפּניסן, איז קעדיי אָנצווייזן אף נאָך א ביישפּיל. דאָוויד פראנקס ווייב איז אין פּאָגראָם פון זינען אראָפּ. בלאנקעט זי ארום איבער די גאסן און זי זינגט:

„אווארע קענט איר אלע דאָווידן,
דאָווידן פראנק פון דאָלינע,
יעשוע דעם קאָזשושניקס זון.
ער איז אויך געווען א קאָזשושניק,
נאָר בא מיר איז ער טייערער פון פרינצן
אָט דער—אָ דאָוויד איז געווען מיין מאן".
(זייטל 107).

די פיגור פון דאָוויד פראנקס מעשוגענער ווייב איז געווען א גרויזאמע, צו וואָס נאָך סטיליזירן זי אפן נוסעך פון דער ביבלישער „דווירע האנוויִע"?

צי דען זינגט אזוי א יידישע מעשוגענע פון סלאָוועשנע?

וואָס־זשע דארף כ' קיפּניס דערפון לערנען?

כ׳ קיפּניס דאַרף קוידעמקאָל ניט גלויבן, אַט די אַלע נוסינאָווס „פּיליזאָפּיעס״ וועגן דעם: 1) אַז די „אָביעקטיווע באַדינגונגען״ האָבן געמוזט ברענגען צו איליר־סטרירן מיט... סלאָוועשנע „א ווינקל פון 1919 יאָר״; 2) אַז סלאָוועשנע מוז מען באַשרײַבן מיטן נוסעך פון שאָלעם־אַלייכעמס „שיר־השירים״ און נאַציאָנאַליסטישן „שפוך חמתך״־טאָן; 3) אַז וועגן סלאָוועשנע קאָן מען נאָר שרײַבן א כראָניק און 4) אַז מען קאָן א סטיל מעכאַניש איבערטראָגן ווי מעבל פון איין טקופע אין דער צווייטער.

דאָס דאַרף געדענקען כ׳ קיפּניס און ווײַטער פּ אָ ר ז ע צ ן זײַן שווערן וועג פון א יונגן סאָוועטיש־ייִדישן פּראָזאַיִקער.

דער וועג איז שווער, ווײַל מיר זײַנען דאָך ניט פון די, וואָס קײַען איבער שי־רײַים. מיר קומען דאָך — נײַע מענטשן מיט א נײַער וועלט־אָנשויונג, מיט א נײַער עמאָציעס־וועלט—דעריבער זײַנען אַזוי שווער אונדזערע געבורט־ווייען.

כ׳ קיפּניס האָט דאָס ר ע כ ט זיך לאָזן אַפן דאָזיקן וועג. באַ דעם קריזיס פון געזונטער, פּאָשעטער זאַפטיקער שפּראַך, וואָס מיר האָבן לעצטנס אייניקע מאָל קאָנסטאַטירט אין אונדזער ליטעראַטור, קומט קיפּניס מיט א פילפאַרביקן שלאַל פאָלק־לאָשן. קיפּניסעס שפּראַך—איז א יאָדערדיקע, פּאָשעטע, מיט יענער זאַפטיקײַט, וואָס כאַראַקטעריזירט ביכלאַל דעם אוקראַיִנישן ייִדיש.

קיפּניס גיט א ל ע ב ע ד י ק ן ש מ ו ע ס, א פּאָשעטן זאַפטיקן דיאַלאָג, (א גע־ווינס פאַר אונדזער פּראָזע).

קיפּניס באַהערשט ערטערווײַז זייער ש ט א ר ק די דיכטערישע דעטאַל, באַ־זונדער דאָרטן, ווו ער איז טראַגיש. דענסטמאָל באַקומען מיר בעעמעס ה ע כ ס ט־ק י נ ס ט ל ע ר י ש ן ש ו י ד ע ר.

די בלוטיקע סאַכאַקלען פון פּאָגראַם זײַנען באַ קיפּניסן שטאַרק ניט דאָרטן, ווו ער מאַכט געוואַלדן אין סטיל פון „שפוך חמתך״, נאָר גראָד דאָרטן, ווו ער אָפּערירט מיט שטילער און דערפאַר אַזוי גרויזאַמער דיכטערישער דעטאַל.

דערנאָך... האָט מען געבראַכט צו פירן פון דאָרף די מאַמע כײַטשקען א געשטאָכענע, יאָסעלען מיט מײַלעכן דערשטאָכענע... די מומע ראַסלען א פאַרוווּנדעטע און אירע צוויי דאָרפישע דער־שראָקענע מיידלעך, מאַלקעלן און עסטערן, ביידע ווי יונג צעשראָקענע פייגלעך—דערשטאָכענע.

וואָס פרעגט איר:

„וואָס וועט יוליק אַף דערויף זאָגן אין אַמעריקע? ס׳איז דאָך פון אים ערשט אָנגעקומען א פּאַק מיט בריוו?״

און נאָך פרעגט איר:

„אויב אַזוי, טאָ צוליב וואָס האָט יאָסעלע באַהאַלטן זײַנע צאַצקעס איבײַנעם מיט הערשעלען אין סעקרעט?״

און...

„ווי אַזוי וועט הערשעלע זיך דערפרעגן אַף זײַן כאַווערל?.

איך ווייס ניט, גאָרניט ווייס איך ניט. איך ווייס נאָר, אַז מיר טוט וויי די נעשאָמע״.

(זײַטל 144).

קיפּניס האָט זיך אויסגעלערנט צו זײַן קארג אין ווערטער דאָרט, ווו אנדערע ריידן צופיל. די „געזעגעניש״ מיטן אטאמאן קאָזיר־זירקאָ, די באשרײַבונג פון סלאָוועשנער הארבארניעס א. א. וו. דערווייַזן, אז קיפּניס קאָן קוקן אין פּינטל אריַין און ניט צעשווומען ווערן אף דער אויבערפלאך.

עס איז אָבער לאכלוטן ניט נויטיק אין נאָמען פון אָט די מײַלעס פארדעקן די גרויסע כעסרוינעס קיפּניסעס. זאָל טאקע קיפּניס א טראכט טאָן וועגן 1919 יאָר, ער וועט זיך אויסלערנען באזײַטיקן אָט די אלע שווריקײַטן.

ווײַל קיין שיקזאל פון גרויזאמען קליינבירגערלעכן „זײַן״ הענגט ניט איבער קיפּניסעס „באוווסטזײַן״. קיפּניס איז ניט פארורטיילט צו געבן קליינבירגערלעכע ליטעראטור, אויב אפילע ער זאָל פאָרזעצן באשרײַבן זײַן סלאָוועשנע.

סלאָוועשנע ענדערט זיך—ס׳איז א סוואָרע, אז אויך קיפּניס, ווי יעדער מיטלויפער, וואָס קומט פון אונדזערע האָרעפּאשנע אָפּגעשטאנענע מאסן, וועט זיך קאָנען ענדערן.

אלנפאלס, פון אָט דער ענדערונג הענגט אָפּ דער גורל פון זײַן ווײַטערדיקן שאפן.

דעקאבער 1926.

# מארקסיזם אָדער „אולטרא-מארקסיזם“.

(אן ענטפער דעם כ׳ א. ר. צווייַג).

נאָכדעם, ווי כ׳ צווייַג האָט גאנץ „אומבעראכמאָנעסדיק“ באשאָסן מיך פון זייַן טינטער און אָפּגעלערנט מיט מיר א סעדרע דערעכערעץ, אז בעכיין, אזא שקאָץ, ווי איך, דארף זיך ניט יאָגן נאָך „גרינגע פייגעלעך“, נאָר בעסער זיצן און לערנען טוי־רע באם כ׳ ליטוואקאָוו, און טאקע ווערן אביסל טיפּזיניקער—נאָכדעם האָט כ׳ צווייַג געפּונען פאר נויטיק, מאשמאָעס צוליב פּעדאגאָגישע טייַמים, א גלעט טאָן מיך אי־בערן בעקל און צום סאָף פון זייַן ארטיקל זיך אָפּרעקאָמענדירן אלס מייַן גוטער פרייַנט.

איך האלט ניט, דעם עמעס זאָגנדיק, פון אזעלכע גוטע פרייַנט.

נאָכמער: איך בין מער ווי זיכער, אז אויך דער כ׳ ליטוואקאָוו, ווען כ׳ צווייַג איז געקומען צו בענטשן, וועט אויך ניט גאָר קיין גרויסע האנאָע האָבן פון אזא מין „בענטשן“.

נו, בעעמעס, צי דען זשע וועט כ׳ ליטוואקאָוו טאקע פאָדערן, אז יעדעס וואָרט זייַנס זאָל דעקרעטירט ווערן אלס טוירע, ווי דאָס פאָדערט זייַן פלאמי־קער טאלמיד כ׳ צווייַג?

און צי דען זשע איז ניט גענוג דעם כ׳ ליטוואקאָוו, ער זאָל זייַן פּאָשעט אן ערנסטער מארקסיסטישער קריטיקער—און צי דארף ער נאָך האָבן פאר זיך עפּעס א ספּעציִעלן „אולטרא־מארקסיזם“, ווי עס שרייַבט אים צו כ׳ צווייַג? („אזא אולטרא־מארקסיסטישער קריטיקער ווי כ׳ ליטוואקאָו״!).

כ׳ צווייַג מיינט מיסטאָמע, אז אויב מארקסיזם איז גוט, איז אולטרא־מארקסיזם נאָך בעסער.

ער האָט אָבער א גרויסן טאָעס, כ׳ צווייַג. יעדער „אולטרא״ איז ניט מארק־סיסטיש און ניט ווויסנשאפטלעך.

און דעריבער טאקע זייַנען צווייַגס „אולטרא־מארקסיסטישע״ האמצאָעס ניט קיין מארקסיסטישע און ניט קיין וויסנשאפטלעכע.

זיי האָבן אָבער דאָך א געוויסע מייַלע: זיי טרייסלען אויף די פּארגליוורטע אטמאָספער פון אונדזער ליטעראטור־קריטיק, זיי שטעלן אפּן שארף פון מעסער

א גאַנצע רײ זײער אינטערעסאַנטע און העכסט־פּרינציפּיעלע פראגן פון אונדזער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור־קענטעניש.

עפּשער איז שוין טאַקע צײַט עס זאָל זיך אָנהויבן בײַ אונדז א פּרוכטבאַרע ליטעראַריש־קריטישע אַרבעט אָנשטאָט דעם שטיל־שווײַגן און שפּילקע־שפּיל, וואָס האָט געהערשט ביז איצט.

צוליב דעם אַליין לוינט שוין גענויער אָפּענטפערן דעם כ' צווײַג אויף אַלע זײַנע טײַנעס.

## I. „א קלײניקײַט, א וועלט־אָנשויונג"!

די ערשטע פײַל זײַנע האָט כ' צווײַג געצילט קעגן מײַן טעזיס וועגן שאָלעם־אַלײכעמס פּראָגראַם און אידעאָלאָגיע.

אין וואָס באַשטײט מײַן דאָזיקער טעזיס?

איך האָב אין מײַן אַרטיקל אין „שטערן" נומ. 6—5 באַשולדיקט דעם כ' ליטוואַקאָוו אין אָפּרויבן בײַ שאָלעם־אַלײכעמען זײַן פּראָגראַם און זײַן אידעאָלאָגיע, דאָס הייסט — זײַן ס אָ צ י אַ ל ע פ ו נ ק צ י ע און זײַן קלאַסן־באַפאַרבונג.

אָט וואָס כ' ליטוואַקאָוו שרײַבט ב ו כ ש ט ע ב ל ע ך וועגן דערדאָזיקע פראַגע:

„שאָלעם־אַלײכעם האָט ניט געקאָנט און קאָן ניט זײַן קײן פ ר אָ ג ר אַ ם, ווײַל ער האָט א י ד ע אָ ל אָ ג י ש אינערגעץ ניט געפירט. שאָלעם־אַלײכעם פלעגט באַקומען זײַן אידעאָלאָגישן טיקן שוין פונעם לעזער און דאָ איז שוין געווען געוועבדעט פון דעם, צו וועלכן סאָציאַלן שיכט אָדער גרופּע געהערט דער אָדער יענער לעזער. אַזוי האָט ער זײַן בעסטן אידעאָלאָגישן און דער־מיט אויך קינסטלערישן טיקן באַקומען דורך דער גרעסטער יִדישער קונסט־שאַפונג פון אונדזער צײַט — דורך דעם מעלוכישן יִדישן טעאַטער, אָנגעפירט פון א. מ. גראַנאָווסקי".

(„אין אומרו", באַנד II, זײַטל 165. קורסיוו — מ. ליטוואַקאָווס).

וואָס איז קוידעמקאָל וויכטיק אין אָט דערדאָזיקער ציטאַט?

געוויינטלעך, ווען מע רעדט וועגן פּראָגראַם פון א קינסטלער, האָט מען אין זינען ניט זײַן פּ אָ ל י ט י ש־פּ אַ ר ט ע י ש ע פּראָגראַם, לויט זײַן פּאַרטײ־בילעט א י ן ק ע־ ש ע נ ע, און רעדט מען וועגן דעם, אַז דער קינסטלער פירט ערגעצווו אידעאָלאָגיש, מיינט מען, פאַרשטײט זיך, ניט די פּאָליטישע רעדעס, וואָס ער האַלט ווען עס איז אויף באַנקעטן — פאַר אונדז, קונסט־פאָרשער, עקזיסטירט קוידעמקאָל דאָס קונסט־ווערק און דער גענויער וויסנשאַפטלעכער אַנאַליז פונעם ק ו נ ס ט־ט ע ק ס ט — אָט דאָס דאַרף קוידעמקאָל באַשטימען די פּראָגראַם פונעם קינסטלער און די ריכטונג, אין וועלכער ער פירט אידעאָלאָגיש. די דאָזיקע פּראָגראַם, די ק י נ ס ט ל ע ר י ש ע פּראָגראַם, ווערט דורכן ליטעראַטור־קריטיקער אַרויסגעשיילט פון יענע ק י נ ס ט ל ע ר י ש ע בילדער, ק י נ ס ט ל ע ר י ש ע עמאָציעס און ק י נ ס ט ל ע ר י ש־פאַרקערפּערטע אידייען, וועלכע אַנטפּלעקן זיך אין רעזולטאַט פון אַנאַליזירן דעם טעקסט פונעם ק ו נ ס ט־ו ו ע ר ק.

פּראָגראַם פון קינסטלער און אידעאָלאָגיע פונעם קינסטלער — ס'א י ז א ל צ ײ נ ס. אינעם טערמין פּראָגראַם איז בלויז בולעטער אונטערגעשטראָכן די ציל־אָנגעווענט־

קייט, וואָס איז פאראן אין יעדער אידעאָלאָגיע, די אקטיווע אָנגרייפעריש־קייט פון יעדער אידעאָלאָגיע.

כ׳ צווייג האָט פּאָשעט אויסגעזויגן פון פינגער זײַן טעאָריע פון קלאַסיפיצירן אידעאָלאָגיעס אף אקטיווע און פאסיווע. עס זײַנען טאקע פאראן אידעאָלאָגיעס אי פון אקטיוויזם, אי פון פאסיוויזם, אָבער ביידע זיי זײַנען אקטיוו אין דער הינזיכט, וואָס ביידע זיי פארופן צו זיך, וואָס ביידע זיי „פאַנגען נעשאָמעס״, וואָס ביידע זיי פירן ערגעץ. עס איז ניטאָ אף דער וועלט אזא מין אידעאָלאָגיע, וואָס זאָל אינערגעץ ניט פירן. דער, וואָס פירט אידעאָלאָגיש אינערגעץ ניט, איז גלאט א פלאפלער, וואָס האָט ביכלאל קײַן שום געזעלשאפטלעכן וואָג ניט.

דאָס קלײנבירגערטום, וואָס זיצט היסטאָריש „אף צוויי שטולן״, וואָס וויל זיך אופהויבן איבער אלע קלאסן, וואָס שטרעבט צו פאסיוון שאָלעמבײַיִס, האָט אויך זײַן אידעאָלאָגיע, וואָס פאנגט גאנץ אקטיוו נעשאָמעס וואָס פירט אין א באַשטימטער ריכטונג—אין דער ריכטונג פון קלײנבירגערלעכער סטיכיע. דעריבער האָבן מיר דאָס רעכט צו אָפּערירן מיטן טערמין „קלײנבירגערלעכער אידעאָלאָגיע״. די אינטעליגענץ פון יערידע־טקופעס. וועלכע רופט צום פאסיוויזם, אפילע צום אָפּ־לײקענען דאָס לעבן ביכלאל, האָט אויך איר אידעאָלאָגיע—די אידעאָלאָגיע פון נירוואנא, פון אומבאוועגלעכקײַט, פירט זי אויך ערגעץ—צו נירוואנא.

דערדאָזיקער עמעס איז שוין אזוי אָנגענומען געוואָרן אין דער מארקסיסטישער ליטעראטור־קריטיק, אז ס׳איז פּאָשעט א כארפּע ארום דערדאָזיקער אקסיאָמע צו שטרײַטן.

ווען כ׳ ליטוואקאָוו שרײַבט אָן שווארץ אף ווײַס, אז „ש.־אלײכעם האָט ניט געקאָנט און קאָן ניט זײַן קײַן פּראָגראם, ווײַל ער האָט אידעאָלאָגיש אינערגעץ ניט געפירט״,—איז קלאָר, אז דערמיט לײקנט ער אָפּ, ערשטנס, די אידעאָלאָגיע גופע (די קלאסן־אידעאָלאָגיע, די קלאסן־באפארבונג) פון שאָלעם־אלײכעמס ווערק און, צווייטנס, בארויבט ער בא שאָלעם־אלײכעמען די סאָציאַלע אָרגאניזיר־פונקציע. עס ווערט געשאַפן עפעס א פאנטאסטישער שרײַבער (און א גרויסער שרײַבער!), וועלכער האָט קײַן שום סאָציאַלע אָרגאניזיר־פונקציע ניט אויסגעפילט, מאכמעס ער האָט אינערגעץ ניט געפירט. ער האָט קיינעמס עמאָציעס און אידייען ניט אָרגאניזירט.

נו, און זײַנע לײענער?

צי דען האָט שאָלעם־אלײכעם קײַן שום ווירקונג אף זײַנע לײענער ניט געהאט?

צי דען האָט ער ניט ארויסגערופן באם לײענער באשטימטע עמאָציעס, אידייען, רעגונגען, אין א באשטימטער געזעלשאפטלעכער ריכטונג?

כ׳ ליטוואקאָוו האָט, ווי עס שײַנט, גאנץ גוט געפילט וווהין עס פירט אזא טעאָריע וועגן ליטעראטור, וואָס „פירט אינערגעץ ניט אידעאָלאָגיש״, און ער האָט טאקע אין אנדער אָרט געעפנט אלע זײַנע קאָרטן, באשאפנדיק א טעאָריע פון יידישער ליטעראטור, וואָס האָט „געהאט נאָר א באדײַטונג פארן נאציאָנאלן קולטור־קאמף״,

וואָס האָט „קימאַט אויפגעהערט צו האָבן אַ סאָציִאַלע פונקציע״ און „געוואָרן אַ מין נאַציִאָנאַלע מיצווע״.

דידאָזיקע געדאַנקען אַנטוויקלט גאַנץ געניי כ׳ ליטוואַקאָוו אין זײַן אַרטיקל „ירושה און הגמוניע״, באַרירנדיק די פראַגע וועגן דער ליטעראַרישער ירושה. גענויער אָפּשטעלן זיך אויף אָט דער פראַגע וואָלט מען באַדאַרפט אין אַ ספּעציעלן אַרטיקל וועגן דער ירושה־פּראָבלעם. דערווײַל איז וויכטיק בלויז די אַלגעמיינע סכעם — די גרונט־שטריכן.

כ׳ ליטוואַקאָוו אַנטוויקלט אַזאַ געדאַנק:

„צוליב די אָביעקטיווע באַדינגונגען איז די ייִדישע מאַסן־קולטור געווען שרעקלעך באַגרעניצט אין אירע מעגלעכקייטן, און אַלס איר איינציקער רעזערוו איז פאַרבליבן בלויז דאָס ייִדישע וואָרט, וואָס איז אַליין אויך געווען באַגרענעצט אין זײַן געברויך־שעטעך. איז דעריבער די איינציקע פאַרקערפּערונג פון ייִדישער קולטור געוואָרן די ייִדישע ליטעראַטור...

אַזוי אַרום האָט די ייִדישע ליטעראַטור קימאַט אויפגעהערט צו האָבן אַ **סאָציִאַלע פונקציע** (די, וואָס זי האָט אָפּגעשפּיגלט, האָט זי ניט באַדינט, און די, וואָס זי האָט באַדינט, האָט זי ניט אָפּגעשפּיגלט), זי איז געוואָרן אַ מין **נאַציִאָנאַלע מיצווע**״.

(„אומרו״ — ז. 12).

איך האָב בעקיוון געבראַכט אַ גאַנץ גרויסע ציטאַט, קעדיי כ׳ צווײַג זאָל מיך ניט באַשולדיקן אין פאַרקריפּלען יענעמס ווערטער.

כ׳ ליטוואַקאָוו רעדט דאָ בעפּיירעש וועגן אַ קימאַט **ניטסאָציִאַלן רוכניעסדיקן** כאַראַקטער פון דער ייִדישער ליטעראַטור. כ׳ צווייג כאַפּט זיך אָן מיט ביידע הענט פאַר אָט דערדאָזיקער טעאָריע פון אַן אַסאָציִאַלער ליטעראַטור און דערקלערט:

„אויך די ייִדישע ליטעראַטור, אין עצעם אַ קליינבירגערלעכע און אַן **אַפּאָליטישע**, האָט זי באַקומען איר פּאָליטישע באַפאַרבונג פון לייענער״.

אַזוי גאָר! איז די ייִדישע ליטעראַטור **אין עצעם** געווען אַן **אַפּאָליטישע**?!

די מאַרקסיסטישע קריטיק האָט פון שטענדיק אָן באַקעמפט דעמדאָזיקן געדאַנק פון אַן אַפּאָליטישער ליטעראַטור. די מאַרקסיסטישע קריטיק האָט אויפגעוויזן, אַז אויב ניט דורך פּראָגראַם־טעזיסן, טאָ דורך קינסטלערישע בילדער (טיפּן, געפילן, געדאַנקען) איז ליטעראַטור אין עצעם אַ פאַקטאָר פון געזעלשאַפטלעכן קאַמף, פון פּאָליטישן קאַמף. יעדער עכטע קונסט־ווערק, מעג עס אַפילע האָבן צוטאָן מיט „לעוואָנע און שטערן״, איז אין עצעם אַ **שטיק פּאָליטיק**.

דעריבער טאַקע האָט דער צ. ק. פון דער אַלפאַרבאַנדישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי געפונען פאַר וויכטיק ספּעציעל אויסאַרבעטן אַ **פּאָליטישע** רעזאָלוציע וועגן דער פאַרבאַנדישער ליטעראַטור, וועגן אירע פּערספּעקטיוון און וועגן דער פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי אין דער ליטעראַטור.

די ייִדישע ליטעראַטור איז ניט קיין אויסנאַם פון קלאַל און האָט אויך געשפּילט אַ קאָלאָסאַלע ראָלע אינעם ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן און איז אויך געווען „פּאָליטיש״ און האָט אויך ערגעץ געפירט.

פונוואנען זשע קומט די טעאָריע פון אן אפּאָליטישער ליטעראטור, קימאט אָן סאָציאַלער פונקציע?

דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס סײַ כ׳ ליטוואקאָוו, סײַ כ׳ צווייַג ווילן ניט פאַרשטיין, אז ס׳איז ניטאָ אַף דער וועלט קיין ליטעראטור, וואָס זאָל זײַן בלויז א נאַציאָנאַלע מיצווע, וועלכער מע דאַרף קלוימערשט צוגעבן, ווי כ׳ ליטוואקאָוו זאָגט, א פּאָליטישן כאראקטער (זע זײַטל 8 „אומרו״).

די געשיכטע פון דער וועלט־ליטעראטור, בא פארשיידענע פעלקער, וויס פון אסאך פעריאָדן אזעלכע, ווען די ליטעראטור־ארענע איז געווען די איינציקע קימאט ארענע פון געזעלשאפטלעכן קאמף.

אין אזעלכע פאלן פלעגט אָבער ליטעראטור זײַן אין טאָך ניט קיין רוכניעסדיקע מיצווע, נאָר א פסעוודאָנים פון פּאָליטיק. קימאט אין פעריאָדן, ווען די איינציקע פארקערפערונג פון געזעלשאפטלעכן קאמף ווערט די ליטעראטור, איז די סאָציאַלע פּאָליטישע פונקציע פון דער ליטעראטור אין טאָך נאָך דאָפּלט שטארקער!

אזוי איז געווען אין סאָף XVIII י. ה. אין דײַטשלאנד און אין די 60—70־ער יאָרן פונעם XIX י. ה. אין רוסלאנד, אזוי אויך אין די רעאקציע־יאָרן אין צארישן רוסלאנד.

כ׳ ליטוואקאָוו ווײַזט אָן אפן אייגנארטיקן, קלוימערשט, כאראקטער פון דער יידישער ליטעראטור, וועלכע האָט „באדינט די, וועמען זי האָט ניט אָפּגעשפּיגלט און אָפּגעשפּיגלט די, וועמען זי האָט ניט באדינט״.

דערפון נעמט זיך לויט דער מיינונג פונעם כ׳ ליטוואקאָוו די אבסטראקטע רוכניעסדיקײַט („נאציאָנאַלע מיצווע און ניט סאָציאַלע פונקציע״) פון דער יידישער ליטעראטור.

דידאָזיקע יידישע „אייגנארטיקײַט״ איז אָבער, דעליקאט גערעדט, זייער אן איבערגעטריבענע.

כ׳ ליטוואקאָוו מאָטיווירט דידאָזיקע אײַגנארטיקע „אסאָציאַלקײַט״ דערמיט, וואָס די יידישע ליטעראטור „האָט אָפּגעשפּיגלט נאָר די באוועגונג פון דער יידישער בורזשואזיע: די האסקאָלע־באוועגונג פון אירע העכערע שיכטן און די נאציאָנאַלע באוועגונג פונעם קליינבירגערטום״, דערבײַ אָבער האָט זיך געהאט „אלס פאקטישן געברויכער נאָר איין קלאס—דעם יידישן פּראָלעטאריאט און די ארבעט־מאסן, וואָס גרופּירן זיך ארום אים״ (זײַטל 8).

איידער מיר וועלן פאנאנדערקלײַבן אָטאָ די סיסטעם געדאנקען, איז אָבער נויטיק מאכן א געוויסע אויסבעסערונג אין דער פראגע וועגן קלאסן־באשטאנד פונעם יידישן לייענער.

כ׳ ליטוואקאָוו רעדט וועגן איין קלאס, וועמען די יידישע ליטעראטור האָט באדינט—דאָס איז „דער יידישער פּראָלעטאריאט און... די ארבעט־מאסן, וואָס גרופּירן זיך ארום אים״.

פון ווען אָן זײַנען עס די „ארבעט־מאסן, וואָס גרופּירן זיך ארום פּראָלעטאריאט״, פארעכנט געוואָרן אין איין קלאס מיטן פּראָלעטאריאט?

אסאך פינקטלעכער און וויסנשאפטלעכער וואָלט געווען צוזאָגן, אז די ייִדישע ליטעראטור האָט באדינט דעם ייִדישן ארבעטער, דאָס ייִדישע קליינבירגערטום (זײַנע האָרעפּאשנע און קרעמעריש־פארמיטלערישע מאסן) און די ייִדישע קליינבירגערלעכע אינטעליגענץ.

צי איז די ייִדישע ליטעראטור אידעאָלאָגיש נאָענט געווען אָטאָ די אלע שיכטן פון לייענער, צי האָט זי סאָציאַל געווירקט אף זיי (סאָציאַלע פונקציע), צי האָט זי זיי אויך אָפּגעשפּיגלט?

איך האלט, אז יאָ.

אין טאָך איז די ייִדישע ליטעראטור געווען א בורזשואזע און קליינבירגערלעכע (אכוץ א שמאָל שטראָמל ארבעטער־פּאָעזיע).

די אידעאָלאָגיע פון קליינבירגערטום האָט אָבער געקאָנט פארכאפּן און האָט טאקע פארכאפּט ניט נאָר דאָס ייִדישע קליינבירגערטום און קליינבירגערלעכע אינטעליגענץ, נאָר אויך דעם ייִדישן באלמעלאָכישן לוין־ארבעטער.

די האסקאָלע־באוועגונג פון דער ייִדישער בורזשואזיע האָט אידעיִש געשפּײַזט אויך דאָס קליינבירגערטום און דעם, נאָך ניטבאוווסטזיניקן, ייִדישן באלמע־לאָכישן לוין־ארבעטער. די נאציאָנאלע באוועגונג פונעם קליינבירגערטום איז נאָענט געווען דער גאנצער מאסע פונעם ייִדישן פאָלק, אכוץ דער גרויס־בורזשואזיע, וועלכע איז פונעם סאמע אָנהויב אָן געווען אסאמיליאטאָריש, און א דין הײַטל באוווסטזיניקע פּראָלעטאריער.

סײַ אין דער האסקאָלע (אין אירע דעמאָקראטישע און ראדיקאלע רעפאָרם־טענ־דענצן), סײַ אין דער נאציאָנאלער באוועגונג (אין אירע דעמאָקראקראטישע גילגולים) האָבן דער ניטבאוווסטזיניקער ייִדישער באלמעלאָכישער לוין־ארבעטער און דאָס גאנצע ייִדישע קליינבירגערטום יאָ געפונען זייער אידעאָלאָגישע אָפּשפיגלונג—ס'איז געווען זייער ליטעראטור?

ערשט נאָך דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, ווען דער ייִדישער ארבעטער גייט ארויס אין זײַנע ברייטסטע מאסן פון די ראמען פון קליינעם ווארשטאט און באפרײַט זיך פון דער קליינבירגערלעך־דעמאָקראטישער און נאציאָנאליסטישער אפּעטראָפּסעס, פארלירט די אלטע קליינבירגערלעכע ייִדישע ליטעראטור איר אידעאָלאָגישע שליטע איבער אים און מעמיילע אויך א גרויסן טייל פון איר סאָציאַלער פונקציע בענעגייע צום ארבעטער־קלאָס.

איך זאָג בלויז א גרויסן טייל, ווײַל אדײַעם האָט די אלטע קליינבירגערלעכע, נאציאָנאל־דעמאָקראטישע און סאָציאל־מאסקילישע ליטעראטור ניט פארלאָרן אינגאנצן איר סאָציאַלע אָרגאניזיר־פונקציע, אף וויפל דער ארבעטער־קלאָס יארשנט דאָך די היסטאָריש־פּראָגרעסיווע עלעמענטן פון אָטאָ דער ליטעראטור.

אזוי ארום, איז דוכט זיך, קלאָר, אז די גאנצע טעאָריע וועגן „אייגנארטיקן" אפּאָ־ליטישן און אסאָציאַלן מיצווע־כאראקטער פון דער ייִדישער ליטעראטור איז ניט קיין ריכטיקע און מעמיילע איז שוין אויך ניט ריכטיק ליטוואקאָווס געדאנק וועגן דער אידעאָלאָגיעלאָזיקײַט פון שאָלעם־אלייכעמען.

כ׳ ליטוואקאָוו האָט נאָך אין אן אָרט, אינעם זעלבן גייסט, אויסגעטײַטשט די „ניטסאָציִאַלקייט“ און אידעאָלאָגיעלאָזיקייט פון א ייִדישן שרײַבער.
ווען מארקישן שרײַבט כ׳ ליטוואקאָוו אזוי:

„אָבער מארקיש איז אין טאָך גלײַכגילטיק צו אידעאָלאָגיע, ער איז פסיכיש ניט פעיִק צו אידעאָלאָגישע זוכענישן, האָט ער גאנץ גיך אָנגעהויבן „פוסט און פאסעווען...“

(אומרו ז. 193).

וואָס הייסט עס „גלײַכגילטיק צו אידעאָלאָגיע“? צי איז טאקע בעעמעס אידעאָלאָגיע אין קונסט עפּעס א מין קאלע־מיידל, צו וועלכער מע קאָן זײַן גלייכגילטיק, אָדער ניט גלײַכגילטיק?

צי איז די אידעאָלאָגיע עפּעס א זאך, וואָס ליגט אויסערן קינסטלער, אויסערן קונסט־ווערק, און נאָר דער, וועלכער איז „פסיכיש־פעיִק צו אידעאָלאָגישע זוכענישן“, געפינט זי,—יענער אָבער, וועלכער איז געבעך „ניט פסיכיש־פעיק צו אידעאָלאָגישע זוכענישן“, געפינט זי ניט?

ניין, בעשום אויפן ניט.

באלד ווי עס ווערט געבוירן א קונסט־ווערק, באלד ווי פונעם דיכטערישן „איך“ שיילט זיך אויס א בילד, א געפיל—האָבן מיר שוין פאר זיך אן עלעמענט פון געזעלשאפטלעכער אידעאָלאָגיע, וועלכע מע דארף ניט גיין ווײַטער זוכן.

דערדאָזיקער „גײַסט“ פון אידעאָלאָגיע שוועבט שוין אפילע אף דער ערשטער סטאדיע פון שעפערישן אופשטײַג, אף דער סטאדיע פון „אָפּקלײַב“.

דעמדאָזיקן אָפּקלײַב פון מאטעריאל מאכט דורך דער קינסטלער לויט א באשטימטן אידעאָלאָגישן קריטערי. אָפּקלײַב—איז אידעאָלאָגיע, איז סיסטעמאטיזירטער לעבן־קוק, איז וועלט־אָנשויונג.

די „טעאָריע פון ניטסאָציִאַלקייט און ניטאידעאָלאָגישקייט און פּראָגראמלאָזיקייט אין ליטעראטור וויל כ׳ צווײַג פארפלאָנטערן מיט דער פראָבלעם פון וועלט־אָנשויונג (Мировоззрение) און וועלט־עמפינדונג (Мироощущение) אין דער ליטעראטור.

כ׳ צווײַג פארבײַט פּאָשעט דעם טערמין „אידעאָלאָגיע“ אף א צווייטן טערמין—„וועלט־אָנשויונג“ און בויט אויס אזא סוואָרע:

„צי קאָן מען, ווען מע רעדט וועגן שאָלעם־אלייכעמען, באנוצן דאָס העכסט־פּאראנטוואָרטלעכע וואָרט וועלט־אָנשויונג? א קלייניקייט, וועלט־אָנשויונג! צי דען איז פאראן אין שאָלעם־אלייכעמס שאפן אן אויסגעהאלטענע, שטרענג־דורכגעטראכטע, דורכגעפילטע און צילבאוווסטע סאָציאל־פּאָליטישע, אָדער קאָסמישע־קאָנצעפּציע? מע קאָן נאָר ריידן וועגן שאָלעם־אלייכעמס וועלט־עמפינדונג... און וועגן אזא וועלט־עמפינדונג, און אפן העכסטן אויפן קלאסן־באפארבטער, רעדט טאקע אומעטום ליטוואקאָוו, ווען ער דערמאָנט דעם נאָמען פון אונדזער געניאַלן הומאָריסט“.

אָט די גאנצע פילאָזאָפיע פון וועלט־אָנשויונג און וועלט־עמפינדונג איז דאָך מאמעש א קינדערשע.

וואָס איז דער גרונט־שטריך פון וועלט־אנשויונג? דער גרונט־שטריך פון וועלט־אָנשויונג איז די צילבאוווסטקייט און די סיסטעמאטישקייט.

דאָס איז אויך דער גרונט־שטריך פון געזעלשאפטלעכער אידעאָלאָגיע.

נו, צי איז אָט דער גרונט־שטריך ניט כאראקטעריסטיש פאר קונסט?

די גאנצע מארקסיסטישע קונסט־קענטעניש דערקלערט, אז אין אָט דער הינזיכט אונטערשיידט זיך ניט די קונסט פון אלע איבעריקע אידעאָלאָגיע־צווייגן.

פארוואָס האָבן מיר דאָס רעכט אוועקשטעלן די קונסט אין איין ריי מיט אלע אנדערע אידעאָלאָגיע־צווייגן? דערפאר, ווייל די קונסט סיסטעמאַטיזירט אויך.

וואָס מיינט כ׳ צווייג מיטן טערמין „וועלט־עמפינדונג"? אויב ער מיינט דערמיט ניט־אָרגאַניזירטע סטיכיי פון געפילן און טאָג־שטימונגען, אָן א וועלכן ניט איז באשטימטן ציל, איז בא אזא ניטאָרגאניזירטקייט פון שטימונגען־סטיכיי ביכלאל אומעגלעך דער שאפונג־פראָצעס.

נאָר אָבסקוראַנטן־אינטויִטיוויסטן שטעלן דעם טראָפּ אויף אָט דער „געפילן־סטיכיע" און איגנאָרירן די ראָל פונעם באוווסטזיין, פון דער „אידיי" אינעם פראָצעס פון שאפן.

וואָס איז וועלט־עמפינדונג פונעם קינסטלער? דאָס איז טאקע געזעלשאפטלעכע אָנשויונג, וואָס איז געוואָרן אָרגאַניש, וואָס איז ארײַן אין בלוט און ביין, אין אונטערבאַוווסטזיין פונעם קינסטלער.

אויב כ׳ צווייג ווערט פארשוווּמען אין שאָלעם־אלייכעמס סיפער־האמײַסע און זעט ניט דאָס פינטעלע פון שאָלעם־אלייכעמס וועלט־אָנשויונג (און וועלט־עמפינדונג), איז עס ניט שאָלעם־אלייכעמס שולד.

שאָלעם־אלייכעם, אלס גרויסער קינסטלער, האָט יאָ א וועלט־אָנשויונג, א באשטימטע אידעאָלאָגיע, א באשטימטע פראָגראַם, פארקערפערט, ווי בא יעדן קינסטלער, אין זײַן דיכטערישער וועלט־עמפינדונג, אין זײַנע טיפּן און בילדער.

שאָלעם־אלייכעם האָט יאָ געפירט דעם לייענער אין א באשטימטן „ערגעץ".

שאָלעם־אלייכעם איז געווען ניט קיין נאציאָנאַלע מיצווע פון קולטור־קאמף, נאָר א סאָציאַלע פונקציע פון געזעלשאפטלעך־פּאָליטישן לעבן, פון קלאסן־קאמף.

אָט דידאָזיקע סאָציאַלע פונקציע האָט ער געטראָגן ניט בלויז מיט זײַנע פּאָלי־טיש־געזעלשאפטלעכע ארויסטרעטונגען, נאָר אויך מיט זײַן יעדער קינסטלערישער שורע.

## II. כ׳ צווייגס „אולטרא־סינטעז".

דער טעזיס פון כ׳ ליטוואקאָוו וועגן דעם, אז שאָלעם־אלייכעם האָט ניט געקאָנט זײַן קיין פראָגראַם, ווייל ער האָט אידעאָלאָגיש אינערגעץ ניט געפירט, איז לויט מײַן מיינונג, ניט קיין צופעליקער, אף וויפל כ׳ ליטוואקאָוו בארויבט שאָלעם־אלייכעמען פון זײַן קינסטלערישן סינטעטישקייט.

כ׳ לֿיטוואקאָוו האָט עטלֿעכע מאָלֿ באַרירט אָט דידאָזיקע פֿראַגע און אומעטום אונטערגעשטראָכן דאָסזעלֿבע:

„שאָלֿעם־אַלֿייכעם איז דער דיכטער פֿון דער פֿאַר אים הײַנטוועלֿטיקער אַלֿטעגלֿעכקײַט; ניסטער איז דער דיכטער פֿון היסטאָרישער פּסיכאָ־אידעאָלֿאָגיע. שאָלֿעם־אַלֿייכעם איז אַזוי געווען פֿאַרשלֿונגען דורך דער רײַכקײַט פֿון שטייגער־דעטאַלֿן, אַז ער איז קיינמאָלֿ ניט געווען בעקויעך דעם סכום זייערן דערהויבן צו אַלֿגעמיינע אויספֿירן, צו באַדײַטפֿולֿע סינטעזן“.

(ז. 164).

אין אַן אנדער אָרט:

„שאָלֿעם־אַלֿייכעם פֿלֿעגט אַליין פֿאַרפֿלֿייצט און פֿאַרגוואַלֿטיקט ווערן דורך דער אומבאַגרע־נעצטער שעפֿע פֿון עטנאָגראַפֿיש־שטייגעריקן מאַטעריאַלֿ“.

(ז. 88).

דידאָזיקעביידע ציטאַטן דערווײַזן באַשײַנפֿערלֿעך, אַז כ׳ לֿיטוואקאָוו זעט אין שאָלֿעם־אַלֿייכעמען בלֿויז דעם דיכטער פֿון אַלֿטעגלֿעכקײַט, פֿון שטייגער־דעטאַלֿן, וואָס ווערן קיינמאָלֿ ניט דערהויבן צו אַ באַדײַטפֿולֿן סינטעז. דעריבער טאַקע האָט שאָלֿעם־אַלֿייכעם, לֿויט לֿיטוואקאָווס מיינונג, אידעאָלֿאָגיש אינערגעץ ניט געפֿירט און קיין פּראָגראַם ניט געקאָנט זײַן. אידעאָלֿאָגיע איז דאָך סינטעזירטע לֿעבן־דערפֿרונג. וווּ קײַן סינטעז איז ניטאָ, דאָרט איז, פֿאַרשטייט זיך, קײַן אידעאָלֿאָגיע ניטאָ.

שאָלֿעם־אַלֿייכעמס טאָגטעגלֿעכער שטייגערישקײַט שטעלֿט כ׳ לֿיטוואקאָוו קעגן ניסטערס היסטאָרישע פּסיכאָ־אידעאָלֿאָגיע, וועלֿכע פֿאָדערט שוין „אָרגאַניזירטן אינטעלֿעקט און אָריענטירטע אידעאָלֿאָגיע“.

קלֿאָר, אַז דער כ׳ לֿיטוואקאָוו פֿאַרבינדט שאָלֿעם־אַלֿייכעמס אידעאָלֿאָגיעלֿאָזיקײַט מיט זײַן סינטעזלֿאָזיקײַט.

ווי קאָן מען אָבער זאָגן, אַז אַזאַ גרויסער קינסטלֿער, ווי שאָלֿעם־אַלֿייכעם האָט קיין קינסטלֿערישע סינטעזן ניט געשאַפֿן. אָן סינטעז איז דאָך קיין גרויס קונסט ניטאָ—מיט אַזאַ טײַנע בין איך אין מײַן אַרטיקלֿ געקומען צום כ׳ לֿיטוואקאָוו.

כ׳ צווײַג, וועלֿכער האָט גענומען אויף זיך די אויפֿגאַבע צו פֿאַרטיידיקן דעם כ׳ לֿיטוואקאָוו פֿון מײַנע „אויבנויפֿיקע“ אָנפֿאַלֿן, האָט זיך גלֿײַך אַ לֿאָז געטאָן קעגן מיר מיט זײַן טעאָריע וועגן „אולטראַ־טעזיס“.

וואָס איז דאָס פֿאַר אַ באַשעפֿעניש?

גאַנץ פּאָשעט.

כ׳ צווייג דערקלֿערט, אַז כ׳ לֿיטוואקאָוו האָט קיינמאָלֿ ניט באַרויבט שאָלֿעם־אַלֿייכעמען פֿון זײַן קינסטלֿערישער סינטעטישקײַט, עלֿע וואָס דען?

עס זײַנען פֿאַראַן „סינטעזן פֿון פֿאַרשיידענע מאַדרייגעס“, איז אַזוי זיך אַ „קלֿיין סינטעזלֿ“ קאָן מען ווי עס איז יאָ אויפֿזוכן בײַ שאָלֿעם־אַלֿייכעמען, אָבער אַן „אולֿטראַ־סינטעז“, אַ „באַדײַטפֿולֿן סינטעז“—אומזיסט די טירכע! אַזוי פּאַסקנט כ׳ צווײַג.

וואָס־זשע אַזוינס הייסט עס אַ סינטעז פֿון דער „העכסטער מאַדרייגע“, וואָס שאָלֿעם אַלֿייכעם האָט דערצו קיינמאָלֿ ניט זוכע געווען?

אלס ענטפער אױף דעם גיט כ׳ צװײַג װידעראמאָל א בלעטער דורך דעם צװײטן באנד „אומרו״, ברענגט ציטאטן פונדאָרטן, און דערװײַזט מיט א פּשעטל, אז די העכסטע מאדרײגע פון סינטעז הײסט, אָנשטאָט „קינסטלעריש־סאָציאלע אלעגאָריעס״ געבן „אינדיװידועל־קינסטלערישע סימװאָלן מיטן צאפּל פון א דיפערענצירטן פּסיכאָלאָגישן „איך״.

פּאָשעטער גערעדט, האנדלט זיך אין אָט װאָס: כ׳ ליטװאקאָװ װײַזט אָן אין זײַן ארטיקל װעגן בערגעלסאָנען (ז. 63), אז אין דער ײִדישער ליטעראטור ביז בערגעלסאָנען איז קימאט װי ניט פארקערפּערט די דיפערענצירטע פּערזענלעכקײַט מיט אן אײגענעם ניט קלאל־ײִסראָעלדיקן צאפּל. ביז בערגעלסאָנען (בא מענדעליען און שאָלעם־אלײכעמען) האָבן מיר, לױט דער מײנונג פון כ׳ ליטװאקאָװ, געהאט בלױז קינסטלעריש־סאָציאלע אלעגאָריעס פונעם ײִדישן באלעבאָס, אָבער ניט קײן אינדיװידועל־קינסטלערישע סימװאָלן.

אזעלכע אינדיװידועל־קינסטלערישע סימװאָלן זײנען לױט דער מײנונג פון כ׳ צװײַג ניטאָ בא שאָלעם־אלײכעמען (און אױך בא מענדעלען!), און דעריבער איז בא אים ניטאָ דער „באדײַטפולער סינטעז״.

כ׳ צװײַג שרײַבט בעפײרעש:

„ליטװאקאָװ פאָדערט פון דער ליטעראטור מאָנומענטאלע מענטשלעכע פיגורן, אין װעלכע ס׳זאָל זיך בוילעט קלאָר ארױסװײַזן זײער פּסיכאָלאָגיש־קלאסאָװער מעהוס. איז װאָס, כ׳ בראָנשטײן, שאָלעם־אלײכעם האָט באשאפן אזעלכע סינטעטישע פיגורן?״.

באשאפן, טײַערער כ׳ צװײַג, נאָך א מין באשאפן! אי „מאָנומענטאלע מענטשלעכע פיגורן״, אי „מיט א פּסיכאָלאָגיש־קלאסאָװן מעהוס!״

איך מײן, אז מענאכעם־מענדל, טעװיע, מאָטל—דאָס זײַנען אלץ מאָנומענטאלע מענטשלעכע פיגורן, אין װעלכע עס באװײַזט זיך קלאָר ארױס זײער פּסיכאָלאָגיש־קלאסאָװער מעהוס!

איך בין אכוץ דעם אָבער ביכלאל ניט אײַנשטימיק מיטן אײַנטײלן קינסטלערישע סינטעזן אין קאטעגאָריעס. איך האלט, אז די סאָציאל־אלעגאָרישע פיגור פון רעב אלטערן, אָדער פון קאסרילוקן, אָדער פון מענדעלעס „קלאל־ײִד״ איז ניט קײן װײניקער „באדײַטפולער סינטעז״ אײדער מירעלע פון „נאָך אלעמען״ און כײַים־מױשע פון „אָפּגאנג״. שאָלעם־אלײכעמס טעװיע, לעמאָשל, האָט אױך א „שטיקעלע״ „צאפּל פון אן אײגענעם פּסיכאָלאָגישן איך״.

מענאכעם־מענדל איז אױך א גאנץ דיפערענצירטע פיגור. פארװאָס פארגינט ניט כ׳ צװײַג שאָלעם־אלײכעמען כאָטש אײן מאָנומענטאלע פיגור מיט „א באדײַטפולן סינטעז״ און מיט אלע זיבן זאכן? אָבער דאָס זײַנען אלץ כ׳ צװײַגס פּשעטלעך.

כ׳ ליטװאקאָװ רעדט פּאָשעט װעגן דעם, אז שאָלעם־אלײכעם פלעגט פארשלונגען װערן דורך דער רײַכקײַט פון זײַנע שטײגער־דעטאלן, און אין מאבל פון שטײגער־דעטאלן און טאָג־טעגלעכקײַט איז ביכלאל קײן סינטעז ניטאָ,

אפילו דער סאמע קלענסטער סינגעזל, און מעמיילע איז שוין אויך קיין גרויסע קונסט ניטאָ.

## III. ווו? וואָס? ווער? ווענען?

אז כ׳ צווייג שעפט אויס אלע זיינע פשעטלעך, בלייבט אים איין מיטל — טומלען.

איך האָב אין מיין ארטיקל באשולדיקט דעם כ׳ ליטוואקאָוו אין סוביעקטיוו אידעאליזם.

צי האָב איך מיין באשולדיקונג פון פינגער אויסגעזויגן?

ס׳הויבט זיך ניט אָן.

כ׳ ליטוואקאָוו שרייבט בעפיירעש, אז שאָלעם־אלייכעם האָט קיין שום אידעאָלאָגיע ניט געהאט („אידעאָלאָגיש אינערגעץ ניט געפירט") און ער „פלעגט געפינען זיין אידעאָלאָגישן טיקן שוין פונעם לעזער און דאָ איז שוין געווען געוועגדעט פון דעם, צו וועלכן סאָציאלן שיכט אָדער גרופע געהערט דער אָדער יענער לעזער". (זייטל 165 [1]).

קלאָר, אז וויפל סאָציאלע שיכטן און גרופן, אזויפיל שאָלעם־אלייכעמישע אידעאָלאָגיעס ווערן פאבריצירט און קיינער פון זיי טאָר ניט פרעטענדירן אף דער עמעסער אָביעקטיווער שאָלעם־אלייכעמישער אידעאָלאָגיע, ווייל אזא אידעאָלאָגיע איז דאָך לויט ליטוואקאָווס מיינונג ביכלאל ניט געווען, ס׳איז געווען א „גלאט ברעטל", און יעדער לייענער פלעגט אָנשרייבן אף אים וואָס ער וויל.

ווען כ׳ ליטוואקאָוו וואָלט געמיינט צו זאָגן, אז פארשיידענע סאָציאלע גרופן טייטשן אויס אף א פארשיידענעם אויפן די אָביעקטיוו־עקזיסטירנדיקע שאָלעם־אלייכעמישע אידעאָלאָגיע, וואָלט ער עס ניט אונטערגעשטראָכן גראָד בא שאָלעם־אלייכעמען. נו, און פערעצן און מענדעלען, און שעקספירן, און געטען טייטשן ניט אויס פארשיידענע סאָציאלע גרופן אף פארשיידענעם אויפן?

בא אָט די אלע פארשיידענע אויסטייטשונגען איז אָבער דאָך פאראן אן אָביעקטיווער פערעץ, אן אָביעקטיווער שעקספיר און געטע מיט זייער באשטימטער אָביעקטיווער אידעאָלאָגיע.

בענוגייע צו שאָלעם־אלייכעמען זאָגט אָבער כ׳ ליטוואקאָוו קלאָר: שאָלעם־אלייכעם האָט אידעאָלאָגיש אינערגעץ ניט געפירט, און דעריבער האָט יעדער איינער געקאָנט שרייבן, וואָס ער וויל אף אָט דעראָזיקער גלאטער ברעט, וואָס הייסט „שאָלעם־אלייכעם".

כ׳ ליטוואקאָוו גיט דערנאָך צו, אז צווישן די פארשיידענע אידעאָלאָגישע טיקונים (אויסטייטשונגען) פון שאָלעם־אלייכעמען (יעדער סאָציאלע גרופע האָט זיך איר

[1]) אין דער רוסישער מארקסיסטישער ליטעראטור־קריטיק איז שוין ניט איינמאָל אויסגעקומען צו באקעמפן בוכשטעבלעך דיזעלבע געדאנקען (דערמאָנט זיך, גאָרנפעלדן, רובאקינען א. אנד.).

שאָלעם־אליכעם) איז דער בעסטער—אונדזער „טיקן" דאָס הייסט דער, וואָס שאָ־לעם־אליכעם האָט באקומען אין מאָסקווער ייִדישן מעלוכע־טעאטער.

וואָס הייסט ערגער און „בעסער"?

ווו איז דער קריטערי, וועלכער טיקן איז בעסער?

פארוואָס איז עפּעס אונדזער טיקן דער „בעסטער"?

דאָ קאָנען זײַן צוויי קריטעריעס, צוויי מאָסן:

מיר קאָנען מעסטן לויט דער סאָציאַל־פּאָליטישער נוצלעכקייט, וואָס גראַנאָווסקיס שאָלעם־אליכעם האָט פאר אונדזער טאָג־טעגלעכן און היסטאָרישן קאמף קעגן די בראָדסקיס און מענאכעם־מענדלס, און מיר קאָנען מעסטן לויט דעם, צי גראנאָווסקיס שאָלעם־אליכעם פאלט צונויף מיטן עמעסן אָביעקטיוו־עקזיסטירנדיקן שאָלעם־אליכעם.

עס קאָנען זיך שאפן פארשיידענע לאגעס. דער טעאטער, לעמאָשל, קאָן אויסטײַטשן א פּיעסע אזוי, אז דער מעכאבער זאָל זיך פארן קאָפּ כאפּן: ניין, ניט דאָס בין איך אויסן געוועזן!

דאָס טוט דער טעאטער גאנץ אָפט, ווען ער טײַטשט אויס די קולטור־יערושע צוליב אונדזערע סאָציאַל־אידעאָלאָגישע צילן, ניט אָפּשטעלנדיק זיך פאר א שטיקעלע „רעמאָנט" פונעם מעכאבער. אָבער די וויסנשאפט גרונטעוועט טיפער — זי שטרעבט אופצודעקן ניט דעם „בעסטן", נאָר דעם איינציקן, דעם עמעסן, דעם היסטאָריש־אָביעקטיוון פארצעף פונעם קינסטלער.

בעשאס מיר ריידן וועגן אן אידעאָלאָגישן טיקן שאָלעם־אליכעמען, מיינע מיר באפרײַען דעם איינציקן עמעסן אָביעקטיוו־היסטאָרישן שאָלעם־אליכעם פונעם פארשיידענעם שאָלעכץ, „וואָס „ראדיקאלע קלאל־טוער" האָבן אף אים ארופּגעוואָרפן.

פארשטייט זיך, מע קאָן לייקענען אין דער עצעם עקזיסטענץ פון אן אָביעקטיוון שאָלעם־אליכעם, ווי דאָס טוט כ׳ ליטוואקאָוו, אזא קוק איז אָבער כאראקטעריסטיש ניט פאר א מארקסיסט, נאָר פאר סוביעקטיוון אידעאליסט.

קלאָר?-

הויבט אָן כ׳ צווײַג צו טומלען: „ווו? וואָס? ווער? וועמען?.. דאָס גאנצע בוך „אין אומרו" איז דאָך א קאָלאָסאלע אָנשטרענגונג צו אופדעקן דעם אָביעקטיוון טאָך פון דער ייִדישער ליטעראטור"...

טומלט ניט, כ׳ צווײַג! וועגן „קאָלאָסאלע אָנשטרענגונגען" פונעם „גאנצן בוך" ריידן מיר ניט—מיר באהאנדלען א באשטימטן געדאנק פונעם בוך „אין אומרו" וועלכער איז גענוי פאָרמולירט געוואָרן אף זײַטל 165, און נאָר וועג דעם.

דערווײַזט, זײַט מויכל, אז דערדאָזיקער געדאנק איז ניט קיין סוביעקטיוו־אידעאַליסטישער.

